פּראָפ׳ ב. שץ.

# די געבויטע ירושלים

א חלום אויפ׳ן וואָהר.

אמר ר׳ הושעיה: עתידה ירושלם לעשות
פנס לאמות-העולם והם מהלכים לאורה.
„פסיקתא״.

## ערשטער טהייל

ארויסגעגעבען פון היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני, ניו יאָרק.

צום אנדענקונג דעז 12 יאהריגען גרינדונג פון „בצלאל"

1906 — 1918

„בצלאל" פריינד געווידמעט

טבריה, ניסן, תרע"ח.

אפריל, 1918.

**פון** כתב־יד האָב איך אַרויסגענומען די אַלע ערטער אין וועלכע עס דערציילט זיך די „געשיכטע פון בצלאל״... קומען די צייט דאָס צו פאַרעפענטליכען... איינגעפונען, דאָס עס איז נאָך ניט געדי ערטער זיינען באַצייכענט מיט אַ שורה שטריכען, דאריבער וועלען אין בוך זיין פיעל זאַכען ניט פאַרשטענדליך פאַר אַלעמען.

ב. שין.

* *
*

ביי די שטילע ברעגען פון ליכטיגען ים כנרת, אויף די רוהיגע בערג פון הייליגע שטאָדט צפת, האָב איך, אין מלחמה-צייטען, אין 1918-טען יאהר דעם בוך געשריבען.

פון די אומגליקליכע שטעדט טבריה און צפת בין איך דאָרט ענטלאָפען, מיינע אויגען זאָלען מעהר ניט זעהן די צרות, ניט הערען דעם געוויין פון די הונגעריגע קינדערלאַך, ניט משוגע צו ווערען...

מיין אַלטען חלום, וואָס האָט אין מיינע ליכטיגע מינוטען מיר פול געמאַכט די נשמה האָב איך אַרויסגערופען, געוואָלט מיט איהם פאַרשטעלען די שרעקליכע בילדער וואָס ער האָט מיר אַרומגערינגעלט.

דאָס האָט מיר געגעבען כח דעם שרעקליכען קאשמאר איבערצולעבען, צו דערלעבען ביז די גליקליכע צייט פון אונזער „אויפבויען", וואָצו איך האָב מיר שוין פון לאַנג אין גאַנצען איבערגעגעבען.

איצט, נאָך בענאָהע זיבען יאָהר, דורכבלעטערענדיג מיין אַלטען מאַנוסקריפּט האָב איך, צו מיין איבעררעשונג געפונען דאָס פיעל פון מיינע אידעען און בילדער, וואָס איך האָב זיי קוים אין בלאָסען חלום געזעהן אין די צוקופטיגע ירושלם, פון נאָך הונדערט יאָהר הויבט זיך אָן צו פערווירקליכען. ווער קען מיר איבערצייגען דאָס מיט מיינע אַנדערע אידעען וואָס עס געפינט זיך אין מיין בוך וועט אַמאָל אויך ניט אַזוי זיין? דאַריבער האָב איך געפונען פאַר נוטצליך דעם בוך צו פערעפענען.

ריכטיג, דער בעסטיע פון מענשען איז נאך ניט טויט, אויף אונז אידען ווייזט ער איצט זיין ברוטאליטעט מיט אזעלכע גרוי-זאמע ווילדקייט און אוממענשליכע רציחה וואס מיר האבען אפילו ניט געזעהן אין קיינע פינסטערע צייטען פון אונזער מיט בלוט גע-שריבענע געשיכטע, דאך פיל איך דאס, דאס איז זיינע לעצטע קרעמפע אין זיין לעצטען אגאניא...

דער דור פון געוואלד מוז פערשווינדען, און וועט פערשווינדען!

גלויב!! וואויל איז צו דעם, וואס גלויבט!

ב. שין
ירושלם
אפריל, 1925.

# א.

**איך בין איינמאָהל אומגליקליך געווען, דער אומגליקליכס־טער אין דער גאַנצער וועלט.**

שווארצע וואָלקענס האָבען מיר מיין ליכטיגע זון אַרומגע־רינגעלט, קאַלטע ווינטען האָבען אָנגעהויבען אין מיין ווארעמען ווינקעלע אריינצובלאָזען, און די ערד האָט זיך א טרייסעל גע־טהאָן אונטער מיינע פיס.

ביי מיר אין הארצען, וואו עס האָט אימער געלעבט און גע־בליהט איין פּרעכטיגער גארטען אונטערען העלען הימעל, האָט זיך א שווארצער וואָרעם אריינגע׳גנב׳עט — דער וואָרעם פון ספק און יאוש, וועלכער האָט לאַנגזאַם אָבער אָהן אַ אויפהער די וואָרצ־לען געטאָצעט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

... דאַן האָט זיך מיט מיר א וואונדער געטראָפען...

דאָס איז געוועזען פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג. אין „בצלאל" האָט מען שוין די אַרבייט געענדיגט. דעם הויף, לכבוד שבת, אויס־געוואַשען. קיין מענש איז דאָרטען ניט געווען, אַלעס געשלאָפען, שטיל, די אונגעוועהנליכע שטילקייט אין קאָכעדיגען „בצלאל" האָט אויף מיר א טרויער אַרויפגעטריעבען. בין אויפ׳ן דאַך אַרויף, דאָרט אויפ׳ן טהורם, געגען מנורה געזעצט, וואו איך פלעג אַמאָל ליעב האָבען פון דאָרטען צו קוקען, טרוימען.

שוין לאנג דארט ניט געוועזן...

אויפ'ן מוטה איז מיר געווען אומעטיג, אין הארצען האט א ווארעם גענאגט געפיהלט זיך שרעקליך איינזאם, ווייט פון מיינע פריינד אין חוץ לארץ, פרעמד פון מיינע ברידער אין ארץ-ישראל, און ניט פארשטאנען אין מיין אייגענע פאמיליע, ניט געקענט איבערטראגען זייער בעדויערען, זייער רחמנות-קוק אויף מיר, ניט געקענט אהן וועהטאג הערען דעם נאמען „בצלאל"...

נאך שטילער איז געוועזען אויפ'ן טהורם. פון אונטען האט זיך געזעהען די רוהיגע ירושלם, ריין, ארומגעוואשען, אויסגעפוצט, ווי א כלה, לכבוד דעם הייליגען שבת... און די פענסטער האבען פרעהליך געפינקעלט די שבת-ליכט, די טעכטער פון ירושלם האבען ליכט געבענשט, אלץ מעהר און מעהר ווערען פענסטער בעלויכטען, ביז די הייזלעך, ווייט, ווייט, אויפ'ן בארג ארויף. אין הימעל איבער'ן בארג האט זיך אויף איין מאהל בעוויזען הערליכע פלאמען, דאס האט דער ליעבער גאט אויך ליכט געבענשט... א ווייכע רוהיגקייט איז אין הארצען אריין... האט מיר דערמאהנט מיינע קינדער-יאהרען. אונזער קליינע אידישע שטעדטעלע, אויך אזוי בעלויכטען געוועזען. פרייטאג. מיר פערשפעטיגט הינטערן שטאדט ביים טייך, א היים געלאפען, ביים טהיר האט די מאמע אומרוהיג געווארט, מורא געהאט פאר אן אומגליק באדענדיג זיך.... איך הייל מיר, די שבת-קליידער אנטהאן, און קוק אויפ'ן ליעבען מאמע'ס געזיכט... זי שפרייט אויס איהרע הענד אויף די פינף לייכטער, מיט א הארציג הייליגע שטימע איז זי מתפלל פאר'ן מאן, קינדערלעך און אויסלייזונג דעם גאנצען פאלק ישראל...

מאמע, מאמע! ווער איז דאס פאלק ישראל? יענע, וועלכע לויפען, פליהען, יאגען נאך עולם-הזה, אדער די, וועלכע פוילען דא, ווארטענדיג אויף עולם-הבא פון ביידען בין איך ווייט, ביידע זיינען מיר פרעמד!

שטיל...

לכו נרננה... האט זיך אויף איין מאהל געהערט א הערליכע געזאנג פון נאהענטע שוהל.

לכו נרננה... האט זיך אבגעלונגען פון א צווייטע, דריטע, פירטע. פון אלע זייטען האט זיך געהערט דער געזאנג פון קבלת-שבת.

„לכה דודי לקראת כלה, פני שבת נקבלה."

גאָט ! דאָס זינגט דיין פאָלק ישראל שירה, דעם הייליגען שבת עמפּפאַנגט ער, זיין געליעבטע כלה, וועלכע דו האָסט איהם געשענקט...

מיין בליק איז געפאַלען אויפ׳ן זיבען-רעהרעדיגען מנורה פון טהורם, וועלכע איך האָב שוין לאַנג, לאַנג ניט אָנגעצונדען לכבוד שבת.

פּלוצלינג זעה איך אַ דונקעלע פיגור אָנגעשפּאַרט אָן פיעדעס-טאל פון מנורה... אַ מיטעל-יעהריגער מענש איז דאָס געוועזען, הויך און שלאַנק, געשטאַנען, איינגעוויקעלט אין אַ רויט-דונקעלען מאַנטעל, אויפ׳ן שטאָלצען קאָפּ אַ קליין ווייס היטעלע, פון וועלכע עס האָבען זיך אין אַלע זייטען פערשפּרייט לאַנגע, שוואַרצע לאָ-קען... אָבגעקעהרט איז ער געשטאַנען, ניט געקענט זעהען זיין געזיכט.

— ווער איז ער ? — קלעהר איך. — ווי איז ער, אומבע-מערקט, דאָ ארויפגעקומען ?

די פיגור האָט, ווי געפיהלט אויף זיך מיינע אויגען, גלייך זיך אומגעקעהרט, אַ טיעפען קוק אויף מיר געגעבען... דער אָטהעם האָט מיר פאַרכאַפּט, די האַרץ אָבגעשטעלט... איך האָב גע-זעהען פאַר זיך אונזער אַמאָליגען בצלאל ! ... דאָס איז ער... האָב איהם גלייך דערקענט. דער איז אין גאָטעס שאָטען געשטאַ-נען. די קינסטלערישע הענד האָבען דעם משכן געבויט. דער ברייטער ברוסט איז פול מיט חכמה און וויסענשאַפט ! ... זיינע פינקעלדיגע אויגען, קינסטלער אויגען, האָבען טיעף מיר אריינ-געקוקט גלייך אין נשמה.

— לעהרער — האָבען מיינע אָבגעשטאַרבענע ליפּען קוים אויסגעשעפּצעט, ניט קענענדיג אויפשטעהן, אַ ריהר זיך טהאָן פון ענטשטוינונג.

— מיין קינד — האָט ער מיר מיט אַ האַרציגע שטימע גע-ענטפערט, און זיינע אויגען האָבען מיט זאָ פיעל ליעבע און רחמנות אויף מיר געקוקט, דאָס איך האָב אַ ציטער געטהאָן מיט׳ן גאַנצען קערפּער, אַ קוואַל פון טרעהרען האָט זיך מיר ארויסגעגאָסען, בין ווי אַ קויל מיט׳ן קאָפּ צו זיינע קניע צוגעפאַלען, ביטער, ביטער געוויינט.

— שטעה אויף, מיין קינד, וויש אָב דיינע טרעהרען, —

האט ער מיר ווייך געזאגט. מיט זיינע ווארימע, צארטע הענד מיר אויפגעהויבען, לעבען זיך אוועקגעזעצט.

— דו מוזט זיין שטארק, קיין מוטה פארלירען! דיין ארבייט איז נאך ניט געענדיגט — זאגט ער מיט א פעסטערען קול.

— לעהרער! מיעד בין איך, שוואך, גאנץ אליין... ניטא קיין ברודערליכע האנד אנצושפארען... קיין ברוסט, די קאפ אפצורוהען... קיינער גלויבט אין מיין ארבייט ניט... איך הויב אליין אויך אן צו צווייפלען... דער ספק עסט מיין הארץ.

— אמונה! דאס איז דער סוד פון ערפאלג. דאס האט געמאכט פון פרעה'ס קנעכט אין מצרים, א פרייע פאלק אין ארץ-ישראל, דאס האט אונז כח געגעבען דעם לאנגען גלות אויסצו-האלטען און דאס וועט אונז געבען די גאולה.

— לעהרער! קאלט איז ארום מיר. די תאוה צו גאלד האט זייערע הערצער פערהארטעט, דער קורצזיכטיגער סוחר'ישער רע-כענונג, האט זייערע קעפ פערשטאפט, דער אידעלע ווייסט נאר האנדלען. די גאולה זוכט ער אויך ביליג אויסצוהאנדלען... ביי די טויטע נשמות קען איך אמונה לעהרנען?

— שווייג, שווייג מענש! — ר י י ד קיין שלעכטעס אויפ'ן עם־אמונה! סוחר'עס האט איהם דער ביטערער גלות געגעבען, דעם זינדיגען גוף צו ערהאלטען. אמונה —— ארץ-ישראל, וואו עס האט זיך געפארמעט די אידישע נשמה, דאס איז דער עיקר. קיין ביטערער גלות האט קיין כח געהאט די אידישע נשמה צו טויטען, זי איז נאר איינגעשלאפען. וועקען מוז מען איהר!... גע-דענקסט דו זיך, ווען די בינסט נאך א יונג-שוואך קינד געווען, אהן א פעניג, פון דיין פאטער'ס היים אנטלאפען „בילדונג" זוכען?... מען האט דיר געוועקט, די „השכלה" האט דיר אויפגעוועקט... ווייניג מארטירער האבען מיר די וועלט געגעבען, וועלכע זייערע לעבען אהן א „רעכענונג" אבגעגעבען?... עס וועט קומען א צייט — האט ער מיט א נביא'אישען טאן געזאגט — ווען מיין פאלק וועט אוועקווארפען דעם אייל, אויפהערען „האנדלען" פאר אלע פעלקער פון דער פארפוילטער וועלט. ער וועט העלפען צו־שטערען די ממשלה פון רשעות, איבערטראגען בערג צו בויען א ליכטיגע נייע וועלט. דאן וועלען זיך פאראייניגען די אידען פונ'ם גאנצען גלות. מארבע כנפות הארץ וועט ער קומען, זיין פארוויסט לאנד פאר זיך אויפבויען!... הענדלער — צו טהיי-

לען זיך: בויער — פאראייניגען זיך... נאר די קנעכט, וועל־
כע האבען פיראמידען געבויט, זיינען אומשטאנד געוועזען אלע
זייערע צירונג פאר׳ן משכן אבצוגעבען. מען האט געמוזט אויס־
רופען: — „גענוג, ברייגנט ניט מעהר”.

— לעהרער! וועז וועט דאס זיין? צי וועל איך דער־
לעבען צו זעהען? אלט און שוואך בין איך שוין געווארען.

— קיינער מוז די ארבייט ענדיגען, און ניט פריי, פון די
ארבייט זיך ענטזאגען! גלויב, האב אמונה!

— לעהרער, העלף מיר! דערווארעם מיין אמונה, ער־
פיל מיין הארץ מיט האפנונג, וויז מיר! וויז מיר פון ווי־
טען, וויז מיך אין חלום, איך זאל דעם שאטען פון דעם זעהען,
מיינע אויגען ערקוויקען, בערוהיגען, כח צו האבען מיין וועג
צו געהן!

— מיין שוואכער קינד, איך וועל דיר ווייזען...

— איך וועל עפענען דיינע אויגען, דו וועסט זעהען די פרוכט
פון דיינע ארבייט, די ארבייט פון דיינע חברים, די אויפבויער
דעם צושטערטען ירושלם און די אלע, וועלכע מיהען זיך אויפ־
לעבען אונזער פאלק אין זיין אייגענע אויפגעלעבטע לאנד. אין
חלום וועסט דו דאס זעהען. דו וועסט חלום׳ען וואכענדיג... נאר
וויס, שווער איז דאס לעבען פון טרוימער און וועה איז ביטער
צו איהם. ווען ער דערצעהלט זיינע חלומות די גאס!... בע־
האלט דאס טיעף אין דיין הארצען, זיי וועלען דערווארעמען דיין
בלוט, אימער וועסט דו יונג בלייבען. — מיט זיינע פינגער האט
ער מיינע אויגען בעריהרט, זיין ווארעמע האנד אויף מיין שטערען
געלעגט. — קום! — האט ער שטיל געזאגט.



## ב.

אין א גאָרטען, נעבען „א פלוג סטאַנציע” בין מיט מיין לעהרער געשטאַנען. ער האָט א פלוג מאַשינע פאַר אונז גענומען. אין א פּאָר מינוטען האָבען מיר שוין הויך געשוועבט אין ריינעם, פרישען לופט אונטער'ן בלויען הימעל. אונטען האָב איך געזעהן אויסגעשפּרייט אויף בערג און טהאַלען א וואונדער שעהנע שטאָדט מיט הויכע טהורעמס, קופּאָלען, פלאַכע העלע דעכער, גערטנער, ברכות און בריקען איבער די טהאַלען.

— וואָס איז דאָס ? — האָב איך מיין לעהרער געפרעגט.

— ירושלם, די געבויטע ירושלם.

— די געבויטע ירושלם ! — האָב איך ענטציקענד אויסגעשריען. — קום, לאָז מיר אראָב אונטען. מיינע אויגען ערקוויקען, ערפרישען מיין הארץ. וויל אין איהרע גאַסען ארומלויפען, אומעטום זיין, אַלעס זעהען, ווי איז זי אויפגעבויט ? וואָס האָט מען דאָרט געמאַכט ? ווי לעבט מען דאָרט ? צי לעבט „בצלאל” ?

— וואַרט, הייל ניט, — האָט דער לעהרער מיט א גוטען שמייכעלע גזעאָגט. — דו, אַלס קינסטלער, ווייסט דאָך : פריהער מוז מען בעטראַכטען די גרויסע ליניען, דעם אַנסאַמבל, נאָכהער, יעדער טהייל בעזונדער, נאָר דאַן פאַרשטעהט מען ריכטיג דאָס ג א נ צ ע. אזוי וועלען מיר מאַכען : איך וועל דיר ווייזען ירושלם פון אויבען, די אויסערליכע, אויך גאַנץ ארץ-ישראל, פיר וועלכע ירושלם איז די הארץ. נאָכהער וועל איך דיר אונטען בריינגען. דאָרט וועלען מיר ניט פאָהרען. אין ירושלם געהט מען צו-פוס. יעדער טריט ערד איז דאָרט הייליג. זעהסט ? — האָט ער מיר מיט'ן פינגער געוויזען אויף א גרופּע געביידען אין רעכטען מיטען שטאָדט — דאָס איז דער בית המקדש.

האָב געשווינד די קאָפּ אַראָפּגעבויגען, געוואָלט גיכער זעהן דעם בית המקדש. פון די שרעקליכע הויך, וואו מיר האָבען גע-

שוועבט, דיימליך קיין זאך געזעהן. נאר פלאכע דעכער, גע-פלאסטערטע הויפען, אירגענד וואו האט עטוואס א בליץ געטהאן אזוי ווי גאלד, אפשר — וואסער. א גרין-בלויען פלעק פון פלאנ-צונגען, א שאטען פון א טהורעם. איינס גוט געזעהן: דאס די גאנצע גרופע הייזער, צייכנעט זיך אויס פון דער פראכטפאלע שטאדט. געפינט זיך אין איהר מיטעל-פונקט. אלע גאסען ציהען זיך צו איהר, אין גאנצען ארומגעצאמט, מיט טויערען פון אלע זייטען. געגען איין טויער אין וועלכען איך האב דערקענט דעם שער הזהב איז געווען א בריק איבערען עמק יהושפט געגען הר הזיתים.

— לעהרער, איז מען אין בית המקדש מקריב קרבנות ?

— ניין. ניט אויפ'ן אלטען ארט האט מען איצט חרטה אויף די זינד, בעטען מחילה מיט א קרבן, פערגיסען בלוט פון אן אומ-שולדיגען נפש. מיט גוטע מעשים האט מען חרטה, מיט א קרבן פון אייגענע האב-און-גוטס, פעררינכט מען די זינד.

— וואס טהוט מען אין בית המקדש ? וואס געפינט זיך אין איהם ?

— די נשמה פונ'ם אידישען פאלק, דארט געהט יעדער איד זיין גייסט ענטוויקלען, די פאלקס-נשמה צו לעהרנען. דארט איז געזאמעלט אלץ, וואס דער איד האט געשאפען אין די טויזענדער יאהרען, זיין טהייל ארבייט פאר דער גאנצער מענשהייט: א מוזעאום איז דארט. א מוזעאום פון אלע אידישע קינסטע און ווי-סענשאפטען. דארט רוהט גאט'ס גייסט וואס ער האט אונז גע-געבען.

אויף מעריב זייט, געגענאיבער יפו'ער טויער, אויפ'ן בארג נעבען ברכה התחתונה האב איך בעמערקט דעם עלעגאנטען קופאל פון אמאר-מאשעע.

— דאס איז אמאר-מאשעע, וואס איז געשטאנען אויפ'ן בית המקדש-פלאץ. מען האט איהם אויף דעם שעהנעם בארג אי-בערגעטראגען, אלס דאנקבארקייט צו אונזערע גוטע שכנים אראַ-בער, וועלכע האבען זא זארגפאל אונזערע הייליגע פלעצער גע-היט.

— און דאס איז דער מגדל דוד ?

— יא, נאר אויסגערייניגט און רעסטאורירט. איצט איז

דאָרטען דער קאָנסערוואַטאַריום, מוזיק-מוזעאום און קאָנצערט־זאַלע די האַרפע פון דוד המלך האָט אויפגעלעבט.

לאַנגזאַם מיר גענומען אָריענטירען. דערקענט דעם הר-הזיתים, יד אבשלום, געוואונדערט דאָס עס זעהט זיך ניט קיין מצבות. מיט גרינס, דעכער, קופּלען, טהורעמס איז דער גאַנצער באַרג באַדעקט.

— דער הר הזיתים איז שוין ניט אַ באַרג פאַר טויטע — זאָגט דער לעהרער, ווי ער וואָלט מיינע געדאַנקען געלייענט. — ער איז איצט דער באַרג פון לעבען. — זעהסט ? דאָ גלייך, קעגען בית המקדש, אויף שער-הזהב-גאַס, שטעהט אַ וואונדער-שעהנע געביידע, דאָס איז דער „פרידען־פּאַלאַץ". ער געהערט דעם פרידענס-פעראיין פון אַלע פעלקער דער וועלט. מיר האָבען דאָס זיי געגעבען אַלס דאַנקבאַרקייט פאַר זייער הילף, ווייטער אַ זעלבסטשטענדיגעס פאָלק צו ווערען. געבען איהם, אין די צוויי-טע רונדע געביידע, איז אונזער פּאַרלאַמענט, דאָרט זיצען אונ-זערע סנהדרים : ווייטער, העכער, זיינען צושפּרייט אויפ'ן גאַנצען הר-הזיתים, פּיעל הייזער, פּאַלמען-פּלעצער, גערטנער, פּאַוויליאָנען און טהורעמס. דאָס אַלץ איז אונזער שטאָלץ, דאָס איז אונזער בעריהמטער אוניווערזיטעטען-קוואַרטאַל „יבנה". דאָרט געפינט זיך אַלע פאַקולטעטען, ביבליאָטהעקען, לאַבעראַטאָריעס, אָבסערוואַרטאָריום. אָט דיעזער, דער הויכער טהורם מיט קור־פּאַל — האָט ער מיר מיט'ן פינגער געוויזען, — זאָאָלאָגישער און באָטאַנישער גערטנער, פערשיידענע וויסענשאַפטליכע מוזעאום'ס און גראַנדיעזען רעסטאָראַן פאַר די טויזענדע מענשען, וועלכע לעהר-נען אין „יבנה".

דער עראָפּלאַן האָט ווייטער געשוועבט צו סולוואַן זייט, צו יריחו'ר וועג. נייע בילדער האָט זיך מיר געעפענט. אַ גרויסער גאָרטען, אָבגעגאָסען מיט פאַרשיידענע בלומען פאַרבען, דורכ-געמישט מיט'ן גלאַנץ פון פאָנטאַנען און וואַסער-בעקען. צושפּרייט צווישען דער גרינס האָט זיך געזעהן הונדערטע, ווייסע פלאַכע דע-כער. מיין לעהרער האָט געזאָגט : — דאָס איז „תחנת הבריאות", דאָ היילט מען אַלע קראַנקהייטען. דאָ איז די אינסטיטוטען, וועלכע זאָרגען קיין קראַנקהייטען זאָלען ניט קומען.

— וואָס זעה איך ווייטער צו הר המשתית זייט, אַ לאַנגער

בניז, פיעל טהורעמס ציהען זיך פון איהם בערעקט מיט בליט-צענדע דעבער ?

— דאס איז דער ליכט-קוואל פאר ירושלם. אויף די הויכע טהורעמס געפינט זיך אויסגעבויגענע שפיגלען, וועלכע קאנצענט-רירען די זון-שטראהלען, די אנגעזאמעלטע אונגעהויערע קראפט בע-ארבייט זיך אין עלעקטרישע ליכט. אונטען. זעהסטו די גרויסע וואסער-בעקענס, אין וועלכע עס שיינען אב דער הימעל מיט אונ-זער עראפלאן ? — דאס איז ירושלם׳ער „וואסער-באסיינען", דאס גיט וואסער פאר אלע גערטנער, פאבריקען און אנדערע בעדערפ-נישע. צום טרינקען האבען מיר פון „ברכת שלמה" און אנדערע קוועלען פון ארום ירושלם צוגעצויגען.

— פון וואנען נעהמט מען אזוי פיעל וואסער אנצופילען אזעל-כע גיגאנטע באסיינען ?

— פון רעגען. אין ירושלם פאלט ער כמעט א קוביק אויף יעדער קוואדראט-מעטער, דאס איז ניט וויניגער, ווי אין קאל-טען רוסלאנד. עס רעגענט אויף איינמאהל און נאר אין קורצען ווינטער, די רעגען-וואסערען לויפט מיט א שטארקען שטראם דורך די טהאלען צום ים המלח, דאבייי שוויינקט זיך אב די לעצטע ביסעל ערד פון די שטיינערדיגע בערג. אונזערע אינזשע-נערען איז געלונגען א טהייל פון די רעגען-וואסער צו רעטען. ירושלם פעהלט יעצט ניט וואסער און שאטען.

— וואס איז מיט׳ן פיבער ? ליידט מען נאך פון איהם ? — האב איך געפרעגט, דערמאהנענדיג ווי מיר האבען געליטען פון די רעגען-וואסער מיט אונזערע ציסטערנען.

— ניין, ירושלם איז איינע פון די געזינסטע שטעדט אין דער וועלט ! זי האט פיעל זון, שטעהט הויך, עס בעוועעט איהר אימער א פרישער ווינט, די פיעל פלאנצונגען האבען מילדער גע-מאכט דעם איבערגאנג פון טאג ביז נאכט. קיינע זומפען האט זי קיין מאהל געהאט, די איינציגע איז נאר געווען : אייערע צים-טערנען. דאס איז געווען דער פעסט, וואס יעדער האט אליין גע-בויט פאר זיך. בסך הכל האבען די ציסטערנען אין יעדער הויז פון אלע איינוואהנער צוזאמען געקאסט זעהר פיעל מיהע און געלד. דאס איז די שוואכקייט פון צוטהיילטקייט. איצטער, ווען אלעם ווערט פון כלל פאר׳ן כלל געמאכט, איז גוט און ביליג. — דו זעהסט ? עס איז דא צוועלף באסיינען, ליעגען טעראסען-ארט,

איינע נידעריגער פאר'ן צוויימען, יעדער באסיין, איז אויסגע-רעכענט, זאל זיין פאר זיין בעשטימטען מאנאט אין יאהר, אבער די רעהרען, וועלכע טראגען פאנאנדער די וואסער אין גאנצען שטאדט, ציהען זיך נאר פונ'ם לעצטען באסיין, ער ערפילט זיך אימער פון די אנדערע באסיינס וואס גיסען זיך לאנגזאם איינער אין דעם צווייטען. דאמיט בעוועגט זיך אימער די וואסער. אלע מאנאט ענדיגט זיך א באסיין. מען קען איהם רייניגען, דאצו האדעווען זיך אין די באסיינס פיעל פיש. דאס בריינגט אויך נו-צען. פון די באסיינען איז קיין פיבער דא, זיי פרישען נאר אב די לופט. זעהסט ווי שעהן די בוימער ארום וואקסען ? דאס איז דער געזינדסטער פונקט פון גאנץ ירושלם, דא האט מען דעם „קינדער-גן־עדן" געבויט.

— וואס איז דאס : „קינדער-גן-עדן ? — האב איך גע-פרעגט. פון אויבען, נאר געקענט בעמערקען אן ארומגעצאמטען פלאץ, מיט בוימער, הייזער, גלאטע פלעצער און געמיזע-גערט-נער.

— דא געפינען זיך אלע קינדער פון 3 — 4 יאהר, ביז 12 — 13 יאהר, אויפ'ן רעכענונג פון פאלק. דא וואוינען זיי, ענטוויקלען זיך, לעהרנען. אלע צוזאמען, אונטער איינע בע־דינגונגען, איינע קליידער און איין ערציהונגס-סיסטעם ; פון דא, פארשפרייטען זיי זיך אין פארשיידענע פאך-שוהלען, אויך אונענטגעלטליכע. זיי ספעציאליזירען זיך יעדער נאך זיינע גי-בארענע פעהיגקייטען, ניט ווי א מאהל, דאס יעדען האט מען קינסטליך געלעהרענט, ספעציאליזירט נאך דעם ווילען און גרויס פון דעם בייטעל און גאוה פון זיינע עלטערען, דאריבער איז אין יעדען פאך אזוי פיעל קאליקעס געוועזען, און געניאלע קינדער צו גרונד געגאנגען, ווען די עלטערען זיינען ארעם געווען. די גאנצע מענשהייט האט אויך דערפון פערלוסט געהאט.

— לעהרער, ווי קען מען קינדער פון עלטערען אוועקרויבען ! אוועקנעהמען די עלטערען-פריידע : זעהן ווי דאס ענטוויקעלט זיך, ווי עס וואקסט, פארשטעהט, ווערט מעהר מענש ? אוועקצונעה-מען פון מענשען קינדער-ליעבע, דעם געטליכען געפיהל פון קור־שען זיי, האלזען, פיהלען זייער ווארעמען, ווייכען קערפערעל, ווען מיט צוטרוי און ליעבע טולענען זיי זיך צו דיר ! ?

— קינד ! הייל זיך ניט מיט קשיות. איך האב דאך דיר

פאראויס געזאגט, פריהער ווייז איך דיר די הויפט־ליניען, נאכ־הער וועסט דו זעהען אלעס פאדראבנע. ווען דו וועסט, אונטען, אין „קינדער-גן-עדן" זיין, וועסט דו מיט פרידען ווען מען זאל דיינע קינדער „אוועקרויבען"... ביטער וועסט דו וויינען, דאס זיי זיינען מיט הונדערט יאהר פריהער געבארען געווארען, האבען נעבעך „עלטערען-ליעבע".

— הונדערט יאהר ? — האב איך מיר אין הארצען געוואונ־דערט, אבער מעהר ניט געפרעגט.

— וויטער האט אונזער עראפלאן זיין רונדען קרייז געמאכט. נייע בילדער פאר מיר געעפנעט : צו מזרח זייט, זעה איך פיעל דעכער פון הייזער, מאנכע גלעזערנע, נעבען זיי בערג שטיין, געהערט דעם כאראקטערנעם גערויש פון שטיין-ארבייטער.

— דאס איז די רעגיערונגס „בוי אינסטיטוט" „הבונה" און קאריערען, דא ווערט די פלאנען געצייכענט פאר אלע געביידען וועלכע ווערט געבויט, און בוי-מאטעריאל פארגעבערייט. די פלא-נען ענטווארפען אונזערע בעריהמטע ארכיטעקטען, קאנטראלירט פון בוי-קאמיסיאן. זיי מוזען זיין שעהן, צוועקמעסיג, היגיע-ניש, סאליד, פראקטיש אויסצופיהרען, פייער-זיכער, עקא־נאמיש און הארמאנירען אויף זייער ריכטיגען פלאץ. די אלע שטרייגנע פארדערונגען שטעלט מען, ניט נאר ביי פאלקס-גע-ביידען, וועלכע דארפען כאראקטעריזירען דעם גייסט פון פאלק אין זיין אינטעלעקטועלען צושטאנד, אויך ביי פריוואט-הייזער, וואו יעדער איז פריי אויסצודריקען זיין כאראקטער און געשמאק. א העסליכע געביידע אויפ'ן גאס, איז שעדליך פאר'ן אויג פון פארבייגעהער, ווי א שמוציגער בארג מיסט פאר'ן אטהעם.

דער גרינדער פון דעם אינסטיטוט איז געווען „בצלאל".

— ווייז מיר דעם „בצלאל" ?

— האב געדולד פריהער וועל איך דיר ווייזען די אטמאס-פערע, וואס ער האט געשאפען. די ליכטיגע שטראהלען, וואס ער האט פארשפרייט, נאכהער וועסט דו זעהן „בצלאל" אליין — די זון פון ירושלם. זעהסט, ווייטער צו דרום-זייט ? דאס איז די „ארבייטס־שטאדט". דא ארבייטען הונדערט-טויזענדער מענשען די פארשיידענע קונסט-אינדוסטרי, וועלכע „בצלאל" האט דער ערש-טער זיי דא איינגעפיהרט, אונז געלעהרענט און פארשפרייט.

— וואס זעה איך דארט ווייטער ? סאלדאטען ! קאנא-
נען ! א מלחמה ! מענשען פאלען ! עס ברענט ! !

— בערוהיג זיך. דאס איז בלויז א פארשטעלונג צו א קינא אויפנאהמע. דארט איז „מנורה”, א פילמס פאבריק פאר קינא-טהעאטער. דאס ווילען זיי פארשטעלען, ווי א מאל האבען אייראפעאישע פעלקער זייער גערעכטיגקייט געווי-זען און ציוויליזאציע פארשפרייט.

דער קינא־פאבריק „מנורה” מיט׳ן טעאטער איז אויך פון „בצלאל” געגרינדעט.

— גיבט׳ס שוין ניט מעהר מלחמות ?

— אין אלטען פארם — ניין. מיט געוואלד און בלוט וויל שוין קיין פאלק ניט זיך אויסצייכענען, פון גזילה — ניט עק-זעסטירען ; ניט עסען פרמדע גוטס. יעדער רעגיערונג מיהט זיך אמבעסטען זיינע בירגער אויסבילדען, זיי אם ניצליכסטען מאכען צו קענען מלחמה האלטען מיט דער נאטור, איהר גובר זיין, פון איהר וואס מעהר נוצען האבען.

— שוין לאנג האט מען אויפגעהערט מלחמה האלטען ?

— מיט הונדערט יאהר צוריק. ניט לייכט איז דאס אנ-געקומען, ניט אין איין טאג האט מען אויפגעהערט. א וועלט-קריעג איז געווען. צעהנדליגער מיליאנען מענשען האט מען אויס-גע׳הרג׳עט, נאך מעהר זיינען אלטע לייט, פרויען און קינדער פון הונגער און קראנקהייטען געשטארבען, מעהר ווי 4 יאהר האט דאס געדויערט. א שרעקליכע צייט איז דאס פאר די מענשען גע-ווען. א צייט, ווען עס האט געוועלטיגט דער מענש אויף׳ן מענ-שען איהם שלעכטס צו טהאן... די געוואלט־סיסטעם האט באנק-ראטירט. עס איז געקומען דער גרויסער יום הדין פאר אלע ממשלות הרשעות, זיי האבען בעצאהלט פאר זייערע גרויסע זינד : פאר׳ן איינשלינגען פון דעם שטארקען די קליינע, שוואכע פעלקער, פאר׳ן מתיר מאכען בלוט, גזילה, רויב און בעטרוג אין נאמען פון פא-טער-לאנד, פאר׳ן אויסהאלטען ספעציעלע מענשען, סאלדאטען, לעהרנען זיי בלוט פארגיסען, און ליגנער־דיפלאמאטען-וועלט. אינ-טריגעס צו פיהרען : פאר׳ן מטמא זיין דעם מענשענ׳ס שכל אויף אויסקלעהרען פארשיידענע טויט-מאשינען און פאר׳ן אבגעבען א מענשען־קינד, גאט׳ס אלמעכטיגקייט, און זיך פאר לאסט-אייז-לען צו רעכענען, קנעכט זיין...

דער בלוט-באָד האָט זיך אָנגעהויבען גאַנץ איינפאַך : אַלע פעלקער, ריכטיגער — „די קעפּ", האָבען געוואוינליך געזאָגט, אַז זיי ווילען נאָר פריעדען. דאַצו האָט מען צעהנדליגער יאָהרען, געהאַלטען אין איין באַוואַפענען זיך. אין די פאַבריקען האָט מען קאַנאָנען געגאָסען, אין שוהלען און קירכען האָט מען פּאַטריאָטען ערצויגען און אויף די גאַסען און סאַלאָנען האָט מען „העלדען" עה-רע אָבגעגעבען. דער קרייץ, זייער צייכען „גאָט פון ליעבע", האָ-בען זיי די „בלוט-העלדען" און בעטריגער — „דיפּלאָמאַטען" די ברוסטען פערציערט און זייער בלוט-צייכען-שווערד, פון צאַרטע פרויען פערגעטערט. קיין רעגיערונג האָט דאָך ניט געגלויבט אין קראַפט פון זיין אייגענעם פאָלק, געזוכט א „הילף", אַן עזר כנגדו, „אַלליאַנס", דורך זיינע סוואַדניקעס — דיפּלאָמאַטען. געפיהרט אינטריגעס, שפּיאָנירט, גע'גנב'עט דאָקומענטען, געשאַפען אונ-רוהע צווישען יענע פעלקער, וועלכע האָבען ניט געוואָלט מיט זיי פאַראייניגען... אַזוי האָבען אַלע ציוויליזירטע פעלקער געלעבט צווישען זיך אין פריעדען און רוהע ביז — א גרויסע רעגיערונג האָט איהר קליינע אומרוהיגע שכנה געוואָלט איינשלינגען. פאַר די קליינע, האָט זיך אַן אַנדערע גרויסע אָנגענומען, ווייל זי אַליין האָט דאָס זעלבע געוואָלט טהאָן. פאַר די ערשטע גרויסע, האָט זיך אָנגענומען איהר חבר'טע נאָך א גרעסערע, האָט זיך דאַן פאַר די צווייטע איהרע צוויי חבר'טעס אָנגענומען און אַזוי ווייטער, ביז עס האָט זיך צומישט די גאַנצע וועלט. אַלע פעלקער האָבען געמוזט מזלחמה האַלטען. מען האָט געצוואונגען... בלוט האָט זיך געגאָסען, שטעדט האָבען געברענט, לענדער זיינען חרוב גע-וואָרען און אַלע האָבען געהאַלטען אין איין שרייען : דאָס זיי ווילען שלום. צוליעב אייביגען שלום שלאָ-גען זיי זיך.

דער שלום איז געקומען. ניט פון בלוטיגען שלאַכט-פעלד, ניט ער האָט שלום געבראַכט, נאָר פון הונגעריגען היים איז ער געקומען מען האָט אָראָבגעריסען די קרוינען פון „גאָטס-געזאַלב-טע" קעפּ, צוגענומען די שווערדען פון די בלוט-העלדענס הענד, און פאַריאָגט די סוואַדניקעס—דיפּלאָמאַטען. יעדער פאָלק האָט גענומען זיין שיקזאַל אין זיינע אייגענע הענט, זיין גליק אַליין אויס-שמידען. מיר, „עם השלום", האָבען דעם גרעסטען טהייל אין די שווערע אַרבייט געטהאָן. געהאָלפען אַלעמען א נייע, ליכטיגע

וועלט בויען און די פעלקער האבען דערפאר אונז מיטגעהאלפען די וויסטע „ארץ ישראל״ אויפלעבען פאר „עם-ישראל״. א קליי-נעם טהייל פון זייער אלטען חוב אונז בעצאהלט.

— וואס פאר רייהען מענשען אין ווייס-בלאהע קליידער זעה איך איין טהאל ? דאס איז דאך סאלדאטען !

— ניין. דאס זיינען חברים פון „החלוץ״, „מכבי״, „שמשון״ און „השומר״ טורן פאראיינען. און די פאראיינען ענטוויקלען זיי ביי אונזער יוגענד דעם קערפער, פארשטארקען דעם מוטה, גע-וואהנען צו דיסציפלין און אויסדויערקייט: דיאיינציגע גוטעס, וועלכע מיליטער דיענסט האט א מאל געגעבען.

— וואס זיינען די פיעלע גלעזערנע גאלערייען דארט אויפ׳ן בארג ?

— דאס איז די שפייז-צימער פאר גאנץ ירושלם. די פרויען אליין קאכען ניט מעהר פאר זייערע פאמיליען, ווי אין דיין צייט. דאס איז אן ארבייט פאר ספעציאליסטען. מען קאכט אין גרויסע מאסען מיט מאדערנע איינריכטונגען. די פרוי איז ניט מעהר א טאפ-אידענע, ווי זי איז, אין נאך פריהערע צייטען געווען א שפי-נערקע און וועבערקע. עס קאסט איצט ביליגער, געזינטער, געשמא-קער, און די הויז איז פריי פון קיך-לופט, פון קיך-פסיכאלאגיע.

אונזער עראפלאן האט ווייטער זיין רונדע רייזע געמאכט. אונ-טען האט זיך געזעהן א שעהנעם אבגעצאמטען רוהיגען קווארטאל, אין גאנצען געדיכט פארפלאנצט, קוים צווישען די געדיכטע בוי-מער געביידע בעמערקט.

— דאס איז א קלויסטער ? די וואוינונג פון גייסטליכע ?

— ניין, דאס איז דער „נוה שאננים״, א קינסטלער קוואר-טאל. דא וואוינען און שאפען די „בצלאל-קינדער״. דער קינסט-לער, ווי א גייסטליכער, מוז רוהע האבען, אבגעטהיילט פון פראזאאישען וועלט וואהנען. ער מוז אן אייגענע אטמאספערע אטהעמען. ער מוז נאר צווישען זיינע חברים, קינסטלער, לע-בען. אין „נוה שאננים״ וואוינען אויך מוזיקער, פאעטען, אלע וועלכע האבען א שאפענדען גייסט. אויך איז די קונסט איצטער ניט אזוי צוטהיילט. עס הערשט א גרויסע שטרעבונג: אלע קונסט צו פאראייניגען. אין דעם ריכטונג האבען זיי שוין, קאל-לעקטיווי, גראנדיעזעס געשאפען.

— וואו איז דער „בצלאל״ אליין

— אַט דאָ, נעבען „נוה שאננים". די געביידעס, וואָס דו זעהסט איז „בצלאל". דאָ געפינען זיך זיינע שוהלען, פאַרלעזונג-זאַאלען, אויסשטעלונגען, זאַמלונגען און גערטנער. נאָר פריהער מוזט דו נאָך גאַנץ ארץ-ישראל זעהען.

מיט זיין שטאַרקע האַנד האָט דער לעהרער דעם רול גע-נומען. די מאַשינע האָט זיך אין דער הויך אויפגעהויבען, הע-כער זיינען מיר געפלויגען, קיהלער איז אַלץ די לופט געוואָרען.

איך האָב אונטען אַ קוק געטהאָן... אַ צויבער בילד בעדעקט מיט אַ לייכט ראָז-וויאָלעטין שלייער האָבען מיינע אויגען געזעהן. איך האָב געזעהן גאַנץ ארץ-ישראל, די אַמאָליגע, וויסטע, טויטע לאַנד, וועלכע האָט ווייטער אויפגעלעבט.

— לינקס פון מיר, האָט זיך, אין די גאַנצע לענג פון לאַנד, דער בלויליכער ים געצויגען. גראַדע געגען מיינע אויגען, האָט גע-בליצט דער פאַרגאָלדעטער שנעה פון די בערג לבנון און חרמון. רעכטס און הינטער מיר האָט געשיינט דער אונענדליכער געלב-וויאָלעטע זאַמד פון אַ מדבר.

אין דעם וואונדער שעהנעם ראַם איז אַ פראַכטיגע פאַרבויטע לאַנד געוועזען. איינצעלהייטען האָב איך, פון די אונגעהויער הויך, וואו מיר האָבען זיך געפונען, ניט געקענט זעהען. נאָר איינס באַ-מערקט, דאָס די גאַנצע לאַנד בעשטעהט פון העלע פלעקען, פונק-טען, וועלכע עס גיבען פון זיך אַרוים שטראַהלען. די שטראַה-לען פלעכטען זיך איבער מיט אַנדערע שטראַהלען, וועלכע געהען פון אַ צווייטען פונקט. דער גאַנצער שטח האָט ווי אַ טעפּיך אויס־געוויזען.

— וואָס בעדייט דאָס די פונקטען מיט די שטראַהלען ? — האָב איך ביי'ן לעהרער געפרעגט.

— דאָס זעהסט דו שטעדט און פאָדער-שטעדט, פון וועלכע עס בעשטעהט כמעט די גאַנצע לאַנד. די דעכער זיינען אין גאַנץ ארץ-ישראל פלאַכע, ווייסע, כדי מען זאָל ניט פיהלען די היץ אין די הייזער, אין די שטעדט, וואו די געביידען זיינען געדיכטער, ווירקט דיר פון דער הויך, ווי איין ווייסער פלעק, אויסער'ן שטאָדט, געהען די הייזער אַלץ שיטערער און ווייניגער, זיי ציהען זיך, ווי שטראַהלען פון צענטער ביז די פאָדער-שטעדט פון דעם צווייטען שטאָדט.

— ווער וואָהנען אויסער די שטעדט, ערד-ארבייטער ? —

אזוי פיעל ערד-ארבייטער ? עס אזי דאך ניטא ביי זיי אזוי פיעל באדען צו בעארבייטען ?

— ניין, אויסער די ערד-ארבייטער, וועלכע זייגען א קלײנע טהייל פון די בעפעלקערונג, וואהנען אויפ'ן לאנד די אלע שטעדטישע איינוואהנער. אין די שטעדט, זא ווי אין ירושלם, וואהנט מען ניט. דארט קומט מען נאר ביי טאג ארבייטען אין די פאבריקען, קאנטארען, געשעפטען און שוהלען. דארום זיינען די שטעדט אזוי ריין און אלעס קאנצענטרירט, איינגעטהיילט אין בעזונדערע קווארטאלען, און יעדער זיין בעשעפטיגונג. נאך דער ארבייט, פאהרט יעדער אין זיין לאנד-הויז, וואו ער געפינט רוהע און פרישע לופט.— צו ארבייטען נויטהיגט זיך יעדער אין חברים, לעבען — נאר צווישען זיין פאמיליע. מיין הויז — מיין וועלט.

— די לאנד מוז זעהר בעפעלקערט זיין. ווי פיעל איינוואהנער רעכנען זיך איצט אין ארץ-ישראל ?

— שוין מעהר ווי צעהן מיליאן נפשות, אבער דער צאהל פארגרעסערט זיך אימער : אויסער נאטירליכען וואוקס קומען יאהרליך זעהר פיעל נייע צופאהרען.

— גיעבט נאך אנטיסעמיטיזם ? ווארום עמיגרירען נאך די אידען פון אנדערע לענדער ?

— ניין, אפיציעלע אנטיסעמיטיזם גיעבט שוין ניט מעהר, זאגאר פריוואט מענשען שעהמען זיך אויך אנטיסעמיטען צו זיין. די אידען האבען בעקומען איבעראל פאלבערעכטיגקייט ; וואו זיי זיצען אין גרעסערע מאסען, האבען זיי פערזענליכע אויטאנאמיע מיט אן אייגענעם פארלאמענט, נאר עטוואס, ווי א בייזער גערוך, איז נאך געבליעבען פון די אלטע טרויעריגע ירושה, ניט אומזיסט האט די קירכע אין פערלויף פון צוויי טויזענד יאהר איינגעווארצעלט פיינדשאפט צו אידען. מיר אליין האבען נאך אויך ניט געקענט אויסווארצלען פון הארצען דעם אמאליגען פחד און אונפערטרויאונג צו ניט־אידען. דאריבער אויך איצט וואהנט ליעבער א איד צווישען אידען. נאר עס קומען ניט אידען אליין, זעהר פיעל פרעמדע בעזעצען זיך ביי אונז צוליעב די שעהנע לאנד, צוליעב אונזער הויכע קולטור, איבערהויפט צוליעב אונזער עטיקא. אין דעם זיינען מיר דאס ערשטע פאלק צווישען אלע פעלקער ! גאנץ איינפאך, מיר האבען בירושה אן אינסטינקטיווע פיינדשאפט צו בלוט, זנות, שכרות

און הערשאפט, זאגאר צו עבדות, ניט קוקענדיג אויף די צוויי טויזענד-יעהריגען גלות, זיינען מיר געבליעבען א זעלבסטשטענדי-גע, אז עם קשה עורף, ווי אין משה רבנו'ס צייטען.

— לעהרער, צו הויך האסט דו מיר אויפגעהויבען, מיינע אויגען זעהען נאר שעהנע פארבענ־הארמאניען, אבער מיין קאפ פערשטעהט נאך ניט אלץ, מיין הארץ פיהלט ניט. ברייננ מיר אונטען, לאז מיר צו, נעהענטער, קוקען זייער לעבען, הערען פון זיי זייערע געדאנקען, צו וואס זיי שטרעבען, דאן וועל איך מיר לעהרנען אין זייער וועג צו געהן.

— מיין קינד. האב געדולד, דו וועסט דאס א מאהל ער-גרייכען, אבער לאנגזאם, שטופענווייז. דאן וועסט דו דאס קיין מאהל פארגעסען, אימער וועט דאס ביי דיר אין הארצען בליי-בען... באלד לאזען מיר זיך אראפ אין ירושלם. איך וועל דיר צוערשט דיין "בצלאל" ווייזען, בעמערק נאר פריהער אונטען די דריי פונקטען, וועלכע האבען ניט קיינע שטראהלען, דאס איז דריי ארומגעצאמטע שטעדט; יעדער, אז אבגעזונדערטע וועלט פאר זיך. דער גרויער, איז „עיר המקלט", פאר פארברעכער, וואס ווייסען ניט ווי צו לעבען. דער ראזאווער — איז דער „ליע-בעס-גארטען" פאר די גליקליכע, וועלכע פארשטעהן ווי לאנג עס לעבט זיך און דער דריטער — בלויער, נעבען ים המלח, דארט, וואו דער ירדן גיעסט זיך אין איהם אריין, איז דער „רוהע- טהאל", „עמק הרפאים", פאר די געטליכע אויסגעוועהלטע, וועלכע הא-בען דאס לעבען געקענט און טויט אויף פארשטאנען... אין די דריי שטעדט מוזט דו קומען, פיעל וועסט דו זיך דארט לעהרנען.

דער לעהרער האט דעם רודער אבגעשטעלט, דער עראפלאן האט זיך גענומען לאנגזאם ארונטער לאזען, די גרויסע פאנאראמע איז קלענער און קלענער געווארען, מיר זיינען אין א ווארעמע-רען לופט אריינגעקומען, ירושלם האט אונטען געוואקסען און דייטליכער געווארען ביז די מאשין האט זיך עלאסטיש אראבגע-לאזען, א פאר שריט אויף איהרע רעדער אונטערגעפאהרען און שטעהן געבליעבען.

מיר האבען זיך געפונען אויף א גלאט-געפלאסטערטען פלאטץ ארומגערינגעלט מיט בוימער און בלומען. אין מיטען פלאטץ איז איז א פאנטאן געשטאנען.

דער לעהרער האָט מיר פאַר׳ן האַנד אַנגענומען, צום פאַנטאַן צוגעפיהרט.

— מיר געפינען זיך אויף „בצלאל״-פּלאַץ. בעטראַכט דעם פאַנטאַן.

מעהרער ערקלעהרונגען האָט מען ניט געדאַרפט. אַליין פאַר-שטאַנען דעם פאַנטאַן ווי אַ בוך געלעזען:

— אין מיטען אַ וואַסער-בעקען איז אַ הויכער, פאַרוויילדער-טער פעלזענשטיין געשטאַנען, באַדעקט מיט פאַרשיידענע פיגו-רען, מענער, פרויען, יונגע און אַלטע, אַלע האָבען זיי גע-טראַגען פאַרשיידענע קונסטווערק און זיך געמיהט וואָס העכער אויפ-שטייגען. פאַרשיידענע געשטאַלטען, טיפען און כאַראַקטער זיי-נען זיי געווען. נאָר איין באַגעהר האָט זייערע געזיכטער אויס-געדריקט: צו דערגרייכען דעם שפּיץ פון פעלזענשטיין, פון וועלכען זיי האָבען זייערע אויגען ניט אָבגעריסען... אויבען, אויפ׳ן פעלזענשטיין איז געשטאַנען בצלאל בן אורי אַנגעשפּאַרט אָן זיין געטליכען ווערק: דער אָרון הקודש, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר די הייליגע לוחות און מיט אַ קוק פול מיט ליעבע האָט ער, ווי געוואָרט אויף זיי. אין מיטען די פיעל פיגורען האָב איך מיינע פריינד — מיט־אַרבייטער, תלמידים און זיך אַליין אויך געזעהן. די פיגורען האָבען צוזאַמען געבילדעט אַ גראַנדיעזע בעוועגענדע ליניע אויפ׳ן גרוי-רויטליך אַלטען שטיין. וואונדערבאַר, פּלאַסטיש און לעבעדיג איז יעדער פיגור געווען אין איהר ברייטע איינפאַכע פאָרם. דער אַלט-גאָלד טאָן פון אָרון הקודש אויף דער שפּיץ, האָט געטליך האַרמאַנירט מיט׳ן עמאַל-בלויען טאָן פון הימעל. דער לויזער רויש פון וואַסער, וועלכע האָט פון פעלזענשטיין ווי אַ באַרג-טייך געשטראָמט, האָט מיר וואונדער-לעגענדען דערצעהלט, מעשה׳לעך פון אונענדליכען קאַמף און שטילע, טיעפע ליעבע.

פאַר מיר איז געשטאַנען אַ גראַנדיעזע פּאָעמע פון בראָנז און שטיין! אַ ווערק פון אַ געניאַלען קינסטלער, אַ קינד פון אַ הויך-קולטורעלען פאָלק.

אונטען מיט גאָלדענע אותיות איז געשטאַנען:

אָנדענקונג דעם „בצלאל״

צו זיין הונדערט־יעהריגען יובילייאום

מיט דאַנקבאַרקייט געשאַפען און אויסגעפיהרט

פון „בצלאל״ קינסטלער.

ניטאָ קיין פּערזענליכער נאָמען פון׳ם קינסטלער ! דאָס איז אַ קאָלעקטיווע ווערק, געשאַפען פון׳ם געניע, דער אידישער פאָלק!

אַ קול פון אַ שופר האָט מיר פון מיינע געדאַנקען אויפגע-וועלט. גלייך נאָך דעם האָט זיך געהערט, אַ פרעהליכער געשריי פון קינדער, גיכע טריט און אַ גרופע שוהל-קינדער זיינען אויפ׳ן פּלאַץ אָנגעקומען.

— דאָס איז „בצלאל״ - שילער — האָט דער לעהרער גע-זאָגט.

מיר האָט אַ ציה געטהאָן אין האַרצען. ניט געקענט מיינע ברייט-געעפענטע אויגען פון זיי אַברייסען.

פאַרשיידענע עלטער זיינען זיי געוועזען, אַלע איין אַרט געקליידעט : אין פרייע טוניקעס ביז די קניע, פון העל-געלבליכע איינפאַכע ליינוואַנד מיט ווייכע קאָלירטע זיידענע גאַרטלען אַרומ־געבונדען. די העלזער—ברייט אָפען, אויף די פיס — סאַנדאַלען מיט זייערע דונקעלע בענדער זיינען געוועזען שעהן אַרומגעוויקעלט די נאַקעטע איקרעס, און העלע ליינווענדע היטעלעך מיט אַ בליש-צענדיגען צייכען. די עטוואָס ברייטע אַראָבגעלאָזענע ברעגען האָט זיי אַ קינסטלערישען אויסזעהען צוגעגעבען. די עלטערע האָבען פריי, אויף די שולטערען ווייסע אַבאַיעס געטראָגען.

אַלע מיט ליכטיגע פּנים׳ער, מיט קינדערשע האַרציגקייט האָבען זיי הויך גערעדט, געלאַכט און געזונגען, ווי גאָט׳ס פרייע פויגעלאַך. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס זיי בעמערקען גאָר נישט אונז. איך האָב זיך אָן איינעם צוגעריהרט, ער האָט דאָס גאָר ניט געפיהלט.

—- מיר זיינען רואה ואינו נראה׳ס, האָט דער לעהרער גע-זאָגט. — קום, איך וועל דיר ווייזען, וואָס די אַנדערע „בצלאל״-ניקעס האָבען געמאַכט צום הונדערט-יעהריגען יובילייאום, די אַרכיטעקטען, מאַהלער, צייכנען און אַלע אַנדערע מייסטער פון די אַלע קונסט געווערבליכע אַרבייט, וועלכע „בצלאל״ איז גע-ווען זייער גרינדער, דאָס איז דאָ נעהענט אין „בצלאל״-אַלעע. — אַזוי האָט דער לעהרער געזאָגט, האָט מיר פאַר׳ן האַנד גענומען, געבראַכט אין אַ לאַנגע שאָטענדיגע אַלעע, וועלכע האָט זיך געצווי-גען פון „בצלאל״-פּלאַץ. צווישען די בוימער, איןביידע זייטען פון די גאַס, איז געוועזען צווישען די בלומען צואוואָרפען קליינע פּאַוויליאָנען. אַלע מיט קופּאָלען, איין סטיל, אָבער אין אונ-

ענדליכע וואַריאַציאָנען און נואַנסען. פון פאַרשיידענע מאַרמאָר, מאַיאָליקאַ, קאָלירטע גלאָז און געטריבענע מעסינג זיינען זיי גע־בויט געוועזען. ווי שעהנע יאַפּאַנישע וואַזען אין אַ בלומען־אָזערע. האָבען די פּאַוויליאָנען אויסגעזעהען.

— יעדער בראַנטש האָט זיין פּאַראיין און האָט דאָ זיין פּאַ־וויליאָן. אין וועלכען פּאַוואַליאָן ווילסט דו צוערשט אַריינגעהן?

— אין טעפּיך־פּאַוויליאָן האָט זיך ביי מיר גלייך אָן ענט־פּער אַרויסגעריסען, — ווערענדיג זעהען די אינדוסטריע, וואָס איך האָב מיט אַזוי פיעל מיה געגרינדעט און אַזוי לייכט צושטערט פון די „רעפאָרמירער״.

— קום, דאָ רעכטס, דער ערשטער — און האָט מיר אין פּאַוויליאָן געבראַכט.

אויף די ווענט איז נאָר איין גרויסער זיידען־טעפּיך געהאָנ־גען. איין בילד האָט ער פאָרגעשטעלט, ווי מיר האָבען אונזערע ערשטע טעפּיכער געמאַכט: אין דער מדבר, יריעות פאַר׳ן משכן אויסגענעהט: אונטערען פרייען הימעל זיצען שעהנע אידישע פרויען ביי די הייליגע אַרבייט, שטריקען אוים יריעות און פּרוכת׳ן. בצלאל און אָהליאב האַלטען דעם אויסגעשפּרייטען מאָדעל געגען משה רבינו׳ן. ווי אַ הערליכע וואַנט־מאַהלעריי האָט דער טעפּיך מיט זיין אָרנאַמענטאַלען ראַנד, אויסגעוויעזען, די טיעפע בונט זיידען־פאַרבען האָבען ווי עמאַיל געבלישצעט. איך האָב געזעהען, דאָס אין דער אַרבייט, האָט זיך קונסט מיט אינדוסטריע צונויפ־געגאָסען.

אונטען, אויף אַ קופּער־טאַפעל איז געווען אויפגעגראַווירט די געשיכטע פון דער גרינדונג און אַנטוויקלונג דער טעפּיך־אינ־דוסטרי אין פּאַלעסטינאַ. דאַביי איז געווען אַ רייהע סטאַטיסטי־שע ציפערען פון יעדער צעהן יאָהר באַזונדער, די לעצטע צי־פערען האָבען געוויזען, דאָס איצט בעשעפטיגען זיך מיט פאַר־שיידענע טעפּיך־קניפעריי אַלס פאַרדיענסט 326,018 פרויען.

אַ הערליכע רוהיגקייט האָט אין דעם קליינעם קונסט־טעמ־פּעל געהערשט. אַ ווייכער טעפּיך האָט, ווי גרינע גראָז, דעם באָ־דען בעדעקט, אַרום די ווענט נידעריגע זיצונגען אויך מיט טעפּי־כער. וואו־ניט־וואו איז אויף זיי טעפּיך־קישען געלעגען.

עס האָט זיך ניט געוואָלט אַרויסגעהן. די בעקוועמע זיצונגען האָט צו זיך געצויגען.

— זעץ זיך — האָט מיר דער לעהרער געזאָגט — ער האָט אַלע מיינע געדאַנקען געלעזען. האָב מיר אויף'ן נידעריגען זיצונג אַראָבגעלאָזען. געקוקט אויף די וואַנט-מאָהלערייען.

דאָס לעבען פון די טעפּיך-קניפּערינען איז געוועזען אויף די ווענט אויסגעמאָהלט. . . ניט אין קאַזאַרמעס-פאַבריקען האָט מען טעפּיכער געקניפּט: אין קליינעם, בעקוועמען אייגענעם וואָה־נונג, ביים ליכטיגען פענסטער זיינען די קניפּערינען געזעסען. מעה-רערע בילדער האָבען פאַרגעשטעלט ווי מען אַרבייט אויפ'ן פרייען לופט, צום לאַנד, אונטער'ן שאָטען פון פלאַנצונגען מיט אַ שעה-נעם לאַנדשאַפט אויפ'ן הינטערגרונד.

מענשען זיינען אָנגעקומען. דאָס האָט מיר געשטערט, מיר אויפגעהויבען ווייטער צו געהן.

— וואָס ווילסט דו איצטער זעהען? — האָט מיר דער לעה-רער, ווי אַ קאַפּריזנעם קינד געפרעגט.

— צו די פיליגראַן־אַרבייט. גיט עס נאָך די אינדוסטרי?

— יאָ, אָדער ניט אין דעם אַלטען פאָרם, ריין פיליגראַן מאַכען זיי ניט. מען האָט איהם פאַראייניגט מיט אַנדערע קונסט־אַרבייט און פאַרשיידענע מעטאַלען; גאַנץ נייע עפעקטען האָ-בען זיי אין דעם געשאַפען, אַ גאַנץ נייעם זאַנר, „בצלאל"-זילבער רופט מען דאָס אין דער גאַנצער וועלט. — ער האָט מיר פאַר'ן האַנד גענומען, אין געגען איבער'ן פּאַוויליאָן אַריינגעפיהרט.

אויפ'ן טיר איז דער אויפשריפט געשטאַנען:

„בצלאל-זילבער": אַ ציערונג פאַר די פרוי, אַ פרייד פאַר דאָס הויז, אַ „ליוב-געזאַנג פאַר גאָט".

דער אויפשריפט אַזי ניט געוועזען אַ פּוסטע רעקלאַמע. די דריי וויטרינען מיט זייערע אַרבייט, וואָס זיינען געווען ואיסגע-שטעלט אין פּאַוויליאָן זיינען איבערגעשטיגען מיינע ערוואַרטונגען. איך האָב געזעהען פאַר מיר אַן אינדוסטריע, וועלכע נעהמט אַרום דעם גאַנצען געברויך פון לעבען פון דעם אינטעליגענטען מענשען, אַזוי געשמאַקפול און פאָלקאָם אין טעכניק, ווי די יאַפּאַניער. אויך ווי ביי זייערע אַרבייט איז דאָ אויך געווען פאַרשוואונדען דער אי-בערגאַנג פון קונסט און קונסט-אינדוסטריע.

אין די שמוק-זאַכען האָט מען פאַראייניגט: זילבער, גאָלד, עדעל-שטיינער, מיניאַטורען-שקולפּטור אויף שטיין, עלפענביין, פּערלמוטער, הארצן, מיניאַטורען-מאָהלעריי אויף עמאַיל און עלפענ־

ביין. דאָמיט האָבען די שמוק אַ בעזונדערען רייץ בעקומען. די שעהנקייט, וועלכע מען בעמערקט ניט דעם ווערטה פון'ם מעטאַל, נאָר די קינסטלערישע אויספיהרונג. בענאָהע דאָס זעלבע האָב איך געזעהען אין דאָס הויז אַרטיקעל; געשיר צום טיש, שרייב-געצייג, טואַלעט און בעלויכטונג-אַרטיקעל. די רעליגיעזע אַרטיקעל, ווי: כתר תורה'ס, יד, מנורות, מגלות, מזוזות און דאָס גלייכען האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַ בעזונדערען קינסטלערישע אויספיהרונג, מיט די טיעף-סעריעזע קאָמפּאָזיציאָנען, וועלכע איך האָב געזעהען נאָר אין מיטעלאַלטער קירכען-קונסט.

אויך דאָ איז געווען אויפגעשריעבען די געשיכטע פון דער אינדוסטריע און סטאַטיסטישע ציפערען. דער לעצטער ציפער האָט געוויזען דאָס 510,836 מענשען בעשעפטיגען זיך מיט דער אינדוסטריע, דאָס זי איז דער מעהר פאַרברייטעסטע אינדוסטריע אין פּאַלעסטינאַ.

פון די וואַנט-מאַהלעריי האָב איך געזעהען, דאָס ער ווערט געאַרבייט פון קליינע גרופּען בייזאַמען, אויך פון איינצעלנע אַרבייטער אין לאַנד-וואָהנונגען.

פון דעם פּאַוויליאָן זיינען מיר געגאַנגען אין טרייב-אַרבייט-פּאַוויליאָן. די אויסגעשטעלטע אַרבייט זיינען געווען פון גאָלד, זילבער און מעשינג, דאָס מעהרסטע פון מעשינג. פאַרשיידענע געברויכס-אַרטיקעל אָרון הקודש און אַנדערע סינאַגאָגאַל-זאַכען, איבערהויפּט, אַרטכיטעקטורישע פערציערונגען פון מעשינג און קופּער, דאָס איז פאַר מיר געוועזען אַ גאַנץ נייע זאַך. דער אויפשריפט האָט געוויזען דאָס מיט דער אינדוסטרי בעשעפטיגען זיך 188,200 מענשען.

נאָכהער זיינען מיר שפּיצען-פּאַוויליאָן אריין. די אַרבייט זייען געווען פון גאַרין, זייד און זילבער-פעדים. פון די וואַנט-מאַהלעריי האָב איך געזעהען, דאָס די אַרבייט איז אַ הויז-אינדוסטרי. דער לעצטער ציפער האָט געוויזען, דאָס עס גיעבט אין פּאַלעסטינאַ 402,631 שפּיצען-קניפּערינען.

געגען איבער, איז געווען דער פּאַוויליאָן פון אינקרוסטאַציאָן-אַרבייט. וואונדער שעהנע אינקרוסטירטע מעבעל איז דאָרטען געשטאַנען. אויף די ווענט, אַנשטאָט וואַנט-מאַהלעריי, איז אינקרוסטירטע בילדער געווען. צו אינקרוסטירען האָט מען בענוצט, זאַנדער פאַרשיידען-פאַרביגע האָלץ, אויך פּערלמוטער און אַנ-

דערע מאַטעריאַלן און מעטאַלן. די אינדוסטרי איז געווען פאַר-שפּרייט אין גאַנצן לאַנד אַלס הויז־אינדוסטרי, האָט געגעבען בעשעפטיגונג 156,241 מענשען.

ווייטער איז געווען דמשקוס-מעשינג אַרבייט. זיי האָבען זיך „פּאַלעסטינער מעשינג" אָנגערופען, ווייל זיי האָבען אַ גאַנץ אַנ-דערען כאַראַקטער געהאַט פון דמשקוס אַרבייט, פון וועלכע זיי האָ-בען אַ מאָהל געשטאַמט. זיי זיינען געווען דונקעל פּאַטענירט, אָרי-גינאַלע פאָרם און צייכנונגען, איינגעזעצט סקולפּטור-רעליעפען און האַלב עדעלשטיינער. פאַרשיידענע געגענשטענדע זיינען געווען אויסגעשטעלט, אַלץ וואָס דער אינטעליגענטער מענש האָט נוי-טיג אין זיין געברויך. 162,310 מענשען האָבען זיך מיט דיעזען אַרטיקעל בעשעפטיגט.

אזוי זיינען מיר דורכגעגאַנגען די פּאַוויליאָנען פון גאָלד און זיידען-שטיקעריי", „עלפענביין-שניצעריי", „קמיעות", „עמאַל", „אַפּליקאַציעס", באַטעק", „קונסט בוך בינדעריי", „ליטאָגראַפיעס", „פּאָרצעלייען", „גלאָז-מאָהלעריי", „מיניאַטורען", „האָלץ-שני-צעריי", „שטאַנצען און גראַווירען", „קונסט-גיסעריי", „טערא-קאָטטאַ", „קעראַמיקאַ", „בוך־דרוקעריי", „פאָטאָגראַפיע" און אַנ-דערע קונסט-געווערבע.

צוזאַמען רעכענדיג, האָבען זיך מיט קונסט-געווערבע אינ-דוסטרי בעשעפטיגט מעהרער אַלס צוויי און אַ האַלב מיליאָן מענער און פרויען ! דאָס האָט זיך ניט געוואָלט גלויבען וואָס מיינע אוי-גען האָבען אַליין געזעהן.

— אין יאַפּאַן האָבען שוין מיט הונדערט יאָהר צוריק מעהר ווי 3 מיליאָן זעלען בעשעפטיגט זיך מיט קונסט-געווערבע אינדוסטרי, — האָט דיר לעהרער גלייך געענטפערט אויף מיין געדאַנק. — מיר האָבען דאָ געהאַט די זעלבע בעדינגונגען ווי אין יאַפּאַן — האָט דער לעהרער פאָרטגעזעצט — נויטווענדיגקייט פון שאַפען אַן עקס-פּאָרט אַרטיקעל, ווייניג לאַנד, פיעל ליכט, אַ שעהנע נאַטור און אַ פעהיגע בעפעלקערונג. טראַנספּאָרט־אַרטיקעל האָט פאַר איבער-פּראָדוקציאָן ניט מורא, זי מוז נאָך קאָנקורענץ-פעהיג זיין. דאָ-פיר זאָרגט שוין דער „בצלאל"-אינסטיטוט. פאַר אַ מאַרקעט צו האָבען — זאָרגט די רעגיערונג, זי האָט מוסטער-לאַדען אין אַלע אייראָפּעאישע גרויסע שטעדט. די פּאַוויליאָן, וואָס דו זעהסט דאָ איז אויך נאָר אויסשטעלונגען, קום נאָכמיטאָג וועסט דו זעהען,

װעלכע גרױסע געשעפטען עס װערט דאָ געמאַכט מיט די רײזענדע אַגענטען פון דער גאַנצער װעלט, װאָס קומען דאָ אַנקוקען.

אַ שעהנער, גרױסער מאַן, מיט אַ שטאָלצען פיגור איז אַרײנ־געקומען אין „בוך־קונסט" פּאַװיליאָן, װאו מיר זײנען געװען. זײ־נע שװאַרצע יונגע אױגען האָבען זיך פּלוצלינג מיט װאונדערליכען פײער בעלױכטען. עהרענפירכטיג פערנױגט און גלײך אַרױסגע־גאַנגען.

— דאָס איז דער גרױסער פּאָעט רב הילל בן־שחר, פּראָפע־סאָר פון קונסט־געשיכטע אין „בצלאל". ער האָט אונז געזעהען און ערקענט...

די אױגען האָט זיך מיר מיט טרעהרען בעדעקט, דורך זײ, קױם מײן לעהרער געזעהען. די קאָפּ האָט מיר גענומען שװינד־לען, די ערד בעװעגען. איך האָב מיר אױפ'ן קאַלטען באָדען אַרונ־טערגעלאָזען.

— שלום, — האָב איך די שטימע פון מײן לעהרער, װי פון דערװײטען, דערהערט. ער איז לאַנגזאַם פאַרשװאונדען מיט אַלעם װאָס אַרום מיר איז געװעזען...

פאַר מײנע אױגען איז די זיבען־רעהריגע פינצטערע מנורה געשטאַנען... אױפ'ן דונקעלען־בלאָהען הימעל האָבען גאָלדענע שטערען געפינקעלט. אָדי בין נאָך אַלץ אױף „בצלאל"־טהורם גע־זעסען...

מיט טרײסלענדיגע קניה, אין גאַנצען ציטערענדיג פון קעלט, נאָך מעהר פון געפיהל, דאָס איך בין פון אַ ליכטיגע, װאַרעמע, שעהנע װעלט אין אונזער קאַלטער, שמוציגער װעלטעל אַרונטער־געפאַלען, בין איך לאַנגזאַם פון „בצלאל"־טהורם אַראָבגעגאַנגען.



ג.

.... צוויי און א האלב יאהר איז פון יענער צייט אריבער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

... דאן האב איך געארבייט ביי א גרויסען בא-רעליעף: „תשעה-באבביין כתל מערבי”. דער בילד האט מיר זעהר צו-געצויגען. מיין שטימונג איז געוועזען פאסענד פאר די טהעמא, אבער די ארבייט איז לאנגזאם געגאנגען: מיין נשמה איז גע-וועזען זעהר צעוועהטאגט. זי האט נאר געקענט ליידען, אבער ניט שאפען.

אין אטעליע איז שוין געוועזען דונקעל. דער מאדעל איז שוין לאנג אוועקגעגאנגען, זעה קוים מיינע ארבייט, אבער קען ניט אויפשטעהן פון מיין ארט: פאר מיינע אויגען שטעהט דער בילד: ווי איך געזעגען זיך מיט די תלמידים. זיי מאכען זיך מוטה, וויצלען זיך, לאכען, איך האלט זיי אונטער, נאר פיהל, וועל לאנג ניט אויסהאלטען. קען ניט זעהן זייערע טויט-בלאסע געזיכטער מיט די, קוים איינגעהאלטענע, טרעהרען אין די אויגען... ארע-מע קינדער! שווער איז אייער קרבן. צו שוואך און יונג זייט איהר. צי וועט איהר דאס איבערטראגען? ווער וועט צוריק קומען?...

אין אטעליע איז שוין גוט פינסטער געווארען אויפ'ן פאדאיום, וואו עס פאזירט דער מאדעל, האב איך א גרויען שאטען בעמערקט. עס האט מיר א ריהר געטהאן ביים הארצען... האב געפיהלט, דאס בצלאל איז דאס, דער לעהרער איז צו מיר געקומען.

— לעהרער, דו ביזט דאס? — שטיל, ניט גאנץ גלויבענ-דיג, געפרעגט.

— יאָ, מיין קינד. איך בין צו דיר געקומען — האָט ער אויך אַזוי שטיל געענטפערט.

מורא געהאַט אַ ריהר טהאָן. אַ וואָרט אויסריידען. מורא געהאַט די אילוזיאָן זאָל ניט פערשווינדען. אליין בלייבען.

אין אַטעליע איז אַ טויטע שטילקייט געוואָרען.

— איך וועל ניט אוועקגעהן, — האָט דער לעהרער אויף מיי-נע גערדאַנקען געענטפערט. — בין צו דיר געקומען ליכט צו געבען, דיין מרה-שחורה אוועקטרייבען.

— לעהרער, העלף מיר ! איך קען ניט מעהר ! ... קען ניט צוזעהן דעם חורבן פון „בצלאל" !

— „בצלאל" וועט אויפלעבען צוזאַמען מיט'ן אידישען פאָלק. איצט, מוז ער צוזאַמען מיט'ן פאָלק ליידען. ער איז פלייש פון זיין פלייש, בלוט פון זיין בלוט. גלויב ! געלויבט די וועלכע גלויבען.

—לעהרער, איך גלויב מיט מיין גאַנצער נשמה אין דעם אויפלעבונג פון אונזער פאָלק, איך גלויב אויך דאָס ער וועט ז י י ן „בצלאל" אויפלעבען. ער איז זיין קינד, ער קומט פון פאָלק, פאַר'ן פאָלק, אָבער שוואַך בין איך, מיעד בין איך, אַלט בין איך. מיינע אויגען וועלען דאָס שוין ניט זעהען. וויין מיר, וויין מיר כאָטש אין חלום. עס זאָלען מיר די ליכטיגע חלומות די איצ-טיגע פינסטערנעש בעלויכטען !

עטוואָס האָט זיך אין דער פינסטערניש בעוועגט... אַ בלעסק געטהאָן פאַר מיינע אויגען. איך האָב געפיהלט, ווי אַ צאַרטע, ווייכע האַנד האָט מיט ליעבע, ווי אַ לייכטער וואַרעמער ווינטעלע, מיי-נע האָר געגלעט. אַ זיעסע וואַרעמקייט איז מיר אין האַרצען אריין, ליכטיג אין די אויגען געוואָרען, אַ לייכטען שווינדעל די קאָפּ געפיהלט און איך האָב מיר אַרונטערגעלאָזען אויף אַ ווייכען עט-וואָס בעוועגליכען געלעגער...

— קום, — האָב איך ווי אין שלאָף, די האַרציגע שטימע פון לעהרער געהערט.



## ד.

... אויף די גאַסען פון ירושלם בין איך מיט מיין לעהרער געגאַנגען.

גאַנץ פריה איז דאַס געווען, אין דער מאָרגען־שטונדע, ווען די זון האָט זיך נאָך ניט געוויזען הינטער די בערג, אָבער מען פיהלט זי שוין אין דער גאַנצער נאַטור. אין דעם פּערעל־מוטערנעם הימעל, אין די דורכזיכטיגע בלוי־ראָזע בערג און אין די לייכטע, אויפהויבענדיגע, ווייסע וואָלקענס טויה. אַלץ איז געווען העל, אָהנע שאָטענס, ווייך, ווי אַ יאַפּאַנישער אקוואַר־רעל, ווי אַ זיעסער קינדער־חלום...

בין מיט מיין לעהרער געגאַנגען... אַ פרעהליכע לייכט־קייט און גליק האָט מיר אַרומגענומען. ניט געגאַנגען — נאָר גע־שוועבט, אַזוי איז מיר לייכט געווען אין מיין קערפּער און נשמה. נאָר געפיהלט די וואַרעמע האַנד פון לעהרער מיט וועלכע ער האָט מיינע פעסט געהאַלטען. אויף אַ לאַנגען בולוואַר זיינען מיר גע־גאַנגען. „הערצל־בולוואַר״ — אויף אַ זייל דעם אויפשריפט אי־בערגעלעזען. פוןביידע זייטען בולוואַר זיינען בוימער געוועזען. פון ביידע זייטען, זיינען שעהנע געביידען געשטאַנען. קענטיג ניט קיין פּריוואַט־וואָהנונגען. בלומען־גערטנער זיינען פאַר די הייזער געשטאַנען, אַרומגעצאַמט מיט נידעריגע צוימען פון פּלעכ־טענדיגע פּלאַנצונגען בעדעקט, ניט אַ שוץ געגען גנבים, ניט צו פאַרדעקען זיך פון אַ פרעמדע אויג זיינען די צוימען געמאַכט, נאָר וועגען שעהנקייט.

די גאַס איז נאָך געשלאָפען, קיינעם ניט בעגעגענט, נאָר אַן אויטאָ פון וועלכען עס האָט ווי אַ רעגען געשפּריצט וואַסער און אונטען בערשט געדרעהט: דאַס האָט ירושלם איהר פריה־מאָר־גענדיגען טואַלעט געמאַכט. לאַנגזאַם געהערט פון אויבען אַ גע־רויש פון ביהנען: דאַס זיינען עראָפּלאַנען געפלויגען. פון דער־ווייטען האָט זיך געהערט דער פייפען פון באַהן: דאַס זיינען די ירושלמ׳ער געקומען פון זייערע גאָרטען־שטעדט אין דער שטאָדט

פון דער אַרבייט. אויטאָס, וועלאָסעפּעדען האָבין זיך געוויזען, אירגענד-וואו אויף פוס-געהער. אַ מילך-אויטאָ איז פאַרבייגעלאָפען, „קינדער-גן-עדן" — איז אויף איהם געווען אויפגעשריעבען: דאָס האָט מען מילך פאַר די קינדער צו פריהשטאָג געפיהרט.

די זון אזי שוין אויפגעגאַנגען. מיר האָבען נאָך אַלץ ווייטער אונזער וועג געמאַכט. אויף אַ פּלאַץ, איבער אַ גרופּע בוימער ערקענט דעם פערגאָלדעטען אָרון הקודש פון „בצלאל"-דענקמאָל. די ערשטע שטראַהלען פון זונען-אויפגאַנג, זיינען אויף איהם געפאַלען. די כרובים האָבין פרעהליך געבלישצעט אונטערען ירושלם'ער רייגעם הימעל... מיר זיינען דעם „בצלאל"-פּלאַץ אַריבער און צו אַ שעהנע געביידע צוגעגאַנגען. די געביידע איז געווען אַרומגעצאָמט מיט אַ הויכע שטיינערנע וואַנד, ווי אין אַ קלויסטער, קענטיג, דאָ האָט מען זיך געוואָלט בעהאַלטען, אָבטהיילען זיך פון דער רוישענדער גאַס. מיר זיינען צום מאַסיווען טהויער צוגעגאַנגען. „בצלאל" איז איין וואָרט, מיט גאָלדענע בוכשטאַבען אויבען געשטאַנען. אונטער'ן אַרקע פון טהויער, זיינען אין ביידע זייטען אויף גראַניטענע פּיעדאַסטאַלען צוויי פיגורען געשטאַנען. אונטער'ן רעכטען פיגור איז געווען אויפגעשריעבען „בצלאל", אונטער'ן צווייטען —„בנימין". מיר איז וואונדערבאַר געוועזען צו זעהען אויף איין מאָהל, אויפ'ן פּיעדעסטאַל דעם מאַרמאָרנעם בצלאל און אונטען, דעם לעבעדיגען, אזוי זעלטען עהנליך זיינען זיי געווען. די צווייטע פיגור איז אויך געווען ווי דער לעבעדיגער בנימין, וועלכען איך האָב פערזענליך געקענט: אונזער גוטער בנימין, דער ערשטער, וואָס האָט זיינע פיעלע מיליאָנען, און נאָך רייכערע, נשמה אָבגעגעבען פאַר אויפלעבונג פון זיין פאָלק און זיין לאַנד...

— ער האָט אויך אויף זיין רעכענונג דאָס אַלעס געבויט, וואָס דו ועסט נאָך דאָ זעהן — האָט דער לעהרער געזאָגט.

דער טהויער איז אָפען געווען. דער פּאַרטיע איז אויף אַ נידעריגען שטולבעלע געזעסען און אַ העברעאישע צייטונג געלעזען, מיר זיינען נעבען איהם פאַרבייגעגאַנגען, איך האָב זיין צייטונג אָנגעריהרט, ער האָט אָבער אונז ניט געפיהלט.

אינוויינינג געזעהען דאָס אין בצלאל איז מעהרערע הייזער דאָ. אייניגע שטיינערנע מיט פלאַכע דעכער, דאָס בעהרסטע אָבער געבויט פון אייזען, טערא-קאָטטאַ און גלאָז. די דעכער האַלב-רונד,

גלעזערנע. דער הויף איז געווען אויסגעפלאַסטערט מיט גלאַטע רויטליכע, באַלאַטעס, נאָר אירגענד־וואו, איז געווען פון פאַר־ביגען שטיין, ווי אַ לאַנגע טעפּיך אויסגעצויגען. פון די זעל־בע — פריזען און ראַזעטען נעבען די געביידעס און מיטעל־פונקטען. אַ גרויסער וואַסער־בעקען, אַרומגערינגעלט מיט לעבעדיגע בלו־מען, איז אַנטקעגען אַריינגאַנג פון צענטראַל געביידע געווען. אין גאַנצען גרויסען, געפלאַסטערטען הויף האַט מען נאָר צוואַר־פענע אייניגע גרויסע בוימער געזעהן, אונטער זיי, אַנשטאַט בענק, קאַפּיטעלען, פריזען און אַנדערע פראַגמאַנען פון אַלטען שטיין. קענטיג דאַס מען האַט דאָ אויסגראַבונגען געמאַכט. אין די פאַר־שיידענע ווינקעלעך, איז פיגורען, גרופּען, ביוסטען צווישען פלאַנצונגען געשטאַנען, נעבען זיי בעקוועמע זיצונגען געמאַכט. אויף די ווענט, אונטער די אָפענע טעראַסען, האַט מען פערציערונ־גען און בילדער פון מאַיאַליקע, מאַזאַאיקאַ און וואַנט־מאַהלערייען געזעהן. אייניגע הייזער זיינען ווי טעמפּלען אויסגעזעהען, דער גאַנצער הויף מיט אַלעס צוזאַמען — ווי אַ פאַר׳כשופ׳טע שטעדטעל פון חלומות.

קיין לעבעדיגען מענשען האָבען מיר אין גאַנצען הויף ניט גע־טראָפען. דער לעהערער האַט מיר, הינטער די גלאַז־געביידען אין אַ גאַרטען אַריינגעפיהרט. אַ בלומען־גאַרטען איז דאַס געווען. מעהר בלומען אַלס בוימער. צוטהיילט איז ער געווען מיט גרינע, לעבעדיגע ווענט פון פלעכטענדיגע פלאַנצונגען, דאַס האַט גע־מאַכט. דאַס דער גאַרטען האַט אויסגעוויזען זעהר גרויס. או־מעטום האַט מען געזעהען אָהן אַן אָרדנונג, אויסגעשטעלט מאַל־שטולען מיט מאַלבערטען. אין אייניגע ערטער זיינען שוואַרצע אין ווייסע גרויסע שירעמס געשטאַנען. אויף די שוואַרצע — מיט קרייד־געצייכענט פלאַנצונגען און בלומען אין איינפאַכע פעסטע ליניען. אויף די ווייסע — פאַרבען האַרמאַניען, קוים בעצייי־כענטע בלומען פאָרמען. בענאַהע אונטער אַלע צייכענונגען איז געווען פּראָבען פון סטיליזירען די פלאַנצונגען : פריזען, ראַ־זעטען און פאַרשידענע פלעכע. אונטער דעם בעמערקט אייניגע קאָמישע טיפּען, — ווייזט־אויס, קאַראַקטורען פון חברים, אפשר, פון לעהרער ? — האָב איך מיר געטראַכט.

— פון לעהרער לאַכען זיי ניט — האַט מיר ערענסט דער

לעהרער אויף מיינע געדאנקען געענטפערט. — דער כבוד פון רבי איז ביי זיי בעסער פון די עלטערען.

מיר זיינען ווייטער אין גארטען געגאנגען צווישען צוויי ווענט פארשיידענע פלאנצונגען. מיר זיינען געקומען אין א רונדען, מיט גרינס ארומגעצאמטען פלאץ, וואס האט מיר עראינערט אין קליי-נעם מאשטאב, אן אלטען, רוימישען צירק. אין מיטען, וואו די ארענא, איז אויף א בערגעל זאמד, נעבען א קאקטוס-פלאנצונג, א קעמעל רוהיג געלעגען. ווען ער וואלט ניט זיין קליינע קאפ אויפ'ן לאנגען האלז, אבגעקעהרט צו אונז, וואלט איך איהם פאר א גע-מאלטע סקולפטור אנגענומען, אזוי שעהן-פלאסטיש האט ער זיך גרופירט מיט'ן קאקטוס אויפ'ן זאמד. דער דינער איז געקומען מיט פרישע גראז, אונז פארבייגעגאנגען, אבער ניט געזעהן.

מיר האט זיך ניט געוואלט פון דארט אוועקגעהן: א ביב-לישע שטימונג האט אויף מיר א ווי געטהאן. פון די איינפאכע גרופע. אויף איינע פון די פיעל צושפרייטע קעסטעלעך געזעצט.

פון אירגענד-וואו, גאנץ נאהענט, האט זיך א הערליכער גע-זאנג געהערט, דאס האט א כאהר א הימן געזונגען. דער געזאנג האט זיך וואונדערבאר הארמאנירט מיט אלעס, וואס איך האב דא געזעהן. טיעף און ערענסט איז די מעלאדיע געוועזען, ווייך און ברייט האבען זיך געשפרייט די שטארקע מענער-טענער און קינדער-שע זילבער-שטימען האבען געקלונגען און געפינקעלט ווי די רויטע און בלויע בלימעלאך אויף דעם גרינעם פלאנצונג-פאן ארום מיר. דער לעהרער האט שטיל געזאגט:

— דער „בצלאל" איז מתפלל פאר דער ארבייט, ער זינגט יין שירה, זיין לויבגעזאנג, זיין מארגען-ליעד.

מיר דערמאהנט, ווי די תימנ'ער פלעגען אין „בצלאל" דאוו-נען: דער וויינען ר ח מ י ם ב ע ט ע ן , ווי פיעל מורא, פחד, אונרוהע איז אין זייער תפילה געווען.

גאט פון מיינע עלטערען! ווי נאהענט דו ביזט איצטער צו זיי!

דער גארטען האט אנגעהויבען פול צו ווערען פון מענשען. גלייך איז מען אויך צו אונז געקומען, און גלייך צו דער ארבייט זיך גענומען. האב מיט מיינע אויגען זייער לעהרער געזוכט, איך האב איהם ניט געפונען. אלע זיינען גלייך געווען אנגעטהאן אין די זעלביגע קליידער, ווי איך האב זיי דעם ערשטען מאהל אויף

„בצלאל-פלאץ" געזעהען. נאר אויך ברייטע שירצען מיט אויפ-געקאשערטע ארבעל געטראָגען. בענאהע אלע אין זעלבינגען על-טער 13 — 14 יאהריגע. נאר איין גאנץ קליינע מיידעלע, בענאהע נאך גאר א קינד, מיט גרויסע ליכטיגע אויגען און פינף עלטערע פון 18 — 20 יאהריגע. זיי האבען אויך מיט אנדערן גלייך גע-צייכענט, קענטיג, דאס זיינען ניט קיין לעהרער.

— דער לעהרער קומט שפעטער, ווען זיי האבען שוין באלד פארטיג זייערע צייכנונגען, נאר דאן קארעגירט ער זיי. בעסער א שלעכטען צייכנונג אבער זעלבסטשטענדיג אליין געמאכט, אלס א גוטען — מיט די הילפע פונ'ם לעהרער — אזוי האט מיר מיין לעהרער געזאגט און גענומען מיר פיהרען צווישען די תלמידים איך זאל זעהען ווי זיי צייכנען.

יעדער תלמיד האט זיין מאהל-ברעט מיט זיין פאפקע געהאט, אבער זיי האבען דערווייל אין זייערע אלבאמ'ס נור סקיצען גע־צייכענט. בעמערקט דאס זיי זוכען נאר די פראפארציע, די בע-וועגונג, די פארמע צו פארשטעהן, דאריבער בייטען זיי זיך אפט זייערע ערטער, צו קענען זייער מאדעל פון אלע זייטען צייכנען. ווען זיי האבען שוין אויפגעצייכענט, דאן נעהמען זיי זיך צו יע-דער טהייל בעזונדער, די קאנסטרוקציאן צו ערלעהרנען. נאר ערשט שפעטער הויבען זיי אן יעדער פון זיין פלאץ אויף זיין מאהל-ברעט אין גרוים צו צייכנען. פאר די גרויסע צייכנונגען בענוצען זיי אם מעהרסטען קאהל, אבער אויך בליישטיפט, שווארצע און קאלירטע און פעדער מיט טוש. מיט פארב האט קיינער געמאהלט, אפילו די גרויסע עלטערע תלמידים פון וועלכע צייכנונגען איך בין גאנץ ענטציקט געווארען.

— אויף צו מאהלען איז דא א ספעציאל אטעליע, וועלכע דרעהט זיך ווי די זון, דארט ענדערט זיך ניט די בעלויכטונג און די פארבען עפעקטען.

— וואס מאכען דא די גרעסערע תלמידים ? זיי צייכנען שוין גוט.

— ניט צום לעהרנען צ י י כ נ ע ן , זיינען זיי איצט דא : נאר צו לעהרנען די נאטור, שטודיאומ'ס צייכנען זיי, מא-טריאלען זאמלען זיי פאר זייערע זעלבסטשטענדיגע ארבייט. יע-דער תלמיד געפינט זיך צוויי מאהל אין איין קורס, דעם ערשטען מאהל האט ער זיך דארט אויף דער נאטור צייכנען געלעהרענט,

דעם צווייטען —מיט'ן צייכנען, לעהרענט ער די נאטור. דא-ריבער וועסט דו אין יעדען קורס צוויי גרופען שילער זעהען.

דער לעהרער איז געקומען. ער איז געווען ניט פיעל עלטער פאר די גרויסע תלמידים, די זעלבע קליידער, נאר ביי זיין אנ-קומען, איז שטיל געווארען. אלע האבען זיך פארנייגט און „שלום" איהם געזאגט. אין א פאר מינוטען שפעטער איז די אר-בייט ווייטער געגאנגען, נאר נאך פרעהלאכער: מיט אלעמען האט ער געלאכט, זייערע צייכנונגען געקוקט, געלויבט און גלייך די פעהלערען געוויזען, יעדער איינציגען זיין ראטה געגעבען. אלע האבען זיך געפיהלט גאנץ פריי מיט איהם, ווען ניט דעם נאמען „רבי" מיט וועלכען זיי האבען זיך אימער צו איהם גע-ווענדעט, האט מען געקענט מיינען, דאס ער איז זייער עלטערער גוטער חבר. נעבען דאס מיידעלע איז ער לענגער געשטאנען. ערענסט בעטראכט איהרע צייכנונגען און א קוש אין שטערען איהר געגעבען. אין דאס קינד'ס אויגען האט זיך א ניט-קינדישער פיי-ערעל געוויזען, גלייך אויפגעשפרונגען, פאר'ן ארעם, איהר לעה-רער גענומען, מעהר פון איהם ניט אוועקגעגאנגען. נעבען א צייכנונג, וואו דער לעהרער האט זיין געוועהנליכען „גוט, עס געהט", געזאגט און גענומען די פעהלערען ווייזען, האט זיך די מיידעלע קינדיש, שטיפעריש צולאכט. די גוטע, פרעהליכע גע-זיכט פונ'ם לעהרער איז גלייך אומעטיג און ערענסט געווארען.

— זהרה! ניט שעהן צו לאכען פון א קינד, ווען עס פאלט— האט ער מיט א טרויעריגען טאן שטרענג געזאגט.

— רבי, ניט פון מיין חבר לאך איך — האט זי מיט אן אויפגערעגטע שטימע, קוים אויסגערעדט. טרעהרען איז איהר אין די שעהנע אויגען געשטאנען. — נאר פון דיין „גוט, עס געהט".

— קינד, — האט ער ווייכער געענטפערט — דער צייכ-נונג איז גוט פאר איהם, ער געהט פארווערטס, מען זעהט דאס ער מיהט זיך, ער זוכט, דאס איז דער עיקר, אבער ער האט נאך פיעל פעהלערען, אויף די גרעסערע האב איך איהם געוואלט ווייזען. גוט צייכנען קענען מיר קיינער ניט. קיין אמת'ער קינסט-לער וועט אויף זיין ווערק זיך ניט זאגען „גוט". נאר דער ליעבער גאט, ער האט ביי זיין שאפען אונזער וועלטעל געזאגט „טוב", דאך פארבעסערט ער און בענייט איהר יעדען טאג — די לעצטע

ווערטער האָט ער לאַכענד, צו די גרעסערע תלמידים געזאָגט. ער איז אויפגעשטאַנען און פרעהלאַך אויסגערופען:

— קינדער! ווער וויל זיינע צייכנונגען אויסוויינינג אי-בערצייכנען?

צוויי קינדער זיינען גלייך אויפגעשטאַנען און אַ גרויסען שוואַרצען שירם געבראַכט. איינציגווייז זיינען די תלמידים צום שירעם צוגעגאַנגען און מיט קרייד דעם קעמעל געצייכענט. אַלע האָבען שטיל, מיט ערענסט צוגעקוקט, מיט אינטערעס געהערט די בעמערקונג פון זייער לעהרער.

— געה דו, מיין קליינע, צייכען וואָס דו האָסט הייטע גע-לעהרענט — האָט צו זהרה'ן מיט ליעבע איהר לעהרער געזאָגט, בעמערקענדיג דאָס זי איז נאָך אומעדיג פון זיין פריהערדיגען שטרענגען טאָן.

דאָס קינד איז עטוואָס בלאַס געוואָרען, נאָר גאַנץ רוהיג צום שירעם צוגעגאַנגען און רוהיג, ווי מען שרייבט קאַלאַגראַפיש, מיט פעסטע, גלאַטע ליניען, אַ גאַנצע רייהע קעמעלען און פאַר-שיידענע בעוועגונגען אויסגעצייכענט. ביים ענדע האָט זי שטי-פעריש, מיט אַ פאַר גיכע ציענען, אַ לויפענדען אייזעל צוגעגעבען.

אַ, אַ, אַ! — האָט זיך ווי פון איין מויל אַלעמענס שטי-מע געהערט. הידה, קעצעלע! — האָט זיך אַ מיידעל-לאַכענדע שטימע פון די לעצטע רייהען געהערט.

די קליינע איז געשטאַנען, שעהמענדיג, אויף דער ערד גע-קוקט.

בין געווען ענטציקט פון איהר צייכנען. איהרע ליניען איז לייכט, דייטליך, פריי, ווי אַ מוטער-שפּראַכע זיך אויסגעגאָסען, זיי האָבען איינפאַך דעם עיקר איבערגעגעבען, וואָס זי האָט דייטליך געזעהן פאַר איהרע אויגען. נאָר ביי די אַלטע מייסטער אַזאַ צייכ-נונג געזעהן. מיין האַנד האָט, פון זיך אַליין, איהרע זיידענע האָר אַ גלעט געטהאָן. זי האָט גיך איהר קאָפּ אויפגעהויבען, אָבער מיר ניט געזעהען, צו איהר לעהרער זיך צוגעטוליעט, נעגלויבט, דאָס ער האָט איהר געגלעט. צום ערשטען מאָהל בעדויערט, דאָס איך בין אַ רואה ואינו נראה...

די אַרבייט איז ווייטער געגאַנגען. מיט די גרויסע תלמידים האָט דער לעהרער ערענסט געשפּראָכען וועגען זייערע זעלבסטשטענ-דיגע אַרבייט. איינער פון זיי איז אַ בילדהויער געווען, אַ צוויי-

טער — א מאָדעל־צייכענער פאַר טעפּיכער, די איבעריגע — מאָה-לער. יעדער האָט פון זיינע ארבייט ערצעהלט, איינגעלאַדען, ער זאָל קומען צו זיי אין אַטעליע. זייער בעציהונג צו איהם איז גע-ווען ווי צו אַ לעהרער, אָבער ניט מיראה, נאָר מאהבה: זייער טיעפע ליעבע צו קונסט, דאַפּיר צו זיינע פאַרשטעהער, האָט מען אין זייערע ווערטער געפיהלט.

איך האָב אָבער ניט געקענט פאַרגעסען די קליינע זהרה, וועלכע האָט זיך, ווי אַ קעצעלע, צו איהר לעהרער געלאַשצעט, אין די זעלבע צייט מיט אינטערעס איינגעהערט וואָס די גרויסע ריידען. איז דאָס איהר פאָטער? האָב איך געקלעהרט.

מיין לעהרער האָט מיר אין אַ רוהיגען איינזאַמען ווינקעלע אָבגעפיהרט, אָוועקגעזעצט, און שטיל געזאָגט:

— ער איז ניט איהר פאָטער. ער איז איהר לעהרער. „דער רבי איז בעסער פאַר'ן פאָטער". אַזוי האָבען אונז, אונזערע חכמים, געלעהרענט.

— ווי קומט איין קליינע צווישען אַזוי פיעל גרויסע תלמידים?

— זי איז גרויס, די גרעסטע פון אַלעם. אַ ג'עניע איז זי.— האָט דער לעהרער סעריאָז געענטפערט. אין קינדער גן-עדן לעהרנען מיידלאך ביז עלף יאָהר און אינגלאך ביז דרייצעהן יאָהר. נאָר נאָכ-הער קומען זיי אָן אין ספּעציאַל שוהלען. זי איז קוים אַכט יאָהר אַלט און איז שוין דאָ אין צווייטען קורס. זי וועט אַמאָהל אין דער רייהע פון אונזער אוואַנגאַרד שטעהן, וועלכע פיהרען אונזער קול-טור פאָראויס. אין יעדען דור האָבען מיר אונזערע גרויסע, גאָט'ס אויסגעוועהלטע ג'עניען, אויך וועלכע עס שטעהט אונזער וועלט, אונזערע „למד-וו'ן", אָבער זיי זיינען ניט „נסתרים" און נישט מאַרטירער, ווי די צדיקים פון גלות-אידען. ניין, די פרייע אידען קענען זייערע „גרויסע". נאָך פון קליין־וויים היט זיי אָב דאָס אידישע פאָלק, ווי זיין שוואַרצאַפּעל פון אויג, ער היט זיין טהייערע מתנה וואָס גאָט האָט איהם געגעבען. מיט טיעפע ליעבע און גרויסע אָפּפער זאָרגט ער פאַר זייער ערציהונג, נעהמט אָוועק אַלע שטערונגען פון זייער וועג זיי זאָלען זיך קענען גרויס און פריי ענטוויקלען יייער ג'עניע. זיין אַ ליכט פאַר זיין פאָלק און אַ פריידע פאַר די גאַנצע וועלט.

פון דונקעלען שאָטען, וואו איך בין געזעסען, האָב איך די גאַנצע העלע פּערספּעקטיווע פון גאָרטען געזעהן. ווי בליהענדע

בלומען האבען די קינדער אין גארטען אויסגעזעהען. זייערע פרעה-ליכע קולות איז מיר ווי זינג-פויגעלאך געקלונגען. מיר האט צו זיי געצויגען, זעהען ווי זיי צייכענען בלומען. דער לעהרער האט מיר גלייך פאר'ן האנד גענומען. צווישען זיי געבראכט.

ווי זומער־פויגעלאך זיינען די קינדער ארום די פלאנצונגען געזעסען. זיי געצייכענט און געמאהלט. אנדערע זיינען ביי די פאראוואנען געשטאנען, אויסוויינינג, געאיבט יעדער פארם פון פלאנצונג, בלום צו געדענקען. א גרופע קינדער זיינען ארום עט-וואס געשטאנען, נאר ווען איך בין צו זיי נעהענטער צוגעגאנ-גען, בעמערקט אין מיטען, א קליין גרייז-גראהען אלטעטשקען מיט קינדערשע־גוטע אויגען. א ווייסע ליליע איז אין זיין האנד געווען און מיט, א גוטע, הארציגע שטימע, האט ער ערקלעהרט דאס לעבען פון די ליליען, ווי עס ענטוויקלען זיך די בלעטער, ווי פון בלעטער ווערט די צארטע בלומע געשאפען, ווי פון איהר ריינעם בעכער ווערט איהרע זוימען פארשפרייט... ער האט גערעדט ווי וועגען עטוואס א לעבעדיגעס, די בלום האט פאר איהם א נשמה געהאט, זיינע א נאהענטע, ליעבע פריינדין געוועזען. דאביי האט ער אויך ווי א קינסטלער געוויזען אויף איהרע איידעלע פאר-מען, צארטע ליניען, אונשולדיג-זייבער-העלע פארבען און בעשיי-דען-שעהמעוודיגען בעוועגונג. דערצעהלט, דאס שוין לאנג איז די ליליע געווען דער סימבאל פון אונשולדיגע ריינע ליעבע. „איך בין די ליליע פון שרון" — האט די שעהנע שולמית, פון שיר-השירים, געזאגט. די קריסטליכע קינסטלער האבען זייער „היילינגע־מוטער" מיט ליליען פארציערט און אונזער יונגער פאעט בן-תמר האט די ליליע אזוי בעזונגען. דאביי האט ער אזוי קינסטלעריש-אויסדרוקספוהל א שיר דעקלאמירט מיט אזוי פיעל יוגענד-פייער און הערצענסגעפיהל, וואס עס אזי מיר גאר אונמעגליך געוועזען צו ערווארטען פון דעם אלטעטשקען.

עס האט זיך דערהערט א פרעהליכער-קינדערשער געלעכ-טער. א גרופע קינדער זיינען צו אונז צוגעלאפען. איינער פון זיי האט הויך געהאלטען פאר'ן פוס א שרעקליכען גרין-בייכיגען פראש. מיין אלטעטשקער האט אן זיין ליליע גלייך פארגעסען, מיט ענטציקונג צום פראש זיך געווארפען.

— גיעב, גיעב אהער מיר דעם שעהנעם עקזעמפליאר! וואו האסט דו דאס אזא פראכטפאלען פראש געפונען? — און מיט

די זעלבע צאַרטקייט און ליעבע, ווי ער האָט די ליליע געהאַלטען, האָט ער איין זיין האַנד דעם פּראַש גענומען.

— אַלעם האָט דער ליעבער גאָט שעהן און צוועקמעסיג בע־שאַפען — האָט ער מיט זיין גוטע שטימע אַנגעהויבען די תלמידים ערקלעהרען. דאַביי אַזוי געגלעט און נאָהענט צום געזיכט דעם פּראַש געהאַלטען. דאָס מיר האָט גענומען איבלען, ביז פון זיי אַוועקגעגאַנגען. מיין לעהרער האָט מיר געזאָגט:

— דאָס איז דער רעזולטאַט פון אַ קראַנקע ערציהונג. דו פיהלסט ניט ווי אונזערע איצטיגע קליינע קינדער, גאָט'ס שעהנ־קייט אין אַלע ברואים, ווען זיי זיינען נאָר געזונד און פּאַלקאָם ענטוויקעלט, נאָר וואָס עס איז קראַנק, אוננאָרמאַל ענטוויקעלט, איז ניט עסטעטיש. ביים מענשען מוז, אויסער קערפּערליך, אויך גייסטליך אַזוי זיין דאַן בעקומט ער די העכסטע שטופע פון שעהנ־הייט — גאַנצעם און טיעפּישעם.

— ווייז מיר ווי מען צייכענט דעם מענשען.

— קום, — און ער האָט מיר איין אַ גלעזערנעם פּאַוויליאָן אַריינגעפיהרט.

„דער צייכנונג איז דער פונדאַמענט פון אַלע קינסטע״ — דאָס איז מיט גאָלדענע בוכשטאַבען געווען אויפגעשריעבען ביים אַריינגאַנג אין פּאַוויליאָן. וואו איך האָב גלייך געזעהן וואָס פאַר אַ וויכטיגקייט מען גיט דאָ צו דעם צייכנונג. אייניגע הונדערט תלמידים זיינען דאָ געווען. דאָך איז געווען אַ שטילקייט ווי אין אַ טעמפּעל. מען האָט מעהר ניט געהערט ווי דעם שוואַכען גע־רויש פון די בליישטיפטען און ווי יעמאַנד שפּרעכט גאַנץ שטיל, כדי ניט צו שטערען... נאָר פון לעבעדיגע מאָדעלען האָט מען גע־צייכענט, צו צוואַנציג —דרייסיג ביי יעדען מאָדעל. בעוועג־ליכע שירעמס האָבען אָבגעטהיילט פון דריי זייטען יעדער גרופּע באַזונדער. מיר זיינען געגאַנגען אויפ'ן לאַנגען טעפּיך, וואָס האָט זיך געצויגען פון טהיר ביז אויבען. איך האָב געקענט זעהען פוןביידע זייטען די אַלע גרופּען מיט זייער מאָדעלען. די ווענט זיי־נען געווען מיט גרוי־גרינליכע פאַרב געמאָהלט, דעם זעלבען פאַרב אויך די שירעמס, נאָר אויבען איז געווען איבערגעצויגען מיט וויי־סען ליינוואַנד, דורך וועלכען עס האָט זיך געגאָסען אַ ווייכע צושטרייטע ליכט פון די וויטרינעס, אויבערליכט, אַזוי ווי איין

פרייען לופט פריה-מארגען. די מאדעלען האבען זיך דייטליך, אבער אהנע טיעפע שאטענס, אויסגעטהיילט פון פאהן. זיי האבען וואונדערבאר מיר דערמאהנט ענגער׳ס העלע צייכנונגען.

ביי די ערשטע, וועלכע, איך האב נעהענטער בעטראכט, איז געוועזען אן אלטע פרוי, א מאדעל. זי איז געזעסען אין א העלפרישע נאטירליכע פאזע, אין גאנצען איינגעוויקעלט אין א העלברוניעם וואלענעם ליילאך. נאר איין האנד האט זיך ארויסגעזעהען נאהענט נעבען פארבאראדאק מיט וועלכע זי האט איהר דעקע צוגעהאלטען. דער ליילאך האט געמוזט זיין איהר שטענדיגע אנצוג, אזוי נאטירליך האבען זיך די פאלדען געלעגט. דאך האט מען אין אלעם א קינסטלערישען אויג געזעהן: דער ווארעמער טאן פון ליילאך האט זיך ווייך צונויפגעגאסען מיט׳ן פערגאמענטפארב פון איהר בלאסען געזיכט מיט די שווארצע גרויסע אויגען. דער עלאסטישער שטאף האט גרויסע פאלדען געגעבען, וועלכע האבען דייטליך איהר אלטען טרוקענעם קערפער באצייכענט. די דייטליכע קאנטורען, נאר עטוואס ווייכע שאטען צוגעגעבען. מען האט אין זייער צייכנונג געפיהלט, דאס זיי זוכען איבערהויפט די קאנסטרוקציע פון קאפ און ווי דאס אויסצודריקען אין אן איינפאכע, דייטליכע קאנטור-ליניע. ביי די גרויסע תלמידים געזעהען שוין גאנץ אנדערש: זיי האבען געזוכט געפינען אין די אויסערליכע פארמען, די טיעפע נשמה, די אמת׳ע שעהנקייט פון מענשען. מיט גרויס געפיהל האבען זיי איבערגעגעבען דעם מאטען, מיעדען בלעסק פון איהרע אויגען. ווי ריכטיג זיי האבען בעמערקט דעם טרויעריגען, עטוואס איראנישען, בויג פון איהרע, קוים שיפע, ליפען. מיט וואס פאר א געשיקטקייט זיי האבען געמאכט איהר הויט מיט די הונדערטע קנייטשען אין וועלכע מען האט געזעהען צייכענס פון א דורכגעלעבטען לעבען. די צוויי, דריי קאלירטע בליישטיפטען מיט וועלכע זיי האבען געצייכענט, אזי זיי גענוג געווען דעם הויפט קאליר איבער צו געבען, וועלכע איז ביי זיי אזוי הארמאניש ארויסגעקומען ווי ביי געפארבטע סקולפטורען פון די מייסטער אין מיטעלאלטער. דאך מעהר פאר אלעם האט מיר איבערראשט די האנד פון די אלטע, ווי זיי האבען איהר געצייכענט. א לעבעדיגע האנד איז דאס געוועזען, וועלכע האט געהערט צו דעם פנים, געוועזען איין טהייל פון איהר, כמעט מיט נאך מעהרע אויסדריקע און כאראקטער, אלס דער פנים אליין.

יא, דאָ האָט מען פאַרשטאַנען דעם כח פון׳ם צייכנונג, מען האָט געלעהרענט צייכנען!

פיעל גרופּעס שילער מיט מאָדעלען זיינען פאַר קעפּ־צייכע־נונגען געווען. מאָדעלען פון מענער, פרויען, יונגע און אַלטע און קינדער. דעם מענשענס געזיכט האָט מען דאָ גרינדליך גע-לעהרענט. דאָן איז געווען גרופּעס, וואו מען האָט אַ האַלבען קער־פּער געצייכענט, אַנגעטהאַנענע מאָדעלען (זיי האָט מען נאָר סקי-צירט) און נאַקעטע (אַקט), מענער און פרויען. ביי די נאַקעטע מאָדעלען האָבען אויך צוזאַמען געצייכענט אינגלאַך מיט מיידלאַך. אין זייער בליק, נאָר געזעהען ענטציקונג, ווי פון אַ שעהנעם פּלאַנ-צונג, ווי אַ הערליכע בעשעפעניש און אויפמערקזאַמקייט פון אַ קינסטלער, וועלכער מיהט זיך אַלעס פּינקטליך נאָך צו צייכענען. צעהן לעהרער אין צייכען פּאַוויליאָן געזעהען. שטיל זיינען זיי ארומגעגאַנגען צווישען די צייכענער, זעלטען עטוואָס זיי בעמערקט. נאָר שפּעטער פאַרשטאַנען צו וואָס איז אַזוי פיעל צייכען-לעהרער דאָ.

דער זייגער האָט מעלאָדיש צעהן געשלאָגען אַלע זיינען אויף איין מאָהל אויפגעשטאַנען און יעדער האָט פון זיין פּאַפּקע ארויס-גענומען אַלע צייכענונגען וואָס ער האָט פון דעם זעלבען מאָדעל געמאַכט. צו יעדער גרופּע איז אַ לעהרער געקומען. ביי יעדען בעזונדער אַלע זיינע צייכענונגען בעטראַכט. איך האָב בעמערקט, דאָס יעדער האָט אַם וועיניגסטען, דריי מאָהל דעם זעלבען מאָדעל געצייכענט, אַלע דריי זייטען, אויך זעהר פיעל סקיצען און אויף אַלעס האָט מען זיי נאָר דריי טעג געגעבען. די לעהרער האָבען פאַרלאַנגט אַ פּינקטליכען, דייטליכען צייכענונג, איינפאַך, קורץ און שאַרף, דאַצו אַן אויסגעאיבטע פלינקע האַנד. איינעמס, וועל-כען צייכנונג איז געווען מיט ניט-זיכערע שטריכען געמאַכט, אומ־דייטליך פאַרגלעט, האָט דער לעהרער איהם פאַרגעוואָרפען אין ניט אָפּענהערציגקייט, פּחדנ׳עס און קליינקייט. — „זיי דיך בע-סער מודה אין דיינע פעהלערען, איידער זיי בעהאַלטען, אַנדערש וועסט דו זיך פון דיינע חסרונות קיין מאָהל ניט בעפרייען" — אַזוי האָט ער פיעל מאָהל בעמערקט. „צייכענט פון׳ם כלל צום פּרט", „מאַכט ניט דאָס וואָס איהר פאַרשטעהט ניט" ; „גרי-בעלט זיך ניט צו פיעל אויף אַן אָרט". „פאַרשטעה און פיהל — וועסט דו דאָס אויף איין מאָהל דייטליך ארויסזאָגען", „זוך ניט

די נשמה, ווען דו קענסט נאָך ניט דעם גוף מאַכען". — אזעלכע בעמערקונגען האָט דער לעהרער ווייך געבען. שטרענג איז ער אָבער געוואָרען, ווען ער האָט בעמערקט אין צייכענונג אַ פּרעטענזיע צו „פערבעסערען" דעם מאָדעל. דאָס האָט איהם אויפגערעגט, אויף זיין געזיכט איז אַ וועהטאָג געלעגען, ווי ער וואָלט פיזישע שמער-צען געפּיהלט.

— מאַכט ניט קיין בילדער! „פערשעהענערט ניט גאָט'ס ווערק! זעה נאָר צו פאַרשטעהן, לעהרען זיך נאָר ריכטיג צו צייכענען וואָס דו זעהסט און פאַרשטעהסט, שעהן וועט שוין ממילא ארויסקומען, גלויב ניט דאָס אַ ליגען קען שעהנער זיין פאַר'ן אמת. פאַרגעסט ניט, דער זיגעל פון גאָט איז — אמת, — האָט ער רוהיגער געענדיגט.

— רבי, גיט דען ניט פאַנטאַזיע, פערזענליכען אידעאַל — האָט אַ שילעריין בעשיידען געפרעגט.

— געוויס, מיין ליעבעס קינד. — האָט דער לעהרער שוין מיט אַן אַנדער קול, אַזוי ווי ער וואָלט קיין מאָהל געשריען, גע-ענטפערט — פאַנטאַזיע און אידעאַל, דאָס איז די ליכטיגע וועלט פון קינסטלער, אָבער כדי זיין פאַנטאַזיע זאָל ניט זיין קיין קראַנ-קע און אידעאַל — אַ פאַלשער — מוז ער זיך געוואָהנען צום אמת. דער אמת מוז זיצען טיעף אין זיין הארצען, פליעסען צוזאַמען מיט זיין בלוט פון די אָדערען. דארום היט זיך פון ליעגען אין וועלכען פאָרם עס זאָל ניט זיין. דאַן וועט אייער פאַנטאַזיע זיין אַ ליכטיגע, ווי גאָט'ס וועלט און אידעאַל אַ הויכער, ווי גאָט'ס גייסט. דאַן וועט איהר פאַרשטעהן וואָס איז „שעהנהייט", „ער-האַבענעס", „געטליכעס" און איהר וועט אויף אייער שעהנע שפּראַ-כע — קונסט, אַנדערע דאָס ערצעהלען — . . .

לאַנג האָט ער נאָך אויף די טהעמא גערעדט. איך האָב גע-הערט, גאָר פאַרגעסען דאָס איך געפין מיר אויף אַ שיעור פון צייכענען. ביין ענדע, האָט ער ווי זיך אַליין איבערגעשלאָגען, פאַרלאַנגט, מען זאָל צייכענען אויסוויייניג, וואָס זיי האָבען גע-לעהרענט. איך בין איבערגעגאַנגען צו די גרופּע פון אַקט-צייכע-נונגען, וואו איך האָב געזעהן, האָט מען שוין פון לאַנג לעבע-דיג געאַרבייט. דער מאָדעל איז שוין ניט געווען אויפ'ן פּאַדיאום, ער איז צווישען די תלמידים אַרומגעגאַנגען איינגעהילט אין זיין ברייטען ווייסען מאַנטעל. אויפ'ן פּאַדיאום איז אַ שילער געשטאַ-

נען און מיט קאהלע געצייכענט א גאנצע רייהע בעוועגונגען: ווי מען הויבט אויף פון דער ערד אויפ'ן פלייצע א משא. דער לעה-רער מיט די שילער האבען נאכגעקוקט, ביי איין פעהלער האט דער לעהרער איהם אבגעשטעלט. געפרעגט ביי די שילער, דאס זיי זאלען איהם בעמערקען דעם פעהלער. ווען קיינער האט ניט ריכטיג בעמערקט, האט דער מאדעל זיין מאנטעל ארונטערגעוואר-פען און געוויזען די פאזע. ווען איינער האט געענדיגט זיין רייהע בעוועגונגען צו צייכענען, איז ער מיט'ן צייכענונג ארונטער, א צווייטער איז מיט א ריינעם בויגען פאפיער ארויף. דא זיינען זיי איינער נאך'ן צווייטען ארויף און געצייכענט. אכט בעווע-גונגען איז געווען, ביי קיינעם האט די אלע אכט ניט אוועק-גענומען מעהר אלס פינף מינוטען צייט. אבקעהרענדיג געזעהען דאס ביי יעדער גרופע האט מען אויף די פאדיאום'ס געצייכענט, ביי זיי האט מען ניט די באוועגונג געצייכענט, דאס זעלבע וואס זיי האבען פון מאדעל געמאכט, האט מען איצטער אויסווייניג איבערגעצייכענט.

די טהיר האט זיך געעפענט און דער אלטעטשקער, וועל-כען איך האב אין גארטען מיט'ן פראש געזעהן, איז אריינגעלאָ-פען, פערנויגענדיג, ענטפערענדיג אויף אלע זייטען „שלום" צו די אלע, וועלכע האבען איהם פריינדליך בעגריסט, ער איז גלייך צו אונז צוגעלאפען. — „בעל-החיים" איז געקומען, „בעל-החיים„ איז דא, האט זיך געהערט פון ארום. ביסלאכווייז זיי-נען פיעל פון אנדערע גרופעס אויך צו אונז צוגעגאנגען. מען האט געזעהען דאס אלע ערווארטען איהם צו הערען.

— ווען צייכענט איהר קינדער? — האט ער פרעהלאך, מיט זיין גוטינקען קול אויסגערופען.

— אבשלום'ן, רבי, אין די צווייטע גרופע — הדסה'ן — האט מען איהם געענטפערט.

— א אבשלום, גוט, א שעהנער מאן, א נארמאלער מענ-שען-קערפער, קום, וואו ביזט דו אבשלום? געה ארויף אוי-בען. דער מאדעל האט לייכט, עלאסטיש אויפ'ן פאדיאום ארויפ-געשפרונגען, דעם מאנטעל ארונטערגעווארפען, גענומען זיין פריהעריגע פאז.ע

דער אלטעטשקער האט מיט ענטציקונג בעטראכט דעם שעה-

נעם קרעפטיגען קערפּער, נאכהער מיט אַ פערזאָרגטע שטימע גע-זאָגט.

— דער טאָרסט, דער טאָרסט, הויבט אָן צו פערוואַק-סען. דו מוזט מעהר געהן, מיין ליעבער, דו וועסט דאָך אַ בויך קריגען ווי ביי דעם וואונדער שעהנעם פראַש. וואָס מען האָט מיר היינט אַ מתנה געגעבען. ער האָט זיך גענומען צו אַ פּאַקעט פון זיין מאַנטעל, געוואָלט ווייזען זיין מתנה, אָבער גלייך חרטה געהאַט.

— בן אסתר איז דאָ ? קום אַהער מתתיהו — האָט ער זיך צו דעם איינגסטען שילער געווענדעט — ברייננ, מיין ליע-בער, דיין צייכענונג. שטעל איהם אַט דאָ, לעבען פּאָדיאום, אונטערען מאָדעל אַוועק.

אַ תלמיד פון אַ יאָהר צוועלף, אַ בלאָנדער, בויגעוודיגער, שעהמעוודיגער קינד האָט זיין צייכענונג געבראַכט, אַוועקגע-שטעלט, אַליין אָן אַ זייט אַוועקגעגאַנגען. אויפ׳ן פּאַפּיער איז געווען אַ קאָהל־צייכענונג פון אַ שטאַרקען מאַן, ווי ער טראָגט אויף זיין אַקסעל אַ שווערע משא.

— צייכען, מיין ליעבער, אויפ׳ן זעלבען צייכענונג מיט רויטען בליישטיפט, ווי אַ פרוי טראָגט איהר קרוג, אָבער אין דער זעלבער פּאָזע, מיין ליעבער.

דער יונג האָט צוערשט ליכט באַצייכענט די אַקסלען, דעם טאַז, נאכהער מיט אַ פרייע, ווייכע ליניע, דעם גאַנצען קער-פּער געצייכענט, וועלכער איז גלייך ווייבליכער געוואָרען. אויפ׳ן פּאַפּיער איז צוויי צייכענונגען געוואָרען, צוויי פיגורען, דורך׳ן קרעפטיגען מענער-פיגור האָט מען, ווי דורך׳ן גלאָז דורכגע-זעהען אַ שטאָלצע, ענערגישע, אָבער גראַציעזע פרוי.

— גוט, דאַנקע, מיין ליעבער, איצט, בעמערקט, קינ-דער, דיביידע פיגורען אויף איין מאָהל. דעם אונטערשיעד אין פּראָפּאָרציע און כאַראַקטער פונ׳ם מאַן און פרוי, — און ער האָט זיי גענומען ווייזען אויף יעדער טהייל באַזונדער. אויפ׳ן קרעפטיגען קורצען מענער האַלז און די ברייטע שולטערען, גלייך פערגלייכט ביי די פרוי. דערביי האָט ער געוויעזען אויף די צוועק-מעסיגקייט, אויף די פאַרשיידענע געוואָהנהייט פון בעוועגונגען ביים מאַן און פרוי. כדי מען זאָל איהם בעסער פאַרשטעהן, האָט ער הדסה׳ן אויך צו גערופען און ביידע מאָדעלען די זעלבע פּאָזע

געגעבען. אויפגעהויבען און ארונטערגעלאזען. זייערע הענד, מיט'ן פינגער בעצייכענט אויף די שטארקע מוסקולען פון דעם מאן און איידעל געלעט די צארטע פארמען פון די אויפגעהויבענע פרויען-האנד. אזוי ווי ער האט אונטען, אין גארטען געגלעט די ליליע אין דעם שרעקליכען פראש.

די אוהר האט עלף געשלאגען. גלייך נאך דעם האט זיך גע-הערט פון ווייטען דער קול פון א שופר. אלע האבען גענומען איינ-פאקען זייערע ארבייט. די לעהרער האבען דעם אלטעטשקען בע-גריסט און מיט איהם צוזאמען ארויסגעגאנגען, נאך זיי, זיינען זינגענדיג, פרעהליך אלע תלמידים ארויסגעלאפען.

— זיי געהען עסען. — ווילסט דו מיטגעהן זעהן ? — האט מ״ר מיין לעהרער געפרעגט.

— געוויס, מיר געהן, אבער, זאג מיר, ווער איז דער אלטעטשקער, זייער לעהרער ? א קינסטלער ?

— זייער לעהרער איז ער, ניט אויף די טעכניק פון קונסט, דאס איז ניט זיין ספעציאליטעט, ער איז א נאטור-פארשער, א גרויסער געלעהרטער, א רבי, אבער אויך א קינסטלער מיט א קינסטלערישען אויג און הארץ. פארשטעהענדיג אויף די נשמה פון פלאנצונגען און לעבעדיגעס, זעהט ער אויך די שעהנהייט פון אויסערליכען פארם דעם ריטם פון בעוועגונג, די הארמאניע פון די פארבען. ער זעהט אין פלאנצונג איהר אינערליכען לעבען, אין לעבעדיגעס איהר וואקסענדע פארם.

אין זיין קאלאסאלען ווערק „החיים״ האט ער א נייע וועלט אלעמען געוויזען. דער ווערק האט איהם בעריהמט געמאכט, מען רופט איהם אפילו נאר „בעל־החיים״, נאך זיין ווערק. זיין נאמען, וואס מען האט איהם געגעבען ביים געבורטה, איז שוין לאנג פארגעסען. ער איז אין „בצלאל״ פון די עלטסטע לעהרערס. כמעט ווי געבארען אין „בצלאל״. צו אכט יאהר איז ער א „בצלאל״-שילער געווארען. מען האט געגלויבט, דאס ער וועט זיין א גאון אין קונסט. שפעטער אבער האט איהם נאטור-וויסענשאפט מעהר אינטערעסירט. צו דרייצעהן יאהר איז ער שוין אין „יבנה״ אריינגעטרעטען. צו צוואנציג יאהר, האט ער שוין אין „בצלאל״ אנאטאמיע פארגעטראגען. ביז איצטער איז אנאטאמיע זיין הויפט ספעציאליטעט. צו לעהרנען אנאטאמיע מיט קינסטלער מוז מען אליין אויך קינסטלער זיין. זיינע לעק-

ציעס איבער אַנאַטאָמיע איז, אויסער העכסט וויסענשאַפטליך, אַ ליב-געזאַנג צו גאָט פאַר זיין וואונדערבאַרען ווערק — דעם מענ־שען — וואָס ער האָט געשאַפען.

אזוי ריידענדיג, זיינען מיר צו אַ אָוואַיל-גלעזערנעם פּאַ־וויליאָן צוגעגאַנגען. אָרום פּאַוויליאָן איז אַ טעראַסע געוועזען, וואו צווישען בלומען-שטאַקען, איז געפלאַכטענע פאַרביגע מעבעל געשטאַנען און פיעל קליינע פאַנטאַנען, ביי וועלכע די שילער האָבען זיך די הענד און געזיכטער געוואַשען. מיר זיינען אריין פון הויפּט אריינגאַנג, פון ברייטערע זייט פון אָוואַיל. איין זאַל איז דער גאַנצער פּאַוויליאָן געווען. אַ ברייטע גאַלערעע אויף זיי־לען אין דעם פאָרם פון פּאַלמען האָט איהם ארומגערינגעלט. דער דאַך איז פון פאַרשיידענע פאַרביגע גלאָז געוועזען. אזוי ווי אַ זיידענע אויסגעשטיקטע חופּה האָט ער דעם גאַנצען פּאַוויליאָן בעדעקט און בעלויכטען מיט הערליכע פאַרבען-אַקאָרדען. די פיעל פּלאַנצונגען און וויים בעדעקטע טישען מיט די מענשען. נע־בען לעצטען וואַנט, געגען אריינגאַנג, איז אַ הויכער פּאָדיאום געוועזען, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש פּאַ־ראַלעל דער וואַנט. דער טיש איז געווען שעהן סערווירט, נאָר איין רייהע מענשען מיט די געזיכטער צום אריינגאַנג זיינען גע־זעסען. גלייך נעבען פּאָדיאום איז געשטאַנען אַ שעהנער פאָנטאַן, אָרום מיט פּלאַנצונגען, שמעקענדיגע בלומען, פון פּאָדיאום ביז די וואַנט האָט זיך, ווי ראַדיאוסען טישען געצווייגען. צו זעקס אויף יעדער זייט פון אריינגאַנג. צעהן טישען פון זיי זיינען גע־דעקט געווען, ביי וועלכע עס זיינען שילער געזעסען. איך האָב אויף גיך איבערגעצעהלט, בערעכענט דאָס אַלע שילער אין בצלאַל זיינען טויזענד. צו פופציג אויף יעדער זייט טיש זיינען זיי גע־זעסען. די לעהרער ביים טיש אויפ'ן פּאָדיאום זיינען אומגעפעהר פופציג געוועזען. בענאַהע די העלפט, זיינען פרויען געוועזען. צווישען די שילער זיינען בענאַהע צוויי דריטעל מיידלאַך געוועזען. ווען אַלע זיינען אויף זייערע פּלעצער געזעסען, איז איינער פון די לעהרער אויפגעשטאַנען און הויך אַ ברכה געמאַכט. „אָמן" — האָבען טויזענד שטימען, ווי איין מענש, געענטפערט. געגנו־מען עסען. עס האָט זיך געהערט אַ לייכטער גערויש פון דרעהענ־דיגע רעדער, דאַן בעמערקט, דאָס די מיטעלסטע טהייל פון די טישען בעוועגען זיך, ווי אַ ברייטער, ווייסער רימען. אויף איהם

שטעלען צוויי שילער די עסען, וועלכע זיי געהמען געשיקט ארוים פון א שאפעס, וועלכע געהט אויף די גאנצע הויך פון וואנט. אין א פאר מינוטען איז דער גאנצער טיש געוועזען סערווירט. הונ-דערט טעלער מיט שפייז איז אין רייהע געשטאנען, יעדער האט צו זיך א טעלער גענומען, אויך די צוויי, וועלכע האבען בעדיענט זיינען אויף זייערע פלעצער געזעסען מיט אלעמען גלייך געשפייזט. ווען זיי האבען געענדיגט, האבען זיי יעדער די טעלער אונטען, אין טיש געשטעלט, אזוי האבען זיי די איבעריגע שפייזען בע-קומען. דער גאנצער מאהלצייט, האט וויינינגער ווי א שטונדע געדויערט. און די גאנצע צייט האט זיך געהערט שפיעלען אן ארגאן פון אויבען, פון גאלערעע. ביי די לעהרער איז אויך א האלבער טיש אין דער לענג בעוועגליך געוועזען, אויף וועלכען עס האט זיך אויטאמאטיש די רייהע טעלער געצויגען. קיינע דינער איז ביי זיי ניט געווען. די שפייז איז ביי זיי געוועזען די זעלבע פון די שילער: פיש, פלייש, געמיזע, שאלאט און פרוכט. נאר אין געטרענקע איז געווען אן אונטערשייד: ביי די שילער מעהר ווייסע פלעשער פון מילך, העלע — פון וואסער, נאר איינינגע געלבע — פון עפעל־וויין. ביי די לעהרער איז נאר איין מילך-פלאש, ביין אלטעטשקען געשטאנען, ביי די איבעריגע,— פארשיידענע פארבען און עטיקעטען, דאכט זיך דאס ביער, וויין, אפילו קאניאק האט אויך ניט געפעהלט.

אין זאל איז שטיל געווארען, עס האט זיך קוים געהערט דער לעצטער אבקלאנג פון ארגאן. איין שילערין איז אויפגעשטא-נען און מיט א שטארקע מעלאדישע שטימע, א קורצע תפלה גע-זאגט:

געדאנקט דעם באשעפער פאר די שפייז, וואס ער האט גע-שאפען, דעם נשיא, די סנהדרים, די לעהרער און די עלטערען. אלע האבען „אמן" געזאגט. רוהיג, אין ארדנונג דורך די פיעל טהירען, ארוים. די לעהרער זיינען ביין טיש געבליעבען, פון זייערע גלעזער געטרונקען. זיך צוגעהערט צום אלטעטשקען, וואס האט בעוויזען, דאס מען דארף נאר מילך טרינקען, ווי לאנג מען איז נאך יונג — אזוי טהו איך — האט ער געענדיגט. אלע האבען געלאכט, צוגעזאגט מיט דער צייט בעסער צו ווערען.

— קום, האט מיר מיין לעהרער גערופען, — דו האסט זיי געזעהן פריהער ביי דער ארבייט, קום זעה זייער רוהע.

אויף דער טעראסע זיינען שילער און שילערין געזעסען. רו־היג, שטיל גערעדט. אין איין ווינקעל האט איינער עטוואס דער־צעהלט, די איבעריגע האבען פארטראכטערהייט צוגעהערט. א שילערין האט איהר אָרעם אויפ'ן שולטער פון איהר חבר ארויפ־געלעגט. א צווייטער — האט די האנד פון א שילערין געהאלטען, מיט איהרע פינגער זיך געשפיעלט, קיינער האט דאס, ווי גאר־ניט, באמערקט, עס איז דאס ביי זיי גאנץ נאטירליך געווען, אלע, ברידער און שוועסטער זיך געפיהלט. אין הויף, אין די ווינקעלאך, אונטער די טעראסען, אומעטום, וואו נאר שאטען איז געווען, זיינען גרופעס קינדער געווען. פון איין אָרט האט זיך געהערט א פרעהליכער געלעכטער; דארט האט א דיקער אינגעל עטוואס קאמישעס פארגעשטעלט, אלע האבען שרעקליך געלאכט, נאר ער אליין איז אין מיטען רוהיג געשטאנען, מיט א קאמיש־סעריאזען פנים אלעמען ארומגעקוקט. אין צווייטען פלאץ האט מען כאָהר געזונגען, אין שאטען פון א גרויסע גע־ביידע האט מען א לעבעדיגען שפיעלט געפיהרט, געלאפען, גע־כאפט, געקוויטשעט און געלאכט. עס האט אלעמען דארט גע־צויגען.

— דאס זיינען נאך ניט אלע תלמידים, א גרויסע טהייל געהען איצטער ארום אין די קונסט־זאמלונגען און ביבליאטהעקען. ווילסט דו דאס אלעס זעהען?

— געווים, לעהרער, נאר פריהער לאמיר זיך אירגענד־וואו א ביסעל צוזעצען. איך וויל דיר עטוואס פרעגען, נייז, פיעל פרעגען, פיעל, פיעל! איך קען זעהר פיעלעס ניט פאר־שטעהן, מיר איז אלעס אומגלויבליך... צופיעל ווי א חלום זעהט דאס אלעס אויס.

— גוט — ער האט מיר פאר'ן האנד גענומען, אין איין גרין־בעדעקטע סוכה געבראכט, וואו א שילער איז רוהיג, גע־שמאק געשלאפען.



## ה.

איז שאָטען פון אַ סוכה, אויף אַ ווייכע געפלאָכטענע ווינ־קעל־זאָפע בין איך מיט מיין לעהרער געזעסען. אויפ׳ן נשמה איז מיר ליכטיג געווען. די האַרץ פול מיט פרייד פון אַלעס וואָס איך האָב געזעהען. נאָר די קאָפּ האָט מיר געבראָכען פון די פיעל פראַגעס, וואָס האָט זיך מיר אויף איין מאָהל צונויפגע־קליעבען. מיט אומגעדולד געוואַרט צו הערען אויף זיי אַן ענט־פער פונ׳ם לעהרער — פאַר וואָס קאָרעגירען ניט די לעהרער זייערע תלמידים ? — האָב איך די ערשטע פראַגע וואָס מיר איז אויפ׳ן זינען אַרויף, געפרעגט.

— ער קאָרעגירט זיי, האָסט דען ניט געהערט, ווי ער האָט זיי אַלעס ערקלעהרט ? ער צ ײ כ ע נ ט ניט אַליין אויף זייערע צייכענונגען, ווייל קינדער מאַכען לייכט נאָך, אפילו, ווען זיי פאַרשטעהען ניט גרינדליך, דאָס איז זעהר שעדליך — מאַכען וואָס מען פאַרשטעהט ניט. ווידער מוז מען געבען די תלמידים די מעגליכקייט אַליין אויסאַרבייטען זייער אייגענעם מאַ־נער נאָך זייער אינדיווידואַלען כאַראַקטער. ווי יעדער האָט זיין שטימע, זיין האַנד־שריפט, אַזוי מוז יעדער האָבען זיין איי־גענעם אַרט אין דער קונסט.

— ווי קומט עס דאָס עס גיט פיעל מעהר מיידלאַך אַלס אינגלאַך אין „בצלאל״ ?

— ווייל די פרוי, האָט מעהר בעגאַבונג צו קונסט אַלס דער מאַן. דאַרום איז ביי אונז די קונסט מעהר פאַרשפּרייט צווי־שען פרויען, אָבער פיעל ווייניגער האָבען זיי די קונסט טיעף פאַרשטאַנען אַלס די מענער. דער גרעסטער פּאַטרעטען־מאָהלער איז אַ מאַן, מלאָכי בן מרים, איז זיין נאָמען. דער גרעסטער היסטאָרישער מאָהלער איז געווים דער „בעל חיי משה״, זאָגאָר די שעהנע וועלט פון טרוימערישע פאַנטאַזיען האָט אונז בעכער פאַר אַלעמען געוויזען דניאל בן תמרה.

— גיט עס נאָך קונסט-שוהלען, אויסער „בצלאל", דאָ אָדער אין פּראָווינץ ?

— בצלאל" איז די איינציגע קונסט־שוהלע אויף גאַנץ ארץ-ישראל. דאָ ווערט אָנגענומען נאָר די אמת'ע בעגאַבטע, וועל-כע קענען זיכער נעהמען זייער קונסט פאַר זייער ספּעציאַליטעט. אָבער צייכענען ווערט אין אַלע שוהלען געלעהרענט, אַזוי ווי לעזען, זינגען און טורנען. אויך גיט אין גאַנץ ארץ-ישראל פיעל אווענד-שוהלען פאַר צייכענען, מאָדעלירען, דאָרט לעהרנען מעהר אַלס פופציג טויזענד שילער און שילערין, אַלע וועלכע האָבען נייטהיג צו זייערע בעשעפטיגונגען און אויך אַמאַטאָרען. אין „בצלאל" ווערט קיין אַמאַטאָרען ניט אָנגענומען.

— לעהרער, דו האָסט מיר געזאָגט, דאָס אַלע קינדער בע־קומען זייערע ערציהונג אין קינדער גן־עדן, זיי פערבלייבען דאָרט מיידלאך ביז עלף יאָהר און אינגלאך ביז דרייצעהן, וואָרום האָב איך אין „בצלאל" אַזוי פיעל גאַנץ אינגערע קינדער געזעהן ? צי דען זיינען זיי אַלע ג'עניעס ווי די קליינע זהרה ? צי ווערען דען אַזוי פיעל ג'עניעס געבאָרען ?

— יא, די אַלע קליינע זיינען ג'עניעס, דו וועסט נאָך מעהר זיי זעהען אין „מגדל דוד" קאָנסערוואַטאָריום, אָבער פיעל מעהר אין „יבנה" אין אַלע פאַקולטעטען. ג'עניען זיינען ביי אונז אַלע מאָהל פיעל געבאָרען געוואָרען, נאָך אין דער צייט, ווען מיר האָבען אוננאָרמאַל געלעבט, נאָר די ווילדע, אומוויסענדע ער-ציהונג האָט זייערע טאַלענטען געטויטעט נאָך קליינערהייט. דאָס מעהרסטע פון זיי, איז אַפילו איינפאַכע, נאָרמאַלע מענשען ניט ארויסגעגאַנגען. די אַלע צודרעהטע קעפּ, צובראָכענע נשמות, וועלט איבערקעהרער און גלאָט שלעק, פון וועלכע דער גלות-איד האָט אַזוי געליטען, האָבען אין זיך גאָט'ס הייליגען פונק געהאַט, וועלכע די ניט נאָרמאַלע אָרדנונג און אומוויסענהייט, האָט אויס-געוואָרצעלט, אויסגעלאָשען. דאַגעגען האָט מען דאַן אַלע אידיאָ־טען, דעגענערירען, פאַרברעכערישע טיפּען, צושיטערטע נערווען און אַנדערע גייסטליכע קריפּעלס — געפלעגט. זייערע פאַרמעג-ליכע עלטערען, ביי וועלכע דאָס רוב איז אַזעלכע קינדער געווען, האָבען זיך אַלע מיהע געגעבען, זיי זאָלען עקזיסטירען, זיך פאַר-מעהרען, דעם אויבען-אָן אין לעבען האָבען. די וועלט איז פון זיי פול געוואָרען, זיי האָבען פאַרביטערט דעם לעבען פון די נאָר־

מאַלע — מיט וועלכע זיי האָבן זיך בעגעגענט, זיי אויך קראַנק געמאַכט.

— וואָס טהוט מען איצטער מיט די אַלע אוננאַרמאַלע, וועל־כע דו האָסט אויסגערעכענט ?

— מען טהיילט זיי אָב פון אַלעמען, אין „ערי מקלט" בע-קומען זיי ערציהונג ביז זיי ווערען אונשעדליך און קענען צוזאַ-מען מיט נאָרמאַלע מענשען וואָהנען. די לעצטע סטאַטיסטיק ווייזט, דאָס פון יאָהר צו יאָהר, ווערען ווייניגער אַזעלכע גע-באָרען. דאָס איז צוליעב דעם נאָרמאַלען אָרט פון איצטיגען לע־בען, נאָר איבערהויפּט צוליעב דעם, ווייל עס טהאָר ניט און גיט ניט מעהר קיין קינדער ביי אוננאָרמאַלע עלטערן...

— דאָ לעהרנען צוזאַמען אינגלאַך און מיידלאַך. די קינדער, האָב איך בעמערקט, זיינען פיזיש גוט ענטוויקעלט, איז דאָס פּע-דאַגאָגיש ? איבערהויפּט מוז דאָס די קינדער שטערען אין זייער בעשעפטיגונגען. כ'גדענק, דאָס איך, אַלס קינד, בין ניט איינ-מאָהל ווי משוגע אַרומגעגאַנגען פון שעהנע אויגען, וואָס איך האָב נאָר קוים אין אַ פענסטער בעמערקט. מיר איז נאָר דאַן דער משוגעת אוועק, ווען איך האָב אַ צווייטע געזעהען און פון די צווייטע משוגע געוואָרען... אַזוי האָב איך מיינע בעסטע יונגע יאָהרען געליטען צוליעב אויגען, וועלכע האָבען מיך כמעט גאַר ניט געזעהן, און איך האָב זיי ווייניג וואָס געקענט. דאָס איז געווען מיט מיר, וואָס האָט דאַן געליטען הונגער, אַ כראָנישער הונגער איז ביי מיר געוועזען, אי פאַר'ן קערפּער, אי פאַר'ן גייסט, וואָס האָט גע־דורשט נאָך וויסענשאַפט, געזוכט מיט וועהטאָג אַ תירוץ אויף טויי־זענדער „פאַרפלוכטע פראַגען". דאָס אַלעס האָט, דוכט זיך, גע-קענט אַרויסטרייבען אַלע משוגעת'ן פון קאָפּ. נאָר יונגע בלוט, אַ קינסטלערישע פאַנטאַזיע, ווער איז דער גבור געגען זיי ? און דאָ לעבען די קינדער אין אַלעס-גוט'ס, זייערע קערפּערס זיינען שטאַרק, זייער מוטה — מונטער, פרעהלאַך אויפ'ן האַרצען, אוי־גען און ליעבע צו שעהנהייט האָבען זיי געוויס, ווי קענען זיי רוהיג בלייבען צווישען די פינקעלדע אויגעלאַך, וואָס רינגעלט זיי אַרום ?

— זיי בלייבען רוהיג, ווייל אימער רינגעלט זיי אַרום פינ-קעלדיגע אויגעלאַך, אַזוי ווי די שעהנע בלומען אין בצלאל

גאַרטען און בלישטשענדיגע שטערען אין הימעל. דאָס ענטציקט זיי, אָבער שטערט ניט זייער רוה.

— דו האָסט אונגאַרמאַלע ערציהונג בעקומען, אונגאַרמאַל דאַן געלעבט. דאַריבער האָסט דו געליטען פון אונגאַרמאַלע ליידענשאַפטען. אויסגעהונגערט ביזט דו געוועזען. אַ שוואַכען קערפער מיט אַ פייערדיגען קאָפּ. אין קאַלטע איינזאַמקייט האָסט דו געלעבט, ווייט פון אַ היים, פון אַ וואַרעמע פאַמיליען-אַטמאָספערע, ניט געזעהען די ווייכקייט, גראַציע פון אַ פרוי, ניט געפיהלט די איידעלע לאַסקעס פון קינדער, און אין דיין האַרצען האָט די וואַרימע בלוט געפליעסט, דו האָסט ניט געקענט אין דיין קאַלטען-ווירקליכקייט לעבען, דאַריבער האָט דיין קראַנקע פאַנטאַזיע פאַלשע וועלטען דיר געשאַפען, פאַלשע, ווייל דו האָסט די ריכטיגע וועלט ניט געקענט. אונגאַרמאַל האָסט דו געלעבט, איז דיינע געפיהלען אונגאַרמאַליש געוואָרען. אָבער די קינדערלאַך, דאָ, לעבען ווי גאָט'ס פויגעלאַך, אונטער דער וואַרעמער זון, צווישען בלומען. עס קאָכט אין זיי די יונגע וואַרעמע בלוט, עס בלישצענען ווי שטערענדלאַך זייערע אויגעלאַך, די הערצער איז זיי איבערפיהלט מיט וואַרעמקייט און ליעבע צו אַלעס, צו אַלעס שעהנעס, גוטעס אין גאָט'ס וועלט און ערהאַבענעס אין מענשענ'ס גייסט. זיי זיינען ווייט פון קראַנקע, אונגאַרמאַלע, פאַר קינדער, ליידענשאַפטען. און ווען יעמאַנד פון זיי פאַרליעבט זיך, דאָס טרעפט זיך ביי קינסטלערישע נאַטורען זייער אָפט אפילו ביי צעהנ-יאָהריגע קינדער, שטערט דאָס איהם ניט אין זיין ענטוויקלונג, אין געגענטהייל, דאָס גיט איהם צו מעהר לעבען און אייפער אין זיין אַרבייט. דאָס פאַרשאַרפט איהם זיינע געפיהלען, פערטיעפט זיינע געדאַנקען, פאַרפיינערט זיין כאַראַקטער און ערהויבט זיין נשמה. די ריינע ליעבע, איז אַ ליכטיגע, ווי גאָט'ס זון, לעבט אַלעס אָב אונטער איהרע לעבענגעבענדע שטראַהלען. און ווען דער קערפּער ווערט רייף און דאָס לעבענסקראַפט קאָכט אַריבער זיינע גרענעצען, דאַן מאַכט מען ניט קינסטליכע שטערונגען, מען זוכט ניט דערווייל „פאַרגעניגען אויף אַ ווייל ע", מען וואַרט ניט, ביז עס וועט זיך „איבערברענען" און נאָכהער קאַלט הייראַטהען מיט אַ קאַלטען רעכנונג און ברייננגען אויף דער וועלט קינדער מיט קאַלטע נשמות. ניין. מען הייראַטה די, וועלכע מען ליעבט. געוועהנליך, הייראַטה מען ביי אונז צו אַכטצעהן יאָהר — מענער

און מיידלאך צו זעכצעהן יאָהר, ווען זיי זיינען פריש, געזונד און ריין, ווי זייערע קינדער וועלכע עס ווערט ביי זיי געבאָרען.

— לעהרער, לענגסט האָסט דו מיר געזאָגט, דאָס אין קינדער גן־עדן לעהרנען די קינדער אויפ׳ן פאָלקס-רעכענונג, לעהרנען זיי אין „בצלאל" אויך אזוי ? דאָס מוז דאָך שרעקליך פיעל קאָסטען. פון וואנעט נעהמט די רעגיערונג, די פיעל געלד פאַר פאָלק׳ס אונטערריכט ?

— אלע איינוואוהנער פון ארץ-ישראל פון דריי—פיער יאָהר ביז אכטצעהן — מענער, מיידלאך ביז זעכצעהן יאָהר, ווערען ערצויגען אויפ׳ן רעגיערונגס רעכענונג. פון אכטצעהן ביז איין־און-צוואנציג — איז יעדער פארפליכטעט צו ארבייטען אין זיין פאך פאר׳ן פאָלק. די ארבייט, וואָס מען בעשטימט פאר איהם. פאר׳ן לעצטען יאָהר בעצאָהלט מען איהם נאך די נוצליכקייט וואָס ער בריינגט מיט זיינע ארבייט. פון פופציג יאָהר בעקומט יעדער זיין פענסיע, נאר ער מוז פינף יאָהר ארבייטען פאר דער רעגיערונג, נוצען בריינגען מיט זיינע פראקטיקע אין זיין פאך. פון דעם קענסט דו זעהען, דאָס יעדער מוז צוריק אויך אוועקגעבען. נאר דאָס אליין איז ניט גענוג, יעדער איינוואוהנער גיט אוועק פאר פאָלקס-אונטערריכט יאָהרליך, דעם פארדיענסט פון א וואך ארבייט. אויך אין אויסלאנד היטען כמעט אלע אידען אב דעם „יודענטאָג", וואָס מען האָט פון אידען אנגענומען אין דער גאנצער וועלט. די איינטראגע פון יעדען אידען אין דעם טאָג, שיקען זיי אָפּ אין ירושלים, דאָס געהט אין גאנצען פאר פאָלקס-אונטערריכט. דאן האבען מיר די איינטראגע פון קאָלאָסאלען „הערצל־וואלד" אויך די פיעל ספענדען, וועלכע מיר האבען אין פארשיידענע צייטען בעקומען אויף דעם צוועק. דיעזער מיניסטעריום האָט מעהר פאר אלעמען אויסגאבען, אבער אויך איינטראגען. עס בלייבט פון יאָהר צו יאָהר איבער געלד, מען מוז זיך ווענדען צום שוהל־דירעקטאריום־ראטה, אויף וואָס די איבערגעבליבענע סומען צו אויסנוצען. די בירגער צאָהלען איצטער די רעגיערונג פיעל וויניגער, ווי אין די צייטען ווען מען האָט קריעג געפיהרט. דאן האָט דער קריעגס־מיניסטער אונגעהויערע סומען בעקומען, אויך האָט יעדען איינציגען זעהר פיעל געקאָסט קינדער ערציהונג. ווי שלעכט די ערציהונג איז ניט געווען, האָט זי פיעל מעהר געקאָסט די געזעלשאפט אלס איצטיגע גוטע.

— ביין טיש, אין שפּייזע-זאַאַל, האָב איך פיעל לעהרערינען געזעהען, אין שוהלע זיי גאָר ניט בעמערקט. וואו קען מען זייערע קלאַסען זעהען ?

— דו וועסט זיי זעהען אין די מאַהל-קורסען, איבערהויפּט אין די אַטעליעס פון פּראַקטישע אַרבייט, קיינער האָט ניט אַזאַ לייכטע האַנד און פיינעם געשמאַק צו קונסט-געווערבליכע זאַכען, ווי פרויען. אָבער אין גאָרטען ביי די בלומען-צייכענונג זיינען אויך לעהרערינען געוועזען, האָסט דו דאָס ניט בעמערקט ?

— לעהרער, איך קום ווייטער צו מיין אַלטע פראַגע. קען מיר אויף קיין פאַל פאַרשטעלען קינדער ערציהען אָהן עלטערען. דער בעסטער פּעדאַגאָג, די מאָדערנסטע בעקוועהמסטע איינריכ-טונגען קען ניט דעם קינד אַ טאַטע-מאַמען געבען, ווען אפילו די עלטערען זיינען אָרעם. דאָס עראינערט מיר אָן די צייט, ווען איך בין אין קראַנקען-הויז געלעגען : די געלעהרסטע ערצטע, דער ריינסטער צימער, די בעסטע עסען האָבען מיר ניט פאַרביטען אונזער קליינעם צימערעל פון מיין מוטער מיט איהר ליע-בע געזיכט נעבען מיין בעט. אין קראַנקען-הויז האָב איך מיר גע-פיהלט נאָר אַ קאַלטער ציפער, דאָס מען וועט מיין טויט מיט אַ קאַלטען ציפער בעצייכענען, וואָס ע ל - פּ י ה ס ט אַ-ט י ס ט י ק ד אַ ר ף זיין אַזאַ צאָהל שטערבליכקייטען.

— און איך מוז דיר ווייטער זאָגען, דאָס דו זאָלסט ניט היילען מיט דיין מיינונג, ביז דו וועסט אַלעס אַליין מיט דיינע אויגען זעהען, און דאַן וועט דיר אויך שווער זיין אַלעס צו פאַר-שטעהן, פאַר ריכטיג האַלטען. ניט פאַרגעס, דאָס דו שטעהסט הינטער זיי מיט גאַנצע הונדערט יאָהר ! הונדערט יאָהר פון רע-פאָרם אין דער גאַנצער וועלט. פאַר אונז איז דאָס נאָך מעהר, ווייל מיר האָבען נאָר אין דער צייט אָנגעהויבען נאָרמאַלע מענ-שען צו זיין. עס גיט אויך איצט מאַנכע פרויען, איינזאַמע, וואָס עס איז זיי שווער מיט זייערע קליינע קינדער צו שיידען, געהען מיט אין "קינדער-גן-עדן", דאָרט נאָהענט ביי זייערע קינדער צו אַרבייטען. אָבער דער "קינדער-גן-עדן" ווירקט אויף זיי אויך צום גוטען : זיי געוואָהנען זיך אַזוי ווייט אַ ל ע ק י נ ד ע ר צו ליעבען און פאַרשטעהען אַזוי טיעף : וואָס עס איז נויטהיג דעם קינד, דאָס זיי וואונדערען אַליין אויף זייערע פאַריגע נאַריש-שוואַכע געפיהלען. שפּעטער ווען דער כאַראַקטער פון די קינ-

דער האָט זיך שוין געפּאַרעמט, ווען זיי לעהרנען שוין אין ספּע-
ציעלע שוהלען, בעזוכען די קינדער, גאַנץ אָפט זייערע עלטערען :
יעדען פרייטאָג נאָך מיטאָג פאָהרען די קינדער אויף שבת אַ היים
אויך אויף יום-טובים און פעריען. אונגעפעהר אַ פערטעל יאָהר
זיינען יאָהרליך די קינדער ביי די עלטערען. דאָרט האָבען זיי די
מעגליכקייט צו זעהן דעם אַלטעגליכען לעבען, קענען צו לעהרנען
דאָס פאָלק, ביי וועמען זיי וועלען בעדאַרפען שפּעטער לעבען און
נוצליך זיין.

— לעהרער ! איך פאַרגעס קיין מאָהל ניט, דאָס איך בין
אָבגעשטאַנען פון זיי כמעט אַ גאַנצען יאָהרהינדערט. אָבער איך
וויל, איך מוז ד׳ הונדערט יאָהר אריבערשפּרינגען, איך קען ניט
לעבען אין קאַלטען דור ! פרעמד זיינען זיי מיר, איינזאַם פיהל
איך מיר ביי זיי. קראַנק זיינען זיי אַלע, איך וועל אויך קראַנק
ווערען, ווען איך וועל נאָר צווישען זיי לעבען. איך מוז פון צייט-
צו-צייט ביי אייך קומען, מיטלעבען אייער לעבען ; כאָטש אין
חלום. העלף מיר דעם חלום דייטליך צו זעהן. ער זאָל מיר ניט
פרעמד זיין. העלף מיר איהם צו פאַרשטעהן ; איך זאָל איהם
קענען מיטפיהלען מיט׳ן גאַנצען הארצען, לעבען אין איהם מיט׳ן
גאַנצע נשמה.

זאָג מיר, ווי זאָל איך פאַרשטעהן. מען האָט זיך געוואַשען,
אַ ברכה געמאַכט און נאָכהער האָט מען פליישיגע מיט מילך צוזאַ-
מען געגעסען ?

— די מילך איז קיין ציעגען-מילך געווען און די פלייש ניט
פון איהר ציעגעלע. דעם הייליגען געזעץ פון צער-בעל-חיים ווערט
פון אַלעמען פּינקטליך אָבגעהיט. וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט
אַן אונשולדיגען געטראַנק ביים עסען ? אַ גדר ? ווען מען וועט
דעם צוים היטען, וועט מען די הייליגקייט, וואָס געפינט זיך אין
צוים געוויס היטען ? דאָס איז געווען אַ פאַלשער מיטעל נאָך
אין די לעצטע צייט פון גלות און איצטער דאָ, אין אונזער אויפ-
געלעבטער לאַנד, פאַר אונז, לעבעדיגע, פרייע מענשען, איז די גדרים
גאָר אַן אונזין. עראינער זיך ווי ביי אייך, די, וועלכע היטען היי-
ליג די גדרים, בעמערקען גאָר ניט, ווי זיי טרעטען אָפט מיט שמוצי-
גע פיס דעם עיקר, די הייליגטהום אַליין, ארום וועלכע דער גדר איז
געבויט. די אַנדערע, וועלכע האָבען געזעהן דעם נאַרישען אַלטען
גדר — האָבען גאָר ניט געוואוסט וואָס פאַר אַן אבן-טוב עס גע-

פינט זיך אין איהם און האבען צוזאמען מיט די שמוציגע וואסער ־עם קינד ארויסגעווארפען... אונזער סנהדרין האט צוזאמען מיט'ן אויפלעבונג פון פאלק אויפגעלעבט אונזער אמת'ע אמונה. אזוי ווי אינזערע אלטע חכמים האבען נאך דער בעדערפעניש פון זייער צייט ערקלעהרט די תורה זי זאל אימער זיין „לחיות בה", די תורה צום לעבען, ניט צום שטארבען, אזוי טהיען אונזערע סנהדרין. עס גיט שוין ניט ביי אונז, ווי א מאהל: גוטע מענ־שען — שלעכטע אידען, שלעכטע מענשען — גוטע אידען. ניין, ביי אונז, ווען מען איז א גוטער מענש איז מען א גוטער איד גע־ווים און דאביי אינטעליגענט, לעבענסלוסטיג און פארשטעהט צו געניסען די גוטעס וואס גאט האט אונז געגעבען אין לעבען אויף זיין שעהנע וועלט. צוליעב לעבען איז מען געשאפען.

האב געזעהן אויפ'ן טיש פון די לעהרער, פארשיידענע פלא־שען, טרינקט מען? גיט עס אלקאהאליקער?

— מען טרינקט אלע געטראנקען פון פארשיידענע פרוכטען, אויך וויין און ביער, מאנכע אויך אלקאהאל. אבער עס גיט שוין ניט קיין שכורים, קיין אלקאהאליקער. מען טרינקט ניט צו פאר־געסען די צרות, דעם ניט ריינעם געוויסען, אנטלויפען פון ווירק־ליכען לעבען. דאס לעבען איז זיס. די וועלט איז שעהן, מען פיהלט זיך אזוי גוט, דאס קיינער דענקט גאר ניט, זיך צו פאר־טויבען מיט אלקאהאל. מען טרינקט נאר אלס מענשליכער בע־דערפעניש צום טרינקען, ווי עסען; אלס פארגעניגען צו פיה־לען דעם גוטען טעם פון געטראנק און שמעקענדיגען רח. אלע געטרענקע ווערט אלקאהאל-פריי געמאכט, אדער אין אזא שוואכע דאזע, דאס זיי קענען א געזונדען מענשען גאר ניט שאדען. דאך טרינקט מען די לעצטע נאר מיט'ן פאראָרדענונג פונ'ם דאקטאר. אלקאהאל ווערט נאר אין אפטהעק פארקויפט אלס מעדיצין, ווי אלע מעדיצין ווערט נאר אלס רפואה פארקויפט. געטרענקע, טא־באק, פארפיום, ווי עסענווארג שטעהען אונטערען קאנטראל פון „תחנת הבריאות". מען פאר'סם'ט ניט מעהר דאס פאלק צו־ליעב די רעגיערונג זאל בעקומען א גרויס אנטראגע, ווי אין אייערע ־טע אלטע צייטען האט מען געפיהרט אין דער גאנצער וועלט.

— טאבאק — הייסט עס דאס ביי אייך רויכערט מען נאך?

־אם איז דאך שעדליך און אויך ניט עסטעטיש, עס פארשמוצט ־עם מענשען און אלעם ארום איהם.

— דאָס איז אַלץ געווען אַ מאָהל, ווען טאַבאַק־אינדוסטריע איז געלעגען אין פּריוואַט הענט, וועלכע האָבען געזוכט נאָר צו קאָנקורירען איינער מיט'ן צווייטען אין ביליגען פּרייז און פּיקאַנ־טען געשמאַק. וועגען שעדליכקייט פאַר'ן געזונד האָט קיינער גע־דאַכט. די רעגיערונגען האָבען נאָר זיך געקימערט וואָס מעהר איינטראַגע צו האָבען. מען האָט נאָר געקאָנטראָלירט די באַנדע־ראָלען. איצט ווערט נאָר בעאַרבייט טאַבאַק פון רעגיערונגס-פאַב־ריק. די איינטראַגע געהט פאַר „תחנת-הבריאות" און טאָקע אין „תחנת הבריאות" האָט מען געפונען מיטעל דעם טאַבאַק פון ני־קאָטין צו באַפרייען, איהם צוגעבען אַן אַנגענעהמען געשמאַק און ריח. איצט איז רויכען דער אומשולדיגסטער פערגעניגען. זעהר אַן אַנגענעהמער צייט־פערטרייבונג אין רוהע צייט. אַזוי, דאָס שבת און יום־טוב גיט קיין הויז ניט, וואו עס ווערט ניט גערויכערט.

— שבת רויכערען ? ביי אונז בעטראַכט מען דאָס פאַר די גרעסטע עבירה !

— דאָס איז געווען פריהער, ווען די תורה איז געווען אין גלות מיט אייך אין איינעם. דאַן איז ביי אייך פיעל אַזעלכע „גרוי־סע עבירות" געווען און גאַנץ קליינע מצוות. אונזער סנהדרין האָט די תורה פון גלות בעפרייט, זיי האָבען אַרונטערגעוואָרפען די, איצטער אונגוציגע, קליפה, און אַ ריינע תורה געגעבען. האָסט דו געהערט ווי דער תלמיד האָט געדאַנקט נאָך'ן עסען : גאָט — פאַר זיין שעהנע וועלט, וואָס ער האָט געשאַפען ; דעם נשיא — פאַר פריעדען און אָרדנונג ; סנהדרין — פאַר גוטע געזעצע ; די לעהרער — פאַר די וויסענשאַפט ; די עלטערען — פאַר די ליע־בע און קענטניסע פון לעבען, וואָס זיי גיבען אונז. דער נשיא, סנהדרין, לעהרער און עלטערען האָבען אונז אַלעם געגעבען, מיר זאָלען קענען גאָט'ס שעהנע וועלט פאַרשטעהן און געניסען. זיי וואָרצלען אין מענשענ'ס האַרץ טיעף איין די ליעבע, די שעהנ־הייט, גערעכטיגקייט, ערהאַבענעם און פערהאַסונג, אָבשטוי־סענד צו אַלעם העסליכעס, פאַלשקייט, קליינקייט און נידער־קייט. דאָס איז שוין אין אונזער בלוט אריין, אין אינסטינקט גע־באָרען. דער נאָרמאַלער מענש קען שוין ביי אונז ניט לעבען אַנ־דערש. ווייסט דו די קראַפט פון איינגעוואָרצעלטען עסטעטישען געפיהל ? פון אַ געבוירענעם אינסטינקט ? דאָס איז שטאַרקער פאַר'ן מענשען אַליין, פאַר'ן ביטערען טויט אויך. אין דער צייט

פון דער וועלט-קריעג, ווען דער בעסטיא אין מענשען האט ער־גרייכט זיין גרעסטען שטופע, ווען דער מענש האט זיך ערלויבט צו טהאן אלע פארברעכען, מארד, רויב, בעטרוג און זנות, זיינען הונדערטער טויזענטער מענשען פון הונגער געשטארבען און קיין מענשענפלייש ניט געגעסען. די מוטערס האבען זייערע קער־פערס פארקויפט די קינדער פון הונגער צו רעטען, זיך געטויטעט — ניט צו זעהען די יסורים פון זייערע הונגעריגע קינדער. — מענ־שענפלייש האט קיינער ניט געגעסען, אפילו די פלייש פון די גע'־הרג'עטע פיינד. אבער הרג'ענען, פארברענען, צורייסען, דער־טרינקען, אנטהאן אלע מיני מיתות משונות; די אלע שרעקלי־כעס האט מען מיט מיליאנען מענשען געטהאן. מען האט נאך דערפאר אויסצייכענונגען געגעבען. דאס איז דאך, געוויס שרעק־ליכער, אלס דער נאטירליכער געפיהל ביי א הונגעריגען אויפצו־עסען דעם דער'הרג'עטען פיינד? נאר מענשענפרעסעריי איז ניט עסטעטיש, דאס האט מע איינגעווארצעלט ביים מענשען פון לאנ־גע דורות. הרג'ענען א פיינד — איז א שעהנע העלדענטהאט, אזוי האבען זייערע פאלשע לעהרער דאן געלעהרענט... איצ־טער גיט ניט מעהר קיין מלחמות, ווייל עס איז אוממעגליך דער נארמאלער מענש זאל הרג'ענען, נאך מעהרער ווי אמאהל, איז אוממעגליך געוועזן דער מענש זאל מענשענפלייש עסען.

— מיר וואונדערט, דאס מען עסט ביי אייך פלייש. דאצו מוז מען דאך בלוט פארגיסען? שוין ביי אונז זיינען פיעל וועגע־טאריאנער געוועזן. זיי האבען ניט געוואלט בלוט פארגיסען.

— אייערע וועגעטאריאנער קומען, ניט פון ניט וועלען בלוט פארגיעסען, נאר פון קראנקען מאגען און צושיטערטע נערווען. די שעהנע אידעע „לא תרצח", האבען זיי שפעטער צוגעפאסט, ווי זיי האבען אלע זייערע מעשים טובים מיט ערהאבענע אידעען בעפוצט, זייערע ווייסע-שקלאפעריי, מיט אידעע פאמיליען-ריינ־קייט פערטהיידיגט. די וועגעטאריאנער האבען זיך קיין מאהל ניט אויסגעצייכענט מיט גוטסקייט צום מענשען. אין די וועלט־קריעג האבען זיי ניט ווייניגער מענשענ'ס בלוט פארגאסען אלס אנ־דערע. דער מענשענ'ס מאגען איז ניט אזוי גרויס, דאס אין איהם זאל אריינגעהן געגוג פלאנצונגען, וויפיעל עס איז נויטהיג צו ער־נעהרען א נארמאלען מענשען, ער זאל קענען נארמאל ארבייטען, ביז איצטער האבען אונזערע געלעהרטע נאך ניט ענטדעקט א נאה־

רונגס-מיטעל, וועלכער זאָל קענען גענצליך פאַרבייטען פלייש, עט-וואָס האָבען זיי שוין ערגרייכט. מען עסט שוין צוליעב דעם פיעל וויינינגער פלייש. אָבער מען האָפט, דאָס עס וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט קענען אין די לאַבאָראַטאָריומס פאַרפערטיגען עקס-טראַקטען, וועלכע וועלען געבען דעם מענשענ'ס קערפער אַלעס וואָס עס איז נויטהיג פאַר זיין נאָרמאַלען נאָהרונג און אויך דעם פאַרגע-ניגען פון גוטען טעם און ריח. יענע מענשען וועלען ניט נאָר, ניט דאַרפען טויטען לעבעדיגעס צום עסען, אויך ניט בעדאַרפען אַזוי פיעל צו אַרבייטען פול צו מאַכען דעם מאָגען, אַזוי פעיל לעבענס-ענערגיע פאַרלירען דעם לעבען פראָצעס צו פיהרען. די מענשען־קינדער וועלען אין אמת'ען קליינע געטער זיין. דערווייל, ביז זיי האָבען נאָך ניט ערגרייכט דעם גרויסען אידעאַל, טהוען זיי וואָס עס איז נאָר מעגליך דאָס נויטהווענדיגעס וואָס מילדער צו מאַכען. ווייסט דו דאָס ? דער ספּעציעלער שוחט, אַ תלמיד חכם, מיט דער הייליגער ברכה און דער חלף אָהן אַ פּגימה, האָט געהאָלפען, דאָס אונזער שוחט איז גאַנץ ווייט פונ'ם גוי'אישען קצב. ניט דער זעלבער פּנים, ניט די גזלן'ישע בלוט. אויך איז אַ גרויסער חילוק אין וועלכען פאָרם מען גיט די פלייש אויפ'ן טעלער. אַ פליישיגער געריכט צוגעגרייט מיט גרינס, אייער און דאָס גליי-כען, וואו מען דערקענט גאָר ניט דעם פאָרם פון פלייש האָט פאַר'ן אויג אַ גאַנץ אַנדער ווירקונג ווי מען גיט ביי אייך אַ גאַנצען גוף פון אַן עוף אָדער אַן אַנדערעס. די עסטעטיקע פון אַ גאַנ־צען אָבגעבראָטענעם חזר'ל, פאַרשעהנערט מיט אַ בלום אין מויל, איז קיין מאָהל ניט געוועזען קיין אידישע. צער-בעלי-חיים איז ביי אונז איינע פון די וויכטיגסטע פערבאָטען. מיר וועלען געווים ניט זיין פון די לעצטע, וועלכע וועלען זיך ערנעהרען פון בעלי-חיים.

דער לעהרער איז אויפגעשטאַנען.

אַ מיעדער מיט אַ צוטומולטע קאָפּ, האָב מיר אויך אויפגעהוי-בען אַלעס וואָס איך האָב געהערט איז געוועזען אַזוי גוט, אַזוי ריכטיג, אָבער ניט געוועהנליך. עס האָט זיך מיר אַזוי שטאַרק געוואָלט גלויבען, דאָס אַלעס וועט אַמאָהל אַזוי זיין, דאָס אַנ-דערש קען ניט זיין. דאָס איך לעב נאָר אין אַן איבערגאַנג'ס צייט. דער עיקר איז די צוקונפט, צוליעב דער צוקונפט מוז מען יעצט לעבען און ליידען. אַזוי שטאַרק האָט זיך מיר אין דאָס אַלעס געוואָלט גלויבען ! מיר בעשלאָסען ניט אַרויסצוגעהן פונ'ם וועלט

פון חלומות, ביז דער חלום וועט מיין וועלט ווערן. גענומען בעטען דעם לעהרער, ער זאָל מיר ניט, אליין איבערלאָזען, ווײַ־טער בעגלייטען, אלעם ווייזען, אלעם ערקלעהרען, אימער מיט מיר זיין.

— צופיעל דאַרפסט דו ניט אין חלום לעבען. דו דאַרפסט ניט קיין בעל־חלומות ווערען. טרוימער האָבען מיר גענוג, זיי שטערען נאָר דעם קראַנקען שלאָף פון אונזער פאָלק, אָבער קע־נען ניט איהם אויפוועקען צו א געזונטען, ענערגישען לעבען. וואָך, מוזטו זיין! ארבייטען, לעבען אויפ׳ן וואָהר... נאָר דער לע־בעדיגער שאַפענדער גייסט זעהט ליכטיגע חלומות, נייע וועלטען. חלומות אויפ׳ן וואָהר, וועלכע וועקען דעם מענשענ׳ס נשמה, קרעפ־טיגען זיין ענערגיע, נייע וועלטען צו בויען... איצטער וועל איך דיר נאָר ענדיגען ווייזען „בצלאל”, דו זאָלסט זעהען זיין גאַנצען ארבייט׳ס־טאָג, נאכהער מוזט דו אליין צו דיין ארבייט געהן.

אזוי האָט מיר מיין לעהרער געזאָגט, און האָט מיר ווייטער אין בצלאל געפיהרט.



## ו.

אין מוזיי פון „בצלאל״ האָט ער מיר געבראַכט, אין היסטאָרישען מוזיי, וואו מען האָט געקענט זעהן זיין לעבען און ענטוויקלונג אין פאַרלויף פון הונדערט יאָהר פון „בצלאל׳ס״ עלטער. די שאַפונג פון זיינע גרינדער, מיטאַרבייטער און קינדער. זיינע ערשטע שוואַכע קינדער-טריט, קינדער־קראַנקהייט, זיין שטענדיגען וואוקס און קרעפטיגען ענטוויקלונג.

פיער לאַנגע זאַלען האָט דער מוזעאום געהאַט. זיי האָבען איין קאַרע געבילדעט אַרום אַ געדעקטען הויף. אין יעדען זאַל איז געווען די כאַראַקטעריסטישע אַרבייט אין פאַרלויף פון פינף־און-צוואַנציג יאָהר. די שאַפונג פון די לעהרער, קינסטלער און קונסט־געווערבליכע אַרבייט פון די מייסטער און אַרבייטער. יעדער זאַל איז מיט לייכטע ווענט צוטהיילט געווען. יעדער קינסטלער האָט, מעהרסטען-טהייל, אַ באַזונדער פּלאַץ געהאַט.

מיר זיינען אַריין אין ערשטען זאַל, אויפ׳ן טיר איז געשטאַנען :

„ב צ ל א ל״ — 1931 — 1906.

גלייך ביים אַריינגאַנג איז אַ טעפּיך געהאַנגען. איך האָב איהם דערקענט : דאָס איז אונזער ערשטער גאַנצער טעפּיך. אַ מנורה איז געווען זיין מוסטער. „של נעליך מעל רגליך״ — ציה אויס די שיך פון דיינע פיס — איז אויסגעקניפּט געווען אונטערען מנורה, וועלכע איז פון רויטע אַנימאַנען געווען. די בלומען, וועלכע האָבען יעדען פריהלינג דאַן באַדעקט די וויסטע בערג אַרום ירושלם. די מיידלאַך, וועלכע האָבען געקניפּט דעם טעפּיך דערצעהלען מיר דאַן : דאָס די בלומען זיינען רויט פון די בלוט, וועלכע אונזערע עלטערען האָבען פאַרגאָסען בעשיצענדיג ירושלם... אַ ציה האָט מיר אין האַרצען געטהאַן. האָב מיר דערמאָהנט יענע ליכטיגע צייט. ווי לייכט עס האָט זיך דאַן געגלויבט, ווי גוט עס האָט זיך געאַרבייט. של נעליך מעל רגליך, כי המקום אשר אתה עומד עליו, אדמת קודש הוא, ציה אויס דיינע שיך פון

דיינע פיס, ווייל דער אָרט אויף וועלכען דו שטעהסט איז הייליגע ערד ! די ווערטער האָט מיר געקלונגען אין די אויערען. מיט מיין גאַנצער נשמה האָב איך מיר איבערגעטראָגען אין יענער צייט, גע־זעהען פאַר מיינע אויגען יעדער פּיצעלע, ווי עס וואָלט ערשט אַלעס געטראָפען. אָט דעם קליינעם טעפּיכעל אויפ'ן וואַנט „קבר רחל", האָט די קליינע רחל'ע געקניפּט, אַ ביסעל קרום איז ער אַרויס. זי האָט מיר צוגעזאָגט דעם צווייטען בעסער צו מאַכען. דער צוויי-טער : „יד אבשלום", ווייטער : „קבר זכריהו", „מערת המכפלה", „קברי מלכים", „כתל מערבי". אַלץ קברים, חורבות, הייליגע קברים, דאָס איז די איינציגע, וואָס מיר האָבען דאָ אין ירושלם געהאַט. אָט איז אויך „ארז הרצל", אויך אַן אָרט קבר. דער אויבערשטער טעפּיך, ווי איין פּאַנאָ, אַ פּאַנאָראַמע פון ירושלם. דורך אַ רייהע מנורות זעהט מען, עמר מאָשעע, דעם רוסישען פּלאַץ און „מגדל דוד" מיט אַ מינאַרעט פון אויבען. דאָס איז דאָ געוועזען ירושלם ! אין די ירושלם האָבען מיר געוועבט אונ-זער גאָלדענעם חלום ! ... אין די ווימרינגעס איז געווען רעמלאַך, אינקרוסטירטע עצי זתים־אַרבייט, פּיליגרען, קופּער-אַרבייט, אַלץ ביליגע אַרטיקלען, מען זאָל קענען פּאַר ביליג אַ מצוה פּאַרדיענען, עטוואָס קויפען, „דער „בצלאל" זאָל קענען דורכלעבען... דאָך איז אויף די אַלע געווען בעגאָסען מיט אַן אומשולדיגען חן, אַ בעזונדער חן פון אַ קליין קינד, וועלכע מאַכט זיינע ערשטע ניט זיכערע טריט, רעדט אויס זיינע ערשטע אָריגינאַלע ווערטער. „בצלאל" איז אָריגינאַל געווען, אויך דאָ, ווען ער וואָר נאָך אין קינדערשען צושטאַנד. פון די ביסעלע אָריגינאַלע פאָרמען, וואָס מיר האָבען דאָ פאָרמאַגט : בוכשטאַבען, מנורה, מגן-דוד, האָט מען געזוכט עטוואָס צו שאַפען, געפינען אַן אָריגינאַל-אידישע ליניע, לעגען דעם גרונדשטיין פאַר אַ אידישען סטיל.

ווייטער אַ ביסעל זעהען מיר שוין רייפערע אַרבייט. די טעכ־ניק שטעהט שוין העכער, די פינגער פון די אַרבייטער זיינען שוין געשיקטער, די פאָרמע און צייכענונג פון די געגענשטענדע, האָ-בען שוין מעהר זינען, אָריגינאַלער אין ליניע, אין גאַנצען טיפּי-שער.. דער אַלטער סינאַגאָגאַלער ארנאמענט לעבט אויף אין „בצלאל", די אַלטע ירושלמ'ער אַרכיטעקטור גיט איהם אַ נייע ליניע. פּאַלעסטינא-בלומען און חיות גיבען איהם נייע פאָרמען און פאַרבען-האַרמאָניען. נייע טעכניק ווערט איינגעפיהרט, זיי-

דע־טעפּיכער, שניצען העלפּענביין, שטיין, האָלץ, עמאַיל, פּאָר־צעלאַן, מיניאַטורע, טרייבען, ליטאָגראַפּיע, באַטיק, אַפּליקאַ־ציע. דאָס גיט אַ נייעם שטראָם אין די אַרבייט. אַפילו די מאַסען־אַרטיקלען, וועלכע ער מוז נאָך מאַכען, הויבען אָן אויך אָריגינאַלער צו זיין. אין די ווייניג איינצעלנע, עקזאַמפּלאַרען, זעהען מיר שוין עטוואָס קינסטליש-גאַנצעס און אָריענטאַליש־אידיש.

נאָך ווייטער, זעהען מיר אַן ענדערונג אין די אַרבייט : מען זוכט נאָר גלאַט די אַרבייט צו פּוצען, גאַנץ וואולגאַר גאַלאַנטעריי־אישע אַרטיקעל צו מאַכען. די לעבעדיגע מענשענ׳ס האַנד וויל קאָנ־קורירען מיט די קאַלטקייט פון די מאַשינע... דער קינסטלערישער־שאַפענדער גייסט איז אין גאַנצען אַרויסגעטריעבען. מען נעהמט, אונפאַרשעהמט, פּשוט פרעמדע בעקאַנטע פאָרמען און צייכענונגען, געמישט אַהן אַ קינסטלערישען זין און כאַראַקטער : דייטשישע גאָטישע פאָרמען, פערציערט מיט שלעכטע טערקיש-אַראַבישע צ״יי־כענונגען. אויך דעם שווערען אומגעלומפּערטען מאַסקווער סטיל האָט מען אין בצלאל געבראַכט, בעזאַלצען מיט גראָבע אותיות פון ווילנער סדור... אין טעפּיכער, האָט מען פּראָסט אָריענטאַלישע טעפּיכער אימיטירט, זאָגאָר אייראָפּעאישע פאַבריקאַציעס. דיע־זען „וואַקכינאַל־סטיל״ האָט מען געגעבען אַפילו אויף כלי־קדש, וועלכע מען האָט איבערהויפּט ווייניג דאַן געאַרבייט.

דאָס איז געווען ביי די העלפט פון ערשטען פינף-און-צוואַנציג־טען יאָהריגען פּעריאָד.

נאָכהער האָט זיך בענאָהע אויף איין מאָהל אַלעס געענדערט. ווידער איז אַ לעבעדיגער גייסט אין די אַרבייט אַריין, אַ שאַ־פענדער אידישער גייסט. אין די טעכניק האָט מען דעם לעבע־דיגען פיהלענדיגען מענשען געפיהלט, אין פאָרם — אָריגינאַלי־טעט און זין, אין פאַרצירונג — אידיש-אָריענטאַלישע פאַנטאַזיע, אין גאַנצעס — קינסטלערישע האַרמאָניע. אין טעפּיך האָט מען מיט פלאַכע רוהיגע פאַרבען־האַרמאָניע איבערגעגעבען דעם הער־ליכען קאָליער פון גליל, פסח-צייט, אין די וואַנט-טעפּיכער — אונ־זערע פאַנטאַסטישע הגדות און אין אַלעס אַ פעסטען אידישען סטיל.

מען האָט אָנגעהויבען אַרבייטען ספּעציעל אידישעס פאַר׳ן אי־דען, פאַר׳ן אידישען הויז מיט זיין טעמפּעל. ציערונג פאַר זיין פרוי און תורה, זיין טואַלעט־טיש זיין רויכער און שרייב-טיש. ארץ-ישראל פיהלט מען פון די אַרבייט. די שעהנע, אַלטע ביבעל

און די ליכטיגע אָריענטאַלישע פאַנטאַזיע. ארכיטעקטור איז גע־קומען, אין „בצלאל". זי האָט אָנגעפאַנגען אַ אידישע הויז צו שאַ־פען. די פרווי איז אין בצלאל געקומען, זי האָט שעהנע, בעקוועמע אידישע קליידער געגומען אַנגרייטען. גראַפישע קונסט איז אין בצלאל געקומען — מען האָט גענומען דעם אידישען ספר קינסט־לעריש מאַכען.

ביים ענדע פון די ערשטע פינף־און־צוואַנציגטע יאָהר, האָט מען שוין אַלע אַרט קונסט־ארבייט אין בצלאל געמאַכט. אַלעס וואָס דער אינטעליגענטער מענש בענויטהיגט זיך אין זיין געברויך.

אויך פיעלע ריינע קונסט איז דאָרטען געווען אויסגעשטעלט. ארבייט פון מיינע מיטארבייטער אין בצלאל, פון געוועזענע שי־לער אויך פון אומבאַקאַנטע פאַר מיר נעמען, צווישען זיי אויך מיינע ארבייט. אַלע קינסטלער, מיט וועלכער קונסט זיי האָבען זיך ניט בעשעפטיגט, האָבען איין לייט־מאָטיוו געהאַט : אויפ־לעבען די ליכטיגע ביבעל־בילדער, אַ בייגקעניש נאָך אונזער גרוי־סע פאַרגאַנגענהייט, נאָך די ביסעלע פּאָעזיע, וואָס דעם גלויבענ־דען האָט דער יום טוב געגעבען, אַ בייגקעניש נאָך די צרה'דיגע, אָבער ג א נ צ ע נשמה פון פינסטערען פאָלק. מיט־וויינען אויף זיין גלות, און חלומות פון בעפרייאונג.

דער תנ"ך איז געווען די ליכטיגע וועלט פון די קינסטלער. דאָרט האָבען זיי געוואָלט אַנטלויפען פון פינסטערען גלות. די תנ"ך־בילדער האָבען זיי געוואָלט, עס זאָל נאָכאַמאָהל אויפלעבען מיט'ן אויפלעבונג פון אונזער פאָלק. יעדער האָט זיין וועלט אין תנ"ך געפונען. דער הייסער, ליידענשאַפטליכער נאַטור, האָט „שיר השירים" אילוסטרירט, אונטערען ברענענדיגען זון און שמע־קענדיגען ריח פון די כרמים האָט ער מיט דער נאַטור־קינד שולמית געלעבט, מיט איהר צוזאַמען געזונגען דאָס יונגע, ליכטיגע, ליעד פון פרייע ליעבע ; דער קעמפּפענדער, פּראָטעסטירענדער כאַראַק־טער, האָט זיין וועלט אין בוך „מכבים" געפונען. צוזאַמען מיט יהודה'ן, זיינע גרויסע, לעצטע מלחמות געפיהרט און צוזאַמען מיט ירמיהו'ן ביטער געוויינט — „מגלת איכה" אילוסטרירט ; דער מיעדער, צובראָכענער פון לעבען, האָט אַ שטילע רוהע אין „רות" געפונען, אין דעם נאַאיוו־פּרימיטיווען לעבען, אין ריח פון אָב־געשניטענע פעלדער, גרין, און בעגאָסען מיט'ן שטילען, בלויען לבנה־שיין. . . דער וועלט־קריעג האָט זיי ווי אַ שרעקליכער קאָש־

מאר פארפאלגט. יעדער האט די „אידישע צרות" פארגעשטעלט און דער „שיבת ציון" האט זיי פער'כשופ'ט, אונזער צוקונפט, ווי אין חלום געזעהען.

די אלע קונסטווערק, איז געווען מיט גוטען געשמאק און קענטלישע אויסגעשטעלט. די ארבייט, כמעט, פון יעדער קינסט-לער בעזונדער. א בעזונדערען בעקוועמען ווינקעל. א בוך איז ביי יעדען געלעגען, וואו עס איז גענוי בעשריבען די ביאגראפיע פונ'ם קינסטלער, וואס און ווען ער האט געשאפען און וואו זיינע ווערק געפינען זיך. ביי מעהרערע איז געווען אנגעוויזען, דאס ער האט בילדער אין בית המקדש, אין פראווינציאלע מוזעאומס, אבער דאס מעהרסטע פון אלעמענס ארבייט, איז געווען בעצייכענט, גע-פינען זיך אין פארשיידענע שטעדט אין דער גאנצער וועלט. ווי עס שיינט. האט די אידישע־אויפלעבונג־עפאכע אלעמען פאראינ-טערסעריט, און מען האט גערען געקויפט די פאלעסטינישע קונסט פון די נייע אידישע קינסטלער.

אלע מיינע ארבייט, וואס איך האב אין פאלעסטינא געמאכט, האט מען אין איין פלאץ אויסגעשטעלט. מיט וואס פאר א האר-ציגקייט און טיפען פארשטאנד דאס איז איינגעריכטעט ! ווי-פיעל אינטערעסע און ליעבע איז געגעבען, דאס יעדער ווערק זאל ווירקען, דייטליך ווייזען מיינע אידעען, וואס איך האב געוואלט איבערגעבען, איין ארבייט זאל די צווייטע ניט שטערען. צו סעריעןזיינען זיי געווען צוטהיילט : „אונזערע יום-טובים", „ביל-דער פונ'ם לעבען", „טיפען", „גדולי ישראל", „די נביאים", „גבורי ישראל" און היסטארישע בילדער". די אלע סעריעס זיינען געווען מיט פיעל געשמאק, יעדער סעריע בעזונדער, אויסגע־שטעלט. צו מיין גרויסע באוואונדערונג האב איך צווישען זיי געזעהען (און זיי זיינען די בעסטע געווען) פיעל ארבייט, וועלכע איך האב נאר אין סקיצען געהאט און אנדערע, נאר אין געדאנקען, נאך גאר ניט אנגעהויבען. אין בוך, וואס איז דארטען געלעגען, איז געווען בעצייכענט, דאס אין „בית המקדש" האב איך א בע-ריהמטע סעריע פיגורען אין רעליעפען, וואס שטעלען פאר, דאס „לע-בען פון משה רבנו".

מיט די אידעע האב איך מיר ארומגעטראגען פון מיין יוגענד-אן. צוליעב דעם בין איך אין פאריז געפאהרען, איך זאל אים-שטאנד זיין די גרויסע אידעע איבערצוגעבען. ווען איך האב אין

מיר געפּיהלט דעם כח מיט קונסט מיינע גערדאַנקען איבערצוגעבען, און האָב מיר די סקיצע געמאַכט, האָב איך, אויף איין מאָהל דער־פיהלט, דאָס אין חוץ־לאַרץ וועל איך דאָס ניט קענען מאַכען. איך מוז אין פּאַלעסטינאַ פאָהרען אין ארץ־ישראל וואָהנען. נאָר דאָרט, קען איך דעם רוח הקודש דאַצו האָבען. אין דער טומאָה קענען דאָס ניט מאַכען... אין ארץ־ישראל האָב איך מיין צייט „בצלאל" אָבגעגעבען, נאָר קורצע, זעלטענע, שטונדען פאַר זיך געלאַזען. איך האָב די סעריע אָנגעהויבען צו מאַכען, אָבער זעהר ווייניג געמאַכט. אַזאַ ארבייט פאָדערט דעם גאַנצען מענשען, גאַנ־צע יאָהרען מוז מען אָבגעבען מיט די גאַנצע נשמה. האָב דאָס געענדיגט ? ווען ? איך מוז דאָס זעהען.

— ווען געהן מיר אין בית המקדש ? האָב איך ביי מיין לעהרער געפרעגט.

— נאָך דעם, ווי דו וועסט דעם גאַנצען „בצלאל" זעהען און די קינסטלער, ארבייטער, אַלעס וואָס איז געשאַפען צוליעב „בצלאל". דו וועסט נאָך פיעל אַרבייט זעהען, וואָס דו האָסט געמאַכט אין די פרייע ארץ־ישראל. אַלע אָריגינאַלען געפינען זיך איצטער אין ירושלם. אין פּראָווינץ און חוץ־לאַרץ, קען מען נאָר קאָפּיעס פון דיינע אַרבייט זעהן.

— פאַר וואָס ? קיינער האָט מיינע ארבייט געקויפט ? דאַכט זיך, האָב אויך, ווי דער „בצלאל" געמוזט ארבייטען צום פאַרקויפען, האָב אויך געמוזט לעבען.

— צופיעל האָסט דו שוין דיינע ארבייט פאַרקויפט, צו־שפּרייט אויף אַלע זיעבען ים'ען, אין צופיעל קאָפּיעס, דאָס רוב זעהר שלעכטע. אין ירושלם איז קיין אָריגינאַל, אַ לאַנגע צייט, פון דיינע ארבייט ניט געוועזען צו זעהען. נאָר ווען עס איז גע־קומען די אידעע דעם מוזעאום צו גרינדען, האָט די „בצלאל"־דירעקציאָן גענומען זוכען דיינע אָריגינאַלען. מען האָט אָנאָנ־סירט אין אַלע קונסט־צייטונגען, געווענדעט זיך צו יעדען, וואו מען האָט געוואוסט עס געפינט זיך דיינע אַרבייט. אַ גאַנצען ים פון דיינע אַרבייט האָט מען אין „בצלאל" צונויפגעקליבען. אַ בעזונדערע קאָמיסיע פון קינסטלער האָבען אויסגעקליבען פון די גאַנצע מאַסע די בעסטע, די אָריגינאַלען, און די, וועלכען מען האָט געפיהלט דעם פינגער פון מייסטער, די לייכטע, שוועבענדע

שטריכען, וועלכע ליפען אוועק ביים קאפירען. די אויסגעקליבענע זיינען אלע אין ירושלם.

ביז געווען טיעף געריהרט פון דעם, וואס דער לעהרער האט מיר ערצעהלט. האב געפיהלט דאס טרעהרען שטעלען זיך מיר אין די אויגען. כדי צו פארשטיקען האב איך לאכענדיג געזאגט:

— עס האט געמוזט א שעהנע ביסעל געלד די חתונה אב־קאסטען. שאדע, וואס איך האב א קליינע טהייל פון זיי ניט גע־קראגען. וואלט דאן עטוואס אויך רעכט'ס געמאכט. ניט גע-דארפט אזוי „פרוכטבאר" זיין.

— וועגען געלד האט מען ניט געדיינקט. „בצלאל" איז ניט ארעם. אויך האט דער „שטאאט-ראטה" אין דעם א טהייל גענו־מען, פאר איהר אלטען ירושלמ'ער בירגער, וועלכער האט גע-ליעבט ירושלם, ווען זי איז נאך געווען א טרויעריגע אלמנה מיט איהר קרחת און חלוקה, ווען אלע לעבעדיגע, זיינען פון איהר געלאפען, ווי פון פעסט, און דו האסט נאר גערענקט איהרע חורבות צו בויען. אבער עס האט ניט אזוי פיעל געקאסט: דאס רוב האבען אומזיסט דיינע ארבייט צוגעשיקט, מען זאל קענען די אלע פונקען צונויפקלייבען, דיין גאנצע נשמה זעהן.

איך האב מעהר ניט געקענט דארטען בלייבען, מורא געהאט ווייטער וועגען זיך צו הערען, זיך ניט פארנאנדערוויינען... בין געשווינד פאראויס אין צווייטען זאל אריין.

„ב צ ל א ל " 1956 — 1931". איז אויפ'ן טהיר גע-שטאנען.

אלעס וואס אין דעם זאל איז געווען אויסגעשטעלט, האט זיך אויסגעצייכענט מיט א גאנץ אנדערען כאראקטער פון פריהערי-גען זאל. רוהע, זיכערהייט, האט זיך געפיהלט פון די קונסט־געווערבליכע זאכען אויך אין די ריינע קונסט. מען האט שוין מעהר ניט געזעהען די קינדערשע אונבעהאלפענקייט, פלוצלינגע, אונערווארטע ליפענים, הייליגים און שטערונגען פון פרעמדע עלעמענטען אין די קונסטגעווערבליכע ארבייט... אין די ריינע קונסט איז שוין ניט געווען אזא שרעקליכער מיש-מאש אין ארט פון די ארבייט און אינהאלט פון די ווערק. אלעס איז געווען עכט נאציאנאל טיפיש אידיש, שעהנע, נייע אידישע פארמען האט מען איבעראל געזעהן, מיט בעזונדערע ליעבע האט מען אויסגע-פיהרט יעדען אידישען קלענסטען דעטאל פון צייכענונג, ווי מיר,

זינגען איבער אונזערע קינדער־ליעדער, געפינען אין זיי א בע־זונדערע שעהנהייט, הארציגקייט, וועלכע א פרעמדער קען דאס גאר ניט בעמערקען.

מעהר פון אלעם האט מען געזוכט צו שאפען א אידישע הויז. איינינע צימערען איז געווען דארט אין זאל אויסגעבויט פון פאר־שיידענע קינסטלער, צו ווייזען, ווי מען דארף א וואהנונג איינ־ריכטען. מיר האט אינטערעסירט צו זעהען זייער אידעאל אין פריוואט לעבען, דעם לעבען פון פרייען אידען אין זיין אייגענעם היים.

בין אין די צימערען ארומגעגאנגען, געזעסען אין א פרייע אידישע הויז. א רוהיגע הויז, נאר פאר די אייגענע פאמיליע, אן אייגענע וועלט, וואו עס לעבט דער „עם הספר", א פאלק פון ריינע זיטען פאר פאמיליען-ליעבע און ערהויבונג די נשמה. פיעל זון־שטראהלען גיעסען זיך פון די הויכע קאלירטע פענסטער, פיעל שעהנע ביכער זעהן זיך פון די אריענטאלישע ארכיטעקטורישע ביכער-שראנקען. נידעריגע, ווייכע, בעקוועמע מעבעל, ווינקעל-דיוואן באדעקט מיט א טעפיך, אויפ׳ן באדען, דא און דא, ווייכע טעפיכער, גרינע מיט פארשיידענע בלימעלעך, ווי פסח-צייט, די בערג אין גליל. די הארמאנישע פארבען פון די טעפיכער גלעטען צארט די אויגען, פערשטיקען דעם וואולגארען קלאפ פון די טריט. מען געהט אויף זיי ווייך, ווי אויפ׳ן גראז. מען רעדט אין אזא הויז שטיל, ווי די שטילע פליסענדע וואסער פון קליינעם פאנטאן ביים טיעפען, האלב־רונדען פענסטער. א נידעריגער געטריעבענער רויכ־טישעל ביין דיוואן, אן אינקרוסטירטע שאך-מאט-טישעל ביין פענסטער, אנטקעגען, א סטענדער מיט אן אפענעם בוך. א לירע אויף א פאדיאום אין א ווינקעל און א סטאפעליי פאר האנד־ארבייט. די ווענט בעמאהלט מיט א רוהיג-געלבליכען קאליער. איינינע פא־נאס פון שטאף אפליקאציע, לאנדשאפטען און בלומען האבען זיי פארגעשטעלט. איינינע קליינע אויל-מאהלעריי און א פאר פארטרעטען פון בעריהמטהייטען. אין פיעלע, פיעל בלומענ־שטאקען אין שעהנע מעטאלענע וואזען. קיינע וואולגאר שפיעג־לען, קיינע בליטציגע לאמפען איז ניט צו זעהן אין צימער, אויך ניט אונזער שרייענדער ראיאל. א רוהיגע אבגעטהיילטע וועלטעלע איז דער צימער געווען. די פענסטער האבען נאר ליכט געגעבען, אבער זייערע געמאהלטע גלאז האבען אבגעטהיילט פון די ארומיגע

וועלט. אין אזא צימער ליעבט מען צארט, רוהיג און עוויג. דא קען דער בוך עפענען נייע האריזאנטען, ערהויבען אונזער גייסט צו די העכערע ספערען, און שטילע, איידעלע קלאנגען קענען דא וועבען ליכטיגע חלומות וועגען פערלארענעם גן-עדן.

אן אנדער קינסטלער, האט זיין צימער אויך אין דעם כא־ראקטער איינגעריכט. נאר אין איהם איז געווען מעהר נאציאנאל: ביין ביבליאטהעק איז א שעהנער, פון קופער-געטריבענעם ארון הקודש, אין א ווינקעל איז אן אכט-רעהריגע מנורה געשטאנען. דער פאנטאזן איז געווען ווי דער ים-הנחושת, אויף צוועלף אק־סען איז ער געשטאנען און פארשיידענע געשטיקטע אויפשריפטען פון די נביאים און לעצטערע פאעטען.

נאך איינער האט זיין צימער געוויזען, ווי ער וועט זיין ביי נאכט. נאר איין ליכט אונטער א דונקעל־גרינעם אבאזור איז אויפ'ן סטענדער געשטאנען. דער בוך איז העל בלוייליך בעלויכטען גע-ווען אין גאנצען צימער איז קיין ליכט געווען, נאר דורך די פענ-סטער האט א גרינליכען, ווי מאנד־ליכט, געשיינט, פון די גרי-נע בעלויכטונג, וועלכע איז, אומבעמערקט הינטערען פענסטער געווען. וואס האט דעם צימער א בזונדערע ווייכע רוהע געגעבען.

אן ארכיטעקט האט א מאדעל פון א גאנצע הויז געגעבען: א פיער-עקעדיגע הויז איז דאס געווען, כמעט גלאטע ווענט, א פלאכען דאך, אין איין זייט איז אויף א ווינקעל א טורם געווען, אויף'ן צווייטען — א קופאל, אין גאנצען מיט קיילעכדיגע פאר־ביגע פענסטערלעך. די אונטערשטע טהייל פון די ווענט, זיינען מאסיוו גלאט געווען. אויסער די טהיר, האט מען נאר אירגענד־וואו, קליינע פענסטער געזעהן, דאס האט דעם גאנצען בנין א שטרענגען, סאלידען כאראקטער צוגעגעבען. איבער די הויך פון דער טהיר, האט זיך, ווי א גארטעל, א רייכער פריז ארום דעם גאנ-צען הויז געצויגען. דער פריז איז געווען פון ארנאמענטען, אויפ-שריפטען און סילועטען פון מענשען און חיות אין רעליעף געמאכט. איבער איהם האט זיך נאר אנגעהויבען, אהן א סימעטריע, אבער אין א וואונדערבארע הארמאניע, פארשיידענע פענסטער, גרוי-סע אויבען רונדע, קליינע, שמאלע און הויכע איינע נעבען די אנדערע, נאר מיט דינע קאלאנקיעס צוטהיילט. פענסטער מיט באלקאנציגעס, מיט גאנצע בולט'ע שטיבעלאך, אזוי ווי געפלאכ־טענע פויגעל-נעסטען. אירגענד-וואו א רונדען פענסטער און אויף

איין מאָהל אַ גאַנצע שטיק וואַנט ליידיג. דאָס האָט די הויז אַ פאַנטאַסטישען כאַראַקטער געגעבען. מען האָט געפיהלט, דאָס אינווייניג מוז עטוואָס בעזאָנדערעס שעהנעס זיין. אַ קוואַדראַטער הויף איז אינעווייניג געווען, וועלכער האָט אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען אַ שורה צימערען פון פאַרשיידענע גרויס. די אינ-ווייניגסטע ווענט פון די צימערען, זיינען בענאָהע נאָר פון וויט־רינעס געווען. צוויי צימערען, איינע געגען די צווייטע, האָ־בען גאָר קיין אינערען וואַנט געהאַט, ביי איינער איז נאָר גע-ווען אַ גרויסע אַרקע, ביין צווייטען — אַ רייהע דינע קאָליערטע קאָלאָנעס, צווישען זיי פאָרהאַנגען. דער מיטעל-טהייל פון הויף איז געווען מיט צוויי טרעפ ניעדעריגער, וואו עס איז אַ באַסיינע געשטאַנען. דער גאַנצער הויף איז געפלאַסטערט מיט פאַרביגע שטיינער, נאָר אירגענד-וואו איז גרויסע בוימער געשטאַנען און פלעכטיגע פלאַנצונגען האָבען זיך ביז אויבען, איבערען דאַך, גע־צויגען, וואו זיי האָבען קליינע סוכות געמאַכט אויפ'ן דאַך, וועל-כער האָט אַ מעקה געהאַט. מען האָט געפיהלט, דאָס די הויז אַ שטעדטישע, וואו פלאַץ איז טהייער, לופט — ווייניג און פיעל טומעל, דאַך האָט דער אַרכיטעקט ערגרייכט, דאָס זייענדיג אין הויז, זאָל מען די שטאָדט מיט איהר טומעל, ניט פיהלען.

די הויפט זאַכען, וואָס עס איז אויסגעשטעלט אין דעם זאַל, איז געווען אַרכיטעקטורע, זי איז געשטאַנען אויף דער שפּיץ פון אַלע אַנדערע קונסט, זי האָט אין זיך אַלע קונסט פעראייניגט, אַלע האָבען איהר געהאָלפען.

אין די ביאָגראַפיעס פון יעדען קינסטלער האָט זיך אימער וויע-דערהאָלט : געאַרבייט דאָס און דאָס פאַר אויסערליכע און אי-נערליכע אַרכיטעקטורע, פאַר גערטנער און דאָס גלייכען, אַנדערע אַרבייט ווייניג אין ארץ־ישראל געבליעבען. אין בית המקדש איז, אויסער אַרכיטעקטורע, ביי זעלטענע עטוואָס געווען, אויך ניט פיעל אין פּראָווינציאַלע מוזעאומס, דאָס מעהרסטע האָבען זייערע אַרבייט פאַרקויפט אין אַמעריקאַ און רוסלאַנד.

אויפ'ן טהיר פון דריטען זאַל האָב איך אויך געזעהען :

„ ב צ ל א ל " 1956 — 1981־טען יאָהר.

דער הויפט כאַראַקטער פון די קונסט-געווערבליכע אַרבייט און ריינע קונסט, וואָס איך האָב געזעהן אין דעם זאַל איז שוין ניט געווען אין זוכען נאַציאָנאַל-אידיש צו מאַכען, דאָס מאַכט זיך שוין

ביי אַלעמען פון זיך אַליין. אַזוי ווי דער יאַפּאַנער שאַפט אַלעם
פאַר זיך אַליין, נאָך זיין אייגענעם געשמאַק, פאַר זיין בעדערפע-
ניש. זיי רעכענען זיך ניט מיט׳ן פרעמדען, אפילו אין עקספאָרט־
אַרטיקעל. די פרעמדע האָבען זיך שוין געוואָהנט צו די בעקוועהמ-
ליכקייט פון יאַפּאַנער שירעמס, צו דער פּאָעזיע פון זייערע בלו-
מען-וואַזען, לאָמפּען, קליינע מעבעל און פאַרשיידענע קעסטעלאַך;
זיך צוגעפּאַסט צו זייערע לאַנג־שמאָלע צייכענונגען, העלע פאַר־
בען, צו די קליינע, לעבעדיגע, עלפענביינשניצערייי, טיפּישע
יאַפּאַנישע. אין גרינע בראָנז אָהנע פיעדעסטאַלען, גאַרטען סקולפּ-
טורען, פון פויגלען און חיות. אויך, ווי די יאַפּאַנער, פאַרגע-
טערט מען דאָ די נאַטור, וואָס דער קינסטלער זעהט אַרום זיך,
אָהנע פּרעטענזיעס צו זוכען בעזאָנדערעס, אַ געוויסע אידעע אויס-
צודריקען. די אמת׳ע נאַטוראַלען איז זייערע העכסטע אידעען, זייי־
ער אידעאַל פון שעהנהייט. זיי מיהען זיך נאָר צו פאַרשטעהען
ריכטיג װ ו אָ ס די אויגען זעהען. מיט וואונדערבאַרע וויר-
טואָזנאסט גיעבען זיי איבער אין זייער קונסט, װ ו י כ:ען
זעהט. זייער קונסט איז פריי, גראַציעז און איינפאַך, ווי די
נאַטור אַליין און אָריגינאַל, ווי ארץ-ישראל, מיט זיינע מענשען און
חיות. נאָר דעם מענשען זוכט מען צומאַכען מיט אַ געזונטען, שעה-
נעם קערפּער, מיט אַנטציקונג ווייזט דער קינסטלער די האַרמאָני־
שע שעהנהייט פון נאַקעטען קערפּער, מיט ליעבע, גיט ער אי־
בער יעדען טהייל, יעדען מוסקול, קיין טהייל ניט וואולגאַריש
צוגעדעקט, אַזוי ווי די גריכען, אַזו וויי אין אונזערען „שיר-
השירים"... זיי זוכען איבערצוגעבען דעם שטאַרקען מאַן מיט
זיינע ריטהמישע, עלאַסטישע בעוועגונגען, די ווייכע גראַציעזע
ליניען פון דעם צאַרטען פרויען-קערפּער אין לופטיגע, פּוכקע פאַר-
מען פון בליהענדען נאַאַוויען קינד.

אין קונסט־געווערבליכע אַרבייט, גיט אויך ניט קיינע נייע
אידעען. נאָר זי האָט זיך שוין פאַראייניגט מיט די ריינע קונסט,
מען בעמערקט שוין ניט מעהר דעם איבערגאַנג איינע פון די צוויי-
טע, אַ וואונדערבאַרע געשיקטליכקייט אין די אויספיהרונג פון די
אַרבייט. מען זעהט שוין ניט װ ו י עס איז געמאַכט, נאָר
וואָס עס איז געמאַכט.

דער צאָהל פון די קינסטלער איז דאָ מעהרער, ווי אין די
אַנדערע צייטען, פון זייערע ביאָגראַפיען, האָב איך געזעהן, דאָס

זיי זיינען זעהר פּרוכטבאַר געווען: פיעל געאַרבייט פאַר אַר-
כיטעקטען, נאָך מעהר מאָדעלע פאַר קונסט-געווערבליכע אַרבייט.
זייערע אַרבייט געפינט זיך אין בית המקדש, אין די פּראָווינציאַלע
מוזעאומס און אַהן אַ ענדליכע צאָהל, אין אַלע ציוויליזירטע לענ-
דער, אין מוזעאומס און ביי פּריוואַט בעזיצער.

„בצלאל" 2006 — 1981".

אַזוי איז געווען דער אויפשריפט אויפ'ן פּיערטען, לעצטען
זאַל, אין וועלכען איך בין מיט גרויסע נייגעריגקייט אַריינגעגאַנ-
גען.

דאָ איז געווען פיעל ווייניגער אויסגעשטעלט. אַ קליינע צאָהל
פון ריינע קנוסט. אויך פיעל ווייניגער קונסט-געווערבליכע. דאַ-
נעגען האָט מען בעמערקט, דאָס מען האָט אויסגעקליעבען דאָס
בעסטע, אָריגינעלסטע וואָס דער אידישער ג'עניע האָט געשאַפען
פאַר די לעצטע פינף-און-צוואַנציג יאָהר

יעדער קונסטווערק איז געווען אָבגעטהיילט, בעלויכטען מיט
אַ ספּעציאַל פּאַסענדען בעלויכטונג. די ווייניגע קונסט-געווערבליכע
אַרבייט וואָס עס איז נאָהענט געשטאַנען פון די קונסט-ווערק, זיי-
נען מיט איהם אין גוטען האַרמאָניע געווען, צוזאַמען איין קינסט-
לערישען אַקאָרד געמאַכט. דער צאָהל פון די קינסטלער איז פיעל,
פיעל ווייניגער, אויך ווייניגער האָבען זיי געשאַפען. פון איינס
ביז דריי ווערק איז פון יעדען קינסטלער געווען אויסגעשטעלט. אין
זייערע ביאָגראַפיעס, איז געווען אָנגעוויזען: אין בית המקדש,
פּאַלקס-געביידען, פּראָווינציאַלע מוזעאומס. קיין ווערק ביי פּרי-
וואַט מענשען קיין — אין חוץ-לאָרץ. די זעלבע, ביי די קונסט-
געווערבליכע אַרבייט. די ראַמען צו די בילדער איז געווען צום
כאַראַקטער פונ'ם בילד געמאַכט, צוזאַמען, אַ גאַנצעס געבילדעט.
די מאַטעריאַלען, וואָס האָבען די בילדהויער און קונסט-געווערבער
בענוצט, איז געווען טהייערע. פון עלפּענביין, גאָלד, זילבער,
האַלב עדעלשטיינער זיינען זיי. קיין זאַך איז זיי טהייער געווען,
נאָר דעם קינסטלערישען עפעקט צו בעקומען. די טעכניק איז גע-
ווען אַזאַ פריייע, דאָס מען האָט איהר גאָר ניט בעמערקט אַזוי ווי
מען בעמערקט איהר ניט אין די נאַטור אַליין. זי האָט זיך אַליין
פון קינסטלער אַרויסגעגאָסען, אָהנע דאָס ער' יאָל איהר פיהלען.
ווי מיר גיעסען אויס אונזער האַרץ אין אַ וואַרעמע תפילה, אַ
שבח לבורא עולם, איז יעדער ווערק געווען. אַ דאַנק צו גאָט

פאַר די ערליכע וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפן. פאַר די געט־ליכע שעהנהייט, מיט וואָס ער האָט אַלעם בעלויכטען. די קונסט איז דאָ געווען אַן אויסדריקס־מיטעל פאַר די ערהאַבענסטע מענש־ליכע אידעען. די שפּראַך פון דער נשמה. פאַר די טיעפסטע, פאַרבאָרגענסטע הערצענס געפיהלען, וואצו דער מענשליכער שפּראַך האָט זיך שוין געענדיגט, נאָר די קונסט אַליין קען דאָס איבער־געבען... עכט אידיש זיינען די ווערק געווען און אַלל־מענש־ליך, אַזוי ווי דוד המלך׳ס געזאַנג, וואָס געפינט זיין אָבקלאַנג, אין דער גאַנצער וועלט, אין יעדען מענשענ׳ס הארצען. אַזוי ווי די שפּראַך פון אונזערע נביאים, נביאות איז די קונסט געוועזען. געשאַפען מיט׳ן רוח הקודש. די קינסטלער האָבען אויסגעדריקט די אמת׳ע שעהנהייט, די הויכע ווארהייט אין העראָאישע היס־טאָרישע בילדער, אינ׳ם פאַר׳כשופ׳טען וועלט פון אונזערע הגדות, אין פאַנטאַסטישען ליכטיגען גן־עדן.

אין די אַרבייט פון די אַרכיטעקטען האָט מען געפיהלט אַ גרוי־סער ענטדעקונג. מען האָט געזעהן די ווירקונג פון קולט דער שעהנ־הייט אויפ׳ן מענשענ׳ס לעבען: ווי ער בויט די שטעדט, די הויז, אינערליכע איינריכטונג, קליידער. די ווירקונג אויף אַלער אַרט פון לעבען און פאַרגעניגען. אין אַלעם האָט מען געזוכט די שעהנקייט אָבער ניט לוקסוס. פיעל ליכט, לופט, וואסער, זעהר פיעל פלאַנצונגען, האָט מען דעם מענשען אַרומגערינגעלט אין זיין שטאָדטישען הויז. אַ געזונטער, שעהנער קערפּער איז געווען זייער אידעאַל. די קליידער איז היגיעניש און שעהן, דאַמיט דאָס זיי האָבען גוט בעצייכענט די שעהנע פאַר־מען פון מענשליכען קערפּער. ניט געווען קיינע שרייענדע פאַר־בען אין די שטאָף, ניט בעהאַנגען מיט בליציגע ציערונגען, וועל־כע האָבען אַ מאָהל פאַרבלענדעט די אויגען. מען זאָל דעם מענ־שען פון זיינע קליידער ניט אַרויסזעהען. די קליידער איז ניט געווען צו מאַכען דעם מענשען אינגער. זיי האָבען ריכטיג פאַר־שטאַנען דאָס יעדער עלטער האָט זיינע אמת׳ע שעהנהייט, ווען ער איז נאָר נאַטירליך. די אַרכיטעקטען האָבען געזוכט דעם מענ־שען דערנעהענטערען צו דער נאַטור, איהם אַ רוהיגען איינפאַ־כען וואָהנונג געגעבען. זייער גאַנצער פאַנטאַזיע אין הויכע קונסט האָבען זיי אָבגעגעבען נאָר די געזעלשאַפטס געביידען, וועלכע איז פאַר׳ן כלל אויף דורי־דורות געבויט.

דאָס רוב פון די קונסט־געווערבליכע אַרבייט איז אויך ניט געווען פאַר פּריוואַט מענשען צום אַלטעגליכען געברויך. מען האָט פערציערט די תורה, דעם ספר, די ליערע, אַנדיינקונג נאָך די טהייערסטע פון מענשען, זאַכען בעשטימטע פאַר געזעלשאַפטליכע געביידען און דאָס גלייכען. אין יעדער אַרבייט איז אַ בעשטימטע אידעע און כאַראַקטער געווען, העכסט־קינסטלעריש אויסגעפיהרט, פון טהייערע מאַטעריאַלען, סאָליד און פיעל צייט אַבגעגעבען אויף יעדער זאַך. זיי האָבען מיר עראינערט די אַלט־קירכליכע קונסט.

דער לעצטער זאַל האָט מיר מעהר פאַר אַלע אינטערעסירט. אַ נייע ליכטיגע וועלט איז פאַר מיינע אויגען געשטאַנען. עס האָט זיך מיר גאָר ניט געוואָלט אַרויסגעהן. דער לעהרער האָט מיר גענומען פאַר'ן האַנד און געזאָגט :

— גענוג, דיין לעבען איז צו קורץ צו ערלעהרנען אַלעס וואָס מען האָט אין די הונדערט יאָהר ערגרייכט. גרינדליך קענסט דו אַלעס ניט זעהען. איך וועל דיר נאָר דעם שאָטען פון אַלעס ווייזען, דעם אַבגלאַנץ. עס וועט דיר דאַן אַלעס שוועבען אימער פריי פאַר די אויגען. ערוועקען דיין פאַנטאַזיע, שטאַרקען דיין ענערגיע, דו זאָלסט קענען אימער שטרעבען, פאַראויס צו געהן אין די וועלטען, וואָס דו זעהסט איצטער נאָר אין חלום.

אזוי האָט ער געזאָגט און מיר ווייטער געפיהרט.

אין גרויסען הויף דורך וועלכען מיר האָבען געדאַרפט דורכגעהן איז, צווישען פלאַנצונגען פיעל סקולפּטורען געשטאַנען.. די צוויי וואָלגאַרע, שרייענדע פאַרבען — שוואַרץ און ווייס, וועלכע האָבען, געוועהנליך, אונזערע סקולפּטורען, האָט מען דאַרטען ניט געזעהען. כראָמאַ זיינען זיי אַלע געוועזען. ניט מיט נאַטירליכע רעאַליסטישע פאַרבען פון וואַקס־פיגורען. זיי האָבען נאָר געהאַט די האַרמאָניע פון נאַטור, די ווירקונג, אזוי ווי מיר זעהען אויף די גוטע סקולפּטורען פון xv יאָהרהונדערט און אויף מאַנכע טענאַגראַ סטאַטועטקעס. עס האָט געווירקט ווי זיי וואָלטען געווען צונויפגעשטעלט פון פאַרשיידענע פאַרביגע מאַטעריאַלען, וועלכע די ווירקונג פון דער צייט האָט זיי צוזאַמען האַרמאָנירט, און פּאַטין געגעבען. פיעל פיינען טאָקע פון פאַרשיידענע שטיין געמאַכט געוואָרען, מאַרמאָר, מעטאַל אויך העלפענביין צוזאַמענגעשטעלט געוועזען. מעהרסטענטהיילס זיינען זיי פאַנטאַ-

נען, דענקמאלער, גארטען-סקולפטורען און אויסערליכע פערציע-רונג פאר ארכיטעקטורען.

נעבען ארויסגאנג בעמערקט א ברונען, וועלכער האט פאר-געשטעלט: רבקה גיעסט פון קרוג וואסער פאר די קעמלען פון אליעזר'ן, וועלכער קוקט אויף איהר מיט נייגעריגקייט און בע-וואונדערונג. אזא פאנטאזן האב איך סקיצירט. צו מיין איבער-ראשונג איז אונטען געווען אויפגעשריעבען מיין נאמען. ווען האב איך עס געמאכט?

ארום די אינערליכע ווענט איז א טעראסע מיט קאלאנען. אויף די ווענט איז מאיאליקע, מאזאאיקא און געטריבענע מעשענע פאנאס אויסגעשטעלט. אלע, ספעציאל פאר ארכיטעקטארישע פער-ציערונגען. צווישען די קאלאנען — גלאז-מאהלעריי אין בליי געפאסט און אויך גיפס, ווי די שעהנע פענסטער פון אמאר מאשעע, זיי האבען ווי א געמאהלטע וואנט פארשטעלט פון איין קאלאנע ביז די צווייטע. אבער מיין לעהרער האט זיך ביי זיי ניט אב-געשטעלט.

ווען מיר זיינען דרויסען ארויס, האב איך געפיהלט, ווי איך וואלט אין אן אנדער וועלט אריינגעפאלען. בין ווי בערוישט גע-ווען. אבער קיין מיעדקייט ניט געפיהלט. איך האב געברענט פון שטארקען פערלאנג אלעס זעהן, לויפען, אלעס אריינכאפען, קיין זאך ניט פערפעהלען.

רעכטס, אויף איין פאוויליאן איז געווען אויפגעשריעבען: „מאדעלען". איך האב אויפ'ן לעהרער א קוק געגעבען, געוואלט דארטען אריינגעהן.

— דו מעגסט אריינגעהן, אבער ניט אויף לאנג. איך מוז דיר נאך ווייזען דעם מאהל-קלאס, ארכיטעקטורע, סקולפטורע און די פראקטישע ארבייט. פינף א זייגער ענדיגט מען אין „בצלאל". דו מוזט היילען.

דעם מאדעלען פאוויליאן נאר דורכגעלאפען, די מאדעלען, פאר אלע מינים קונסט-געווערבליכע ארבייט, איז געווען פארשיי-דענע: צייכענונגען, גיבס-אבגיסע, גאלוואנא-פלאסטישע קאפיען און מאנכע אויסגעפיהרטע ארבייט, איבערהויפט, ביי די טעפי-כע. פיעל מענער און פרויען האבען דארטען געצייכענט. נאך זייערע קליידונג זיינען זיי ניט „בצלאל"-שילער געוועזען.

— דאָס איז „בצלאל"-אַרבייטער פון „אַרבייטער שטאָדט", וועלכע איז ניט ווייט פון דאַנען.

מיר זיינען ווייטער געגאַנגען. נעבען אַ רונדען פּאַוויליאָן, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ מאַסיוועו שטיינערנעם פונדאַמענט, געדעקט מיט אַ האַלב-רונדען, ווי אַ הימעל, גלעזערנעם דאַך, האָט דער לעהרער אָבגעשטעלט. „מאַהל-קלאַס" איז געווען אויבען געשריעבען.

אינוויינינג האָט זיך מיר אַ הערליכער בילד פאַרגעשטעלט: אַ רונדער, ווי אַ פריער פעלד, זאַל, בעגאָסען מיט זונענשיין ווי אויפ'ן פרייען לופט, פול מיט שילער און שילערינען, וועלכע האָבען געמאַהלט.

אויף פאַדיאומס זיינען געווען פאַרשיידענע מאָדעלען אין פאַרשיידענע קליידונגען, האַלב און גאַנץ נאַקעטע, אויך פאַרשיידענע טהירע. אַלע האָבען געמאָהלט מיט מאַהל-שירעמס, ווי מען מאַהלט אויפ'ן פרייען לופט. אייניגע לעהרער, מעהרער לעהרערינס, זיינען צווישען די שילער אַרומגעגאַנגען. מיין לעהרער האָט מיר שטיל בעמערקט:

— דער גאַנצער אַטעליע דרעהט זיך לאַנגזאַם. דאַריבער קענען זיי דעם גאַנצען טאָג מאַהלען אָהנע אַ גרויסע ענדערונג פון בעלייכטונג, אויפ'ן פרייען לופט איז דאָס אוממעגליך.

האָב געוואָלט איבערצעהלען ווי פיעל עס אַרבייטען, אָבער צוליעב די צוואַרפענקייט פון די גרופּעס איז מיר דאָס אוממעגליך געווען. דער לעהרער, פאַרשטעהענדיג מיינע געדאַנקען האָט מיר געזאָגט:

— אומגעפעהר צוויי הונדערט אַרבייטען איצטער דאָ. זיי זיינען אַלע פון די העכערע קלאַסען, די לעצטע צוויי יאָהר אַרבייטען זיי ניט קיין פּראַקטישע אַרבייט נאָך מיטאָג, ווי אַלע אַנדערע שילער. קום איך וועל דיר ווייזען די פּראַקטישע פאַרשיידענע אַרבייט.

מיר זיינען אַריבערגעגאַנגען דעם גאַנצען הויף. געהערט דעם כאַראַקטעריזן קלאַפּ פון טרייב-אַרבייט. אַ לאַנגע, גלעזערנע גאַלערעע, אין די לענג פון הויף, געזעהען. מיר זיינען אַריין אין קאָרידאָר, וועלכער האָט אַלע אַטעליעס פאַראייניגט. עס איז ניט געווען קיין קונסט-געווערבליכע אַרבייט, פון וועלכע עס האָט זיך דאָרטען ניט געפונען איין אַטעליע. די צאָהל פון די שילער

אין יעדען אטעליע, איז געווען פארשיידענע. איבעראל האבען
געארבייט פרויען און מענער. נאר אין אטעליע פון „אפליקאציעס",
„טעפיך-קניפערייען", „שטיקען" און „שפיצען", האבען נאר
מיידלאך געארבייט. אכטצעהן אטעליעס בין איך דורכגעלאפען,
ווייל עס איז שווין געווען שפעט. געוואלט אם וויינינגסטען א קוק
טהאן ווי מען ארבייט. די אטעליעס זיינען דארט געווען : פון
„טרייב-ארבייט", „פיליגראן", ציזילירען און גראווירען", „שטאנ-
צען-שניידען", „העלפענביין־שניצעריי", „האלץ-שניצעריי", „שטיינ־
הועריי", „אפארטען", „גלאז־מאהלעריי", „מיניאטורען", „מא-
יאליקא" און פארצעליין-מאהלעריי", „ליטאגראפיע", „אינקרום-
טאציע" אין האלץ און שטיין, „מאזאאיקא", „דאמעסצענעס" און
עטצינג", „קאמעע אויפ עדעלשטיינער", בוך-שמוק און קונסט־
איינבאנדע". נאך דעם זיינען מיר אריין אין די צוויי לעצטע גרוי-
סע אטעליעס פאר ארכיטעקטורע און סקולפטורע. צו מיין גרוי-
סען בעוואונדערונג זיינען דארט געוועזען זעהר וויינינג שילער.
ביי די ארכיטעקטען, אונגעפעהר פופציג שילער, נאר זעכצעהן פון
זיי האבען זיך בעשעפטיגט מיט פלענער פון געביידען, די איבע־
ריגע נאר פאר אינערליכע איינריכטונגען, מעבעל און אנדערע קונסט-
געווערבליכע זאכען. אין סקולפטור אטעליע איז נאך וויינינגער שי-
לער געווען אין גאנצען דריי־און־צוואנציג, וועלכע האבען מאדע-
לירט נאך צוויי לעבעדיגע מאדעלען, איינער, א נאקעטער, דער
צווייטער, אין קליידער.

ניט בעוויעזען צו פרעגען וועגען דעם לעהרער. עס האט
זיך געהערט א קול פון א שופר. אלע האבען זיך גיך גענומען צו
קלייבען, די אטעליעס צו פארלאזען. מיר זיינען אויך צוזאמען
מיט זיי אוועקגעגאנגען צום אוואלנעם פאוויליאן, וואו איך האב
זיי געזעהען מיטאג עסען. פאר'ן אריינגאנג האט יעדער ביי די
פאנטאנען די הענד געוואשען. די טישען זיינען ניט געווען סער-
ווירט, נאר איצטער בעמערקט, דאס אין דער גאנצער העלפט
פון רונדען וואנט איז קליינע מעשענע טהירעלאך געווען, אויף יע-
דער טהירעלע איז אן אויפשריפט פון א שפייזע. יעדער האט
זיך אויסגעקליעבען, וואס ער האט געוואלט. אויך פיעל קראנען
איז דארט, מיט דעם אויפשריפט : מילך, קאפע, קאקאא,
טשקאלאד, טהיי און אנדערע נעהמען פון געטרענקע, פון וועל־
כע איך האב קיין מאהל געהערט. יעדער האט זיך אליין בעדיענט,

אויף די לעהרער האָבען זיך אַליין בעדיענט. נאָך צעהן מינו־
טען האָבען שוין אַלע דעם זאַל פאַרלאָזען. איך האָב בעמערקט,
דאָס אַלע געהען צו די ניעדעריגע טהירען, וואָס עס איז אין פּאַ־
וויליאָן אייניגע געווען. וואו קען זיי געהן ? — האָב איך געטראַכט,
אפשר מיטגעהען ת

— עס איז ניט נויטהיג — האָט דער לעהרער אויף מיינע
געדאַנקען געענטפערט. — אונטען אין קעלער פון פּאַוויליאָן איז
דאָ טושען און שווים-באָדען. דאָרט געהען אַלע זיך אָפּפרישען,
מאַנכע שווימען. זיי בייטען אום זייערע קליידער און וועלען קור־
מען אויפ׳ן פרישען לופט טורנען. וואַרט, וועסט דו זעהן.

מיר האָבען זיך אויפ׳ן וואַראַנדע געזעצט וואַרטען.



## ז.

— לעהרער, מעהר פון אַלעם האָט מיר ענטציקט דער „בצלאל-היסטאָרישער־מוזעאום”, אָבער דער פאַרגעניגען מוז דאָך, אָב־קאָסטען מעהרערע מיליאָנען. ווי קען זיך אַ פאָלק ערלויבען אויף אַזאַ זאַך אַזוי פיעל געלט אויסגעבען ?

— יאָ, מיין קינד. — אַזאַ פאַרגעניגען קאָסט פיעל געלט, דאָך פיעל וויניגער ווי עס האָט אַ מאָהל געקאָסט יעדען פאָלק זיינע האַרמאַטען און אַנדערע מאָרד־געוועהר. דו דאַרפסט אויך ווייסען, דאָס אַזאַ מוזעאום איז ניט נאָר פאַר „פאַרגעניגען”, אויך אַ „לעהר־מיטעל”. דאַרויף איז ביי זיי קיין מיליאָנען צו־פיעל, ווען מען לעהרענט, האָט מען די מיליאָנען. מוזעאום, איז דער בעסטער לעהר־מיטעל : וואָס מען זעהט מיט׳ן אויג — פאַרשטעהט מען בעסער און פאַרגעסט ניט אויביג. דו וועסט זעהען, וואָס האָט אויפגעטהאָן די מוזעאום׳ס אין „יבנה”, פאַר אונזערע סטודענטען און בית המקדש־„מוזעאום” פאַר דאָס גאַנצע פאָלק.

— אָבער, דאָס אַלעם געפינט זיך נאָר אין ירושלם, דאָס פאָלק, אויף וועמענ׳ס געלט מען האָט דאָס אַלעם געמאַכט, קען דאָס ניט זעהען.

— ירושלם איז דער צענטער פון ארץ־ישראל, די האַרץ פון גאַנצען אידישען פאָלק, אויך פון די, וואָס זיינען אין חוץ־לאָרץ. צו עולה־רגל קומט מען אָפט, אפילו, פון גאַנץ ווייטע מדינות. זונדער דעם, האָט יעדער גרויסע שטאָדט זיין מוזעאום. מיר שיקען זיי אָפט אויף אַ קורצע צייט קונסט־ווערק. אין אונזער רע־גיערונגס־קונסט־דרוקעריי, ווערט אין צעהנדליג־טויזענד עקזעמפּ־לאַרען אַרויסגעגעבען אַלעם קינסטלערישעס, וואָס מיר פאַרמאָגען. דו מוזט איין מאָהל זעהען די וואונדערבאַרע אַלבאָמען און בי־כער וואָס מיר דרוקען. זיי ווערען אונענטגעלטליך געשיקט אין אַלע גרויסע אידישע געמיינדען פאַר זייערע ביבליאָטהעקען. ירושלם איז איבערהויפּט דער קולטור־צענטער פאַר אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט. זי איז זיי זשטאַלץ, זיין נשמה. אַלע קולט זאַ־

כען און קונסט קויפען זיי דאָ. אפילו לעהר-ביכער קויפען אַלע אידען פון ירושלים. דאריבער שטיצען אַלע אידען פון דער גאַנ-צער וועלט ירושלים. דאָ שטאַרבט ניט דער אידישער ג׳עניע צו־ליעב געלט. מען גיט איהם די מעגליכקייט זיינע גרויסע אידעען אויסצופיהרען. ירושלים איז רייך און איהר רייכטהום גיט זי אוועק צו שטיצען די וויסענשאפט און קונסט, וואָס דיענט צו בעגלי־קען די גאַנצע וועלט, איבערהויפט פאַר די איבעריגע אידען אין דער גאַנצער וועלט, ווייל זייערע נשמות פיהלען בעסער אידי-שעס און ירושלים איז נעהענטער צום הארצען. מציון תצא תורה, ודבר ד׳ מירושלים — פון ציון וועט ארויסגעהן די לעהרע און גאָט׳ס וואָרט פון ירושלים, האָט געזאָגט אונזער געטליכער נביא ישעיה!

— מיר דאַכט זיך דאָס דאָ אינטערעסירען זיך ניט די אי־דען, מיט די ניט-אידען. איך זעה אפילו ניט אייראָפּעאישע מאָ-דעלען. די קונסט איז דאָך שוין פון לאַנג אַזוי הויך געשטאַנען ביי זיי?

— ווייל ביי די ניט-אידען איז די קונסט געשטאַנען פון לאַנג הויך, קויפען מיר ניט זייערע מאָדעלען, מיר זאָלען ניט פון זיי בעאיינפלוסט ווערען, דעם אייגענעם שאַפענדען-גייסט ניט פאַר־ליערען. קונסט, איז ניט אין נאָכמאַכען, ניט אין אימיטירען; קונסט, מוז מען אַליין שאַפען פון טיעפען פאַלקס נשמה, דאַן האָט זי א ווערטה פאַר אַלעם, זי זאָגט איהר נייעם וואָרט, זי האָט איהר אייגענע שפּראַך, די שפּראַך, וואָס איז געשאַפען פון גייסט פון איהר נאַציאָן און לאַנד.

צו מיר אינטערעסירען זיך, שעצען אַלע מענשען פון אַלע פעלקער, איז קיין פראַגע. די הייליגע תורה האָט אונז שוין פון לאַנג געהייסען: ואהבתם את הגר — ליעבט דעם פרעמדען, איין געזעץ פאַר אונז און דעם גר. מעשר, איז געוועזן פאַר די לוים, גרים, יתומים און אַלמנות; לקט און פּאָה געהער צום גר, ווי די אייגענע אָרעמע לייט. כאזרח מכם יהיה לכם הגר הגר אתכם ואהבת לו כמוך, ווי אייערער א בירגער זאָל צו אייך זיין דער פרעמדער, וואָס וואָהנט מיט אייך, ליעבט איהם ווי זיך. איין געזעץ זאָל זיין ביי אייך פאַר דעם פרעמדען, ווי דעם בירגער. די ערהאַבענע געזעצע, האָבען מיר שוין געהאַט, ווי ביי אַנדע־רע פעלקער האָט מען פרעמדע פאַרקויפט פאַר קנעכט, זיי גע-געבען אין די צירקען ווילד חיות אויפצופרעסען, און ביי פיעלע

האט מען זיך ניט געשעהמט אליין אויפצופרעסען די פרעמדע. נאך אין די ווייטע צייט האבען מיר אלעמען געליעבט, וואס איז געבארען אין צלם אלקים. צוויי טויזענד יאהר פון גלות האבען מיר געלעבט צווישען פרעמדע פעלקער, געליטען די שרעקליכסטע יסורים, ווען זיי זיינען נאך ווילדער, פינסטערע מענשען גע־ווען. נאר ווען ביי זיי האט אנגעהויבען צו שיינען די ליכט פון ציוויליזאציע, גערעכטיגקייט און מענשען־ליעבע, האבען מיר געקענט אבאטהעמען. צי דען קענען מיר, נאך דעם, ניט מיהען זיך, דאס די גאנצע מענשהייט זאלען לעבען אין יושר און פריע־דען? ביי אונז קען נאר משיח׳ס צייטען זיין, ווען די גאנצע וועלט וועט פול ווערען מיט דעה את השם, מיט קענען גאט׳ס גייסט, ריכטיג. אין ארץ־ישראל ארבייטען מיר איצט נאר פאר אונזער פאלק, אבער די ארבייט איז אויך אל־מענשליך, דאס איז אונזער טהייל אין וועלט־אוצר, וואס די בעסטע מענשען זאמ־לען פאר דאס גליק פון דער גאנצער מענשהייט. דער טהייל איז ניט קיין קליינער. מיר זיינען א גרויסע פאלק, מיר מ ו ז ע ן פיעל געבען און ק ע נ ע ן פיעל געבען, ווייל מיר זיינען איצטער פרייע מענשען, נאר דער פרייער מענש, קען דער אמת׳ער לעהרער ווערען.

מיר זיינען א גרויסע פאלק, מיר האבען א טהייערע שוהלע דורכגעמאכט, וואס קיין פאלק האט דאס ניט געהאט — דעם בי־טערען צוויי טויזענד יאהריגען גלות. דאס איז אונזער שוהלע גע־ווען, דאס האט אונז פארשטארקט און אויסגעלייטערט. מיר זיינען אייגענטליך די איינציגע ריינע ראסע. אונזערע שוואכע אין גייסט, די מענשען אהנע שטארקען ווילען, אהנע טיעפע ליעבע אין הארצען, אהנע גרויסען אידעאל פאר וועלכען מען געהט אויפ׳ן פייער, די אלע זיינען, אין צייט פון שווערען גלות, פון אונז אנטלאפען צו זיי, אין די רייהען פון אונזערע דריקער און הא־בען זייער ראסע דאמיט נאך ניעדעריגער געמאכט. מיר, אלס ראסע, זיינען שטארקער געווארען, אויסגעלייטערט דורכ׳ן כור־עני, לייד־טיגעל.

קיינער האט אונז ניט פארשטאנען, מיר אליין האבען אויך ניט ריכטיג געשעצט אונזער כח, דאריבער האבען די אידען אליין ניט מיטגעהאלפען די ביסעלע ציוניסטען, וועלכע האבען געאר־בייט פאר׳ן אויפלעבונג פון אידישען פאלק אין ארץ־ישראל. מען

האט אונז ערניעדעריגט, געלאכט פון אונז, געהאסט פאר אונ־זער שוואכקייט. ניט פארשטאנען דאס אונזער פנים איז שווארץ פון צרות, אונזער אונרוהע — פון ניט פיהלענדיג אז אייגענעם באדען אונטער די פיס, אונזער שוואכקייט — פון אונזער צו-שפרייטקייט איבער דער גאנצער וועלט, צווישען פרעמדע מענ-שען, וועלכע ווילען אונז ניט פארשטעהן. אבער טיעף אין אי-דישען הארצען האט אימער געברענט זיין עוויגער ליכט, זיין נר־תמיד, זיין שטארקער ליכטיגער גייסט, זיין טיעפע אמונה אין זיין גרויסען אידעאל, אויך זיין פיזישע קראפט, אויסדויערקייט, וואס קען צו אלעם זיך צופאסען, אלעם און אלעם איבערלעבען... נאר איינצעלנע, יחידי סגולה, האבען געפיהלט און געגלויבט אין פאלק'ס כח. ווען אלע אידען האבען דאס פארשטאנען, איז די גאולה געקומען. די בעסטע פון די פרעמדע האבען אויך מיט-געהאלפען.

— ווי איז דאס אלעם צוגעגאנגען?

— דיין פראגע איז א קורצע. אבער מיין ענטפער קען קורץ ניט זיין. פיעל, פיעל איז צו דערצעהלען, כדי דו זאלסט אלעם ריכטיג וויסען. איצטער איז ניט די צייט, גלייך געהן די קינ-דער ארויס. דאך וועל איך דיר דערווייל א ביסעל דערפון דער־צעהלען, דו זאלסט קענען בעסער פארשטעהן אלעס, וואס דו האסט געזעהן און וועסט ווייטער נאך זעהען.

— נאך פאר די וועלט-קריעג, זיינען מיר, די צושפרייטע אין דער גאנצער וועלט, אהן אן אייגענע שפראך, אהן א צענ-טער, א ק ר א פ ט געווארען. א גרויס מלוכה אהן א קע-ניגרייך, א קראפט אהנע געוועהנליכע סאלדאטען און געוועהר. אנדערע סאלדאטען, אנדערע געוועהר איז ביי אונז געווען. אין די שטארקסטע מלוכה וואס בעזיצט דעם שרעקליכסטען געוועהר — דאס ווארט — האבען מיר פיעל סאלדאטען מיט גרויסע קראפט געהאט. דעם בייזטען גאט, פאר וועלכען, אלע פעלקער בוקען זיך, טייכען בלוט צוליעב איהם פארגיסען — דער קאפיטאל — האבען מיר אין אונזער האנד פעסט געהאלטען. צווישען די ווע-קער פון מענשען'ס געוויסען די צושטערער פון די פאלשע וועל־טען — פארשידענע סאציאליסטישע פארטייען — זיינען אונזערע סאלדאטען געווען. אין די רייהען פון בויער דעם וועלט-בנין — גע־לעהרטע — זיינען מיר געווען, אויך צווישען די, וועלכע האבען

אין דעם גרויזאַמער וועלט, שעהנעס, ליכטיגעס, אילוזיאָנען גע־שאַפען — צווישען פאַרשיידענע קינסטלער, זיינען אונזערע האַל־דאַטען געווען... מיט דיעזען קראַפט האָבען מיר געצוואונגען אַנ־דערע פעלקער מען זאָל זיך מיט אונז רעכענען.

מיט דעם אויסברעכען די וועלט-קריעג, דער גרויסער יום־הדין פאַר אַלע פעלקער, איז געקומען דער גרויסער טאָג פאַר אונז אויך, דער יום השלום זייער גרויסען חוב דעם אידישען פאָלק, פאַר די שרעקליכע אומרעכט, וואָס זיי האָבען געטהאָן דעם עם־ישראל, אין וועלט-קריעג האָט מען דעם אידען געטריבען פון אַלע זיי־טען, איהם געצוואונגען אפילו געהן הרג'ענען זיינע אייגענע ברידער. מעהר פון אַלעמען האָט ער אין'ם בלוט-באָד פאַרלאָרען. אי נפשות, אי געלד. דאָך איז ער אַרויס דער זיעגער, איבעראַל געזיעגט! מיט זיין אינטעליגענץ און שטאַרקען ווילען, האָט ער איבעראַל ער־גרייכט אין אַלע שטופעס פון געזעלשאַפט, אפילו אין מיליטער־דיענסט, וואָצו ביי איהם איז איינגעוואָרצעלט אַ האַסונג, ווי צו אַלע ווילדע געוואַלד זאַכען. אין די ערשטע רייהען איז ער גע־שטאַנען מיט די בראַווע קעמפפער פאַר'ן עוויגען שלום, פאַר'ן בעפרייאונג פונ'ם דעספאָטיזם... און זייענדיג צוטהיילט צווי־שען די קאַמפפענדע פעלקער, האָט ער דאָך געפונען די מוטה און קראַפט זיך צו פאַראייניגען און פאָדערען ביי אַלע פעלקער מען זאָל איהם בעצאָהלען זיין אַלטען שולד: זיין היים צוריקקעהרען און ווייטער אַ גאַנצע פאָלק צווישען אַלע פעלקער ווערען...

דאָס איז געווען די התחלת הגאולה, נאָך די שרעקליכע חבלי־משיח, האָבען מיר די פעמי משיח געהערט!...

אַז אַנדער מאָהל וועל איך דיר דערצעהלען, ווי זיי האָבען ייער שעהנע וועלט געבויט, די וועלט, וואָס ער־וואָס פון דעם, האָב איך דיר שוין געוויעזען און פיעל מעהר וועסט דו נאָך זערען.

— דאָס וואָס איך האָב שוין געזעהן, איז מיר אויך זעהר פיעל ניט פאַרשטענדליך, מעג איך אייניגע פראַגען געבען?

— געוויס מעגסט דו פרעגען. נאָר דאָן האָט אַ זינען דיר אַלעס צו ווייזען, ווען דו וועסט דאָס פאַרשטעהן. אָהן דעם וועט דאָס נאָר אַ פוסטע אויטאָפיע זיין, אַ חלום אָהן זיין פתרון.

— פאַר וואָס אַזי ביי אייך דאָ אַזוי וועניג שילער אין אַר־כיטעקטור און סקולפּטור? דיביידע קונסט זיינען זעהר נויטהיג

אין לעבען. ביי אונז האָט מען מיט דיעזע ביידע קינסטע מעהרער ווי מיט אנדערע בעשעפטיגט.

— ווייל מיר שטעהען שוין אין די ביידע קינסטע פיעל העכער, ווי מען איז געשטאַנען אין דיין צייט. יעצט פאַרשטעהען שוין אַלע: דאָס: בעסער אַ גוטע קאָפּיע פון אַ געניאַלע ווערק, אַלס אַ שלעכטען אָריגינאַל... נאָר די ג'עניעס שאַפען אָריגינאַלען, ווייל נאָר געניאַלע שאַפונגען האָבען ביי אונז אַ פאַרלאַנג: זיי ווערען אין טויזענדער קאָפּיען אויסגעפיהרט פון ספּעציאַליסטען. אין „בצלאל" לעהרנען זיך נאָר די, וועלכע האָבען גאָט'ס בעגאַבונג צו שאַפען. אַזעלכע גיט ווייניג. פאַר פּראַקטישע אַרכיטעקטען און סקולפּטאָרען, גיט ביי אונז איבעראַל שוהלען. איבערהויפּט לעהרנען דאָ מאָדעלירען אַלע שילער, כדי בעסער די פאָרמע צו פאַרשטעהען, אָבער סקולפּטורא אַלס צו זיין אַ בילדהויער, אַ שאַפער — ווייניג.

— וואָרום גיט עס איבערהויפּט ביי אייך פיעל ווייניגער קינסטלער? ליעבט מען איצטער ווייניגער קונסט?

— ווייל מען ליעבט יעצט מעהר די קונסט, און מען פאַרשטעהט איהר, דאַריבער קויפט מען ניט די שלעכטע ווערק. דאָ קען איך דיר דאָס זעלבע זאָגען, וואָס איך האָב דיר געזאָגט וועגען אַרכיטעקטען און סקולפּטאָרען, נאָר צוגעבען, דאָס ביי די איצטיגע מעצענאַטען, גיט ניט דער יצר הרע, ווילען דוקא האָבען דאָס, וואָס קיינער האָט ניט, ניט קוקען צי די ווערק איז, איבערהויפּט ווערטה צו האָבען. אַלע געשאַפענע אָריגינאַלע פון אונזערע געניאַלע קינסטלער קויפט אָפּ די רעגיערונג פאַר'ן גאַנצען פאָלק. אַלע האָבען דאָס רעכט צו קאָפּירען, אודי האָבען אַלע דאָס מעגליכקייט דעם אָריגינאַל אין מוזעאום צו זעהן. מען בעגראַבט ניט מעהר די ווערק פון ג'ניעס אין פּריוואַט-הייזער. איבערהויפּט ליידען ביי אונז ניט מעהר די מענשען פון מאַניע, קונסט-ווערק אין זיין הויז צו זאַמלען.

— פאַר וואָס רופסט דו די מעצענאַטען — מאַניאַקען? אָהן מעצענאַטען קען דאָך ביי אונז די קונסט ניט עקזיסטירען? עס איז דאָך אַזא ערהאַבענער פאַרגעניגען זיך אַרומרינגלען מיט קונסט־ווערק.

— געוויס איז אַן ערהאַבענער געפיהל זיין אַרומגערינגעלט מיט קונסט־ווערק. אָבער דאָס האָבען די מעצענאַטען קיין מאָהל

געהאט ביי זיך צו הויז, און זעלטען, ווען ער איז אין א מוזעאום געווען. ווייל אַנשטאַט רוהיג זיך צו פאַרטיעפען אין קונסט־ווערטה, זיך איבערטראַגען אין די וועלטען, וועלכע דער קינסט־לער האט אונז געוויזען, האַבען זיי נאָר געטראַכט, ווי צו קע־נען דאס פאַר אַן אייגענטהום צו האַבען. געליטען פון זינד „לא תחמוד״, זאלסט ניט געלוסטען, וועלכע איז ניט קלענער פאַר „לא תגנוב״, זאלסט ניט גנב׳ענען. זיי זיינען געווען אומגליקלי־כע, בעדויערענסווערטהע מענשען, וועלכע האַבען געליטען פון דעם. דאס אַנדערע זעהען אויך די בליצענדע שטערען, אַליין האַ־בען זיי די שטערען אין הימעל ניט געזעהן. זיי, האט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען, דעם מבול פאַלשע אַנטיקאַטעטען מיט וועלכע איהר זייט געווען פאַרפלייצט. צוליעב זיי האַבען זיך געפרוכפערט און געמעהרט די אומבעגאַבטע קינסטלער, די אמת׳ע ג׳עניעס, פון הונגער געשטאָרבען: זיי זיינען ניט אזוי פראַקטיש געווען, ווי די אומבעגאַבטע צו געפינען אַמאַטאָרען. נאָר דעם גרעסטען אומ־גליק האַבען זיי געבראַכט די קונסט, דאס צוליעב זיי איז אויס־געוואַקסען די, זאַגענאַנטע, „קונסט־קריטיקער״, די „פּרעסס־גזלנים״, וועלכע האַבען פאַר געלד פאַרקויפט זייער וואָרט, פאַר־טומעלט די פּובליקום מיט זייערע אויסגעקלעהרטע, שווינדלשע כלומר׳שט טהעאָריען, פאַרשקלאַפט צו זיך אַלע פאַרשטעהער פון קונסט. נאָר פאַר געלט האט דער קינסטלער געקענט בעקומען פון זיי דאס רעכט אויף צו שאַפען, אויף אַנערקענונג, אויף ניט צו שטאַרבען פאַר הונגער. און קינסטלערינען, ווען גאַט האט זיי נאָר מיט שעהנקייט געבענשט, האַבען געמוזט די שמוציגע אויס־וואורפען זייערע קערפּער אויף שענקען... צו זיין א מעצענאַט איז א מאָדע געוואָרען, דער „גראָבער בייטעל״, וואָס האַלט זיך מחויב „לעבען נאָך דער מאָדע״, האט זיך, צוליעב די מעצענאַ־טען, גענומען קויפען קונסט, ווי ער קויפט טהייערע מעבעל, בריליאַנטען און אַנדערע קאָסטבאַרע זאַכען, נאָר צו ווייזען דאָס ער קען זיך ערלויבען פיעל געלד אַרויסוואַרפען. די אידעאַלען פון קונסט האט זיך גענומען וועקסלען ווי די מאָדע, די קינסטלער אַליין זיינען א מאָדע אַרטיקעל געוואָרען, נאָר זייער סעזאָן געהאַט.

— אבער עס גיט דאך מענשען מיט טיעפע געפיהלען, מיט נשמות בייננקענדע נאָך שעהנהייט און ערהאַבענעס, פאַר זיי איז

קונסט אַז אמת'ע נויטהווענדיגקייט, ווי פאַר'ן געזונטען מענשען, נאַהרונג פאַר'ן קערפּער, זאָמלען זיי דען ניט קיין קונסט זאַכען ?

— אַזעלכע מענשען גיט ביי אונז איצטער זעהר פיעל, דאָך זאַמלען זיי ניט פאַר זיך אַליין קיין קונסט, זיי זיינען די יעניגע, וועלכע מיהען זיך, דאָס די בעסטע שאַפונג פון אונזערע קינסט־לער זאָל ביי אונז בלייבען אין אונזערע מוזעאומס, וואו ער געהט, ווי אין אַ טעמפּעל, ווייל זיין נשמה בייגקט נאָך שעהנקייט, ווען קיין אַנדער געדאַנקען איז אין זיין קאָפּ ניטאָ, ווען ער פיהלט ניט אין האַרץ אַנדערע געפיהלען. צו הויז האָט ער נאָר אַלבאָמס, וואו אין פּראַכטפאָלע רעפּראָדוקציעס קען ער זעהען זיינע ליעב-לינגע, אַרויסרופען אין עראינערונג דעם עקסטאַז, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, ווען ער האָט דעם אָריגינאַל אַליין געזעהן.

— איך האָב אין לעצטען זאַל פון „בצלאל-מוזעאום", כמעט גאָר ניט געזעהן פרויען־ציערונג. טראָגען דען ניט מעהר די פרויען ציערונג ? דאָס איז, דאַכט זיך, געגען די נאַטור פון פרויען.

— יאָ, די נאַטור פון די פרוי איז, זיך צו פּוצען, זוכען געפעהלען צו ווערען, איבערהויפּט, ווען זי איז שעהן. די נאַ־טור האָט זיך ביי איהר ניט געקענט ענדערען, נאָר איהר געשמאַק האָט זיך פאַרבעסערט, ווייל די מענער זיינען מעהר עסטעטישער געוואָרען די פרוי האָט זיך אימער צום געשמאַק פון מאַן צו-געפּאַסט. קיין פרוי בעהיינגט זיך ניט מעהר מיט בליציגע זאַ-כען, אַזוי ווי זי האָט שוין פון לאַנג אויפגעהערט טאַטואירען איהר פּנים. דעם מאַן געפעהלט שוין ניט מעהר אַ פרוי, וואָס דענקט נאָר איהם רייצען, קיצלען זיינע נערוועז. דאָס געפינט ער פאַר וואולגאַר, ווילד, ניט עסטעטיש. ער זוכט אין די פרוי נאַטיר-ליכע שעהנקייט, די רוהיגע גראַציע און האַרמאָניע, וועלכע די נאַטור אַליין האָט איהר אַריינגעגעבען. די ווייכקייט און פּאָעזיע פון אַ צאַרטעס קינד, מיט אַ געזונטען פאַרשטאַנד און קראַפט פון נאַרמאַלען מענשען. דאַריבער גיט איצט אויך ניט די סעזאָן־מאָ-דעס. איצט, ווען אַ פרוי, האָט איין מאָהל געפונען אַ קלייד, וועלכע די פאַרב האַרמאָנירט פאַר איהר פּנים, און דער פאַסאָן שטערט ניט איהרע נאַטירליכע שעהנהייט, טראָגט זי דאָס יאָה-רען־לאַנג, ביז איהר עלטער נייט אין אַן אַנדער פאַסאָן צו זוכען. יעדער עלטער האָט זיין שעהנקייט, ווי עס איז קאָמיש

א יונגע אין סאלידען פיר, אלטע מענשען, קלייד, אזוי איז לעכערליך אז עלטערע אין קליידער פון אן אינגערע זיך אנצוטהאן.

— דאס איז אלעס ריכטיג, דאך וואונדערט מיר, ווי האבען דאס די מענער, איבערהויפט די פרויען, אויף איין מאהל פאר־שטאנען ?

— ניט אויף איין מאהל, האט זיך דער געשמאק ביי אלע־מען געענדערט. שוין פון לאנג, האבען די בעסטע, דאס פאר־שטאנען. דער סנהדרין האט שטרענג פארבאטען די וואולגארע לוקסוס, נאכהער האבען שוין די פרויען פארשטאנען און ווילען שוין אליין ניט די מאדע, אזוי ווי קיין פרוי וועט ניט לאזען איהר געזיכט טאטואירען, וועלכע האט געגען איהר ווילען אויפגעהערט, נאר ווייל אונזער גרויסער מחוקק משה רבינו האט אונז פארבא־טען.

— איך האב געזעהען אין „בצלאל-מוזעאום", דאס פאר קונסט בענוצט מען איצטער טהייערע מאטעריאלען. וואו נעהמען די קינסטלער אזוי פיעל געלד דארויף ?

— גאלד, זילבער, עדעלשטיינער, פערל און דאס גלייכען איז איצטער שוין ניט אזוי טהייער. עס גיט שוין ניט מעהרער קיין מעטאלענע געלד און קיין קעסטעלאך מיט ציערונג, וועלכע יעדע פרוי האט ווי א קליינער קינד געזאמעלט. צוליעב דעם איז דאס טהייער געווארען.

— ווי פיעל בעקומט דער קינסטלער פאר זיינע ארבייט ?
אזא גרופע, ווי „אדם און חוה אין גן־עדן", וואס דו האסט מיר אין פיערטען זאל געוויעזען, דארף דאך א פארמעגען אבקאסטען. די פיגורען, די פארשיידענע חיות, בוימער און פלאנצונגען איז פון די עדעלסטע מאטעריאלען און שטיינער. די אויספיהרונג איז אזא פיינע, דאס דער בילדהויער האט געמוזט יאהרען-לאנג אר־בייטען. ווער קויפט אזעלכע ארבייט

— איך האב דיר שוין געזאגט, דאס די שאפונג פון אונ־זערע געניאלע קינסטלער ווערט ניט פארקויפט צו פריוואט מענשען. דער פאלקס-ג'עניע געהערט צום פאלק און ארבייט פאר'ן פאלק. דער קינסטלער בעקומט די אלע מאטעריאלען פון רעגיערונג און בעקומט יעהרליכע געהאלט, ווי שוין א מאהל האט מען געטהאן אזוי מיט די גרויסע געלעהרטע : מען האט זיי געגעבען די בע־דינגונגען און מעגליכקייט זייער וויסענשאפטליכע ארבייט רוהיג

צו טהאָן. דער קינסטלער פון וועלכען דו האָסט געזעהן אָדם מיט חוה׳ן, איז אויך אַ פּראָפעסאָר אין „בצלאל״ און אַ חבר אין סנהדרין, ער איז איינער פון אונזערע גרעסטע מענשען. רבי מנשה בן יהושפט איז זיין נאָמען.

— ווי קומט אַ בילדהויער צום סנהדרין? איך האָב גע-גלויבט, דאָס דער סנהדרין איז פון אַלטע פרומע רבנים, וואָס ווייסען נאָר די תורה און אַנדערע רבנ׳ישע וויסענשאַפט, ווי אין די אַלטע יאָהרען.

— אין די אַלטע צייטען, האָט דער סנהדרין געמוזט אויך מעהרער וויסען ווי רבנ׳ישע וויסענשאַפט. איצט איז נאָך אַנדע-רע צייטען, אַן אַנדער לעבען, אַנדערע מענשען און אַנדערע בעד־שעפטיגונגען. די אַלע מיטגליעדער פון סנהדרין זיינען רבנים, אַבער דעם טיטול „רבי״ בעקומען ביי זיי די, וועלכע צייכענען זיך אויס אין זיין פאַך. די לעהרערס פון פאָלק. דער דאָקטאָר, געלעהרטער, כעמיקער, מעכאַניקער, מאָהלער, פּאָעט; אַר־כיטעקט, בילדהויער, פּעדאַגאָג און אַגראַנאָם. קורץ, אַלע, וואָס שאַפען די נוצליכע אַרבייט פאַר׳ן פאָלק, קריגען דעם טיטול „רבי״, ווען ער האָט דאָס פאַרדיענט, ער קען אויסגעוועהלט ווערען אין סנהדרין. זיי מוזען דאָצו זיין אויך פון די אַנשי אמת, שונאי בצע, מענשען פון אמת, פיינד געלד. דער סנהדרין קען פיה-רען אונזער גאַנצעס לעבען, ווייל ער בעשטעהט פון פאַרשיידענע פּאַכלייטע אין אַלעס וואָס מיר נויטהיגען זיך אין לעבען... דער מיינונג פון „תחנת הבריאות״, „בצלאל״, „יבנה״, קען גיך דורך׳ן סנהדרין, אַ געזעץ ווערען פאַר׳ן גאַנצען פאָלק. דאָס פאָלק האָט די גרעסטע צוטרוי, און טיעפסטען רעספּעקט צום סנהדרין.

— האָט איהר שוין פון לאַנג דעם סנהדרין? איז ער פון אַנפאַנג אָן געשטאַנען אַזוי הויך?

— דעם סנהדרין האָט מען געגרינדעט גלייך נאָך דעם, ווי אידען האָבען זעלבסטשטענדיג אָנגעהויבען לעבען אין ארץ-ישראל. פון אַנפאַנג איז דאָס געווען אַ ריין רעליגיעזע אינסטיטוט. ער האָט זיך פּערשפּעטיגט מיט פּערגלייכען אַלע דינים און מנהגים, וואָס האָבען געהאַט די אידען פון פאַרשיידענע לענדער. פאַר גע-זעצען, האָבען מיר אַ קאָנגרעס מיט דעפּוטאַטען געהאַט און דאָביי געליטען פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער ווי ביי אַלע פעלקער. דער נייער לעבען האָט נייע פאָדערונגען געשטעלט, דער סנהדרין

האָט געמוזט זיך אינטערעסירען מיט אַנדערע פראַגען פון לעבען, געמוזט צו הילפע רופען פאַכלייטע : דאָקטוירים, אַגראָנאָמען און אַנדערע. די האָבען אַ גוטען איינפלוס אויף די סנהדרין געהאַט. נאָך לאַנגען קאַמפף און ענטוויקלונג האָט דער סנהדרין דעם איצטיגען געשטאַלט בעקומען, און מיר האָבען זיך געקענט אין גאַנצען בעפרייען פון קאָנגרעס מיט די „וואַהלען" אויף „פאָרשטעהער".

צוויי סנהדרין איז דאָ : „סנהדרין גדולה" און — „קטנה". דער ערשטער בעשטעהט פון זיבציג מיטגלידער, אויסגעוועהלט אויפ'ן גאַנצען לעבען. ווען איינער שטאַרבט, אָדער פיהלט זיך שוין ניט פעהיג זיין פעראַנטוואָרטליכע ארבייט צו מאַכען, וועהלט מען איינעם פון סנהדרין קטנה. דער צאָהל פון סנהדרין קטנה איז ניט אַ בעשטימטער, מיט וואַהל קלויבט מען די בעסטע פון די, ווער עס האָט דעם טיטול „רבי" און דאַצו די נויטהיגע מעלות, אָבער מיט וואַהל פון זיינע אייגענע חברים, קען מען אויך פון דאָרטען ארויסשיקען. אַלע געזעצע מוז דורךביידע סנהדרין דורכגעהן. דער נשיא ווערט אויסגעוועהלט פון ביידע סנהדרינ'ם. ער מוז אַ מיטגליעד פון גרויסען סנהדרין זיין.

— גיט עס ניט קיינע קאָנפליקטע צווישען ביידע סנהדרין ?

— פון אָנפאַנג איז קאָנפליקטע געווען אַ געוועהנליכע זאַך. מיר זיינען געווען פון פאַרשיידענע לענדער, פאַרשיידענע געוואָהנהייטען און אַנשויאונגען, נאָר לאַנגזאַם, האָט זיך אַלעס אויסגעגליכען. יעצט קומט מען שוין דורך. מיר לעבען דאָך אין גליקליכען דור, וואו די גרויסע, הערען זיך צו, צו די קליינע.

— ווער פיהרט דעם בעשלוס פונ'ם סנהדרין, גיט עס ביי אייך פאָליציי ?

— פאָליציי אין אייער אַלטען פאָרם — ניט. עס גיט בעאַמטע, וועלכע זאָרגען אויפ'ן אָרדנונג פון געזעלשאַפט, העלפען דעם אָרדנונג היטען, קיין מענש קען דאָ ניט לעבען, ווען ער וויל ניט ערפילען די בעפעהלע פונ'ם סנהדרין. די געזעלשאַפט אַליין, צווישען יעדער מוז לעבען, איז די ריכטיגסטע, שטרענגסטע פאָליציי. די הויפט זאַך איז, דאָס יעדער נאָרמאַלער מענש, האָט דאָס מעגליכקייט זיך איבערצייגען אין די ריכטיגקייט און נוצליכקייט פון דעם אָרדנונג, וועלכע די סנהדרין האָט איינגעפיהרט. יעדע נייע געזעץ, ווערט שריפטליך און אין פערזאַמלונגען ערקלעהרט די נוצען פון נייעם געזעץ.

— איך פאַרשטעה ניט דעם זין פון די נייע וואָהנונגען, וועל־
כע מען האָט ביי איך איינגעפיהרט. ווי נעהמט מען אויף געסט
אין אַזאַ הויז מיט ווייניג מעבעל ? וואָצו מוז די פענסטער גע-
מאָהלטע זיין, ניט דורכזיכטיגע ? וואָצו די שוואַכע בעלויכטונג
ביינאַכט ?

— געסט צו הויז, גיט שוין ניט מעהר ביי אונז. דאַרויף
איז דאָ פאָלקס-שפּייזע הייזער, קלובען און אַנדערע געזעלשאַפט-
ליכע ערטער. די געסט האָבען אַ מאָהל פון מענשען אָבגערויבט
זיין וואָהנונג, זיין פרייהייט, פאַרברייט דעם לוקסוס, ליידיג־
געהן, לשון-הרע, פוסטע עטיקעט און פאַלשקייט. מיין הויז —
מיין היים, דאָס איז אונזער שפּריכוואָרט. פיעלע מעבעל — וויי־
ניג לופט, גיט פיעל ארבייט און שמוץ. דער פענסטער איז ניט
צו קוקען וואָס דער שכן טהוט, נאָר פאַר בעלויכטונג. עס גיט
ניט שעהנערעס פאַר דעם הויז ווי געמאָהלטע גלאָז, און דאָס
שטערט דאָך ניט די זון אריינצוגעהן. די נאַטור האָט געגעבען
ליכט נאָר ביי טאָג, ביי נאַכט בעדאַרפען די אויגען רוהען, די
נערוועז ניט אויפרעגען. דער מענש מוז אויפהערען ביי נאַכט
צו לעבען אָנגעשטרענגט. זיין קערפּער, ענערגיע מוזען רוהען,
זיין האַרץ מוז פול ווערען מיט אַ וואַרעמע ווייכקייט מיט דער
שטימונג, ווען דער דערוואַקסענער מענש פיהלט זיך קליין און
הילפלאָז ווי אַ קליינע קינד און זוכט אַ מאַמען : די גרין-בלוי-
ליכע, ווייכע לבנה-ליכט, גיט דעם שטימונג, דאַריבער האָט
מען איבעראל איינגעפיהרט די בעלויכטונג. נאָר דער פּונקט, וואו
מען דאַרף זעהען : דעם בוך, די סצענע און דאָס גלייכען, בע-
לייכט מען מיט אַ העלען בעלויכטען ליכט.

— איז דאָס פאָלק צופריעדען, וואָס די סנהדרין שרייבט
איהם צו יעדער קלייניגקייט אין זיין פּערזענליכען לעבען ?

— יאָ, ווייל ער גלויבט און איז איבערצייגט אין זיין גע-
רעכטיגקייט, איבערהויפּט זיינען מיר אידען געוואָהנט צו אַזעל־
כע זאַכען : מיר האָבען אויך פריהער געגעסען, נאָר וואָס די תורה
האָט אונז געהייסען, אָבגעהיט ריינקייט, ווי אין תורה איז גע־
שריעבען. די תורה האָט אונז גענוי בעשריעבען, אויך וועגען
שעהנקייט, למשל, ווי צו בויען דעם משכן, מאַכען די כלים
פון משכן. ווי צו נעהען די קליידער פון די כהנים און ווי בשמים,
וואָס גיעבען אַ גוטען ריח, אַנצוגרייטען.

דער קול פון שופר האָט אונז איבערגעשלאָגן. איך האָב זיך געוואונדערט, דאָס דער שופר איז אַזוי האַרמאָניש, ערמונטעריש, ערוועקט פריידען, ניט דער אַמאָהליגער קול פון שופר, אויס־געמאַטערטע, אויסגעקוועטשטע, ווילד-וויינענדע, שרעקענדע און נערוועזע טענער. דער לעהרער האָט מיר געזאָגט:

— זעהסט, מיר האָבען ווידער גענומען אונזער אַלטען שופר, ניט די קריסטליכע, פרעמדע-פאַר-אונז, גלאָק, אָבער מיר האָבען איהם אין גאַנצען געענדערט נאָך אונזער אַרט פון לע-בען און גייסט.

פון אַלע טהירען האָבען זיך אַרויסגעשאָטען די שילער פון „בצלאל" און אין פאַרשיידענע גרופען צושטעלט איבערען גאַנצען הויף. אַלע זיינען זיי געוועזען אין פלאַנעלענע טורן-אַנציגע מיט ברייטע גאַרטלען. דאָס טורנען האָט זיך אָנגעהויבען. ניט גע־קענט אָברייסען מיינע אויגען פון זייערע שעהנע, שטאַרקע פי־גורען מיט עלאַסטישע בעוועגונגען. די געוועהנליכע, ביי אונז, צירק גימנאַסטיק, איז ביי זיי ניט געווען אין גאַנצען, ניט קיין פאָקוסען האָבען זיי געזוכט צו מאַכען, נאָר צו ענטוויקלען דעם קערפּער, פאַרשטאַרקען יעדער טהייל בעזונדער, צו האָבען אַ ריכטיגען ריטהם פון בעוועגונגען. אין שפּיעל מיט'ן באַל, האָט מען געקענט זעהען, זייערע גאַנצע בעווענליכקייט פון קערפּער, קראַפט, געשווינדקייט, אויסדויערקייט און ריכטיגע אויג. אי־בערהויפּט איז אַ שעהנער בילד געווען, ביי'ן ענדע, ווען אַלע גרופען האָבען צוזאַמען געאיבט. ווי אַ פאַנטאַסטישער באַלעט האָט דאָס אויסגעוויזען. די צוויי פאַרשיידענע פאַרבען פון די קליידער, וואָס די אינגלאָך און די מיידלאָך האָבען געטראָגען, האָט פאַרשיידענע מאָזאַאיקע אָרנאַמענטע געמאַכט, וועלכע האָט זיך געשווינד געענדערט, ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ.

דער זייגער האָט מוזיקאַליש זיעבען געשלאָגען. אַלע זיינען פרעהלאָך צוריק אונטען אין די באַדע צימערען אַוועקגעלאָפען

אַרויסגעקומען זיינען זיי פון דאָרטען, אָנגעטהאָן אין לאַנ-גע, ווייכע, ווייסע מאַנטלען מיט ווייכע גאַרטלען אומגעגאָר-טעלט און גלייך אויבען, אין שפּייז-זאַל, אַריינגעגאַנגען.

מיר זיינען זיי נאָכגעגאַנגען.

דער זאַל האָט ביי נאַכט גאַנץ אַנדערש אויסגעזעהען. מעה-רער ווי געדעקטע טישען אין אַ פרייען גאָרטען — אַלס ווי אין

אַ צימער. אַ ווייכע אָווענד-דונקעלקייט איז דאָרטען געווען, נאָר אויף די טישען קליינע פייערלאַך מיט פאַרשיידען־פאַרביגע אַבאַזורען באַדעקט. איבעראַשט בין איך געבליבען, ווען איך האָב דעם פלאַפאָן געזעהן: דער גאַנצער גלעזערנער־פאַרביגער קופאָל האָט ווי אַ פאַנטאַסטישער הימעל אויסגעזעהן צונויפגעשטעלט פון פאַרשיידענע האַרמאָנישע קאָלירען, וועלכע האָבען אַ וואונדערבאַרען, דורכזיכטיגען טעפיך געבלידעט. ביים עסען איז אַלס צוגעגאַנגען ווי צו מיטאָג, נאָר דער טיש פון די לעהרער איז פינסטער געווען. קיין לעהרער איז צום נאַכטמאהל ניט געווען. אויך קיין דיענער ווייטער ניט געזעהן. דער אָרגאַן האָט פון אויבען געגאָסען זיינע טיעפע, זינגענדע טענער, וועלכע האָבען זיך ווי דופטענדע ריחות צושפרייט איבערען גאַנצען זאַל. אַ זיסע שטילקייט האָט געהערשט דאָרט, קיינער האָט לויט ניט גערעדט, ווי זיי וואָלטען אין אַ טעמפעל געווען.

דער עסען האָט זיך געענדיגט. ווייטער האָט איינער מיט אַ מוזיקאַלישע שטימע, ערנסט די לעצטע ברכה געמאַכט, אַלע — אָמן געזאָגט און גענומען אַרויסגעהן. מיר זיינען זיי נאָכגעגאַנגען. צו פאָרלאַך און גרופענווייז, האָבען זיי זיך צושפרייט איבערען גרויסען הויף און גאָרטען פון בצלאל. דער לעהרער האָט מיר אין אַ געביידע אַריינגעפיהרט.

— דאָס איז זייער שלאָף-צימער — האָט ער געזאָגט, — דאָ רוהען זיי זיך אויס, נאָך'ן שווערען אַרבייט פון אַ גאַנצען טאָג. עס גיט נאָר אַזעלכע צוויי צימער, איינער פאַר אינגלאַך און אַ צווייטע פאַר מיידלאַך.

אין אַזאַ שלאָף-צימער קען מען זיך אויסרוהען. דאָס האָב איך גלייך געפיהלט, ווי איך בין דאָרט אַריינגעגאַנגען. אין גאַנץ גרויסען צימער, קיין איין לאָמפ ניט געזעהן. די ווייכע, שוואַכע בעלויכטונג, האָט זיך פון אויבען, ווי פון אַן אויסגעשטערנטען הימעל געגאָסען. די פיעל פייערלאַך, וועלכע זיינען אין פלאַפאָן געווען, האָבען טאַקע ווי שטערען אויסגעוויעזען, זיי האָבען געפינקעלט און בעוועגט זיך מיט זייערע בלוי־גרינליכען שיין. די גרויסע פענסטער זיינען מיט ווייסע פאָרהאַנגען געוועזן. די לאַנגע רייהען פון די פיעל בעטען זיינען אויך ווייס געוועזן, אַ ווייכע, ריינע לופט, ווי אַ זומער נאַכט אויפ'ן פרישען לופט, איז דאָרט געווען.

— איך פאַרשטעה ניט, ווי קומט עס, דאָס איבעראַל איז אין די פּאַוויליאָנס קיהל ? זיי זיינען דאָך פון אייזען און גלאָז געמאַכט. ביי טאָג דאַרף דאָך פּראָסט אינווייניג ברענען — און ביי נאַכט, אין ירושלים, קאַלט און פייכט זיין ? — האָב איך ביי מיין לעהרער געפרעגט.

— דאָס איז אַ שווערע אויפגאַבע געווען, נאָר אונזערע אַרכיטעקטען האָבען אויפ'ן בעסטען אַרט געפונען ווי צו איינ־ריכטען, דאָס זומער און ווינטער זאָל זיין אינווייניג די ריכ־טיגע טעמפּעראַטור. קיין גאַנץ נייע זאַך, האָבען מיר ניט אויס־געטראַכט. דער מענש האָט שוין דאָס לאַנג געטהאָן צו בעשי־צען זיין קערפּער פון טעמפּעראַטור ענדערונג — קליידער. זיין גע־באַרענע קלייד — די הויט — איז ווייניג, האָט ער אַ צווייטע אויסגעטראַכט — גענעהטע קליידער, אַזוי מאַכען מיר מיט די וואָהנונגען : ניט פון איינצעלנע ווענט, נאָר פון דאָפּעלטע. יע־דער פּאַוויליאָן האָט אויסער די אויסערליכע ווענט, אייזערנע און טעראַקאָטענע, אויך אַן אינערליכע פון גיפּס אַזוי צוגעריכט, דאָס זיי לאָזען ניט דורך ניט היץ — זומער און ניט קעלט — ווינטער, דאַצו איז איינגעריכטעט גוט ווענטעלאַציע און צענטראַל-בעהיי־צונג. פאַר ווינטער מיט פייער, זומער ווערט דאַרטען אייז אַריינ־גענעבען דאַן בעקומען מיר קאַלטע לופט, דאָס מען קען לייכט די לופט און טעמפּעראַטור האָבען ווי נויטהיג איז.

לאַנגזאַם האָבען די שילער אָנגעהויבען פול מאַכען די שלאָף־צימער, מיט זיי, בעמערקט, זיינען אויך צוויי עלטערע אַריינ־געקומען. ווער האָט דאָס געקענט זיין ?

— דאָס זיינען ערצטע, זייערע שטיצע פון קערפּער און גייסט. — האָט דער לעהרער אויף מיינע גדאַנקען געענטפערט.— זיי פאַרברייינגען מיט זיי פאַר'ן שלאָף און נעכטיגען דאַ :

מאַנכע פון די שילער זיינען גלייך שלאָפען געגאַנגען. דאָס מעהרסטע האָבען זיך צוזעצט, צו אייניגע אויף אַ בעט און, שטיל, פאַרטגעזעצט זייערע פריהעריגע געשפּרעך. נעבען איינעם פון די ערצטע האָבען זיי זיך פיעל צונויפגעקליבען, ער האָט זיי שטיל עטוואָס דערצעהלט. דער צווייטער איז מיט איין שילער אַרומ־געגאַנגען הין און צוריק איבער די גאַנצע לענג פון זאַל, ערענסט איבערצייגענד, מיט איהם גערעדט, אַפּטמאָהל זיך אָבגעשטעלט, געקוקט אויפ'ן שילער מיט ליעבע און פאַרזאָרגטקייט. מיר האָט

געוואונדערט, דאָס אזעלכע לעבעדיגע, געזונטע קינדער שטי־
פען ניט פאַר׳ן שלאָף, ווי מיר זעהען, געוועהנליך ביי אונזערע
קינדער א נערוועזע שטימונג פאַר׳ן שלאָף. דער לעהרער האָט
געזאָגט :

— די נערוועזע בעוועגונג ביי קינדער פאַר׳ן שלאָף, זיינען
פאַר זיי שעדליך : זייער שלאָף קען ניט זיין א גאַנץ רוהיגער,
וואס עס איז זיי נויטהיג פאַר׳ן קערפּער און גייסט. דאָ גיעבען
מיט זיך די גרעסטע מיהע, דאָס דער קינד זאָל קענע רוהיג איינ-
שלאָפען, ווי די פויגעלאך אין נעסטען און בלומען אין גאָרטען.
קיין שרייענדיגע בעלייכטונג, קיינע רוישענדע מוזיק, קיינע טו-
מעלדיגע געשרייען און קיינע שטאַרקע בעוועגונגען, איז ביי אונז
ביי נאַכט ניטאָ. אַלץ ארום איז איינגעריכטעט, דאָס עס זאָל זיך
אברוהען די נערווען פון א גאַנצען טאָג ארבייט, די מוסקולען ניט
אנגעשטרענגט זיין, דער קערפּער זאָל א רוהיגע ווייכקייט בעקו-
מען. דער געדאַנק זאָל לייכט אין ליכטיגע וועלטען שוועבען און די
הארץ זאָל שטיל קלאַפּען, זוכען רוהע, בערוהיגען זיך אין זיסען
שלאָף. די שווערסטע, איז דאָס צו ערגרייכען מיט די שילע-
רינס. דעם טויזענד-יאָהריגען אינסטינקט איז ניט אזוי לייכט צו
בעקעמפּפען. אויך איז דאָך זייער נאַטור אַליין אַן אַנדערע, אי־
בערהויפּט אין דער איבערגאַנג׳ס־צייט, ווען פון די קליינע קינד
בילדעט זיך אויס די פרוי, די צוקונפטיגע מוטער. ביי די מייד־
לאַך איז מעהרערע ערצטע-ערציהערינס דאָ, זיי האָבען אויף זיך
די וויכטיגע און פאַראַנטוואָרטליכסטע ארבייט : בריינגען רוהע
אין די מיידעלשע הארץ, איהרע צאַרטע נערוועז הארמאָנירען, אָנ-
גרייטען איהר צו איהר גרויסע אויפגאַבע — א מוטער צו זיין, קע-
נען א וואַרעמען נעסט צו בויען און א גוטער, געטרייער חבר צו
זיין דעם, וועלכער העלפט איהר אין איהרע מוטערשאַפט איהרע
קינדער צו בעשיצען. אונזערע בעגאַבטע פרויען בעשעפטיגען זיך
מיט ערציהונג פון אונזערע מיידלאך. אָן דיעזע ערציהונג הענגט
אַב יעדענס גליק, יעדענס צוקונפט, אויך דער צוקונפט פונ׳ם
גאַנצען נאַציאָן. די מוטער גיט דעם קינד א געזונדען קערפּער,
שטאַרקע נערוועז, טיעפע געפיהלען און זוכענדען פארשטאַנד נאָך
אין זיינע ערשטע יאָהרען. אין איהר האַנד איז דער גליק פון יע-
דער מענשען, זיין כח אין אַלע זיינע ארבייט. זי שאַפט דעם
גן-עדן, אָדער גיהנום, אין וועלכען זיי לעבען שפּעטער ביידע.

— גוטע נאכט ! האט זיך געהערט פון אלע זייטען, ווי די קינדער זאגען זייערע ערציהער. — א גוטע נאכט קינדער, — האט ער זיי געענטפערט. די שטערען פון פלאפאן האבען אנגעהויבען דונקעלער פינקלען. עס איז פינסטער געווארען, מיר האבען זיי פארלאזען...

— פאר וואס זיצט דו אין דער פינסטער אליין — האב איך פלוצלונג מיין פרוי'ס שטימע געהערט — קום, ליליווארט אויף דיר. דו האסט דאך איהם צוגעזאגט מיט איהם צו שפיעלען ?

אלעס פארשוואונדען... עס איז געווען גאנץ פינסטער.

טאפענדיג, בין איך צווישען די שטאטוען געגאנגען.

א מיעדער און א פאר'חלומ'טער בין איך פון מיין אטעליע ארויסגעגאנגען.



## ח.

נאך זעקס מאנאטען האט זיך די וועלט־קריעג געצויגען. די בלוט־באד ענדיגט זיך ניט. מען איז געשטאנען נאך פיעל ווייטער פון שלום, ווי ביים אנפאנג פון קריעג. מען האט זיך געשראקען, דאס די בייזע, לארד קירטשנער'ס נביאות — די קריעג וועט דריי יאהר געדויערען — קען מקוים ווערען. די גאנצע וועלט האט גע־קרעכצט פון די גרויזאמקייט פון דער קריעג. מעהר פון אלע, האט מען געהערט אידישע זיפצען...

אונזער לאגע איז געווען די שרעקליכסטע פון אלע קריעגס־פיהרענדע פעלקער. מיר האבען געליטען אי ביי א פארלוסט, אי ביי א געווינס: מיר זיינען געווען אין ביידע זייטען שטרייטענדע פעלקער, מיר האבען אונזערע אייגענע ברידער גע'הרג'עט, ווען דער ביטערער גלות האט זיי, צופעליג געאגראפיש צוטהיילט.

נאהענט פון א מיליאן, די גוזינסטע מענשען האבען מיר דעם טייפעל פון קריעג אבגעגעבען. מיר זיינען געגאנגען אונזער בלוט פארגיעסען, ניט פאר אונזער פאלק, ניט פאר אונזער לאנד, נאר אלס דאנקבארקייט פאר די שכנות, וואס מען האט אונז גע־געבען: פאר'ן טרויעריגען „אזיל" אין וועלכען מען האט אונז קוים געדולדעט, קיין מאהל ניט געקענט אויסצאהלען דירה־געלד. אונזערע אלטע, שוואכע, פרויען און קינדער, האט מען אין די ווילדעסטע פארמען ריקווידירט אין די הייליגע רוסלאנד, געמאכט זיי צום שעיר לעזאזל פאר יעדער ניט געלונגענעם שלאכט, אנגע־העצט דעם פינסטערען רוסישען פאלק, אידישע פאגראמען צו מאכען. אונזערע ברידער פון רוסישען גלות, — די שטאלצע פאליא־קען — האבען אונז „ברידערליך" בעהאנדעלט אין די צייט, ווען מיט די פוילישע שטעדט, האבען די שטריידענדע דעם שרעקלי־כען באל־שפיעל געשפיעלט...

מען האט אונז געגויטה געבען די שרעקליכסטע קרבנות דעם בלוט־גאט פון קריעג, ניט געבענדיג אונז די רעכט צו שטייגען נאך אונזער פארדיענסט. דאביי האט מען געטהאן דעם גרעסטען

אוממענשליכען אונרעכט : ערקלעהרט די אידישע סאָלדאַטען פאַר פאַררעטהער ביי זייערע חברים-סאָלדאַטען מיט וועלכע זיי זיינען צוזאַמען געגאַנגען זייער בלוט פאַרגיעסען.

די מלחמה האָט זיך שוין שטאַרק געלאָזט פיהלען אין ארץ-ישראל. מען האָט נאָך ניט בעוויעזען צו געבען איין פּולווער-שאָס און הונדערטע קרבנות האָבען מיר שוין געגעבען פון די אַנשטע-קענדע קראַנקהייטען וואָס די מיליטער האָט אַנגעבראַכט. דער „קראַנקער מענש", האָט זיין צופוילטקייט ארויסגעוויעזען, ווען אַ „קריזיס" איז געקומען. ער האָט געוויעזען זיין אונקול-טור, זיין אָרגאַניזאַטאָרישע אונפעהיגקייט, זיינע אַטראָפיר-טע אָרגאַנען פון ווילדע פוילע בעאַמטע, וואָס דענקען נאָר וועגען „באַקשיש", זיין אַזיאַטיש־דעספּאָטישע בעהאַנדלונגען מיט די פּרעמדע נאַציאַנען וואָס זייגען אונטער זיין "שוטץ" געוועזען...
ירושלם האָט מעהר געליטען פון אַלע שטעדט אין ארץ-ישראל. אי-בערהויפּט די אידישע ירושלם, וועלכע האָט פריהער אויך געלעבט נאָר פון נסים. די אומגליקליכע חלוקה האָט כמעט ווי אויפגע-הערט. פאַר איהר ביסעלע אינדוסטריע, וואָס זי האָט, איז איהר מאַרק געווען — אויסלאַנד, אָדער אויסלענדישע טוריסטען, וועל-כע, צוליעב דעם קריעג — זי האָט אויף איין מאָהל פאַרלאָרען. קיין הינטער־לאַנד האָט ירושלם ניט, אַרום איהר איז אַלעס חרב און וויסט, די ווייניג פּרימיטיווע אַגריקולטור ארבייט, איז ביי די האַלב-ווילדע אַראַבער אין די הענט, וועלכע האָבען אַבסאָלוט קיינע בעדערפעניס ניט אין די ארבייט פון שטאָדט. די רוהיגע, פרומע ירושלם, איז געוואָרען אַ מיליטער־צענטער מיט אַלע מעלות טובות, וועלכע מיליטער ברייגגען מיט זיך... איהר קריעגס-צו-שטאַנד האָט איהר איבערגעגעבען אין די הענד פון די גנבים-פּאָ-ליציי, און אַנדערע באַקשיש'ניקעס-בעאַמטע. דאָצו זיינען מיר גאָר ניט געווען צוגעגרייט. זעהר ווייניג האָבען געקענט טערקיש ריידען, און נאָך ווייניגער האָבען געקענט די כלומר'שדיגע גע-זעצען פונ'ם לאַנד, דאַריבער איז ביי אונז אויסגעוואַקסען די אַל-טע גלות־מכה — „שתדלנים", אונזערע „ערגסטע פון פאָלק", כמעט די איינציגע, וועלכע האָבען די רעגיערונגס-שפּראַכע גע-קענט, מאַנכע פון זיי שוין האַלב אַסימילירטע, אָבער נאָך וויל-דער אַלס די אַראַבער אַליין, וועלכע האָבען די חוצפה בעקומען

פאַר אונזערע פאַרשטעהער זיך אַרויסצוגעבען, און געוועלטיגען אויף אונז ביד חזקה.

ירושלם איז וויסט געוואָרען ! ...

זי האָט פאַרלאָרען איהרע בעסטע קינדער, א טהייל האָט מען פאַרשיקט, א טהייל זיינען אַליין אַנטלאָפען. דער פּחד פון אַרויסשיקען האָט געשוועבט איבער ירושלם. איהר יוגענד האָט מען פון איהר צוגענומען, צום דיענסט דעם טייפעל פון מלחמה. די ביסעלע לעבעדיגע וואָס זיינען געבליעבען, זיינען געווען א שפּייז, פאַר די רויב-פויגעל, וועלכע האָבען א יאָגד אויף זיי גע-פיהרט, ווי אויף ווילדע חיות, מיט זייערע „באַקשיש'ען" דעם לעצטען טראָפּען בלוט פון פאָלק אויסגעצויגען...

מען האָט שוין מעהר ניט געהערט דעם נגון פון גמרא און זינגען פון די אַרבייטער ! „רחמנות", „רחמנות" ! — האָט יאָמערליך געקלונגען אין אַלע גאַסען, פון די הונגעריגע, אַלטע, אַלמנות און יתומים, וועלכע האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט, ניטאָ ווער עס זאָל זיך אויף זיי דערבאַרעמען. די גאַסען, וואָס זיינען א מאָהל פול געווען מיט פרומע פּילגרימען און נייגעריגע טוריס־טען, האָבען געקאָכט און געווידמעט פון פראָפעסיאָנעלע בלוט־פאַרגיעסער, אויסגעבילדעטע ספּעציאַליסטען צו טויטען מיט פאַר־שיידענע געוועהר... אַלע גאַט'ס טעמפּלען פון פאַרשיידענע נאַ-ציאָנען, אַלע וואָהלטהעטיגע געביידען, זיינען פון זיי בעזעצט געווען. אַלעס האָבען זיי פאַרגיפטעט מיט זייער אַטמאָספערע, אַלעס הייליגעס האָבען זיי פאַרשמוצט מיט זייער שכרות און אויס-געלאַסענהייט...

די הייליגע ירושלם האָבען זיי פאַר א זונה געמאַכט ! ...



שווערער איז געוואָרען אין אונזער קליינער וועלטעל פון קונסט ! מיר אַליין, פאַר מיינע פריוואַט אַרבייט, איז אויך שווער געוואָרען אַלע הינדערנישען אויסצומיידען : די מאַטעריאַ-

לעז, צו דער ארבייט, איז שרעקליך טהייער געווארען. מיר האט געפעהלט געלד-מיטעל אויף גיפס, בעלייכטונג, בעהייצונג און מאדעלען. איך קען ניט ענדיגען, נאך מיין וואונש, מיינע פיעלע אנגעהויבענע זאכען, וואס איך האב אין דער צייט געארבייט. יעדע ניט פארטיגע ארבייט האט פון די שטאפעלייען טרויעריג אויף מיר געקוקט, ווי די זינדיגע נשמות, וואס בעטען א תיקון, מען זאל זיי אויסלייטערען. — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

א ספק איז אין מיין הארצען אריין, צי וועלען מיר קענען גובר זיין די שרעקליכע איצטיגע בעדינגונגען פאר קונסט ? צי וועט אונז ניט דער טייפעל פון קריעג, איינשלינגען ווי אונזער בעסטען שילער, דעם ארעמען אליעזר בריליאנט, וועלכענס איינזאמער קבר, געפינט זיך אין דער מדבר ? ווער ווייסט ? צי איז ניט איצטער געקומען די לעצטע טעג פון בצלאל, ער וועט פארשווינ-דען פאר דער אידישער וועלט, ווי א ליכטיגער חלום מיט א טרויע־ריגער ענדע ? איך האב מיר דערמאהנט די שעהנע וועלט פון מיינע ליכטיגע חלומות. די הארץ איז פול געווארען מיט בייקנק־ניש, נאך אלעם וואס איך האב געזעהן. אין קאפ האט דער מח געשלאגען : דברי חלומות לא מעלים ולא מורידים, א חלום איז א ליגען...

... אין מיין אטעליע ביז איך דאן געוועזען ארומגערינגעלט מיט מיינע ניט פארטיגע ארבייט. — קום צו מיר, די געטליכע קינסטלער ! — האב איך טיעף אין מיין הארצען גערופען מיין לעהרער. — וויז מיר דיינע ליכטיגע וועלטען. מיין נשמה דורשט ווי די הייסע מדבר-זאמד נאך רעגען, ליכט זוכט זי... זאל דאס זיין אן אירענדער מיראז׳ פון ווייטע, ווייטע וועלטען, דאך בע-סער אלס די שרעקליכע פינסטערניש ! ...

נעבען מיין ניט געענדיגטען פיגור פון משה רבינו, האב איך מיין לעהרער דערזעהען.. רוהיג איז ער געשטאנען. שטיל, קוים בעוועגט מיט די ליפען האט ער געזאגט :

— דער מיראז׳ ווייזט דעם אמת, א ריכטיגע וועלט, נאר א ווייטע... פיעל מוז מען נאך וואנדערען אין ווילדען מדבר, ביי

טאג פארברענט ווערען פון די זון, ביי נאכט פריהרען פון קעלט, ליידען פון חיות רעות. אבער די אמת'ע קינדער פון דער מדבר, געפינען דאך זייער ריכטיגען וועג, ערגרייכען דעם גליקליכען אזים... דער מיראז' האט זיי מוטה געגעבען איהם אויפצו-זוכען.

— דו ביזט א קינד, פון דער מדבר — האט ער מיט א הע-בערע שטימע געזאגט. — געבארען ביזט דו אין א וואנדער-צעלט, ביי עלטערען אהן א היים, ביי א פאלק, וואס וואנדערט שוין צוויי טויזענד יאהר...

אין א שרעקליכען, וויסטען מדבר האסט דו דיין קינדהייט פארבראכט, דיינע אויגען האבען ניט געזעהן קיין גרינע גראז, דיין הארץ האט ניט געפיהלט די ארומיגע מענשען פאר לעבע-דיגע, די בייזע ערד, האט ניט פאר דיר געוואקסען די ארומי-גע מענשען זיינען ניט לעבעדיג געווען. טויטע שאטענס האבען דיר בעגלייט דיינע ערשטע טריט אין לעבען. זיי האבען געוואלט דיר לערנען א לעבענס-וועג צו געפינען, די וועג, וואו זיי האבען, אין פאר-לויף פון צוויי טויזענד יאהר געוואנדערט... אבער דיין געבארענער, לעבעדיגער גייסט האט אנדערע וועגען געזוכט. די וועגען, וועלכע פי-רען צום פאנאטישע, ליכטיגע וועלטען, ווי די מיראז'ען וואס דו האסט געזעהן... דו האסט דאן געזעהען א שעהנע בעפלאנצ-טע לאנד, וואו דער אתרוג בליהט, וואו דער ירדן פליעסט, וואו די צעדערען וואקסען, די לאנד פון זבת חלב ודבש, וואו דיינע אור-עלטערען האבען א מאהל געוואהנט, די שעהנע שטאדט ירושלם געשטאנען און אין בית המקדש קרבנות געבראכט...

וויסט איז דיר דער ארומיגער מדבר געוועזען, טויט, די מענ-שען, וועלכע דארט לעבען, שרעקליך זייער אונענדליכער, שווע-רער וואנדערען.

דו ביזט גרעסער געווארען. דיינע אויגען זיינען שארפער געווארען, האסט גענומען טיעפער קוקען.

די שעהנע מיראז'ען-וועלט איז ביי דיר ווי א חלום פארפלוי-גען, ווייל דו האסט אין איהר שוין ניט מעהרער געגלויבט, פאר א קינדערשע פאנטאזיע גערעכענט.

דו האסט געזוכט אן אמת'ע וועלט צו געפינען, וואו אלע מענשען-קינדער זיינען ברידער, די גאנצע שעהנע גאט'ס וועלט אין זייער ליעבע מאמע...

דאָס וואָר אָבער אויך נאָר אַ ליכטיגער מיראַז׳, אַ שעהנער חלום פון אַ יונגען זיעסען שלאָף אונטערען מאַנד-שיין. דאָס האָט אויך ווי אַ חלום ג ע מ ו ז ט אוועקגעהן, ווייל דו האָסט דאָס פאַר אַ ב אַ ל ד י ג ע ן אמת ג ע ר ע כ ע נ ט.

איצט זעהסט דו אַ נייעם מיראַז׳, אַ חלום, וואָס פאַראיי־ניגט דיינע געזעהענע ביידע וועלטען, מיט וועלכע דו האָסט דיין גאַנצען לעבענס-לאַנג געלעבט. די וועלטען, וואָס האָבען דיר גע־געבען כח דיין שווערען וועג אין דעם וויסטען מדבר צו מאַכען. די וועלטען, וועלכע האָבען דיר ערהאַבענע גליקליכע מינוטען גע־געבען, דיין נשמה לעבעדיג געמאַכט און איהר אַ נשמה-שפּראַך געלעהרענט... דו ביזט געוואָרען אַ גאַנצע נשמה, צווישען די צובראָכענע נשמות, וועלכע רינגלען דיר ארום, נאָר די וועלטען וואָס דו האָסט געזעהן, צו פאַרדאַנקען.

געה, דו מדבר־קינד, מוטהיג נאָכ׳ן מיראַז׳ ! ווייטע וועל־טען וועיזט ער דיר, אָבער אמת׳ע. און ווען דיינע פיס וועלען שוואַך ווערען פונ׳ם שווערען וועג, ווען דיינע אויגען וועלען מאַט ווערען זוכענדיג, דו וועסט אַ מיעדער פאַלען, זאָלסט דו ניט פאַרגעסען דאָס דיין מיה איז ניט אומזיסט : טויזענדער וועלען אין דיין וועג געהן, דיין שווערע ארבייט פאָרטזעצען, ביז מען וועט איין מאָהל צום הויכען ציעל ערגרייכען : אויסטרעטען אין דער מדבר אַ וועג צום גן-עדן ! ...

— קום !



# ט

„נוה שאננים". די צוויי גאָלדענע אותיות איז געשטאַנען אויפ'ן קינסטלעריש-געשטימטען אייזערנעם טהויער. נעבען טהויער זיינען פיעל אויטאָמאָבילען געשטאַנען. איינער, דער פאָדערש־טער, האָט אַ קליין בלוי-ווייסע פאָהן געהאָט.

— דאָס איז דער אויטאָ פונ'ם נשיא. — האָט מיר דער לעה־רער געזאָגט. — ווילסט דו איהם איצטער זעהען ?

ניט געקאָנט גלייך ענטפערען, אַזוי האָט מיר איבערראַשט דער וואָרט „נשיא", און דאָס איך וועל איהם זעהען מיט מיינע אויגען. געפיהלט, ווי אַ מאָהל אין מיין קינדהייט, ווען איך פלעג אַ גוטען חלום זעהען, פלעג אין די זעלבע צייט וויסען, דאָס עס איז נאָר אַ חלום, גלייך וועט, ליידער, מיר די מאַמע אויפ-וועקען, אין חדר צו געהן... געפיהלט אַ וועה-טאָג אין האַר־צען. אַ דונקעלער שאָטען פון פחד, האָט מיר מיינע אויגען פאַר-שטעלט, מורא געהאַט, דאָס אָט, אָט ווערט אַלעס ווי אַ חלום פאַרשוואונדען... דער לעהרער האָט, מיט מיטלייד, אויף מיר געקוקט און ווייך געזאָגט:

— דעם מענשענ'ס לעבען איז אַ חלום. ער בעקומט אימער איצטער, ווענען וואָס מען האָט גע'חלומ'ט פריהער. פאַר וואָס האָסט דו מורא צו חלומ'ען ווענען צוקונפט ? נאָר די טויטע נשמה חלומ'ט ניט.

דו לעבסט אין אַ לאַנד פון גרויסע חלומות, אין אַ צייט פון אַ ווילדען קאָשמאַר. די ווירקליכקייט איז אונמעגליך גרוייזאַם, דו קענסט ניט און ט ה אָ ר ס ט ניט, גלויבען אין אַלעס, וואָס געהט איצטער פאַר אויף אונזער וועלט ! דיין נשמה דורשט נאָך פריידען, ברידערליכע ליעבע, נאָך די ליכטיגע קונסט און ערהאַבענע אידעאַלען. געה דו, חלומ'ען מיט אָפענע אויגען ! זעה די נייע ליכטיגע וועלטען, וואָס וועט און מ ו ז איי-מאָהל דאָ געשאַפען ווערען. דאַן וועסט דו קענען דעם פינסטערען קאָשמאַר איבערלעבען. איך וועל דיר ווייזען דעם צוקונפט פון

דיין „בצלאל״. דער צוקונפט פון די אידישע קונסט און אינ־דוסטריע, פאר וועלכע דו האסט אזוי פיעל געארבייט, און איצ-טער איז אלעם צוגרונד געגאנגען. אבער איך מוז דיר אויך ווייזען דעם צוקונפטיגען אידישען לעבען, דיין אויפלעבונג צוזאמען מיט זיין לאנד. אהן דעם וואלט ניט געקענט „בצלאל״, קונסט און אינדוסטריע זיין

— קום.

דער גרויסער טהויער איז געווען געשלאסען. מיר זיינען אריין דורכ׳ן קליינעם טהויערל. קיין שומר איז ניט געווען. עס וואר אויך ניט נויטהיג: אויף א ווייסען טאפעל געזעהען די נעמען מיט די בעשעפטיגונגען פון אלע דארטיגע איינוואהנער אין דעם נומער פון יעדענ׳ס ווילא. עס האט אנגעהויבען פון ארכיטעקטען. „רבי אפרים בן חרמונה, ארכיטעקט״, איז דער ערשטער נו־מער געווען. מיר זיינען געגאנגען זיין ווילא זוכען.

נעבען אריינגאנג פון א גרויסען פאוויליאן איז איינער גע-שטאנען, ער האט אין זיין נאטיץ־בוך געקוקט. דאס איז גע-ווען ווילא נומער איינס. מיר זיינען אויך צוגעגאנגען, ער האט אונז ניט געפיהלט, האט אנגעקלונגען. גלייך האט זיך געהערט א שטימע פון דעם מעשענעם רעהר נעבען גלאק — ווער? — ער האט געענטפערט: — גדעון, סעקרעטאר פון „תחנת הבריאות״. די טהיר האט זיך א ל י י ן געעפענט, מיר זיינען אלע אריין אין א גרויסען וועסטיבול איינפאך מעבלירט. אויפ׳ן גרוי-סען טיש ארום מיט שטולען, איז פיעל אלבאמס געלעגען. ארום דעם גאנצען צימער, האט זיך ווי א פריז, ראמען געצויגען מיט פארשיידענע פלענער. העכער, אין איינצעלדע ראמען, איז א אקווארעלען פון פארשיידענע פאלעצן געווען. א יונגער מאן מיט א ליניאל אין האנד, איז צו אונז אריינגעגאנגען, געווענדעט זיך צום סעקרעטאר:

— דער רבי ערווארטעט אייך. — אונז האט ער גאר ניט געזעהן. דער לעהרער האט מיר א וואונק געגעבען, איך זאל אויך מיטגעהן. דער יונגער מאן האט אונז דורכגעפיהרט א גרוי-סען זאל, וואו עס האבען אויף לאנגע טישען, אונגעפעהר פופציג מענשען געצייכענט פלענער. נעבען אייניגע זיינען אויף סקולפטור־רישע שטאטיווען גיפס-מאדעלען געשטאנען פון פארשיידענע גע־ביידען. אין איין ווינקעל זיינען, ביי א בעזונדערען טיש, פיער

מענשען געזעסען און געשריבען, נעבען זיי זיינען פיעל ביכער געלעגען אין וועלכע זיי האבען אפט אריינגעקוקט: אויף די ווענט, צווישען די פענסטער און אויף די זיילען פון זאל, איז פיעל אר-נאמענטען, קאפיטעלען און אנדערע ארכיטעקטארישע פערציה-רונגען געהאנגען. אין א גרויסען שראנק, איז פארשיידענע שטיי-נער און אנדערע בוי-מאטעריאלען געלעגען. מיר זיינען דעם גאנ-צען זאל דורכגעגאנגען ביז די לעצטע פארהאנגענע טהיר. דער יונגער מאן האט אנגעקלונגען און גלייך נאך דעם, האט זיך דער פארהאנג אבגערוקט און די טהיר האט זיך געעפענט. דער יונ-גער מאן האט דעם סעקרעטאר מיט'ן האנד געוויעזען אריינצוגעהן, פארנויגט זיך און אוועק. מיר זיינען אין צווייטער אטעליע אריין.

איך האב מיר ניט געקענט פארשטעלען, דאס מיר זיינען אין אטעליע פון אן ארכיטעקטאר, גיכער איז דאס א ראנז'עריי פון טראפישע פלאנצונגען, אדער ריכטיגער, א לעבעדיגער מאדעל אין קליינעם מאסשטאב פון א וואונדערבארען פארק מיט בוימער, בלומען, בערג, וואסערען, צווישען, זיינען פארשיידענע גע-ביידען, האטעלען, ווילען און גערטענהייזער. דער באדען איז פון קליינע שטיינדעלאך געוועזען. די אלע בוימער האבען מיר ערינערט, יאפאנישע, גאנץ קליינע, אבער דעם זעלבען פארם, ווי גרויסע אלטע בוימער, זיי זיינען געוועזען אין זעלבען מאס-שטאב פון די מאדעלען. דער דאך און די ווענט פון דער אייגענ-ארטיגער אטעליע, זיינען גלעזערנע געוועזען, דאס האט נאך מעהר פארשטארקט די איליוזיאן פון א פארק אונטערען פרייען הימעל. צו אונז איז ארויס א מיטעל-וואוקסיגער העררר אין א ווייסען אר-בייט'ס-העמד מיט נאקעטע פארקאשערטע הענד, און א ברייטע שטרויענע הוט. אין איין האנד האט ער א מאדעליר האלץ גע-האלטען אין די צווייטע — א שטיקעל ליהם, וואס ער האט שנעל געקנעטען מיט די פינגער.

— א, אדון גדעון, שלום! — האט ער פרעהליך-אויפגע-רעגט אויסגעשריען — ענטשולדיגט, איך קען אייך מיין האנד ניט געבען. איהר זעהט? אין גאנצען מיט קונסט איינגעשמירט, און האט איהם דאך גלייך די האנד אויסגעשטרעקט. דער סעק-רעטאר האט, שמייכלענדיג, זיין האנד נעבען עלענבויגען פעסט אנגענומען און מיט פיעל רעספעקט געזאגט:

— רבי, די קינסטלערישע האנד, וואס האט אונזער שטאלץ.

די גרויסע אפּערא-הויז, אויסגעבויט, קען ניט פאַרשמוצען. קען איך דעם באַשטעלטען מאָדעל פון אונזער „ערהאָלונגס-ווילא" פאַר „מגדל" זעהן ?

— געוויס, געוויס. איך האַלט איהם איצטער ביי דער אַר־בייט. ער איז שוין פאַרטיג געווען. נאָר איך האָב אַלעס גענ-דערט נאָך דעם ווי איך בין אויפ'ן אָרט געווען. איך האָב דאָרטען אינטערעסאַנטע מאַטעריאַל געפונען : די אַלטע ר' מאיר בעל הנס שול, טהיילען פון אַלטען מויער און אַ האָטעל, וועלכע שטעהט אין „מגדל" אַליין. זי איז נאָר הונדערט יאָהר אַלט. „בית יחיאל" רופט זי זיך, צום אָנדענקונג דעם אומפאַרגעסענעם דר. יחיאל צלענאָוו, איינער פון די גרעסטע אידען אין אָנפאַנג פון אונזער רענעסאַנס. די ווילא האַרמאָנירט גוט מיט די ארומיגע נאַטור און איז געבויט אין כאַראַקטער פון די אַלטע געביידעס, וואָס איז נאָך דאָן געוועזען אין טבריה. ביי מיר איז אַן אינטערעסאַנטע זאַך ארויסגעגאַנגען. קומט, איך וועל אייך ווייזען. ער איז גע-שווינד צווישען די פלאַנצונגען אוועק. מיר זיינען איהם נאָכ־געגאַנגען.

אין מיטען אַטעליע איז אַ פרייער פּלאַץ געוועזען, אויסגע־פּלאַסטערט מיט רויטע מאַרמאָר פּלאַטען. אין רעכטען מיטען איז אויף אַ סטאַטיוו אַ מאָדעל פון אַ ווילא געשטאַנען, נעבען סטאַ-טיוו אויף אַ ניעדעריגען טישעל איז געווען לעהם, פאַרשיידענע מאָדעליר העלצער, ליניאַלען און אַ רונדער צירקעל.

— בלייבט, הערר סעקרעטאַר, דאָ שטעהן. זעצט זיך, אַט אַזוי וועט איהר בעסער זעהען — האָט דער ארכיטעקט, אין דער היילע געזאָגט, אַליין זיך אוועקגעשטעלט ניט ווייט פונ'ם מאָדעל, מיט אומרוהיגען בליק איהם בעטראַכט.

מיר זיינען שטעהן געבליעבען נעבען סעקרעטאַר.

נאָר איצט האָב איך פאַרשטאַנען, וואָרום דער ארכיטעקט מאָ-דערלירט זיינע פּראָיעקטען און האָט אַזאַ אייגענאַרטיגער אַטעליע. קיין קינסטלערישע צייכענונג קען ניט געבען דעם אילוזיאָן פון אַ נאַטירליכע געביידע אין פרייען, ווי דער פון העל-געלען לעהם מאָדעל, אויפ'ן הינטערגרונד פון די פּלאַנצונגען ! נאָך אַ גרעס־סערער ווירקונג, האָט אויף מיר געמאַכט, ווען דער מאָדעל האָט זיך גענומען לאַנגזאַם אומדרעהען. די מינוטען וואָס ער האָט זיך לאַנגזאַם אומגעדרעהט, האָט מיר אויסגעוויעזען, ווי איך

אַליין וואַלט אַרומגעגאַנגען אַרום די ווילאַ. איך בין, ווי אַ פאַר־כשוף׳טער געשטאַנען, ניט געקענט מיינע אויגן אַברייסען פון דער וואונדערבאַרע געביידע.

דער סעקרעטאַר איז רוהיג געזעסען, מיט׳ן האַנד צוגעהאַל־טען זיין פּענסנע, קיין וואָרט ניט געזאָגט.

דער אַרכיטעקט האָט זיך אומרוהיג בעוועגט, איינגעבויגען, אויסגעגלייכט, די גאַנצע צייט ניט אַבגעריסען זיין שאַרפען בליק פון מאָדעל. ביין ענדע האָט זיך אַ שמערץ אויף זיין געזיכט אויס־געגאָסען.

— וואונדערבאַר! געטליך! איהר האָט אַ נייעם פּעריל צו בעשיינען אונזער ים כנרת, געשאַפען! — האָט דער סעקרע־טאַר פון האַרצען געזאָגט. — רבי, לאָזט מיר אייער האַנד דרי־קען. — ער איז צוגעגאַנגען, גענומען דעם אַרכיטעקט׳ס איינגע־שמירטע האַנד און וואַרעם געטרייסעלט. דעם אַרכיטעקט׳ס גע־זיכט איז אויף איין מאָהל ליכטיג געוואָרען, מיט פריידע האָט ער אויסגעשריען:

— וואָרט, הייַלט ניט! עס איז נאָך ניט פאַרטיג. איך האָב נאָך וואָס צו ענדערען. אָקאָרשט בעמערקט. דאָס וועט שעהן זיין נעבען ים כנרת, דאָרט איז אַלעס שעהן: נאָר שעהנהייט, מוז מען נעבען ים כנרת בויען, אַזוי ווי די אַרומיגע בערג, אַזוי ווי דער חרמון.

— רבי, איך האָב אַ קליינע ענדערונג פאָרצולעגען: פאַר־גרעסערט די געביידע, מאַכט מעהר צימערען. מיר האָבען נוי־טיג פאַר טויזענד-צוויי-הונדערט פּערזאָן. עס איז אונז בעקווע־מער איינע אַ גרויסע, אַלס איינעגע קליינע געביידען. ענטשול־דיגט, דאָס איך ערלויב מיר אייך צו בעמערקען, נאָר אונזער „ראַהט" האָט אַזאַ מיינונג אַרויסגעזאָגט.

אַ שאָטען האָט זיך, אויף איין מאָהל, בעדעקט דעם אַר־כיטעקט׳ס בעוועגליכען פּנים, ער האָט לאַנגזאַם, אָבער פעסט, געענטפערט:

— קיין ענדערונג קען מען דאָ ניט מאַכען. אייער געעהרטען „ראַטה׳ס" מיינונג קען דאָ אויך ווייניג העלפען. נעבען כנרת ט ה א ר לאַנגע געביידען ניט זיין. מען טהאָר קיין פּאַראַלעלע ליניע צו די בערג ניט מאַכען, עס וועט די האַרמאָניע שטערען. די ווילאַ איז גערעכענט פאַר הונדערט און פופציג פּערזאָן. אין אַכט

ווילאס וועלען טויזענד און צוויי הונדערט וואהנען. איך וועל אייך נאך זיעבען פראיעקטען מאכען אין דעם זעלבען כאראקטער, נאר פארשיידענע וואריאציאנען. וואס עס געהער צו בעקוועמליכקייט, וועל איך שוין מיט'ן „ראטה" צוזאמען געפינען א מיטעל, בעקוועם אויך צו מאכען. —

ער האט זיך פארנויגט, נערוועז גענומען מיט די פינגער דעם שטיקעל לעהם קנעטען. דער סעקרעטאר האט זיך מיט עהרענפורכט פארנויגט, מיט גרויס רעספעקט געזאגט:

— רבי, איהר זייט גערעכט. דער כלל טהאר ניט ליידען צו-ליעב דעם פרט. דאנק אייך פאר'ן גרויסען פארגעניגען ביי אייך אין אטעליע צו זיין. די ווילא איז א פערל. איך שטעל מיר פאר, ווי שעהן עס וועט זיין די אלע אכט ווילען בייזאמען צווישען פלאנ-צונגען ביים ברעג כנרת. דאס וועט „א ווילען-שטאדט" זיין.

— אויך גיך, נאר אין איין יאהר צייט. א גרויסע הויז פאר טויזענד און צוויי הונדערט פערזאן מוז אם וויינינגסטען דריי יאהר געדויערען. ביטע גיט איבער אייער „ראטה" מיינע פראגען, איך ווארט אויף א באלדיגען ענטפער. אהן דעם קען איך ניט די אי-נערליכע טהיילונג ריכטיג מאכען. —

ער האט דעם סעקרעטאר געגעבען א קאנווערט. דער סעק-רעטאר האט צוגענומען, נאך א מאהל זיך פארנויגט, „שלום" געזאגט, ארויסגעגאנגען. מיר זיינען איהם נאכגעגאנגען.

— דאס איז א ג'עניע! האב איך מיט ענטציקונג, געהענ-דיג, מיין לעהרער געזאגט. — אבער איך פארשטעה ניט, ווי קען דאס אז ארכיטעקט ניט וועלען הערען דעם מיינונג פון בע-שטעלער? ער מוז דאך וויסען די בעדינגונגען, אהן דעם קען דאך די געביידע צוועקמעסיג ניט זיין. דאן גיט דאך אויך מא-טעריעלע פראגען. איהם קען מען דאך קיין ווארט ריידען.

ער מאכט איצטער דעם אויסערליכען אויסזעהען פונ'ם גע-ביידע. די טהייל וואס אלע זעהען, וואס געהער צו אלעמען, ווייל זי איז א טהייל פון אלעם. אין דעם, האט קיין איינציגער קיין רעכט דעם קינסטלער צו שטע-רען. דער פריוואט בעשטעלער קען נאר נאך זיין געשמאק אויס-וועהלען דעם ארכיטעקט, אבער ניט ענדערען דעם געשמאק פון ארכיטעקט. די ווילא, דאצו, איז א געזעלשאפטליכע, זעלבסט-פארשטענדליך, דאס ער דארף ניט זיך רעכענען מיט דעם גע-

שמאק פון די בעאמטע. דאס איז אלץ וועגן די אויסערליכע קינסט־לערישען טהייל, גאנץ אנדערש אזוי מיט די אינערליכסטע איינ־ריכטונגען. דא מאכט קיין ארכיטעקט ניט אהן דעם בעשטעלער, וועלכער ווייסט, וואס ער פארלאנגט, זיינע בעקוועהמליכקייט און זאגאר זיינע קאפריזען, נאר מען טהאר ניט אנהויבען צו בויען, אהנע ערלויבענים פון א ספעציעלע קאמיסיאן, וועלכע זארגט וועגען היגיענישע, פייער־זיכערקייט און סאלידיגקייט פון יעדען געביידע. דאס געהער אויך די גאנצע געזעלשאפט, ווייל אלע דארפען ניט ליידען צוליעב איינעם. וועגען געלד איז איבערהויפט ביי אונזערע געזעלשאפטליכע געביידען קיין פראגע, זיי קאסט ניט דער בויען. זיי צאהלען נאר יעהרליך דירה־געלד. —

איך האב די לעצטע ווערטער ניט פארשטאנען. ווער צאהלט פאר'ן בויען? ועמען צאהלט מען דירה־געלד? האב איך מיר געפרעגט. דער לעהרער האט אויף מיינע געדאנקען גלייך געענט־פערט:

— מיר מאכען אן אנלייהע ביי אונזערע קינדער, אייניקלאך און אור־אייניקלאך אויפ'ן חשבון פון די ירושה, וועלכע מיר וועלען די שפעטערדיגע דורות איבערלאזען. מיט אנדערע ווערטער, מען בויט מיט געליהענע געלד אויף לאנגע טערמינען צו באצאה־לען. אזוי, דאס אונזערע אור־אייניקלאך וועלען אויך מיט־העל־פען בעצאהלען פאר אלעם וואס זיי וועלען בעקומען בירושה פון די פריהעריגע דורות.

געוואלט צום טהויער צוגעהן, זעהען אויפ'ן טאפעל אן אדרעס פון א בילדהויער. דער לעהרער האט מיר מיט א גוטען שמייכעל געזאגט:

— קום, איך וועל דיר ווייזען, איך קען דא זייערע אלע־מענם אטעליעס. זיי זיינען דאך מיינע קינדער, איך וואהן אי־מער מיט זיי, אין זיי. —

ער האט מיר געגענאיבער צו א גרויסע געביידע צוגעפיהרט.

— דאס איז די אטעליעס פון רבי מנשה בן יהושפט. ער איז איצטער איינער פון די גרעסטע בילד־הויער פון פאלעסטינא, דער שטאלץ פון אידישען פאלק. איהם האט דער ארכיטעקט רבי אפרים בן חרמונה צו פארדאנקען, דאס זיין אפערא־הויז איז די שעהנסטע געביידע אין ירושלם. און צוליעב זיין נאהענטען חבר אפרים, איז זיינע סקולפטורען אזוי מאנומענטאל... דיביידע

האָבען נאָך אַ פריינד, דעם בעריהמטען לאַנדשאַפט־מאַהלער, רבי יהודה הזרחי. די דריי רופט מען „די דריי איינציגע", זיי זיינען אַלע צוזאַמען, דיינקען ווי איין מענש, אין יעדען׳ס ווערק איז דאָ אַ טהייל פון די נשמות פון זיינע חברים, יעדער פון זיי האָט זיינע ליכטיגע אידעען געפונען אין דער צייט פון זייערע אונ־ענדליכע געשפרעכען. זיי מאַכען ביי זיך, אין זייערע אַטעליעס, נאָר דאָס, וואָס פריהער איז שוין אין זייער האַרצען געשאַפען גע־וואָרען. אין די ליכטיגע מינוטען, ווען די דריי גענ׳אַלע קינסטלער האָבען צוזאַמען פאַנטאַזירט, זייערע קוים-בעמערקזאַמע געדאַנקען־פונקען איינער דעם צווייטען ערצעהלט. די דריי געטליכע קונסטע: אַרכיטעקטור, סקולפּטור און מאַהלען האָבען זיי אין איין גאַנצעס פאַראייניגט, וועלכע איז איצטער דאָס לעצטע וואָרט אין אונ־זער קונסט.

פאַר מיינע אויגען איז נאָר אַ גרויס גלאַטע וואַנט געשטאַנען. דריי טהירען זיינען אין וואַנט געווען. די מיטעלסטע — אַ גרוי־סע ברייטע טהויער, אונטען ברייטער ווי אויבען, און צוויי קליי־נע — ביי די ברעגעס פון דער וואַנט. קיין איין פענסטער איז אין גאַנצען וואַנט ניט געווען, נאָר אויבען, אונטער דעם גרוי־סען אויסגעבויגענעם בולט׳ען קאַרניז איז אַ רייהע, איבערען גאַנ־צען לענג פון וואַנט, שמאַלע פענסטערלאַך, צווישען זיי קאַלאַנ־קעס. די וואַנט איז געשטאַנען אויף אַ גרויסען בולט׳ענעם סאַקאַל אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעשטעלט פאַרשיידענע פיגורען, גרופּען און האַרערליעפען. אין וואַנט אַליין איז געוועזען איינ־געזעצט פאַרשיידענע באַרעליעפען, מאַסקען און אַנדערע אַרכי־טעקטאַרישע פאַרציערונגען. דער הויפט קאָליר פון וואַנט איז געווען גרוילאַך מיט געלבע און גרינליכע פלעקען, צוזאַמען האָט עס, אַ ווייכען, דורכזיכטיגען טאָן פון אַן אַלטע רואינע געהאַט. די אַלע סקולפּטורען זיינען געווען, אָדער העלער פון דער וואַנט, אָדער טינקעלער, נאָר קיינע ווייסע אָדער שוואַרצע סקולפּטורען האָב איך ניט געזעהען. אַ פּאָר זאַכען, קליינע, זיינען פון מאַיאָ־ליקאַ און מאַטען גלאָז געווען. ווען איך בין צו דער וואַנט צוגע־גאַנגען, האָב איך, צו מיין פאַרוואונדערונג, געזעהען, דאָס אַלעס איז פון געמאַהלטער גיפּס, פּראָוויזאַריש געמאַכט, נאָר צו זעהען דעם עפעקט פון די סקולפּטורען אין פרייען. אַזוי ווי דער גרויסער טהויער איז דאָ אויך געווען געשלאָסען, זיינען מיר אַריין

דורכ'ן אָפענעם קליינעם טהיר. ביין טהיר געזעהן אַן אויפשריפט:

„פון צוויי ביז פיער נאָכמיטאַג איז איינטריט פריי. ביטע אין טעלעפאָן זאָגען דעם נאָמען, פאַר'ן אוועקגעהן זיך מעלדען אין ביורא".

קיין לעבעדיגער מענש איז ניט צו זעהן, אָבער סקולפּטורנע פיגורען, אויף יעדער טריט. אַ גאַנץ בעזונדער וועלט מיט איי־גענע בעשעפעניש איז דאָרט געווען. דער צימער, וואו מיר זיינען אַריינגעקומען, איז נאָר אַ דורכגאַנגס צימער. שמאָל און לאַנג, זיך געענדיגט מיט אַן אָפענע ארקע אין הויף אריין, וועל־כער איז בעלויכטעט מיט זונען-שיין; זיינע בוימער, בלומען און פיגורען האָבען פון דאָנעט, ווי אַ ליכטיגע מערכען אויסגעוויזען, עס האָט מיר געצויגען, דאָרט אריינצוגעהן. דער לעהרער האָט מיר געזאָגט:

— דאַרפסט זיך ניט איילען, פריהער מוזט דו זעהן די גאַנ־צע, צו וועלכע די סקולפּטורען איז געמאַכט געוואָרען. — און האָט מיר געוויזען אויפ'ן ניעדעריגען פריז פון קאָלירטע פאָטאָ־גראַפיעס, וועלכע איז געווען איןביידע לענג פון די ווענט.—זעהסט דו דעם זעלטענעם קראַפט און הארמאָניע, וואָס דאָס אַלעס האָט דאָ האָט זיך פאַראייניגט ארכיטעקטור, סקולפּטור און מאַהלעריי.

פיעל פאָטאָגראַפיעס האָב איך דאָרט געזעהען. יעדער פון זיי איז אַ בילד געווען, וואו די סקולפּטורע איז איהר מיטעל־פונקט, איהר הויפּט מאָטיוו. די דענקמעהלער, פאַנטאַנען האָ־בען זיך הארמאָניש פאַראייניגט מיט אַרומיגע געביידען, אָדער בוי־מער, וואו זיי זיינען געשטאַנען. די אַרכיטעקטור פיגורען האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט די געביידען אַזוי, ווי זיי וואָלטען צו־זאַמען אויסגעוואַקסען, פון איין האַנד אַלעס געמאַכט. ווי מען וואָלט אויף אַ צופעליגען בולט'ען שטיין עטוואָס בעפּוצט. ניט פאַרענדיגט, נאָר מיט גרויסע קינסטלערישע, קראַפטיגע ליניען עטוואָס וואונדערבאַרעס בעצייכענט, וועלכע לאָגיש געהער צום בניין אַזוי, ווי די בלום צום פלאַנצען. די אינערליכע פיגורען זיי־נען ווי נאַטירליכע איינוואָהנער פון די פּראַכטפאָלע זאַלען, וואָס דער אַרכיטעקט, האָט פאַר זיי געמאַכט. די נאַטירליכע פאַרב פון די פאָטאָגראַפיעס, האָבען מיר געוויזען אויף דעם הערליכען טאָן פון די סקולפּטורען, ווי זיי האַרמאָנירען מיט אַלעם וואָס אַרום זיי געפינט זיך.

נאָך איין בעזאָנדערעס בעמערקט: ניטאָ מעהרער קיין הויכע פּעדעסטאַלען פאַר מענשליכע פיגורען. די גראַנדיעזקייט פון זיינע פיגורען, האָט ער געזוכט צו ערגרייכען ניט אין אויפהויבען, נאָר אין ערווייטערען פון אַנשויער, דורך דעם, וואָס ער האָט זיי אַבגעטהיילט מיט בלומען אָדער וואַסער און דאָס גלייכען. מען האָט אין מאָנומענטאַלע סקולפּטורען געזעהן דעם, פאַר וועמען דער מאָנומענט איז געמאַכט געוואָרען, זיין אויסערליכען, נאַ-טירליכען בעוועגונג אין לעבען און געשטאַלט מיט זיין אינערליכע נשמה. ער האָט איהם, בוכשטעבליך, פערעוויגט פאַר די צוקינפ-טיגע דורות... ווי לעכערליך מיר איז געוואָרען, ווען איך האָב מיר דערמאָהנט די טויזענדער אייראָפּעאישע דענקמעהלער, וואָס איך האָב געזעהן! ווי טרויעריג איז זייער שוואַכקייט, מורא צו האָבען אָבצוטרעטען פון די אַלטע טראַדיציאָן קינדעריש-טעאַטראַלע „גרויסקייט". ווי קאָמיש מיר האָט אויסגעוויזען זייערע, ספּע-ציאַל אויסגעבויטע אוננוצליכע אַרטכיטעקטורנע צאַצקעס, בע-שטעלט, ווי צום פּאַרקויפען, מיט פאַרשיידענע פיגורען און גאַנץ אויבען דעם „העלד" אַליין, פון וועלכען מען זעהט, געוועהנליך, נאָר די נאָז-לעכער און פון ווייטען איין סילועט. ווי גרויס עס שטעהט אין מיין צייט אין אייראָפּאַ די סקולפּטור און ווי קליין די סקולפּטאָרען אַליין! ווי איינפאַך, געניאַל, דער מנשה איז! און ווי פּרוכטבאַר! זיינע ווערק מוז מען דאָך צעהלען אין די טויזענדער! ווי איז דאָס מעגליך געווען, דאָס מיר, אידען, האָ-בען, נאָר נאָך איין יאָהרהונדערט זעלבסטשטענדיגען לעבען, אַזאַ געניאַלען סקולפּטאָר, וועלכער האָט גאַנץ נייע וועגען אין סקולפּטור געוויעזען? מיין לעהרער האָט מיר אויף מיינע געדאַנקען גע-ענטפערט:

— שוין מיט הונדערט יאָהר צוריק, זיינען אידען הויך גע-שטאַנען אין אַלע קונסט, און סקולפּטאָרען זיינען, פּראָפּאָרציאָ-נעלע, אַ גרויסע צאָהל ביי זיי געוועזען. זיי האָבען ניט קיין אוי-סערגעוועהנליכעס געשאַפען, ווייל זייער גייסט, ווי אונזער שכינה„ איז אין גלות געווען. מיט דער בעפרייאונג דעם אידי-שען פאָלק, האָט זיך זיין אידישע נשמה בעפרייט, די נשמה, וואָס זעהט ניט קיין שעהנהייט פון קערפּער אָהן שעהנהייט פון גייסט. די סקולפּטאָרען האָבען געזוכט אונזער אידי-שע שעהנהייט'ס אידעאַל איבערגעבען, דאַן האָבען זיי גע-

מ ו ז ט   נייע וועגן געפינען, וועלכע האבען א גוטען וויר-
קונג אויפ'ן גאנצען אייראפעאישען קונסט.

אויף זיין פרוכטבארקייט, דארפסט דו זיך ניט וואונדערען.
שוין אין די אלטע צייטען, האבען זיך די גרויסע ג'עניעס אויס-
געצייכענט מיט גרויסע פרוכטבארקייט. ביי איצטיגע פארפאל-
קאמע טעכנישע מיטעל, איז פיעל לייכטער דאס צו ערגרייכען.
און דער לעהרער האט מיר פאר'ן האנד גענומען, אין הויף גע-
בראכט.

א גרויסער הויף. אין גאנצען באדעקט מיט גלאז-דאך. ליעגט
טיעפער אלס די געביידע ארום איהם. אויף דריי טרעפען זיינען
מיר ארונטערגעגאנגען. דער הויף איז געווען אין זעלבען כאראק-
טער, נאר אין גרעסערען מאסשטאב, ווי ביים ארכיטעקטאר אפרים.
העכער די בוימער, מעהרער פאנטאנען, און וואסער־בעקען. אי־
בעראל פיגורען, מעהרער פארשיידענע קליינע מאקעטען פון די
ארבייט. וואס איך האב פריהער די פאטאגראפיעס געזעהען. פיעל
וויכע, געפלאכטענע שטוהלען אויף וועלכע וויניגע בעזוכער, זיי-
נען שטיל געזעסען. מיט ערענסט אויף די סקולפטורען געקוקט.

ווי אין פאר'כשופ'טער, ליכטיגער וועלט, בין איך דארט
ארומגעגאנגען ! אז אלעס פארגעסענדיג, בין איך געגאנגען שטיל,
ווי א לונאטיק, פון איין ווערק צו די צווייטע, קוים, ווי בע-
טרונקען, זיך געריהרט. מיין קערפער ניט געפיהלט, נאר די
נשמה האט ביי מיר געלעבט, געשוועבט אין די נייע, שעהנע
וועלטען פון ליכטיגען ג'עניע, ביי וועלכען איך האב מיר געפו-
נע. פארגעסען אפילו, אז מיין גרויסען בעגלייטער, אז מיין
לעהרער וועלכער האט מיט ליעבע פון מיר ניט אבגעטראטען.

— גענוג, — האט ער מיר געזאגט. — קום, איך וועל דיר
ווייזען, ווי עס ווערט געשאפען א גרויסע קונסט און דעם שעפער
אליין. זאלען דיינע אויגען זעהן דיין לעהרער — און האט מיר
אין אטעליע פון דעם גרעסטען אידישען בילד־הויער רבי מנשה בן
יהושפט ארייגעפיהרט.

דער גרויסער קינסטלער איז גאנץ אליין אין זיין אטעליע גע-
ווען. נאר ער מיט זיין ניט-פארטיגען פיגור, וועלכען ער האט
איצטער געארבייט. גאנץ ליידיג איז דער אטעליע געווען. קיין
זאך האט מען אויף די ווענט געזעהן. עס איז איבערהויפט, קיין
ווענט געווען, נאר פארהאנגען פון גרוי־גרינליכען טוך, האבען

איהם, ווי וואלקענס, ארומגערינגעלט. איך האב מיר אין פאל־דען פון פארהאנג געשטעלט, פון דארט האב איך איהם מיט זיי-נע ארבייט גוט געזעהן. אונגעפעהר זעכציג יאהר איז דער קינסט-לער געווען. גרויע האר און א ווייסען בארד, קליינע פיגור, אבער א פראפארציאנעלע מיט ליכטיגע אויגען. א נאקעטע פרויען-פי־גור אין קליינעם פארמאט, האט ער מאדעלירט.

— זפרירה ! — האט ער אויסגערופען.

אין איין ארט, האט זיך דער טוך, ווי אין טהעאטער פאר-נאנדערגעוויקעלט און איך האב א וואונדערבארען בילד געזעהן : אויף א סאקאל איז א זעלטען שעהנע, צארטע, נאקעטע פרוי גע-שטאנען. די גאנצע בעוועגונג פון איהר בויגעוודיגען, עלאסטי־שען פיגור, האט אויסגעדריקט יונגער פייער און שטרעבונג, איהרע איידעלע, ווייכע הענד האט זי ליידענשאפטליך אויסגע־שטרעקט און איהר יונגע, נאך קינדערשע געזיכט, האט גע-אטהעמט מיט דורשט צו האלזונג און ליעבע. הינטער איהר, איז, אין ווינקעל, צוויי שפיעגלען געשטאנען. מען האט אויף איין מאהל איהר פיגור ארום און ארום געזעהן.

דער קינסטלער איז אומבעוועגליך געשטאנען, נאר זיינע ברע־נענדיגע אויגען, האבען אומרוהיג, נערוועז און אויפגערעגט גע-קוקט און מיט די פינגער גיך געקנעט א שטיקעל פלאסטעלין. נאך א פאר מינוטען האט ער מיט זיין האנד א מאך געטהאן, דער פארהאנג האט זיך לאנגזאם ווייטער צונויפגערוקט און דער קינסט-לער האט נערוועז גיך געארבייט. די פיגור איז ווי א כשוף, אונ-טער זיינע קינסטלערישע פינגער געוואקסען. די קאלטע פלאסטע־לין האט די ווייכקייט און ווארעמקייט פון א לעבעדיגען מענשען בעקומען. זי האט, ווי א פייע, זיך געצויגען צום קינסטלער. איהרע הענד צו איהם געשטרעקט, און ער האט איהר אלץ מיט זיינע פינגער צארט געגלעט, מיט פייער יעדער גליעד בעציי-כענט און מיט ליעבע איהר אויף אלע זייטען בעקוקט. שטעהענ־דיג האט ער געארבייט. מיטביידע הענט אויף איין מאהל, מיט'ן גאנצען קערפער, מיט די גאנצע נשמה... ער האט מיר דאן אוים-געוויזען גאנץ יונג, אזוי פריי זיינען זיינע בעוועגונגען געווען. לאנג האט ער אזוי געארבייט. ביים ענדע האט ער זיך אבגע־רוקט, בעטראכט איהר מיט זיין שארפען בליק, עטוואס פאר-בעסערט, ווייטער זיך אבגערוקט. אויף א ווייכען פאטעל אוועק-

געזעצט. זיין געזיכט האָט זיך מיט א מיעדע בלאַסקייט בעדעקט. אייניגע מינוטען איז ער אומבעוועגליך געזעסען. נאכהער האָט ער לאַנגזאַם, מיעד, זיך אויפגעהויבען, א שראַנק-טהיר אונטער־רען פאַרהאַנג געעפענט. אַנגעגאָסען א גלעזעל, אויסגעטרונקען, גלייך א צווייטע, עטוואָס געגעסען און פאררויכערט א שמעקענ-דיגען סיגאר. ווייטער אויפ'ן פאָטעל אוועקגעזעצט.

ביז שטיל געשטאַנען, מורא געהאט צו אָטהעמען. מיר האָט זיך אַלס געטראַכט, ווען ע ר וועט אויף אונזער זייט א קוק געבען, וועט ער אונז געוויס זעהען. פאר זיינע אַלס-זעהענדע אויגען, איז קיין זאך ניט פארבארגען. אין דער זעלבער צייט, מיין בליק ניט געקענט פון איהם ארונטערנעהמען, מיט אזא קראַפט האָט מיר זיין פיגור צוגעצויגען. ער איז זיך רוהיג געזעסען, גע-רויכערט, שטיל אונטערגעזונגען, אויפ'ן רויך געקוקט. צייטענ־ווייז אויף זיין פיגור, וועלכע איז געשטאַנען מיט ליידענשאפט-ליך - אויסגעשטרעקטע הענט געגען איהם, ווי זי וואָלט איהם רופען צו זיך. ביי'ן ענדע, האָט ער מיט זיין שטאַרקע האנד צוגעדריקט דעם הענטעל פון זיין פאָטעל. דער סטאַטיוו, צוזאַמען מיט די פיגור, האָט זיך לאַנגזאַם געגומען דרעהען. זי איז ווי א לעבעדיגע געוואָרען... ווען זי האָט זיך אין גאַנצען אומגעדרעהט, האָט דער קינסטלער זיין סיגאר אוועקגעוואָרפען און אויסגעשריען מיט א פרעהליכען גוטען קול.

— זפרירה, נאָר דאָס געזיכט!

דער פאָרהאַנג האָט זיך ווייטער פאַנאַנדערגעוויקעלט. די־זעלבע פרוי, עטוואָס פאַרעקט, איז אויף א שטוהל געזעסען און גלייך דעם קינסטלער אין די אויגען געקוקט... איך האָב א ציטער געטהאָן, ווען איך האָב איהר געזיכט געזעהען. גאָט, וועלכע אויסדרוקספאַלע אויגען! ליעבע און ליידען, שמערץ און גליק, קראַפט און אונענדליכע צערטליכע, איבערגעגעבענ-קייט, איז צוזאַמען אין איהרע שעהנע אויגען געווען!... איה-רע פוכליכע, קינדעריש-אונשולדיגע ליפען זיינען עטוואָס אָפען, גלייך ווי זי וואָלט פון פיעל אויפרעגונג ניט קענען אָטהעמען, גלייך, ווי זי וואָלט בארייט זיין זיי באַהעפטען מיט'ן קינסטלער'ס ליפען, הייס, שטאַרק, פעסט אין זיי זיך איינקלעפען... דער קינסטלער האָט פון איהר די אויגען ניט אראָפּגעלאָזען, אַליין אויך די ליפען עטוואָס געעפענט, און אונבעוואוסט קוים גע-

**שעפּטשעט :** — „ליעבע, גוטע, קליינע קעצעלע". **זי איז** רויט געוואָרען און הויך, קינדעריש זיך צולאַכט. נאָך דעם האָט זי די הענט, ווי נאָך אַ שלאָף, אויסגעצויגען, טיעף אָבגעאָטהעמט און געזאָגט. — רבי, איך בין שוין מיעד. איך בין שוין דריי שעה ביי אייך, כמעט דעם בוך דורכגעלעזען. גענוג, איך וויל אהיים געהן.

— — וואַרט, מיין קעצעלע, איך דאַרף אויך ענדי־גען — האָט ער איהר לאַכענד געזאָגט. — מאַך מיר נאָך אַ מאָהל אַזא פּנים'ל, אָבער ניט געלאַכט ! —

ער איז צו איהר צוגעגאַנגען און גלייך אין די קינדערשע ליפּעלאַך אַ קוש געגעבען. זי האָט איהם מיטביידע הענט זיין קאָפּ ארומגענומען, אין הויכען שטערען, שטיעפעריש געקושט, לאַכענדיג געזאָגט :

— גלייך, רבי, פאַרמאַכט אויף אַ ווײַלע די אויגען, וועט איהר שוין זעהען.

דער קינסטלער האָט מיט'ן האַנד זיינע אויגען פאַרשטעלט. זי האָט זיך אויגענבליק געענדערט. ווידער איז פאַר מיינע אויגען די געטליכע, שעהנע פרוי מיט'ן רעטזאַמען אויסדרוק אין די אויגען, געשטאַנען. דער קינסטלער האָט זיינע הענט אראָב-געלאָזען, מיט זיין שאַרפען בליק איהר דורכגעדרונגען.

ווי צוויי פאַרשטיינערטע פיגורען זיינען זיי געבליעבען איי-נער געגען צווייטען. וואָס פאַר אַ זעלטענער בילד דאָס איז גע־ווען ! דער קינסטלער האָט מיט'ן האַנד אַ מאַך געטהאָן, צו זיין ארבייט אוועק. דער פאָרהאַנג האָט זיך לאַנגזאַם צונויפגע-צויגען.

שטיל, מיט פאַרשלאָסענע ליפּען האָט ער לאַנג געאַרבייט. אויף איין מאָהל זיך אָבגעריסען, פון ווייטען בעטראַכט, איר-גענד-וואו זיך צוגעריהרט און „גענוג !" אויסגעשריען. פון היני־טערען פאָרהאַנג, איז דער מאַדעל ארויסגעשפּרונגען, גראַציעז איינגעוויקעלט אין אַ ווייכען געבליכען לייווענד מיט נאַקעטע הענט און באָרוועס.

— שוין געענדיגט, רבי ? — האָט זי פרעהלאַך געפרעגט.
—איך האָב נאָך מיין בוך ניט געענדיגט. מעג מען זעהן ?
— קום אָהער, קליינע שפּרינגערקע, זעהסט דו ? מיר,

האסט דו געהיילט. איך האב פריהער פאר דיר געענדיגט. קוק, וואס מירביידע האבען געמאכט. געפעהלסט דו זיך?

ער האט די פיגור אויף אלע זייטען געדרעהט.

זי האט מיט אן עכט־פרויעשע נייגעריגקייט סעריאז די פיגור בעקוקט און אומעטיג געזאגט:

— די פיגור וועט אויביג שעהן און יונג בלייבען. און איך? נאך א פאר צעהנדליג יאהר, ניטא זפרירה! אן אלטע אידענע אויף איהר ארט. — און האט קאמיש איהר ליעב פנים'ל פאר־קרימט.

— ניין, נארעלע. א מענש בלייבט אימער שעהן, ווען נאר ער בלייבט א „מענש”. יעדער צייט האט זיין שעהנהייט. איצטער ביסט דו א שעהנע, שפרינגענדע קעצעלע; שפעטער וועסט דו ווערען א ליעבע מאמעלע און נאך שפעטער — א גוטער מענש. מען מוז נאר א „מענש” אלע מאהל זיין. נו, א דאנק דיר פאר די שעהנע פיגורקע, וואס דו האסט מיר געהאלפען מא־כען. איך וועל פון איהר א גרויסע מארמארנע פיגור, פאר בנימין־פארק מאכען. דעם גאנצען לעבען, וועסט דו לויפען דארט זיך זעהען, ווי דו האסט א מאהל אויסגעזעהען, ווען דיינע הענטע־לאך זיינען אזוי רונד געווען. —

ער האט לייכט איהר עלאסטישע הענט א פאטש געגעבען, נאכהער צו זיינע ליפען צוגעטראגען. זי האט איהם היים די הענט געקושט, ערענסט געזאגט:

— רבי, מיין טהייערער, גוטער רבי! איך קען אייך ניט אבדאנקען. איהר האט מיר, מיין קערפער, וואס וועט דאך פארט פארוועלקט ווערען, אומשטערבליך געמאכט. פארגעסט ניט, רבי, דאס מיט פריידען, וועל איך צו אייך קומען, ווען נאר איהר וועט מיר דארפען. דערווייל שלום! איך מוז לוי־פען. איך מוז נאך היינט שפיעלען פאר'ן קינא־אפאראט. דאס ליעב איך בעסער, ווי ביי אונז אין טהעאטער פאר'ן פובליקום. —

זי האט ווייטער זיין האנד געקושט און שטיפעריש־טאנצענ־דיג איז זי הינטערען פארהאנג אנטלאפען.

דער קינסטלער האט ביי א רעהר געפרעגט:

— מאיר, איך קען צו דיר אריינגעהן? ביזט דו שוין ווייט מיט דיינע ארבייט?

— געווים, רבי, איך ווארט אויף אייך. ישעיהו איז שוין

באַלד פאַרטיג, רבי, — האָט זיך פון רעהר דייטליך געהערט. דער קינסטלער איז אַרויס. מיר זיינען איהם נאָכגעגאַנגען.

## י.

אין אַ גרויסען אַטעליע זיינען מיר אַריינגעגאַנגען. אין גאַנצען פול מיט גיפּסענע פיגורען, באַרליעפען, ביוסטען, גיפּסאַבגיעסע נאָך דער נאַטור פון הענט, פיס און אַנדערע קערפּערטהיילען. אין מיטען איז געשטאַנען אַ גרויסע פיגור פון לעהם צו וועלכע רבי מנשה איז צוגעגאַנגען. זיין געהילף, מאיר, איז הינטער איהם געשטאַנען און צוזאַמען מיט זיין לעהרער אויף די פיגור געקוקט. די פיגור האָט פאָרגעשטעלט ישעיהו הנביא אין דעם מאָמענט פון זיינע נביאות, וועגען משיח׳ס צייטען. „והיה באחרית הימים״... גראַנדיעז איז די פיגור געווען, אין זיינע רייכע, לאַנגע, ברייטע קליידער מיט די געטליך־ליכטיגע געזיכט, אַרומגערינגעלט מיט די לאַנגע האָר און באָרד, וועלכע האָבען זיך, ווי בעוועגט פון ווינד; אין זיין גרויסען, הויכען, ערענסטען שטערען, האָט מען געפיהלט הויכע געדאַנקען; זיינע ברייטגעעפענטע בליטציגע אויגען, האָבען אַ נייע וועלט געזעהן, אַ וועלט, ווען דער שטאַרקער וועט ניט הערשען אויפ׳ן שוואַכען. „מען וועט צוברעכען די שווערדען אויף אַקער־אייזען, קיין פאָלק וועט ניט אויפהויבען אויף אַ צווייטע אַ שווערד און מען וועט ניט לעהרנען מלחמה האַלטען״...

נעבען די גרויסע פיגור איז, אַ קליינע, גיפּסענע — געשטאַנען. דער מאַקעט, וואָס דער קינסטלער האָט אַליין געמאַכט. פיעל פּונקטען מיט בליישטיפט איז אויף איהר געווען, אין די הויפּטפּונקטען אַריינגעזעצט נעגעל, וואָס עס איז נויטהיג ביים פאַרגרעסערונג. דאָך האָט די קליינע פיגורקע אויף מיר אַ גרעסערען איינדרוק געמאַכט. איהר ניט, אין גאַנצען, געענדיגטקייט, האָט איהר מעהר לעבען און לופט צוגעגעבען. דער מייסטער האָט אַ פּאָר מאָהל אויף זיין מאַקעט געקוקט, נעהענטער צו די גרויסע סטאַטוע צוגעגאַנגען. מאיר האָט איהם געשווינד

דעם הויכען שטעהענדען לייטער צוגערוקט, אויף וועלכען דער קינסטלער איז לאנגזאם, ניט אראבלאזענדיג די אויגען פון פי-גור, ארויפגעגאנגען. איך האב ניט געקענט זעהען, וואס ער טהוט דארטען. אבער איך האב געקענט גוט זעהען די געזיכט פונ'ם קינסטלער, וועלכער האט אלס מעהרער און מעהרער דעם אויסדרוק פון די פיגור בעקומען: ער איז ווי עלטער געווא-רען. מיט א גאנץ אנדער פייער האבען זיינע אויגען געלויכ-טען. איין גאנצען רוהיגער און העכער אויסגעוויזען.

איינציגווייז זיינען אייניגע מענשען געקומען. נאך זייערע ארבייטס העמדער, זיינען דאס אויך סקולפטורען געוועזן. צווי-שען זיי, א מיידעל, א גאנץ יונגע קינד, קוים דרייצעהן יאהר אלט. דער קינסטלער איז פון לייטער אראפ, נאך א מאל פון אונטען די פיגור בעטראכט, מיט צופריעדענהייט געזאגט:

— מאיר, אונזער ישעיהו איז ניט שלעכט ארויס. ריכטיג קינדער? — האט ער זיך צו זיי, פרעהליך, געווענדעט.

— און דו, בצלאל — האט ער צום אינגסטען געזאגט, — וואס ביזט דו אזוי אומעטיג? קום צו מיר, דערצעהל מיר, ווי עס געהט דיינע ארבייט.

בצלאל איז צוגעגאנגען, מיט אראבגעלאזענע אויגען האט ער טרויעריג געזאגט:

— רבי, מיין ארבייט געהט זעהר שלעכט, איך וועל ניט קענען ענדיגען אייער „בת יפתח". איך קען ניט קאפירען. איך קען נאך ניט גוט מאדעלירען, איך מוז מיר נאך פיעל לעהרנען.

— זיי ניט אזוי פארצווייפעלט, מיין קינד. מיר קענען אלע ניט גוט מאדעלירען, מיר מוזען דעם גאנצען לעבען נאך לעהר-נען. דאך מאכען מיר עטוואס, זעהסט דו, וואס אונזער מאיר האט געמאכט? ווארט, דו וועסט אויך אזוי גוט ארבייטען. דו מוזט אייניגע מיינע פיגורען נאך פארגרעסערען, נאכהער וועסט דו אייגענע מאכען, האסט נאך צייט, דו ביזט א ביסעל אינ-גער פאר מיר. —

ער האט ארט זיינע זיידענע לאנגע האר געגלעט. בצלאל האט זיינע גרויסע, פול מיט ליעבע, אויגען אויף זיין לעהרער אויפ-געהויבען און די הענט געקושט.

— און דו, יונתן, ווי האלט אונזער „ירמיה"? — האט

ער זיך צו אַ טונקעלען, בעוועגליכען יונגען מענשען, מיט שוואַר־צע, געקרויזטע האָר, געווענדעט.

— איך האָב שוין געענדיגט, רבי, איך וואַרט אויף אייך. קענט איהר, רבי, אין מיין אטעליע קומען ?

— גוט, גלייך געהען מיר אַלע. איך וועל מיר עטוואס אָברוהען, איך בין מיעד, קינדער. שלעכט אַ סקולפּטור אַלט צו ווערען. צו אונזער אַרבייט, מוז מען כח האָבען, אַט ווי דער „שמשון הגבור”, און האָט אַ פּאַטש געגעבען מאיר'ס נאַקעטע, שטאַרקע פּלייצע.

אַלע האָבען געלאַכט. איינער האָט בעמערקט, דאָס מאיר וויל מעהר ניט מאָנומענטאַל-פיגורען מאַכען, ער זאָגט, דאָס ער ליעבט קליינע סקולפּטור, עלפענביין שניצעריי, ער איז דאַ-צו געבאָרען.

— לאַכט ניט קינדער, מיר ליעבען אַלע קאָנטראַסטען. וויי-טער קען אַ מיניאַטור פיגור מאָנומענטאַל אויך זיין. און דו, עזרא, וואָס מאַכט „אליהו הנביא” ? נעכטען האָסט דו מיר גערופען. איך האָב קיין צייט געהאַט, מיר וועלען צו דיר אויך אַריינ־געהן.

— גוט, רבי, נאָר נעכטען האָב איך געמיינט, דאָס איך בין שוין פאַרטיג. איך האָב היינט דעם גאַנצען טאָג געאַרבייט. און איך זעה, דאָס איך מוז נאָך אַ פּאָר טעג אַרבייטען.

— עס מאַכט ניט. אָבער ווייס. ענדיגען קען מען קיין מאָהל ניט. וואָס מעהר מען אַרבייט, קומט מען נעהענטער צו, מען זעהט מעהר איינצעלהייטען. פאַר אַנדערע אַרבייט איז דאָס גוט, פאַר אַנדערע — שלעכט, דאָס מוז מען פיהלען. דער עיקר מוז עס, די אויספיהרונג פון די גאַנצע, אין ריכטיגע האַר־מאָניע זיין. ווייזען נאָר דאָס, וואָס מען זעהט מיט די אויגען פון הארצען. נאָר ריכטיג די אויסערליכע פאָרם איבערגעבען, קען מען דאָך אָבגיסע מאַכען. און דו, קליינע, אונזער בת-יחידה, פּנינה, וואָס טהוט „דבורה הנביאה” ? — האָט ער זיך צו די מיידעל געווענדעט.

— אייער דבורה, רבי, איז אַ לעבעדיגע נביאה. איך האָב איהר מיט ענטציקונג קאָפּירט. מאָרגען איז זי פאַרטיג. וואָס וועט איהר מיר ווייטער געבען, רבי ? נאָר ניט קיין שטרענגען אַל-טען מאַן.

— ווארט קינד, איך האָב היינט געמאַכט אַ גאַנץ נייע זאַך. „די בליהענדע יוגענד". ווען דיר וועט דאָס געפעהלען, וועסט דו דאָס פאַרגרעסערען. דאָס וועט אין מאַרמאָר זיין פאַר'ן „בנימין־פאַרק"... צווישען בלומען ביים וואַסער וועט זי שטעהן. דאָס מוז אַ לעבעדיגע, ריינע, נאַקעטע, אומשולדיגע בלום זיין.

אַזוי האָט דער גרויסער בילד-הויער רבי מנשה בן יהושפט מיט זיינע צעהן שילער — מיט-העלפער גערעדט. יעדער האָט זיך, ווי זיין קינד געפיהלט. אַ קינד פון זיין גרויסען ג'עניע.

אין אַטעליע פון יונתן, וואו דער קינסטלער איז מיט זיינע שילער געקומען, האָב איך דעם „ירמיהו" געזעהן. אַ זיצענדע פיגור איז דאָס געווען. אויף דער ערד איז ער געזעסען. מיט אַ מגלה אויף די קניה, די רעכטע האַנד מיט'ן פעדער מיעד אַרונטערגעלאָזען, אויף די צווייטע האַנד האָט ער זיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט. אַ הויכער און אַן אויסגעטריקענטער איז ירמיהו, דער טיעף צוקנייטשטער שטערען ווייזט אויף די פיעל דורכגעלעבטע צרות : די דינע, פעסט־געשלאָסענע ליפּען — אויף זיין אייזערנעם ווילען. כעס, מעהר פון אַלעם זעהט מען אין זיינע אויגען : אַ טיעפער ים פון שמערץ און ליידען. האַסונג און רחמנות האָט מען אין זיי געזעהן. די האַנד מיט וועלכע ער האַלט זיין קאָפּ צו, איז ווי שטאַרקע נעגעל פון אַן אָדלער, בערייט זיך צו צערייסען פון גרוים יסורים. אָבער אונטער די קאַלטע אויסערליכע געזיכט, האָט זיך געפיהלט, ברענט אַ הייליגער פייער פון ליעבע און מיט-לייד.

דער קינסטלער האָט דאַ אויך אַ קורצע צייט געאַרבייט. עט־וואָס ערקלעהרט, דערנאָך, אַלע צוזאַמען אין אַטעליע פון עזרא געגאַנגען, וועלכער האָט „אליהו הנביא" געמאַכט.

אַ קליינער, פון אַלטקייט, איינגעבויגענער, גוטינקער, אַל־טעטשקער איז אליהו הנביא געווען, אָבער אַ פייעריגער, אַ גלוי-ביגער עקשן. אַזאַ מענש קען מיט זיינע אייגענע הענט פיער הונ-דערט מיט פופציג פאַלשע נביאים קוילענען... ער איז געשטאַ־נען אויפ'ן שפּיץ פון אַ פעלזענשטיין, אָנגעשפּאַרט אַן זיין שטע-קען און מיט זיין גאַנצען כח בלאָזט ער אין אַ גרויסען שופר. זיי־נע האָר זיינען צופלויגען אין אַלע זייטען. די געזיכט — גליק-ליך : די אויגען — שיינען און די טרוקענע באַקען, שטאַרק אָנ־געבלאָזען, מיהט זיך דער קול פון שופר זאָל ערגרייכען אין אַלע

כנפות הארץ, וואו זיינע אייניקלאך זיינען צעוואָרפען, צו וועל־כע ער איז אויף אַלע ימים טובים און שמחות געגאַנגען...

נאָך דעם, ווי דער קינסטלער האָט דאָ אויך געאַרבייט, זיי־נען מיר אין אַטעליע פון פנינה געגאַנגען.

עס איז אַ פאַרגעניגען געווען צוזאַמען צוזעהען, די קליי־נע, צאַרטע מיידעלע, מיט די קאָלאָסאַלע פיגור פון דבורה, וועל־כע זי האָט געאַרבייט... „דבורה הנביאה" איז אויך יונג געווען פאַרגעשטעלט, מיט אַ שטאַרקען קערפער און פייעריגע אויגען. ניט אומזיסט האָט צו איהר דער גבור ברק געזאָגט:

— ווענסט דו מיט מיר געהן אין מלחמה — געה איך, געהסט דו ניט מיט — וועל איך אויך ניט געהן". — אונטער איהר פאַלמאַ איז זי געשטאַנען. איהר הערליכע שירה געזונגען:

„הערט קעניגע, פאַרנעהמט פירסטען!
איך צו גאָט, צו גאָט זינג איך.
איך וועל זינגען צו אונזער גאָט,
דער גאָט פון ישראל...!

פנינה האָט ניט געקענט רוהיג אויף איין אָרט שטעהן. צו די פיגור געלאָפען, עטוואָס צוגעריהרט, צום קינסטלער צוגע־גאַנגען, ווייטער נעבען די פיגור.

רבי מנשה האָט איהר, פאָטערליך פאַר'ן האַנד אָנגענומען, נעבען זיך איהר צוגעהאַלטען. אַליין די אויגען ניט אָבגעריסען פון סטאַטוע נאָך אַ מאָהל, ווי אין אַ שפּיעגעל, די אויסדריק־ליכע פון „דבורה הנביאה" אויף זיין בעוועגליכען געזיכט געזעהען.

— גוט, מיין קינד, איך וועל נאָר עטוואָס זיך צוריהרען. און האָט געשווינד געאַרבייט אַ גוטע האַלבע שעה. אויף איין מאָהל אוועקגעוואָרפען דעם מאָדעליער־האָלץ, אויפ'ן ווייכען קאַנאַפּע, האַלב־ליגענדיג זיך אַוועקגעזעצט.

— נו, קינדער, היינט אַרבייט איך מעהר ניט. מאָרגען קום איך צו דיר, בצלאל. קומט, קינדער אויך, ווען איך וועל דאַרפען זיין. איך וועל אייך ערצעהלען פון געטליכען בילד, וואָס אונזער רבי מאיר מאָהלט. נעכטען, בין איך ביי איהם געווען. דעם בלינדען „שמשון הגבור" מאָהלט ער. ביז איצט געהט ער מיר פון קאָפּ ניט אַרויס. אָט מאיר'ן איז גוט. שוין נאָהענט

אַן אַכציגער, און מאַהלט נאָך ווי אַ יונגער. צו סקולפּטור מוז מען כח האָבען. ער האָט אַ קוק געגעבען אויף מאיר'ן, וועלכער האָט אין זיין גרויסען דעקאַלטע, ווי אַן אַטלעט אויסגעוויזען.

פּנינה, האָט איהם אַ גלאָז ווייז צוגעטראָגען. ער האָט געטרונקען, מיט'ן האַנד איהר צו זיך אַוועקגעזעצט און איהר רונדע קאָפּ געגלעט.

— שלום, קינדער! איך מוז געהן. מאָרגען ווייטער. און דו, פּנינה, אַרבייט היינט ניט מעהר, ווילסט דו היינט אין „מנורה” געהן? קום צו אַנוועדברויט. מיר געהן מיט די גאַנצע פאַמיליע, און איהר, קינדער, קומט אויך. שלום.

מיין לעהרער האָט מיר דורך אַלע רבי מנשה'ס אַטעליעם דורכגעפיהרט. אַ גאַנצע וועלט פון קונסט געזעהן און אַ גאַנצע מחנה פון קינסטלער־געהילפע איז דאָרטען געווען. אַלע האָבען נאָך די מאַקעטען פון'ם גרויסען קינסטלער געאַרבייט. די מאַרמאָר, האָט מען ניט מיט'ן האַמער געהאַקט, נאָר מיט אַ מאַשינקע, עהנליך ווי אַ בויער־מאַשינקע פון אַ צאָהן-אַרצט. זי האָט דעם מאַרמאָר, ווי ווייכע קעז געשניטען. דער קינסטלער האָט דאָס לייכט, ווי מיט אַ בליי-שטיפט געפיהרט איבערען מאַרמאָר, וועלכער האָט זיך ווי אַ שאָלעכץ פון די פיגור, וואָס געפינט זיך אינעווייניג, אַרונטערגענומען. מיט דעם זעלבען מאַשינקע האָט מען געאַרבייט פון האַלץ, גראַניטשטיין און אַנדערע האַרטע שטיינער. מיין לעהרער האָט מיר ערקלעהרט, דאָס דער שטאָלענער שטיפט, וועלכער עס געפינט זיך אין הענטעל פון מאַשינקע, בעוועגט זיך מיט עלעקטרישען קראַפט, דריי טויזענד מאָהל אין איין מינוט. מיט די אונגלויבליכע גיכקייט קען מען די האַרטסטע מאַטעריאַלען שניידען, אפילו דיעמענטען, קען מען מיט אַ קופּערנעם רונדען בלעכעל איבערזעגען. דער זעלבער פּרינציפּ איז ביי די רעדוקציאָן-מאַשינען, וועלכע איך האָב דאָ געזעהן. מען האָט נאָך'ן גיפּסענעם מאָדעל פון קינסטלער, פאַרקלענערט אויף העלפענביין, האָלץ און אַלע אַרטען שטיינער, אויך די האַרטע האַלבעדעלשטיינער. וואונדער שעהן איז אַרויסגעקומען די פיגורען, וועלכע זיינען געווען צונויפגעזעצט פון פאַרשיידענע פאַרביגע שטיינער. די ווייסע מאַרמאָרנע, האָט מען אַ טאָן געגעבען מיט לייכטע נאַטירליכע ניואַנסען, נאָכהער פון אויבען פּאַטינירט. אפילו

טעראקאטעז און בראַנזען האָט מען אויך ניט איבערגעלאָזען אין זייערע איין נאַטירליכען טאָן. די סקולפּטורע האָט דאָ געוואָלט פאַר איהר פּלאַסטישע פאָרמען אויך די בעוועגליכע לופט פון די מאהלער באַרגען, די שטימונג, וועלכע גיט אונז אַ שעהנער פאַר־בען־האַרמאָניע.

— מעהר ווי צוויי הונדערט געהילפע ארבייטען דאָ אין רבי מנשה'ס אַטעליעס, אויסער די פיעל ארבייטער אין קונסט־גיסע־רייען אין טאָן־פאַבריקען פון טעראקאטא און מאיאָליקא. די אַלע ארבייט געהט ארויס פון זיין האַנד, אָדער אונטער זיין קאָנטראָל מיט זיין אונטערשריפט און זיעגעל. אָבער זיין ארבייט געהער, ווי די זון אַלעמען, יעדער קען זי קאָפּירען, ער מוז נאָר בע־צייכענען, דאָס עס איז אַ קאָפּיע. איצטער קענסט דו שוין פאַר־שטעהן, וואָס פאַר אַ גרויסען איינפלוס האָט דער ג'עניע פון רבי מנשה אויף אַלע אונזערע קונסט און אינדוסטרי. יעדער טאָג, געהט פון זיינע געבענשטע הענט אַ נייע ווערק ארויס. דאָס איז זיין ריינער קרבן, זיין שירה, וואָס ער זינגט יעדען טאָג.

איצט געהען מיר צו זיין חבר, דער גרויסער לאַנדשאַפט־מאהלער, רבי יהודה הזרחי. ביי מאהלער, קען קיין געהילפע זיין, דאָך מאָהלט ער אייך, בענאָהע, יעדען טאָג אַ זאַך. די טעכניק איז לייכטער, ניט אַזוי קאָמפּליצירט, ווי די אויספיהרונג אין הארטען מאַטעריאַל, ווי ביין בילד־הויער: — און האָט מיר אין די צווייטע ווילאַ געבראַכט.

די ווילאַ איז אין גאָרטען געשטאַנען. עהנליך צום „מאהל־אטעליע” פון „בצלאל”, נאָר פיעל קלענער. אין גאַנצען, אַ גלע־זערנע, אַ רונדע, ווי אַ שעהנע לאַנטערען האָט זי אין גאָרטען אויסגעוויעזען.

— אין דעם נעסט זינגט אונזער משורר פון פאַרבען. אונ־זער אָדלער, וועלכער קען גלייך אויף די זון קוקען. ער האָט אונז געוויעזען, ווי שעהן אונזער ארץ־ישראל איז. ווי שעהן גאָט האָט אונזער וועלט בעשאַפען. מיט זיין סעריע הונדערט און אַכט און צוואַנציג בילדער פונ'ם ים כנרת, האָט ער אונז גע־לעהרענט דעם כנרת זעהען און איהם ליעבען. די לופט בע־וועגט זיך אויף זיינע בילדער, די פאַרבען האָבען אַזאַ הערליכע קראַפטיגע האַרמאָניע, ווי די האַרמאָניע פון פאָרמען ביי די גרי־כישע פּלאַסטישע קונסט. ער איז אַ רבי, דער גרויסער פאַרבענ־

לעהרער פון אונזערע מאהלער, דער חבר פון רבי מנשה בן יהושפט און רבי אפרים בן חרמנה.

אין אַטעליע אַזי קיין אונטערשייד אין די בעלויכטונג און פלאַנצונגען ניט געווען ווי פון דרויסען אין גאַרטען, נאָר קיהלער, פון די פיעל עלעקטרישע לופט-ווערם. פון פּאַראַוואַנעס, איז אייניגע בעקוועהמע ווינקלען געמאַכט. דאָרט זיינען אייניגע נידעריגע מעבעל געשטאַנען מיט ווייכע, ווי גראַז, טעפּיכע. מאַלבערטען מיט בילדער און שעהנע, עמאַלירטע און אַנדערע וואַזען מיט בלומענשטאָקען זיינען איבעראַל געווען. נעבען איין מאַלבערט איז דער קינסטלער מיט אַ פּאַליטרע און פּינזעל געשטאַנען און אַ לאַנגען פּאַנאַ געמאָהלט. ירושלם איז דאָס געווען, די געבויטע ירושלם אין פריה-מאָרגען ליכט. גאַנץ העל איז דער גאַנצער בילד. פון ווייכע דורכזיכטיגע קאָלירען. מיט האַלבע טענער איז מאָדעלירט דער וואונדערבאַרער ירושלם'ער סילויעט מיט זיינע בערג, פּאַלמען, קופּאָלען, טורמס און ציפּרעסען. אַ העלע, ליכטיגע, לופטיגע האַרמאָניע איז דער בילד געווען, ווי דער מאָרגען-געזאַנג פון פויגעלאַך, ווי אַ גליקליכער קינדערשער חלום פאַר'ן זון־אויפגאַנג...

נעבען קינסטלער זיינען אויף מאַלבערטען פיעל עטיודען פון ירושלם געשטאַנען, מיט אַ קינסטלערישע האַנד, האָט ער זיי איבערגעגעבען וואָס זיינע ליכטיגע אויגען האָבען געזעהן. אין'ם פּאַנאַ איז געווען — וואָס ער האָט מיט זיין האַרץ געזעהן, אַ ווייכע, פּיהלענדע האַרץ פון אַ פערליעבטען פּאָעט, וואָס זעהט פריה-מאָרגען זיינע פרישע, רוזיליכע ערוואַכענדע געליעבטע.

דער קינסטלער האָט זיך אָבגעקעהרט. איך האָב זיין געזיכט געקענט זעהן. אַ הויכער, שלאַנקער בלאָנדין איז ער געווען, מיטעלע יאָהרען, מיט בלויהע, ווי אונזער הימעל, מינדאַל-אויגען. די געזיכט — אָבגעברענט פון זון, נאָר זיין הויכער, שעהנער שטערען, האָט אויבען, נעבען די האָר, מיט אַ בעזונדערען ווייסקייט געלויכטען. דער לעהרער האָט מיר פאַר'ן האַנד אַנגענומען, ארויסגעפיהרט און געזאָגט:

— נאָר אין מוזעאום וועסט דו גרויסקייט פון דעם וואונדערבאַרען ג'עניע זעהן. וואָס פאַר אַ פּיהלענדע אויג און האַרץ ער האָט צו די. פאַרבען! זיינע באַריהמטע סטודיען, „פאַרבען-סימפאָניען", וואָס ער האָט געמאָהלט פון די בלומען-בעדעקטע ברע־

געז פון ים כנרת, פון ירושלמ'ער בערג, פון אלטע שטיינער, חורבות און מצבות, זיינען מאדעלען געווארען, פאר עמאלען, פארצעלענען, מאזאליקא, אונזערע בעריהמטע טעפיכער, שטי-קערייען און אנדערע אונזערע טיפקילנא קונסט. זיינע פאנטאסטישע לאנדשאפטען, זיינען מאדעלען געווארען פאר די נאטור אליין: אונזערע גערטנירער לעהרנען פון זיי, ווי שעהנע, גערטנער צו מאכען, פארקען אנצולייגען. איצטער וועלען מיר געהען אין אטעליע פון אונזער אלטען קינסטלער, רבי מאיר, אונזער גרעס-טער היסטאריש-ביבלישער-מאהלער. — און האט מיר צו א קליי-נע, ווי אז אלטען טעמפעל, ווילא צוגעפיהרט.

אין ווילא איז קיין אטעליע צו ארבייטען ניט געווען. דאס איז געווען א היסטאריש-עטנאגראפישער מוזעאום פון אידישע אנ-טיקען און עטנאגראפיע. איך האב בעמערקט, דאס אלעס איז נאר קאפיעס. אימיטירט, ווי אלטע, נאר פאר מאדעלען צו מאהלען. פון ווילא האט א גלעזערנע גאלעריי געפיהרט. די אלע ווענט בעדעקט מיט סטודיומס, געמאהלטע מיט אויל-פארב און אויף קארדאנען מיט געפארבטע בליישטיפטען. פיעל קאהל-צייכענונגען זיינען אין קארדאנען אויף טישלאך געווען. אין גרויסע ראלען פון צייכענונגען פאר א וואנט-מאהערליי. קענטיג, דאס דער קינסטלער האט שוין פיעל געארבייט אויף זיין לעבען. די גאלעריי האט זיך געענדיגט מיט א צווייטע אייזערנע געביידע, דאס וואר אייגענטליך די אטעליע, וואו מיר זיינען אריינגעגאנגען.

מיר האבען דעם קינסטלער אין זיין רוהיגען אטעליע, ביי זיין ארבייט געפונען. שוין א גאנץ אלטער מאן, איז ער געווען, שניי-ווייסע לאנגע האר און א לאנגע, ווייסע באָרד. די ענדע פון באָרד, טונקעלער, געלבליך, ווי ער וואלט וועלען ווייטער יונג ווערען. א בלאסע פערגאמענט געזיכט, א ברייטען, צוקנייטש-טען, ערענסטען שטערן, מיט טיעפע, פינקעלדיגע, קלוגע, שווארצע אויגען מיט א שארפען, לעבעדיגען, בליק, אונטער גרויסע, אראבגעלאזענע ברעמען. א הויכע פיגור האט ער געהאט, נאר דער רוקען שוין אויסגעבויגען און די רעכטע פלייצע עטוואס אויפ-געהויבען. זיינע קליידער איז אויך אין די ווארעמע צייט, ברייט און לאנג געוועזען מיט פוטער אונטערגענעהט, דאס האט איהם צוגעגעבען א פאטריארכאלען-אריסטאקראטישען אויסזעהן. ער

איז אין ארבייטער-שטוהל מיט א הויכען אָבשפּאַר, ווי א טראָהן, רוהיג געזעסען, די האַנד מיט׳ן פינזעל אַרונטערגעלאָזען און מיט זיין טיעפען, דיינקענדען בליק האָט ער אויף זיין אַרבייט גע-קוקט. די גאַנצע איינריכטונג פונ׳ם אטעליע איז געווען איינ-פאַך, אָבער סעריאָז. די סאָלידע מעבעל, דראַפּעריי, האָבען א דונקעל-ברוינעם פאַרב געהאַט. אויפ׳ן שרייב־טיש אין נידעריי-גען ביכער־שראַנק איז סקולפּטורען געשטאַנען, אונטער וועלכע איך האָב דערקענט צוויי קעפּ פון רבי מנשה׳ם אַרבייט. ישעיה און ירמיה. אויף די ווענט זיינען אייניגע בילדער אין אַלט-גאָלדענע ראַמען געווען. פון איינע, נאָהענט נעבען קינסטלער, האָט א וואונדערבאַרע לעבעדיגע פרויען-קאָפּ, גלייך אויפ׳ן קינסטלער מיט איהרע טרוימערישע אויגען געקוקט.

בין שטיל, הינטערען קינסטלער צוגעגאַנגען, זיין בילד, וואָס ער מאָהלט, צו זעהען. „שמשון הגבור״ איז אויפ׳ן בילד אויסגע-מאָהלט. א האַלב-נאַקעטער, מיט אַן אָבגעשוירענעם קאָפּ, אויס-געשטאָכענע אויגען, איז ער שרעקליך געווען אין זיינע שווערע קייטען אויף די הענט, פיס, אויפ׳ן דיקען, קורצען האַלז און פון ברייטען פּאַס, וועלכער האָט זיין שטאַרקען קערפּער טיעף איינגעשניטען. ער איז געזעסען אויפ׳ן פונדאַמענט פון די זאַר-נעס, צו וועלכען ער איז צוגעקייט. מיט זיינע מוסקולירטע אָרעמס האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן גראָבען קלאָץ פון אויבערשטען שטיין. מיטביידע שרעקליכע הענט האָט ער זיין ווילדע קליינע קאָפּ פעסט אַרומגעכאַפּט. זיינע אויסגעשטאָכענע אויגען האָבען שוידערהאַפט, ווי דער טויט געקוקט מיט׳ן פוסטען שוואַרצען קוק. זיינע פולע ליפּען פעסט און קרום געשלאָסען. אויף זיין נידעריי-גען שטערען איז א טיעפער, דיקער קנייטש, ווי א שלאַנג גע-לעגען. דאָס איז א שרעקליכער ווילדער חיה אין קייטען געווען. ניין, נאָך שרעקליכער! א מענש. מען האָט געמערקט, דאָס דער מענש ערוועקט זיך אין די חיה. ער פיהלט די אונמענשליכע בעליידיגונג, זיין האַרץ עסט א ביטערער חרטה, די קאָפּ ברענט מיט׳ן גיהנום פון נקמה, די קוים-אָבגעוואַקסענע האָר שטעהען ווילד, ווי נעגעל אויף זיין קאָפּ... ניט ווייט פון איהם, אין שאָטען, זיצט זיין שומר, א יונגער, פלישתי׳אנער, מיט זיין גראָבען שטעקען, ער קוקט אויף שמשון׳ען מיט פּחד, ציהט זיך מיט שרעק צום וואַנט... די סצענע קומט פאָר אין אַן אַלטע, ווילדע

אונטער-אירדישע חורבה, האַלב-פינסטערע, נאָר פון לעבער רייסט זיך דורך, שרייענד, די שטראַהלען פון די ברענענדיגע זון.

די אויספיהרונג פון בילד איז אַזוי איינפאַך, אַזוי נאַטירליך, דאָס מען האָט איהר גאָר נישט בעמערקט. מען האָט נאָר געזעהן, ווי אין דער נאַטור, אַ שרעקליכע דראַמע : דער קאַמפף פון נשמה מיט'ן ווילדען קערפּער, דער שרייענדיגער ליכטיגער שטראַהל אין פינסטערען, קאַלטען קבר.

קיין מאָדעל איז ביים קינסטלער ניט געזעסען, נאָר נאָך די פיעל פאַרב און קויל עטיודען, וואָס אַרום איהם איז געלעגען, האָב איך געזעהן, ווי סעריאָז דער גרויסער קינסטלער גרייט זיך־צו צו זיינע בילדער, ווי טיעף ער לעבט זיי איבער, נאָכהער שאַפט ער זיינע ווערק פון טיעפען האַרצען. דאַריבער געהען זיי אין יעדענס האַרצען אַריין.

האָב נאָך געוואָלט אין אַטעליע בלייבען, ניט געקענט מיינע אויגען פון ליידענדען שמשון'ען אַרונטער נעהמען. נאָר מיין לעה-רער איז אַרויסגעגאַנגען און מיר מיטגערופען.

— מיר מוזען זיך היילען, דו דאַרפסט נישט פאַרשפּעטיגען. דו ווילסט דאָך אונזער נשיא זעהען. קום, ער זיצט איצט נאָך ביים פּאָרטרעטען מאַהלער, רבי שמואל בן יואָש. ער מאָהלט דעם נשיא'ס פּאָרטרעט, פאַר דעם „אל—מות" זאַל פון בית המקדש. אַזוי האָט מיין לעהרער געזאָגט און אין אַטעליע פון רבי שמואל מיר געבראַכט.

ווען ניט דער מאַלבערט, וואָלט איך גאָר ניט געוואוסט, דאָס מיר געפינען זיך אין אַ קינסטלער אַטעליע, גיכער אין אַ קאַבי-נעט פון אַ געלעהרטען. די צוויי העררען, וועלכע זיינען גע-זעסען ביים גרויסען פענסטער נעבען שרייב-טיש האָבען די עהנ-ליכקייט מעהרער פאַרשטאַרקט. דאַצו האָט זיך אויך, די גאַנ־צע צייט, געהערט לייזע שפּיעלען פון צווייטען צימער. נאָר, ווען איך האָב געזעהן דעם פּאָרטרעט, וואָס רבי שמואל מאָהלט, איז מיר פאַרשטענדליך געוואָרען : אַ פּאָרטרעט־מאַהלער דאַרף קיין אַנדער אַטעליע האָבען, ווען ער וויל, דאָס זיינע פּאָרטרעטען זאָלען נאַטירליך זיין, אין די בעלויכטונג און אומגעבונג אין וועל־כע, געוועהנליך, אַלע מענשען לעבען.

פון די צוויי העררען, וועלכע האָבען אַזוי ערענסט גערעדט איז דער אינגערער געווען, ווי מיין לעהרער האָט מיר שפּעטער

זיין נאָמען געזאָגט, רבי לפּידות בן אבימלך, דער נייער נשיא. ער איז נאָך ניט אַלט, אומגעפעהר פופציג יאָהר, אין זיין שעה־נעם שוואַרצען באָרד, האָט נאָך גאַנץ ווייניג זילבערנע האָר גע־בלישצעט אויך ביי די שלייפען פון זיין ברייטען ליכטיגען שטער־רען. אַ רוהיגען מאַיעסטעטישען אויסזעהן, האָט ער געהאַט. נאָר מען האָט געזעהן, דאָס איז נאָר אויסערליכע רוהע, וואָס ער האָט ערגרייכט מיט'ן שטאַרקען ווילען און פילאָזאָפישען געדאַנק. אָבער טיעף אין זיין האַרץ ברענט אַ הייליגער, עוויגער פייער, וועלכע קען ערוואַרעמען אַלעמענס הערצער. דאָס אונטערען ברייטען, צאַרטען שטערען, וואַרט דרייסט, אָהן פּחד גרויסע אידעען גע־שאַפען, ברייטע האָריזאָנטען ענטדעקט...

דער אַלטעטשקער, מיט וועמען ער איז געזעסען, האָט די גאַנצע צייט, שטיל, אָבער אָהן אַן אויפהער, וועגען עפּעס גע־רעדט. דער נשיא איז זיך רוהיג געזעסען, מיט זיינע קלוגע אויגען אויף איהם געקוקט און געדולדיג געהערט. דער קינסטלער האָט גאָר דעם אַלטינקען ניט געזעהן, ניט געהערט. זיין גאַנצע קראַפט פון זיין נשמה איז אין זיינע אויגען געווען, וועלכע האָ־בען, דוכט זיך, דורכגעדרונגען דעם נשיא, זיינע פאַרבאָרגענע געדאַנקען געלעזען. געזוכט אין זיינע אויסערליכע פאָרמען די אינערליכע נשמה איבערצוגעבען, דאָס גאַנצעס צו געפינען. דער קינסטלער האָט דאָס ערגרייכט! און ווי איינפאַך דער פאָר־טרעט איז געמאָהלט געווען! נאָר אמת'ע, געניאַלע ווערק זיי־נען אַזוי לייכט, פּראָסט, כמעט, נאַאיוו געמאַכט... דער פאָר־טרעט איז ניט געווען דער שפּיגעל פון נשיא, ניין. דער שפּיע־געל גיט איבער צו פיעל וואָלגאַר, קאַלט, אַלעם מיט די זעלבע פיינסטליכקייט. עס איז אַלץ דאָ אָבער קיין זאַך זעהט מען ניט... אויף דעם פאָרטרעט איז געווען דער סך־הכל פון זיין געזיכט און כאַראַקטער. אַזאַ איינדרוק בעקומט דער מענש נאָר, ווען ער מערקט ניט, דאָס מען קען איהם זעהען, ווען ער פאַר־געסט זיך אַליין. נאָר די שאַרפע אויג פון יחידי סגולה זיינען מסוגל דעם אויסדרוק צו בעמערקען ביי מענשען.

האָב געברענט פון אונגעדולד צו הערען פון מיין לעהרער וועגען נשיא, דאַריבער האָב איך מיר געהיילט אַרויסצוגעהען און גלייך געפרעגט:

— ווער איז דער נשיא, וואָס איז זיין בערוף ? ער זעהט דאָך אוים ווי אַ געלעהרטער, ווי אַ גייסטליכער.

— ער איז אַ געלעהרטער, פּאָעט, דענקער. ער איז אַ גרויסער רבי. ער איז אַ איש אמת, פיינט כבוד און געלד. ליעבט די גאַנצע מענשהייט. ער איז דער גרויסער, אמת'ער איד, אונזער שטאָלץ, אונזער ציערונג, אונזער גרויסער רבי לפידות בן אבימלך, דער פינפטער אידישער נשיא.

— וואָס מאַכט ביי אייך אַ נשיא. רעגיערט ער, וועהלט ער אוים דעם מיניסטער קאַבינעט ?

— ניין, ביי אונז איז אַ דעמאָקראַטישע-סאָציאַלע רעפּובליק אונזער נשיא איז דער בעסטער פונ'ם פאָלק, וועלכער איז אונז נוצליך און ליעב, ווי דער פנים פאַר'ן גוף. ווי דער פנים פונ'ם מענשען, שטעלט ער אונז פאָר, אין איהם זעהט מען אונזער פאָלק'ס אידעאַל. אויסער אַ פערזענליכען פּריוואַט ראַטה, דאַרף ער זיך מישען אין סנהדרין. נאָר ער, אַלס גרויסער דענקער און פּאָעט, אַרבייט פאַר אונזער צוקונפט. זיינע ביכער האָבען אין זיך פונקען פון נביאות, ער ענטפּלעקט אונז, וואָס עס וועט זיין אין די שפּעטערדיגע טעג.

— ווער וועהלט אוים דעם נשיא ? אויף ווי פיעל יאָהר איז די וואהל ?

— דער נשיא ווערט אויסגעוועהלט פון אונזער גאַנצעם פאָלק, דורך זיינע בעסטע, קליגסטע און געלעהרענסטע... דורך דיביידע סנהדרין. ער איז אויסגעוועהלט פון צווישען אונזערע גרעסטע, סנהדרין הגדולה און אויסגעוועהלט איז ער אויפ'ן גאַנצען לעבען. מען קען איהם אָבער אַנטזאַגען, ווען מען וועט זיך אין איהם אָבנאַרען. דאָס האָט ניט פּאַסירט, נאָר דער פיערטער נשיא, רבי אביעזר בן גרא, אַז אַלטער מאַן פון איבער זיעבעציג יאָהר, האָט זיך אַליין ענטזאַגט, ווען די ליכט פון רבי לפידות איז אויפגעגאַנגען.

— לעהרער, דו זאָגסט, דאָס ביי אייך איז אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, דאָך זעה איך, גיט ביי אייך אַ נייע מאָדנע אַריסטאָקראַטי, אַ בעזונדערע קאַסטע געלעהרטע, אַזוי ווי ביי די כינעזער.

— האָסט אַ גרויסען טעות, מיין קינד. ביי אונז גיט קיין אַריסטאָקראַטי, נאָר מיר שעצען דעם מענשען אַליין, פאַר זיינע

פעהיגקייטען, זיינע קענטנישע און מעשים טובים. ביי אונז קען ניט געבען פאָליטיקאַנער, דעמאַגאָגען, פאַלשע נביאים, וועל־כע ביי אייך לעבען אויפ'ן פאָלק'ס רעכענונג, חנפ'ענען איהם, און האַלטען איהם אין איין ריהמען, כדי דאָס פאָלק, זאָל איהם צוריק ריהמען... אונזערע לעהרער, פיהרער, וואַקסען אַליין אויס העכער פאַר'ן פאָלק, וואַקסען נאַטירליך, פון אייגענעם קראַפט און געבאָרענעם בעגאַבונג, אַזוי ווי אונזערע צעדערען ערהויבען זיך אין וואַלד העכער פון אַלע בוימער, ציהען זיך צום ליכטיגען הימעל. אַלעס לעבט אָב אונטער זייער שאָטען.

אַלע קינדער האָבען ביי אונז פאַר זייער ענטוויקלונג די־זעלבע בעדינגונגען. איי — ן שוהלע, איין לעהרער, איין עסען, איין נאַהרונג, קורץ, בעקומען אַלע גלייך די מעגליכקייט גרויס צו ווערען. ווען איינער ווייזט אַרויס בעזונדערע פעהיגקייטען, ליעבע צו וויסענשאַפט, שטאַרקען ווילען, גוטעס האַרץ, זאָלען מיר איהם ניט שעצען העכער פאַר'ן אומבאַגאַבטען, פוילען, שוואַ־כען ווילען און ממילא אַזאַ קליינער מענש איז אַ גרויסער עגאָ־איסט אויך ? די געבאָרענע מעלות האָט דער מענש גע'ירש'ענט פון זיינע גוטע עלטערען, די ירושה איז אונזער פאָלק'ס רייכטהום, מיר היטען דעם רייכטהום פון פאָלק פאַר'ן פאָלק.

— אָבער אַלע בעקומען דאָך ניט די זעלבע ערציהונג ? איי־נער לעהרענט אין „יבנה", דער צווייטער — אין „בצלאל", אָדער האַנטווערק-שוהלע, דער דריטער לעהרענט גאָר אַז ערד-אַרבייטער צו זיין. ניט אַלע האָבען די מעגליכקייט דעם טיטול „רבי" צו בעקומען ? מען קען דאָך קלוג און גוט זיין אָהן אַ „רבי" צו זיין.

— שוין אין קינדער גן-עדן, וואו אַלע נאָרמאַלע קינדער בע־קומען זייער ערשטע ערציהונג, קען ביז צוועלף—דרייצעהן יאָהר יעדער זיינע פעהיגקייטען און כאַראַקטער אַרויסווייזען. אַ גו־טער פעדאַגאָג, וואָס זעהט איהם טאָג און נאַכט, קען זעלטען אַ טעות אין קינד האָבען. דאָרט ווערען זיי איינגעטהיילט אין פאַרשיידענע שוהלען צו פאַרשיידענע ספּעציאַליטעטען אָהנע צו קוקען אויף זיין זכות אבות. דער זוהן פון נשיא קען אין אַן איינ־פאַכע אַקער-בויער־שוהלע געשיקט ווערען, גפני'ס דעם שטיין־האַקער'ס זוהן — אין „יבנה". יעדער נאָך זיין פעהיגקייטען און נאַטירליכע נייגונגען. איבערהויפּט ווייסען די פעדאַגאָגען ניט

ווער די עלטערן פון קינד איז. דו האסט בעמערקט, דאס ביי אונז גיט קיין פאמיליען-נעמען ניט ? ווייל עס בעדארף ניט א פאמיליע זיך אויסצייכענען געגען די צווייטע, אלע אידען זיי-נען איין פאמיליע. נאך זיינע ארבייט ווערט דער מענש אנ-גערופען, מאנכע רופט מען אויף דעם נאמען פון פאטער פון זיין בעריהמטען קינד, אבער די מעהרערע, נאר דעם נאמען פון מו-טער, וואס יעדער איינציגער ווייסט בעשטימט ווער זי איז גע-ווען...

— עס קען דאך טרעפען, דאס א קינד ענטוויקעלט זיך צו שפעט, ער קומט שפעטער צום שכל, ווערט א בעל-תשובה, אדער זיינע פעדאגאגען האבען א טעות געהאט ? זיי זיינען דאך ניט מעהרער ווי לעבעדיגע מענשען.

— די פעדאגאגען האבען זעלטען א טעות, דער מענש קען בעסער ווערען אבער ניט פעהיגער. דא העלפט ניט קיין תשובה. דאך גיט אויך פיר אלעמען אין ארץ-ישראל די מעגליכקייט ענדי-גען שפעטער דעם פאלקס־אוניווערזיטעט דורך בריעף. ער דארף ניט אליין קומען דאצו אין ירושלם, נאר ווען ער איז עולה-לרגל, האלט ער זיין עקזאמען. דארט ווערט אנגענומען אין יעדער עלטער און פעהיגקייט דער מענש זאל ניט זיין, ער דארף נאר חשק דאצו האבען. ווען ער צייכענט זיך אויס, קען ער אויך דעם טיטול „רבי” בעקומען.

נאר דיר איז דאס אומגלויבליך, ווייל דו שטעהסט זעהר פיעל הינטער אונז. די איין הונדערט יאהר, איז וויכטיגער, ווי פריהעריגע צוויי טויזענד. — ביי אונז גיט שוין זעהר ווייניג, וועלכע ליעבען „הערשען”, וועלכע זוכען כבוד. „כל הרודף אחרי הכבוד, הכבוד בורח ממנו”, ווער עס יאגט נאך כבוד, אנטלויפט דער כבוד פון איהם, האבען אונזערע חכמים געזאגט. א פיהרער, א לעהרער צו זיין איז א שווערע ארבייט, קיינער וויל קיין שווערע משא טראגען, ווען ער פיהלט ניט ביי זיך דעם כח דאצו... קום, מיט מיר, איך וועל דיר ווייזען, דאס, וואס דיר איז נעהענ-טער, וואס דו קענסט בעסער פארשטעהען. רבי אוריה בן עדה, דעם געניאלען קאקריקאטוריסט, וועל איך דיר ווייזען. איהם קען דאס גאנצע אידישע פאלק מיט'ן נאמען „דבורה”. ער איז דער לעהרער פון אונזערע קליינע קינדער, ערציהער פון אונזער יוגענד, א פרייד פון אונזערע אלטע. ער איז דער בייטש פאר

די נארען, דער שטעקען פאר די שלעכטע און דער קרומער שפּיע־גל פאר די אנגעבלאזענע בעלי־גאוה׳ניקעס, כבוד־זוכער. ער לעהרענט אונז גוטמוטהיג לאכען, ווי רבי מאיר — פּיהלען און ווייגען.

דער לעהרער האט געענדיגט און צום ווילא פון „דבורה״ מיר געבראכט.

שוין, שטעהענדיג נעבען טהיר, דערזעהענדיג נאר די קליי־נע ארקע פון אויבען, איז מיר פרעהלאך אויפ׳ן הארצען געווארען. א בילד פון געמאהלטע זעראמיקא איז דארט געווען: אויפ׳ן גרינעם הארמאנישען פאן פון פלאנצונגען, איז אין מיטען, א גרויסע, בייזע ביהן געשטאנען. רעכטס, האט מען געזעהען די קאפּ פון א שעהנע פרעהליכע מיידעלע, וועלכע ליעב, נאאיוו, בעלעקט זיך מיט דעם האניג פון איהרע ברויט. לינקס — א צו־פּודערטען, ווילדען אינגעל, שרייט קאמיש מיט זיין גרויסען גע־עפענטען מויל, קוקט קרום, מיט קאסא אויגען אויפ׳ן ביהן.

אין זיין גרויסען ליכטיגען אטעליע, פול מיט צייכענונ־גען, אקווארעלען און קארטאנען, אויף סטאפעלאיען, אויף די ווענט, אויך אונטען, ביי די ווענט, אויף דער ערד, איז דער קינסטלער ביי זיין שרייב־טיש געזעסען. עטוואס גיך געשריעבען. דאס ערשטע האב איך דעם מאדנעם קינסטלער אליין געוואלט זעהען. א קאריקאטוריסט — א לעהרער ? דאס האט מיר ניט געוועהנ־ליך געקלונגען.

אן עלטערער מענש איז דאס געווען, א דיקלכיער, מיט א בולט׳ען בייכעל, א גלאטע, בלישצענדע קאפּ, מיט זעהר ענט־וויקעלטען שייטעל. ער האט זיין קאפּ פון פּאפּיר אויפגעהויבען, געקוקט אומבעשטימט וואו, ווי ער וואלט אין זיינע געדאנקען עטוואס געזעהן. קלוגע, שאטענע, טיעפע אויגען האט ער גע־האט. אויגען פון א קינסטלער, וואס באמערקט אלעס טיעף, ריכ־טיג. פון די אויגען האט זיך אין ביידע זייטען, גוטע, פרעהליכע, לעבעדיגע קנייטשלאך געצויגען. און ווייכע, אבער טיעפע קניי־טשען נעבען מויל, א גוטער שמערץ געלעגען. צוליעב זיין גרוי־סע בארד און וואנצעס, האב איך זיין מויל ניט געקענט זעהן. נאר די קורצע פּיפּקע, וועלכע ער האט פון מויל ניט ארויסגעלאזען. זיין שטערען איז געווען א גרויסער, קאמיש־יונג געבלישצעט.

זיינע פיעל צייכענונגען, וואס איך האב דארט געזעהן,

זיינען זעהר סעריאָז געצייכענט געווען, מיט גרויסע קענטעניסע פון זיין פאַך, מיט טיעפען פארשטאנד דעם מענשען, דאס לע־בען, די נאַטור. נאָר ער האָט געזוכט די ק אָ מ י ש ע  פ ו ן  ל ע ב ע ן. מיט זיין קינסטלערישע אויג, האָט ער בעמערקט אַלע אונזערע פעהלערען, שלעכטע געוואָהנהייטען, שוואכקיי־טען, און מיט זיין גוטען, קלוגען היומאָר, דאס אויסגעלאכט. דער צייכענונג איז געווען פריי, איינפאַך, אָהנע איבעריגע, אונ־נוצליכע, רעאלע קליינינקייטען. קורץ, ווי א קלוגער שפריכ־ווארט, ווי א שארפער וויץ. גאַנצע סעריעס זיינען די צייכענונ־גען געווען. אויף א בעשטימטע טהעמא פון לעבען, פון ליטע־ראטור, אָדער פון געשיכטע : אַנדערע זיינען בילדער אָהנע ווערטער געווען. גאַנצע ביכער געשריעבען אויף אַלמענשליכען לשון.

אויף איינגע מאלבערטען, געזעהען א ניט-געענדיגטע סעריע צייכענונגען : די געשיכטע פון „שמשון הגבור״, וועלכע ער האט איצטער געהאלטען אין צייכענען. . . מיר האט פאראינטערע־סירט, ווי וועט ביי'ן באריהמטען הומאָריסט דער שמשון זיין, וועלכען איך האב היינט אזא דראמאטישען, ביי רבי מאיר'ן אין אַטעליע געזעהען.

נאָך ניט אַלע צייכענונגען איז שוין געווען, און ניט אַלע גאַנץ געענדיגטע. אויף איינגע, איז אויפ'ן זעלבען קארטאָן גע־ווען אַנגעווארפען די גאַנצע קאָמפּאָזיציע אין בעזונדערע קעפּ, אויסדריקע, בעוועגונגען און כאראקטערישע טהיילען פון קער־פערס. דאָך האב איך געזעהען ווי נאָהענט דער קאָמיזם איז פון טראגיזם. דאס אין לעבען זיינען זיי ביידע צונויפגעפלאָכטען, נאָר יעדער זעהט דאס, צו וואָס זיין אויג ציהט און וואָס זיין הארץ פיהלט טיעפער. . .

אויף א גאַנץ געענדיגטען צייכענונג איז געווען, ווי שמשון, א שטארקער, דיקער קינד, מיט ווילד, ניט פארקעמטע האָר, שלעפּט א גרויסען הונט פאר'ן עק. טאטע-מאמע קוועלען פון ווייטען קוקענדיג, קלייבען נחת פון זייער בן-יחיד : מנוח — איז א נידעריגער, דיקער, תמ'עוואטער, גוטער מענש און זיין ווייב — א הויכע, מאָגערע, נערוועזע אידענע.

קאָמיש איז געווען דער צייכנונג, וואו דער קאַפּריזנער, פאר־ווילדעטער, פוסט־און-פאסניק, שמשון, בעט ביי זיינע על-

טערען. זיי זאָלען איהם געבען די פּלישת'טישע מיידעל פאַר אַ ווייב. אויף די געזיכטער פון די גוטע פּאָר, זעהט מען עט־וואָס פאַדרוס, דאָס ער וויל דוקא אַ גוי'ע, אָבער עס טהוט זיי אַ גרויסע הנאָה, דאָס זייער זוהנעלע וויל שוין חתונה האָבען...

אינטערעסאַנט איז דער יונגער שמשון, ווען מיטביידע הענט פּאַקט ער אין מויל די האָניג, וואָס ער האָט געפונען אין נבלה פונ'ם דער'הרג'עטען לייב... אַ גרויסע, שטאַרקע, גוט־מוטהיגע, ווילדע חיה, איז דאָס, ניט אָהן הומאָר, אַ גרויסען בעלן אויף אַלעם וואָס איז זיס... טראַגי־קאָמיש איז ער מיט זיינע ווייבער. ווי דער גרויסער, שטאַרקער לייב, ווערט, ווי אַ קינד שוואַך, פון די פאַלשע טרעהרען פון זיינע קליינע, שעהנינקע ווייבעלאַך. ווי קנידעריש־אונשולדיג ער האָט זיין קאָסמאַטע קאָפּ אויף די נאַקעטע קניה פון דלילה געלעגט, ווי רוהיג, זיס, עס שלאָפט זיך איהם אין דער צייט, ווען זי, יעבידנע, שערט איהם אָב זיינע האָר, זיין צייכען פון נזיר אלהים...

שרעקליך איז ער, מאָלענדיג ביי די זשאָרנעם! אַ ווילדע, וויטענדע חיה, אַן אונגעהויער קראַפט, אָבער בלינד, ווי קליינ־ליך און קאָמיש זיינען די זעהענדיגע פּלשתים אַרום איהם! מיט גיפט, און פּחד גנב'ענען זיי זיך אונטער צו איהם, אַ קלאַפּ, אַ שטאָך צו טהאָן דעם געקייטען גיגאַנט, היטען זיך, ניט אַרונטער־צופאַלען אונטער זיינע שטאַרקע פיס, וואָס ער האָט שוין אייניגע צוטראָטען.

געטליך גרויס, איז ער אין זיין לעצטען מאָמענט. ער שטעהט צווישען צוויי דיקע זיילען, נאַקעט, משונה־ווילד אין זיינע שווערע קייטען, זיינע גיגאַנטע הענט, האָט ער מורא'דיג אויסגעשטרעקט מיט זיין לעצטען תפילה. זיין אונמענשליכע גע־זיכט מיט די טויטע אויסגעשטאָכענע אויגען, איז קאָנוואולסיוו צודרעהט פון וואוטענדען כעס און נקמה. ער פיהלט ניט די אַרו־מיגע פּלשתים, וועלכע, ווי שלאַנגען טאַנצען אַרום איהם, ניט זייער ווילדען געלעכטער, ניט די קלעפּ און פיילען, וואָס פאַלט אויף איהם פון אַלע זייטען. אָט גלייך וועט ער מיט זיינע גרוי־זאַמע טיטאַנישע הענט, די זיילען אַרומנעהמען, די גאַנצע גע־ביידע אומוואַרפען, צוקוועטשען זיי, ווי ווערים און אויך איהם, דעם שטאַרקסטען מענשען מיט די ווייכע האַרץ פאַר ווייבער...

## יא.

... און נאך א מאהל בין איך, מיט מיין לעהרער, איבער די גאסען פון ירושלם, געגאנגען.

דער ברייטער בולוואר, אויף וועלכען מיר זיינען געגאנ־גען, האט געציטערט פון אויטאמאבילען, געקלונגען פון די וועלאסעפאדיסטען און געטומעלט פון די פיעל פוס־געהער. די גאנצע לענג פון טראטואר, איבערען גאנצען בולווארד, האבען זיך געצויגען צוויי רייהען פון שעהנע קאלאניעס, ווי א לאנגע גא־לעריע. א לייכטען גערויש, האט זיך איבער מיין קאפ געהערט. האב אויבען א קוק געגעבען און געזעהן, דאס אויף יעדער פאר קאלאנעס, ליעגט אן אקס מיט צוויי ברייטע, דרעהענדע רעדלאך. דער דאך פון דער גאלעריי, וועלכע ליעגט אויף די רעדלאך, ציהט זיך געשווינדט ווי א רימען פון א מאשין.

— וואס איז דאס ? האב איך ביי מיין לעהרער געפרעגט.

דער לעהרער האט ניט געענטפערט, פאר'ן האנד מיר גענו־מען, פארזיכטיג מיר אריבערגעפיהרט איבערען בולווארד אויפ'ן צווייטען טראטואר.

איך האב מיינע אויגען ניט געגלויבט ! וואס איך האב גע־זעהן איז געווען אזוי פאנטאסטיש און אזוי איינפאך, דאס מיר האט מעהר געוואונדערט, פאר וואס האט מען אזוי אין מיין צייט ניט געמאכט.

און די גאנצע לענג פון בולוואר, ווי ווייט מיינע אויגען הא־בען געקענט זעהן, זיינען פול, אויפ'ן גאלעריי, מענשען, רו־היג געשטאנען, נאר דער דאך פון גאלעריי אליין איז אזוי גיך געלאפען, דאס די מענשען זיינען ווי א קאלירטע, ציהענדע באנד אויסגעוויזען.

— וואו פאהרען דאס אזוי פיעל מענשען ? האב איך ביי מיין לעהרער געפרעגט.

— צו ירושלם'ער שפייז־זאלען. עס איז שוין עלף א זייגער. אין דער צייט עסט מען זומער מיטאג. עס פאהרען דא פון „בצלאל־אר־

ביטער־שטאָדט", פון „הבונה" און אַנדערע ערטער, וועל־
כע עסען אין די שטונדע. אומגעפעהר אַ האַלב מיליאָן מענשען
געהען נאָר אין שפּייז־זאַלען „אשל אברהם" עסען. אויסער דעם
גיט נאָך אין אַנדערע טהיילען שטאָדט אויף די בערג, שפּייז־זאַ־
לען קלענערע. אויך אין יעדער שוהלע בעזונדער. ווילסט דו ?
לאָמיר אויך מיטפאָהרען — און ניט וואַרטענדיג אויף מיין ענט־
פער, האָט ער מיר צוריק דעם בולוואַר אריבערגעפיהרט, צו אַ
דרעהעדיגע טרעפּ געבראַכט, וואָס האָט אונז גיך אויפ'ן גאַלעריי
אַרויפגעהויבען. טויזענדער מענשען זיינען שוין געווען דאָרט, נאָך
נייע — צוגעקומען פון יעדער טרעפּ. וואו אונזער פאָהרענדער
טראָטואַר איז פאַרביי־געלאָפען. און דער טראָטואַר האָט אַלץ גע־
שווינד געלאָפען, אַהן אַן אויפהער, אַהן שטויב, אַהל קלאַפּע־
ניש און אַהן איין מענשען פּערסאָנאַל.

איך האָב ביי מיין לעהרער געפרעגט :

— וואו האָבען זיי אַלע געצאָהלט פאַר'ן פאָהרען ? איך
זעה אויך ניט קיין קאָנטראָלען, מען קען זיך דאָך דאָ אריינ־
גנב'ענען.

— קיינער גנב'עט זיך דאָ ניט, ווייל אַלעמען איז פריי צו
פאָהרען אומזיסט, ווי אויף אַלע באַהנען אין גאַנץ ארץ־ישראל.

— איז דאָס מעגליך, ווער בעצאָהלט די אַלע שרעקליכע
הוצאות, וואָס מען דאַרף אויף באַהנען. אַלע מענשען מוזען דאָך
אימער אַרומפאָהרען, ווען עס קאָסט קיין געלט ?

— קיין מענש פאָהרט ניט מעהר אַלס איהם איז נויטהיג,
אזוי ווי מען טרינקט ביי אייך ניט מעהר וואַסער, ווען ער האָט
ביי זיך אַ קראַן פון די וואַסער־לייטונג. אויך ביי אייך האָבען
די באַהן־אַקציאָנערען געהאַט אַ פרייען בילעט, דאָ, איז יעדער
בירגער אַ באַהן־אַקציאָנער, ווייל די באַהנען געהער די גאַנצע
געזעלשאַפט, אַלע בירגער פון ארץ־ישראל. די געזעלשאַפט האָט
אינטערעסע, דאָס אַלע איהרע בירגער, זאָלען פאָהרען, שריי־
בען, טעלעגראַפירען, ווען זיי האָבען נויטהיג פיר זייערע אינ־
טערעסען, ווייל דער כלל בעשטעהט פון פּרט. ווען יעדער איינ־
ציגער בעזונדער איז רייך, איז די גאַנצע חברה שטאַרק. דאַ־
ריבער איז די אַלע זאַכען ביי אונז אומזיסט.

מיר זיינען פאַרביי־געלאָפען אַ סקווער, וואו נעבען אַ פאָנ־
טאַן, צווישען בלומען, זיינען אַן אַלטע פּאָר געזעסען און ווי

לעבעדיגע געקוקט אויף אונזער לויפענדען טראָטואַר, סקולפּטור פיגורען איז דאָס געווען, פון זעראַמיקאַ געמאַכט. אַ בעקאַנטער אַלטער, ווער איז ער? האָב מיר געפרעגט. „מאַנטעפּיאָרע-בולוואַר", אויפ'ן ווינקעל פון בולוואַר, וואו אונזער טראָטואַר איז אַריינגעלאָפען, אויף אַ בלויען טאַפעל מיט ווייסע בוכשטאַבען, געלעזען.

אונזער טראָטואַר איז אַרויפגעלאָפען אויף אַ שעהנעם, גרויסען בריק, וועלכער האָט געצויגען איבער פאַרפלאַנצטען, בעבויטען טהאָל, ביז דעם באַרג, וואָס איך פלעג פון „בצלאל"-דאַך זעהן, פאַנטאַזירען, דאָרטען אַ מאָהל אַ גאָרטען-שטאָדט פאַר בצלאל-אַרבייטער, בויען. איצט איז דער באַרג אין גאַנצען געווען בעבויט מיט פּראַכטפאָלע גלאָז־פּאַלאַצען, פאַרשיידענע פּאַוויליאָנס און גאַלערייעס, וועלכע זיינען צווישען הויכע בוימער און בלומען, געשטאַנען. עס האָט זיך געהערט אַן אַפּעטיטנעם רח פון עסען און מוזיק. דער טראָטואַר איז גאַנץ נידעריג שוין געגאַנגען. אויף די זעלבע הויך פון גאַס. מענשען האָבען גענומען ביסלאַכווייז אויסשטייגען. אויף יעדער געביידע איז מיט גרויסע, גאָלדענע בוכשטאַבען אַן אויפשריפט מיט אַ נומער געווען. ביי אַ גרויסען גלאָז - פּאַלאַ מיט'ן וואָרט „זילבער", איז דער לעהרער פון טראָטואַר אַרונטער, איך, נאָך איהם. לאַנגע רייהען מענשען האָבען זיך צו זיינע פיעל טהירען געצויגען. מיר זיינען אין איין רייהע מיטגעגאַנגען. ביי'ן אַריינגאַנג האָט אַ פּרוי פון יעדען, פּאַפּיער-געלט מיט אַ צעטעל בעקומען. אונזער טהיר האָט געפיהרט אויפ'ן פיערטען עטאַזש. מיט אַ „ליפט" זיינען מיר אויבען געקומען. דער זאַל, אָדער ריכטיגער, די ברייטע גאַלעריי איז זעהר גרויס געווען. זי האָט זיך געצויגען אַרום אַלע פיער ווענט. איך האָב געזעהען דאָס אַלע דריי עטאַזשען אונטען, אין דער פינפטער עטאַזש איבער אונזער קאָפּ. איז געווען דער פּלאַפאָן אויבען פון קאָלירטע גלאָז, ווי אין שפּייז-זאַל פון „בצלאל". אויך דאָ איז אַרום, אין די ווענט, געווען טהירעלאַך מיט אויפשריפטען פון בוטערבראָדען און קראַנצען פון פאַרשיידענע געטרענקע, וואו אַלע זיינען געשטאַנען, עטוואָס געטרונקען און צוגעביסען. די לאַנגע טישען זיינען אויך ווי אין „בצלאל" איינגעריכט געווען, נאָר יעדער פּלאַץ נומערירט און

ביי'ן סערוויז איז א נאַטיץ-ביכעל מיט אויפגעדרוקטע „מעניו" אויפ'ן ערשטען בלעטעל.

פון אויבען האָט זיך געגאָסען זיסע טענער פון אָרגאַן. די מוזיק האָט אַלעמען פרעהלאך אויפגערעגט, אַלע האָבען גערעדט, קיינער האָט זיך ניט צוגעהערט, דאָך האָבען אַלע, פון די ווירקונג פון דער מוזיק, זיך לעבעדיג, גוט געפיהלט. ווי עס ווירקט אויף אונז דער שמעקענדיגער רח פון בלומען אין גאָרטען, אָהנע מיר זאָלען וועלען שמעקען. די מוזיק האָט זיך אויף איין מאָהל אבגעהאַקט, אַלע זיינען צו די טישען געגאַנגען, אויף זייערע פּלעצער זיך געזעצט. די מיטעלסטע טהייל פון טיש האָט זיך גענומען רולען. אַלעמען זייערע עסען געבראַכט. צוויי טויזענד מענשען זיינען ביי אַכט טישען געזעסען אין גאַנצען בעדיענט פון אַכט דיענער, דאָך זיינען אַלע גוט און גיך בעדיענט געוואָרען. ווי פיעל הונדערט דיענער, האָבען אַזא צאָהל מענשען ביי אונז בענוצט שלעכט בעדיענט צו זיין ?

מיר זיינען געשטאַנען נעבען א יונגען, שטאַרקען מענשען. ער האָט גערעדט מיט אַן עלטערען, וועלכער איז נעבען איהם גע-זעסען.

— איך לייד זעהר פון אונזער רעוויזאָר — האָט דער יונ-גער. פאַר'ן אַלטען זיך בעקלאָגט. — איך קען איהם ניט צופריע-דען שטעלען, ער זוכט אַלץ ביי מיין אַרבייט חסרונות צו געפי-נען. היינט, האָט ער מיר געהייסען מיין אַרבייט אַוועקלעגען, אַרבייטען נאָר גרויסע, איינפאַכע אַרבייט. וואָס איז זיין עסק, ווען איך וויל וויניגער פאַרדיענען ? איך וויל מיר ספּעציאַליזי-רען אין פיינע שמוק-אַרבייט, לאָזט ער מיר ניט. — האָט ער פאַרדרוסליך געענדיגט. דער עלטערער האָט וויך געענטפערט :

— אורי, בעשולדיג ניט אַן אַנדערען, זעה, טאָמער איז די שולד ביי דיר אַליין. דו ווייסט דאָך, דאָס אונזערע רעווי-זאָרען זיינען אונזערע בעסטע מייסטער, אונזערע לעהרער. מיר האָבען זיי דאָך אַליין אויסגעקליבען פאַר רעוויזאָרען. ער ווייסט געוויס בעסער, דאָס צו קליינע, פיינע אַרבייט, ביזט דו נישט פעהיג. מאַך בעסער איינפאַכע, אָבער גוט. דו וועסט מעהר פאַרדיענען און אונזער אַרטעל וועט אויך ניט ליידען. מיר טהאָרען ניט צוליעב איינעמ'ס שלעכטע אַרבייט, אונזער נאָמען קאָמפּראָ-מענטירען ? איך וואָלט דיר אויך ראַטהען, מיין קינד, אַרויס-

טרעטען פון „שמשון", אריינגעהען בעסער אין „החלוץ". אין „שמשון" איבט מען בעסער אויס אן אטלעטישען קערפער, דאס שטערט די געשווינדקייט פון די פינגער, וואס דו האסט נויטהיג פאר פיינע ארבייט צו מאכען.

— אבער פאטער, מיין קערפער איז שוין אזעלכער. מיינע שטארקע מוסקולען פאדערען אטלעטישע איבונגען, איך קען דאך ניט זיך אליין איבערמאכען ?

— זעהסט דו, קינד, דאס יעדער מענש איז צו וואס ספע- ציאל פעהיג, ער דארף ניט זיך בעשעפטיגען מיט דאס, וואס איז געגען זיין נאטור. ער אליין ליידעט פון דעם, ברייננגט אויך שאדען די געזעלשאפט.

— אבער איך פיהל ניט מיינע אונפעהיגקייט צו פיינע אר- בייט, איך וויל ביי שמוק-זאכען ארבייטען.

— דאס איז די צרה, דאס דער אונפעהיגער, פיהלט ניט פון דעם. צו פיהלען, מוז מען דאך פעהיג זיין. נאר, ווען דו ווילסט אין אמת'ען שטארק, ועסט דו זיך אויסלעהרנען. „איך האב מיר געמיהט און ערגרייכט — זאלסט דו גלויבען", אזוי האבען אונזערע חכמים געזאגט. דו מוזט אין אווענד-שוהלע צייכע- נען געהן. ניט אין גאנצען דיין פרייע צייט „שמשונ'ען" אבגעבען. געה אפטער אין „בצלאל"-מוזעאום". אבער דערוייל ארבייט דאס, וואס אונזער רעוויזאר האט דיר געראטהען. דו מוזט אונ- זערע רעוויזארען פאלגען, ווי דעם סנהדרין.

דיביידע ארבייטער האבען מיך פאראינטערעסירט, אויך איז מיר אינטערעסאנט געווען צו זעהן די בעציהונגען צווישען פא- טער און קינד. ווי צוויי גוטע חברים האבען זיי אויסגעוויעזען. עס איז שוין ווייט פון אונזער שרעקליכע, אידישע צייט פון „קינ- דער און פאטערס", ווען דער אבגרונד, האט זיי צוטהיילט. אויך פון די קללה, וואס מיר ליידען : „דיינע קינדער וועלען אוועק- געגעבען ווערען צו פרעמדע פעלקער". איך האב בעשלאסען זיין נעבען זיי, דעם גאנצען טאג.

זיי האבען אבגעגעסען, יעדער האט אין נאטיץ-בוך, וואו די „מעניו" פון צווייטען עסען איז געווען אבגעדרוקט, אונטער- געשריעבען די שפייז, וואס ער פארלאנגט, אבגעריסען די בלע- טעל, אונטען, איז א קאפיע געבליעבען. דער זוהן האט צוויי

שוואַרצע קאַפּע געבראַכט און דעם פּאַטער אַ סיגאַר פאַרגעלייגט. דער פּאַטער האָט בעדאַנקט און געזאָגט:

— דו רויכערסט אויך צום פאַרדייען, אורי?

— מיין מאַגען אַרבייט פּינקטליך, בעסער ווי איך מיינע שמוק-זאַכען — האָט ער לאַכענד געענטפערט, נאָר איין סיגאַר רויכער איך טעגליך נאָכמיטאָג, איך ליעב דעם גוטען ריח, די שטילע רוה, לאַנגזאַם רויכערען, אויפ'ן בלויען רויך צו קוקען. חנה ליעבט דאָס ניט, דאַריבער רויכער איך ניט, נאָך'ן אָווענד-ברויט. זי לאָזט זיך ניט אַ קוש געבען, ווען פון מיר הערט זיך רויך.

— וואָס מאַכט זי, דער קליינער? איך האָב זיי אַ גאַנ-צען חודש ניט געזעהן. וואָהנט איהר נאָך אַלץ נעבען חברון?

— דאַנקע, אַלע געזונד, אָבער אונזער אַלי איז שוין ניט קליין, היינט ווערט ער שוין איין יאָהר מיט דריי חדשים, אַ גבור איז ער און אַ גאַנצער חכם — האָט ער מיט אַ גליקליכען שטאָלץ געזאָגט — אַלעס פאַרשטעהט ער, עס פעהלט איהם נאָר אויס ווערטער זיינע חכמות צו זאָגען. אַן זיינע גנב'ישע אויגעלאַך, קענסט דו גלייך דערקענען, וואָס ער מיינט. ווילסט דו איהם זעהען? קום, איך האָב מיר פאַרביינקט נאָך זיי.

דער פּאַטער און זוהן זיינען אַרויסגעגאַנגען, מיר זיינען זיי נאָכגעגאַנגען.

— וואַרט אַ פּאָר מינוטען — האָט דער זוהן צום פּאַטער געזאָגט, — איך וועל חנה'ען טעלעפאָנירען, דאָס זי זאָל מיט'ן קינד צום „טעלאַ־שפּיעגעל" קומען, דאָס דו ביזט אויך דאָ.

ער איז אין דערבייאיגען טעלעפאָן-סטאַנציע אַריינגעגאַנגען. אין אַ פּאָר מינוטען איז ער אַ פרעהלאַכער אַרויסגעגאַנגען, געזאָגט, דאָס מען מוז נאָר אַהאַלבע שטונדע וואַרטען, עלי איז איצטער אויפגעשטאַנען, מען וועט איהם נאָר זיין טואַלעט מאַכען און צום סטאַנציאָן געהן. זיי האָבען זיך אין שאָטען געזעצט. דער פּאַטער האָט צוויי צייטונגען אַרויסגענומען, איינעם דעם זוהן געגעבען. דער זוהן האָט געזאָגט:

— איך דאַנק, איך לעז קיין צייטונגען, לעז דו, איך וועל קוקען אויף די מענשען, עס וועט מיר ניט אומעטיג זיין.

— ווי דו ווילסט. איך וועל לעזען וועגען נעכטיגען זיצונג אין סנהדרין, וועגען נייע איינריכטונג, וואָס מען וועט פון די

איבערגעבליעבענע איינגאַהמע מאַכען. אונזער רבי אפרים בן חרמונה, האָט אַ נייעם פּראָיעקט פון אַ גאָרטען־שטאָדט פאָרגעלעגט, זעהר אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען, אַ גן-עדן אויף דער ערד, וויל ער בויען. לייען דאָס איבער. גענוג דיר, שוין צו קוקען אויף מענשען, ריכטיגער, אויף די צווייטע, שעהנע העלפט פון מענשען. דו ביזט דאָך שוין אַ טאַטע. — האָט ער לאַכענדיג געזאָגט.

— אומזיסט לאַכסט דו פון מיר, טאַטע. זינט איך קען חנה'לען, קוק איך נאָר אויף מענער, ניט אויף פרויען. ריכטיגער, איך זעה אין די פרוי נאָר אַ מענש. אמת אַ גאַנץ אַנדערע פון אַ מאַן, אָבער אויך אַ גאַנצער טיפּ פאַר זיך אַליין, ניט נאָר אַ צווייטע העלפט. אַן אינטערעסאַנטע בעשעפעניש איז דער מענש, דער שוואַכסטער און דער שטאַרקסטער פון אַלע ווילדע חיות און שעהן איז ער, ווי דער טייפעל אליין, ווען ער וואַרפט נאָר זיינע ציוויליזאַציע-קליידער פון זיך אַרונטער! אַנומעלט בין איך אין שווימבאָד געווען, בין איך אַ גוטע שעה געשטאַנען און געקוקט אויף די שפּרינגענדיגע, לויפענדע, שווימענדע חברה. מיר האָט זיך ראַנגלען פאַרוואָלט, פיהלען אין מיין האַנד אַ וואַרעמען שטאַרקען, מיט שטאָלענע מוסקולען, קערפּער, פיהלען אויף זיך זיין ברענענדיגען אָטהעם. ווי דיינע מוסקולען קנאַקען פון אָנשטרענגונג. דעם שטאַרקען קלאַפּען פון דיין האַרצען, ווי עס פאַרכאַפּט דיר דער אָטהעם, דו פיהלסט אָט, אָט פּלאַצט דו, דיינע כחות לאָזען זיך אויס, נאָר אַ פלינקע בעוועגונג פון דיין געגנער, נעהמט דיר דורך ווי אַן עלעקטרישער טאָק, דו לעבסט ווייטער אָב, בעזיעגסט איהם. נאָכ'ן ראַנגלען, פיהלסט דו אָפט אפילו אומעטום אַ וועהטאָג, אָבער אַ זיסער, דיין בלוט בעוועגט זיך אין דיין קערפּער פון שפּיץ פינגער פון די פיס, ביז'ן שפּיץ נאָז. — גוט איז צו ראַנגלען! — האָט ער קינדעריש ענטציקט אויסגעשריהען. דער פאָטער איז, ווי עס ווייזט אויס, ניט אַזאַ גרויסער בעלן געווען צו ראַנגלען, אפשר אין גאַנצען, גאָר ניט בעקאַנט געווען מיט'ן זיסען טעם פון צוקוועטשטע זייטען. אָבער ער האָט גאָר ניט געענטפערט. ער האָט זיין זוהנ'ס געשמאַק געפיהלט, ער האָט איהם פאַרשטאַנען.

ווען זיי זיינען צום טעלעפאָנסטאַנציאָן אַוועק, זיינען מיר מיטגעגאַנגען. אין אַ שמאָלען לאַנגען צימערעל, זיינען זיי אַריין.

אין טהיר איז א רונדער קליינער פענסטערל געווען, דורך וועלכען איך האב אלעם געזעהן. זיי האבען זיך געזעצט גלייך נעבען טהיר. נאר זייערע קעפ פון הינטען געזעהן, אנטקעגען זיי, אויפ'ן לעצטען העל־ווייסען וואנט איז אונטען א בליצענדער, מעשענער טעלער געווען, אין מיטען טיעפער מיט א לאך, אזוי ווי דער ענדע פון א טראמפייט. אויף איין מאהל איז פינסטער געווארען און גלייך נאך דעם האט זיך אויבען, אויפ'ן ווייסען וואנט א העלער, רונדער פלעק געוויעזען. לאנגזאם איז, ווי פון וואלקענס א שוואכער שאטען פון א פרוי מיט א קינד געוויזען. עס איז אלץ דער רונד העלער געווארען, דער שאטען דורכזיכטיגער און מען האט דייטליך, ווי אויפ'ן לייננוואנד פון קינאמא, געזעהן א שעהנע פרוי מיט א קינד אויפ'ן האנט. די ליפען פון דער פרוי האבען זיך בעריהרט, זי האט געשפראכען, נאר איך האב הינטערען טהיר ניט געקענט הערען. דער קינד האט זיך מיט זיינע דיקע הענטלאך, צו די מאמעס האר געצויגען און ליעב געלאכט. פלוצלונג, ווי ער וואלט עטוואס דערהערט האט ער זיך אבגעקעהרט, גענומען מיט זיינע ברייט-געעפענטע אויגעלאך, אויף אלע זייטען עטוואס זוכען. ביי'ן ענדע א קאמישע ערשראקענע מינע געמאכט, האט פארקרימט זיין ליעבען פנימ'על, ברייט די מויל געעפענט און זיינע ביידע פויסטעלאך צו די פארמאכטע אויגען צוגעטראגען. די מוטער האט זיך צולאכט, איהם פעסט צוגעדריקט צו איהר געזיכט און גענומען זיך מיט איהם דרעהען, טאנצען. אויף איין מאהל איז פינסטער געווארען. דער טאטע מיט'ן זוהן זיינען גליקליכע ארויס. דער זוהן האט היים געזאגט:

— האסט דו געזעהן דעם חברה-מאן. א חכם, זאגט איך דיר, איז ער. ער האט גלייך דערקענט מיין קול. ער האט מיר געזוכט, ניט געפונען, מוז ער דאך וויינען. אזוי וויינט ער קיינמאהל ניט. ווען מען גיט איהם ניט, נעהמט ער אליין מיט כח. א גבור, איז ער. קום היינט ביי אונז נעכטיגען. מיר וועלען טעלעפאניבען די מאמען, זי זאל אויך קומען.

— ניין, אורי, היינט ניט. מארגען וועלען מיר ביי אייך זיין. היינט ווייזט מען אין קינאמא־טהעאטער „מנורה", די אלטע היסטארישע דראמע „חורבן בית המקדש". די מאמע קומט דא זעקס א זייגער. מיר וועלען צוזאמען עסען. טעלעפאניר אויך

חנה׳ן, זי זאָל אויך קומען ניט שפּעטער, ווי אַכט. מיר וועלן אַלע צוזאַמען דעם אָוונט זיין.

— גוט, איצט געה איך אין „בצלאל־מוזעאום״, מיר האָבען נאָך אַ גוטע שעה. איך וויל מיר צוקוקען, צו די שמוק־זאַבען, זעהען, וואָס וויל פון מיר דיין רעוויזאָר.

— ניט מיין רעוויזאָר, נאָר אונזערער. ער איז אונזער לעהרער, מיר מוזען איהם כבוד אָבגעבען. דער תּלמיד איז אַ זוהן. תּלמידו של אדם נקרא בנו, אַזוי האָבען אונזערע אַלטע חכמים געזאָגט. געה אין דריטען זאָל פון מוזעאום, דאָרט וועסט דו פּיעלעס זעהען, און ניט פאַרגעס פּונקט דריי אַזייגער צו קומען אַרבייטען. איך וועל דיר העלפען ענדיגען.

דער זוהן איז אַוועק. דער פאָטער איז צוריק אין שפּייז־זאָל אויף זיין פּלאַץ געגאַנגען, מיר נאָך איהם.

אין זאָל איז געווען פּיעל מענשען, מען האָט גערויכערט, געטראַנקען מיט אייז געטרונקען, צייטונגען געלעזען, אָבער מעהר האָבען צווישען זיך געשמועסט, אויך אַנדערע זיינען, מיט׳ן צייטונג אין האַנט, איינגעשלאָפען. עס איז אַ פרישע קיהלקייט געווען, פון די פּיעל עלעקטרישע ווייערען פון צענטראַלען אויוועז, וועלכער, ווינטער, פון בעהייצונג האָט ער היץ געגעבען, זומער, פון די אייז — קעלט, און אַן אַנגענעהמע ריח פון די שמעקענדיגע מיניאַטור, קינסטלערישע פאַנטאַנען, וועלכע זיינען צווישען די בלומען געשטאַנען. צו אונזער אַרבייטער איז אַ שעהנער, אַלטער מאַן צוגעגאַנגען.

— שלום, בן כרמי, — האָט ער איהם בעגריסט, — מעג מען זיך נעבען דיר זעצען?

— בכבוד, אבי־שחר, זיץ. איך האָב דיך שוין לאַנג ניט געזעהן. פאַר וואָס קומסט דו ניט, די לעצטע צייט, אין אונזער קלוב?

—איך האָב איצטער געסט פון סיביר, וועלכע איך מוז מיין פּרייע צייט אָבגעבען. קירצליך, וועל איך פריי ווערען, וועל איך ווייטער אין קלוב פּינקטליך קומען. איצטער האָב איך געוואָלט מיט דיר ריידען, אָפיציעל אַלס רעוויזאָר, וועגען דיין זוהן אורי. ער האָט ניט ריכטיג זיין פאַך אויסגעקליבען. איהם פעהלט די געדולד, געשיקטליכקייט פאַר קליינע, פיינע אַרבייט. ער מוז בעסער זיך צו גרויסע איינפאַכע, נעהמען. ער וועט אויך ניט

ווייניגער פארדיענען. דאן וועט איהם נוצען זיינע אונגעוועהנליכע פיזישע קראפט, וועלכע, ביי זיין איצטיגע ארבייט, שטערט איהם נאר. ער איז נאך יונג, עס וועט איהם לייכט זיין צוגע־וואהנען זיך צו אנדערע ארבייט.

— ער האט היינט מיט מיר וועגען דעם גערעדט. אבער ער גלויבט, דאס ער וועט זיך פארבעסערען אין די ארבייט, איהם ווילט זיך זעהר שמוק-זאכען ארבייטען. לוינט עס ניט, דאס ער זאל נאך א געוויסע צייט פארטזעצען זיין ארבייט ?

— איך גלויב ניט. מיט אונזער שמוק-ארטיקעל, מוז מען פארזיכטיג זיין. ווי דיר, איז בעקאנט, קויפט מען ביי אונז אין לאנד ווייניג ציערונג, אין גאנצען אריענט, האבען מיר אויך א קליינעם פארקויף, מען זוכט דארטען נאר ביליגע, מיט איי-ראפעאישע פאבריק־ארטיקעלען, קענען מיר ניט קאנקורירען. די איינציגע קויפער איז אייראפא אליין. דאריבער מוז אונזערע שמוק-ארטיקלען זעהר אריגינאל און הויך-קינסטלעריש אויסגעפיהרט זיין. ביי זיי אליין שטעהט דאך די אינדוסטריע אויך זעהר הויך. אונ-זער ארטעל האט וועגען דעם גענויע בעריכטע געקראגען פון אונ-זערע האנדעלס־אגענטען אין אייראפא. איך וואלט דיר ראטהען, דאס דו זאלסט איהם אליין העלפען ענדיגען, וואס ער מאכט איצ-טער. זאל זיך אורי נעהמען צו טיי סערוויזען. מיר האבען גרויסע בעשטעלונגען פון רוסלאנד. אין „בצלאל" האט מען שוין מאדע-לען געמאכט, נעכטען האט מען זיי שוין אויסגעשטעלט. דו האסט נאך ניט געזעהען ?

— נאך ניט. מארגען וועל איך געהען זעהען. אורי'ן וועל איך זאגען. ער וועט סוף-כל-סוף מוזען איינשטימען, נאר ער קען זיך גלייך ניט אונטערגעבען. אזוי ווי זיין זיידע, גאנץ אין איהם געראטען. מיין טאטע איז אויך א שטארקער מענש געווען, און איינגעשפארטער. ער האט זיך א מאהל איינגעשפארט, דאס ער מוז פון שטיינערנעם בארג, הינטער אונזער שטוב א וויינ־גארטען מאכען. שרעקליכע כחות, שוין כמעט צעהן יאהר פון זיין לעבען אבגעגעבען, אבער האט זיינס ערגרייכט. מען האט איהם כרמי א נאמען געגעבען. די אנגעהויבענע ארבייט, וועל איך איהם העלפען ענדיגען. ווי קומט צו דיר געסט פון סיביר ? עס גיט דען ביי אונז ניט קיין האטעלען, קיין „גידין", וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט געסט ?

— דאָס איז ניט קיין איינפאַכע געסט. די גאַנצע געשיכטע וועט דיר קלינגען ווי אַ פאַרצייטיגער גלות-ראָמאַן. הער אַ מעשה: מיט דריי וואָכען צוריק, קומען צו מיר אַ היים אַ יונגער מאַן מיט אַ פרייליין. ער שטעלט זיך פאָר, סערעבראַניקאָוו מיט זיין שוועסטער פון סיביר. פון זייער אַקצענט, זעה איך, דאָס זיי זיינען רוסישע גרים. איך האָב זיי זיצען געבעטען און וואַרט, וואָס וועלען זיי מיר זאָגען. זיי האָבען מיר אַ גאַנץ לאַנגע, וואונדערבאַרע מעשה דערצעהלט און דערצעהלען נאָך די גאַנצע צייט. בקיצור, זיי זיינען די איינציגע יורשים פון אַן אַלטער פאָטער, אַ מיליאָנער, אַ גאָלד־מינען בעזיצער, אַן עכטער סיביריאַק, וועלכער איז מיט צוויי יאָהר צוריק געשטאָרבען. צווישען די פאַמיליען-דאָקומענטען, האָבען זיי געפונען אַ גאַנץ אַלטען האַנדשריפט, אַן אויטאָביאָגראַפיע פון אַן עלטער-זיידען. די גרעסטע טהייל איז העברעאיש געשריבען. די רוסישע טהייל, האָט זיי אַזוי פאַראינטערעסירט, דאָס זיי האָבען זיך ניט געפוילט אַוועקצושיקען די העברעאישע — אין פעטערבורג, צום רב, בעטען, ער זאָל דאָס געבען איבערזעצען. ביי זיי, אין סיביר, איז קיין איינציגער איד ניטאָ. פון די איבערזעצונג, האָבען זיי זיך דערוואוסט, דאָס זיי שטאַמען פון אידען. און אַזוי פיעל אינטערעסאַנטעס וועגען אידען דערוואוסט, דאָס זיי האָבען ביים זעלבען רב געבעטען, ער זאָל זיי אַ אידישען לעהרער צושיקען. דער לעהרער, וועלכער האָט אַליין „יבנה״ ביי אונז געענדיגט, האָט זיי אַזוי ווייט פאַראינטערעסירט מיט אידען, אַזוי פיעל פון ירושלם דערצעהלט, דאָס זיי האָבען בעשלאָסען אַ מאָהל קומען זעהען. דערווייל האָבען זיי העברעאיש געלעהרענט, זיי האָבען, אפילו, אונזער צייטונג „האמת״ אויסגעשריבען. גראַד האָט בעדאַרפט רבי אבי-שלום, פון „יבנה״ דאָרט קומען. ער איז אין סיביר געפאָהרען, מאַטעריאַל זאַמלען, פאַר זיין ווערק „התחיה״. ער האָט געוואָלט זעהען דעם שרעקליכען לאַנד, וואו עס זיינען צושפרייט די ביינער פון אידישען קעמפּפענדען יוגענד, פון די צייט, וואָס ער בעשרייבט. ער האָט זיך דערפרעהט דאָרטען זיינעם אַ שילער צו געפינען. דורך איהם, איז ער צו סערעברעניקאָווס הויז געקומען און די ביאָגראַפיע געלעזען, וועלכע איז שוין דאַן פון לעהרער אין גאַנצען אין העברעאיש איבערזעצט געוועזן. רבי אבי-שלום האָט איהם פון ירושלם, שפּעטער, געשריבען, דאָס ער האָט דאָ קרובים. (ער האָט אין די

ארכיוון אויסגעגריבעלט), זיינען זיינע צוויי קינדער גלייך צו מיר אין בית לחם געקומען. איך בין דאָס דער קרוב, וועלכען רבי אבי-שלום האָט געפונען.

— דאָס איז אינטערעסאַנט. אָבער איך גלויב, דאָס רבי אבי-שלום, ווען ער וויל נאָר, קען ער אַלע אידען פאַר קרובים מאַכען מיר זיינען דאָך אַלע אברהם אָבינו'ס אייניקלאָך. דאָך פאַרשטעה איך ניט, פאַר וואָס האָסט דו ניט געקענט אין קלוב קומען ? אויפ'ן לעצטען פאַל, קענסט דו זיי דאָך אויך מיט־נעהמען.

— ביי אונז איז איצטער אַליין אַ גאַנצער קלוב. זיי זיי-נען ביידע גוטע קינדער, מיין אַלטע, האָט זיי זעהר ליעב בע-קומען, מיט אונזערע קינדער זיינען זיי ווי ברידער און שוועסטער געוואָרען. דעם גאַנצען טאָג לויפען זיי אַרום אין ירושלם, אַלעס ווילען זיי זעהען. אָוונד, לעהרנען זיי העברעאיש, אָבער מעהר רעדט מען. מען דערצעהלט וואָס מען האָט אָנגעזעהען, און מען מאַכט פּלענער אויף ווייטער. זיי האָבען זיך בעשלאָסען ביי אונז זיך צו בעזעצען, וויעדער אידען ווערען. זיי זאָגען : דאָס זיי זיינען געבאָרען פאַר אונזער וואָרעמער זון און צווישען גוטע אי-דען צו לעבען. ער פאָהרט צוריק, נאָר זיינע געשעפטען צו ליק־ווידירען, נאַכהער קומט ער צוריק, זי וויל ניט מעהר זעהען די קאַלטע שנעע, זי וויל אין „יבנה" אריינגעהען. עס איז אינטע-רעסאַנט צו זעהען, וועלכע אידישע פּאַטריאָטען זיי זיינען. מיי-נע קינדער, זיינען געגען זיי קאָסמאָפּאָליטען.

איך האָב געלייענט די ביאָגראַפיע פון זייער עלטער-זיידען, מען קען קוים גלויבען, דאָס נאָר מיט הונדערט יאָהר צוריק, האָ-בען מיר נאָך אַזעלכע יסורים געליטען. שטעל זיך פאָר : צוויי קליינע קינדער זיינען זיי, ביי זייער נע'שמד'טע עלטערען געוועזן, אַ רייכע שטוב, אָבער אַ טרויעריגע. ניטאָ ביי זיי קיין פעטערס, מוהמעס, ווי ביי אַנדערע קינדער. די מאַמע וויינט אָפט גאַנץ אַליין, דער טאַטע, ארבייט אָדער לעזט שטיל אַ בוך. ניטאָ קיין פרעהליכע יום טובים, ניטאָ קיין צערקאָוו, אויך אין שטוב קור־מען ניט די פּאָפּען זינגען, ווי ביי די שכנים. אויף איין מאָהל, דער זיידע איז געקומען. די קינדער זיינען גליקליך. איצטער האָ-בען זיי אויך אַ זיידען. אָבער אין שטוב איז נאָך טרויעריגער גע-וואָרען. מען סוד'עט זיך, מען רעדט שטיל, ווי אַ קראַנקער וואָלט

ביי אונז געלעגען. דער טאטע פרעהט זיך גאר ניט מיט'ן טאטען. די מאמע טהוט נאר זי וויינט. די קליינע ליעבען דעם זיידען. דער זיידע איז א שעהנער, הויכער אלטער מאן, מיט א לאנגען ווייסען בארד. עס איז אזוי גוט זיינע האר אויפ'ן פינגער ארומצודרעהען. אבער ער רעדט אויף א מאדנעם לשון. איך, מיט מיין שוועסטער, אזוי בעשרייבט ער, פארשטעהען גאר ניט, ווען ער רעדט מיט טאטע־מאמען. איין מאהל, אין דער פריה, זעה איך, דער זיידע שטעהט איינגעוויקעלט אין א ווייסע פאטשיילע מיט א קעסטעלע אויפ'ן קאפ, האלט א בוך און שאקעלט זיך. איך בין צו איהם צוגעלאפען, געבעטען ער זאל מיר דאס קעסטעלע ווייזען. ער האט מיר נאר געגלעט אויפ'ן קאפ און געשעפטשעט מאדנע ווערטער. איך בין צו די מאמען געגאנגען, דערצעהלט איהר, וואס איך האב געזעהן און געפרעגט, וואס דער זיידע טהוט.

— ער דאווענט, — האט זי געזאגט.

— איך וויל אויך דאוונען — האב איך געבעטען, קויף מיר אויך א קעסטעלע אויפ'ן קאפ.

— ווען דו וועסט גרויס ווערען, וועסט דו אויך דאוונען און א קעסטעלע האבען. — זי האט מיר געקושט און געוויינט. וואס וויינט זי אלץ ? דער גוטער זיידע וויינט אויך.

איין מאהל בין איך מיט מיין שוועסטערל אויף זיינע קניה געזעסען און אויפ'ן פינגער, זיינע לאנגע האר געדרעהט. מיין שוועסטער האט ביי איהם געפרעגט :

— זיידע, דו ביסט דאך שוין א גרויסער, פאר וואס רעדסט דו נאך אזוי שלעכט ? —

דער זיידע האט איהר שטארק געקושט און געוויינט.

— וויינען דען גרויסע זיידעס אויך ?

— זיידע, איך וויל אויך דאוונען מיט א קעסטעלע אויפ'ן קאפ, ווי דו.

דער זיידע האט אן אלטען בוך פון זיין טארבע ארויסגענומען, געעפענט, מיט'ן פינגער אויף א בוכשטאב געוויעזען.

— זאג אלעף.

— אלעף. — האב איך געזאגט.

— גוט, נאך א מאהל.

— אלעף, אלעף, אלעף ! האב איך הויך געשריהען.

אלע טאָג האָט ער מיר אַ נייעם בוכשטאַב געלעהרענט. ווען איך האָב שוין דעם קליינעם „יוד" אויסגעלעהרענט, איז ער אַוועקגעפאָהרען. אין אַ קורצע צייט אַרום, איז אַ באָבע געקומען. די מאַמע'ס — מאַמע. זי האָט אויף אונז גאָר ניט געקוקט, אויף די מאַמע'ן געשריהען. די מאַמע האָט געוויינט, גע'חלש'ט, גע־כאַפּט איהרע הענט קושען, אויף דער ערד, געבען איהרע פיס זיך געוואָרפען. די באָבע האָט אַלץ געשריהען, ביז זי האָט אַליין אָנגעהויבען צו וויינען און גע'חלש'ט. די באָבע האָט גאָר ניט געקענט מיט אונז ריידען. מיט די מאַמען האָט זי מאָדנע גע־טיש. זי פלעגט אין אַ בעזונדערען טעפּעלע פאַר זיך אַליין קאָ־רעדט. אויפ'ן טאַטען, ניט געקוקט, ניט געגעסען מיט אונז ביי'ן כען. ניט לאָזען די קעכין זיך צו ריהרען.

— פאַרשאָלטענע זשידאָווקא! האָט די קעכין, דער באָבען געזידעלט. ווען זי איז פון קיך אַרויס.

— ווער איז אַ שז'ידאָווקא? — האָב איך די קעכין גע־פרעגט.

— די באָבע — האָט זי געענטפערט.

— און די מאַמע?

— ניט מעהר.

— דער טאַטע?

— ניט מעהר.

— און דער זיידע?

— יאַ, דיין זיידע איז אַ שז'יד. די פאַרשאָלטענע שז'י־דעס האָבען אונזער גאָטינקע גע'הרג'עט, זיי קוילען קרסיטליכע קינדער, זייערע בלוט אין מצות אויף פסח צו געבען!

מיר איז שרעקליך געוואָרען דאָס צו הערען.

— אַ ליגען, אַ ליגען! — האָב איך מיט די גאַנצע כחות געשריהען, מיט אַ געוויין צו די מאַמען געלאָפען פרעגען, אויב עס איז אמת, וואָס מאַטראָנאַ זאָגט. די מאַמע האָט מיר אויפ'ן האַנד גענומען, געקושט, געוויינט און געזאָגט: דאָס מאַטראָנאַ זאָגט ליגען, דער זיידע איז אַ גוטער, אַלע אידען — גוטע, קיי־נער קען גאָט ניט הרג'ענען, גאָט איז שטאַרקער פאַר אַלע מענ־שען. מאַטראָנאַ, האָט מיר אָבער אין צערקאָוו מיטגענומען, דאָר־טען האָב איך אַליין מיט מיינע אויגען געזעהען אויף בילדער, ווי די אידען שלאָגען גאָט, ווי זיי האָבען איהם, געבאָך, אויף אַ

גרויסען צלם מיט צוועקעס צוגעשלאָגען. בלוט גיעסט זיך ביי איהם פון די הענט און פיס. איך האָב ביטער געוויינט, קוקענ־דיג, ווי ער ליידט נעבאך. דער מאַמען האָב איך גאָר ניט דער־צעהלט, דאָס איך בין אין צערקאָוו געוועזן. איך האָב געזעהען, דאָס זי איז אַ לינגערין. איך האָב איהר פיינט געקראָגען. די באָבען — נאָך מעהר. גוט, זי איז אוועקגעפאָהרען. אויך, מורא געקראָגען פאַר'ן טאַטען. ער זיצט אַלץ אליין, אַלץ בייז. נאָר דעם זיידען האָב איך ליעב געהאַט. געהאַט אויף איהם רחמנות, דאָס ער איז נעבאך אַ איד. געבעטען ביי גאָטעניו, דאָס ער זאָל דעם זיידען פאַר אַ גוי מאַכען. דער שוועסטער האָב איך אַלץ דער־צעהלט. געבעטען מאַטראָנאַ'ן איהר אויך מיטנעהמען אין צער־קאָוו. דאָרט פלעגען מירביידע אויף די קניה, נעבען פאַרבלו־טיגטען גאָט מתפלל זיין פאַר'ן זיידען, דאָס ער זאָל אַ גוי ווערען און אַלע אידען זאָלען אויסשטאַרבען. מאַטראָנאַ האָט אונז אַ קליינע, שוואַרצע איקאָנאַ געשענקט, מיר האָבען אין אַ בעהאַל־טענעם ווינקעל, הינטערען קליידער-שראַנק, אַ קליינע צערקאָוו געמאַכט. די רויטע לעמפעלע, האָט מורא'דיג בעלויכטען גאָ־טינקעס פאַרבלוטיגטע געזיכט פון די שטעכעדיגע דערנער, וועלכע די פאַרפלוכטע שז'ידעס, האָבען איהם אַנגעטהאָן. זיינע אויגען האָבען אויף אונז בייז, מיט פאַרוואורפע, געקוקט...

איך בין אין שוהלע אָנגעקומען. די חברים האָבען מיר אָנ־שלאָגען און שז'יד גערופען. איך האָב געשריהען, דאָס עס איז ניט אמת. דער טאַטע האָט זיך שוין פון לאַנג גע'שמד'ט. זיי האָבען געשלאָגען אָהן רחמנות. „שז'ידאָווסקאיא אַטראַדיאַ", גע־רופען. די מאַמע האָט געפרעגט :

— וואָס איז דיין פנים אַזוי שלעכט ?

— גאָר נישט.

— ווער האָט דיר אַזוי צודראָפעט ?

—די קאַץ.

איך האָב די ליפען געביסען, כדי ניט צו וויינען. אָבער דער מאַמען ניט דערצעהלט פון מיינע יסורים. איך האָב מיר געשעהמט מיט מיין טאַטע-מאַמען. מיין קליינע שוועסטערל פלעג איך אַלעס דערצעהלען. זי פלעגט וויינען, מיר אוועקפיהרען אין אונזער צערקאָוו הינטערען שראַנק מתפלל זיין, פאַר די זינדיגע נשמות

פון טאַטע-מאַמען, פונ׳ם זיידען און בעטען ביי גאָטענקען אַ טויט פאַר אַלע שז׳ידעס.

איין מאָהל האָבען מיר די שוהל-חברים בעזאָנדערס פיעל געשלאָגען. ווי אַ שכור׳ער, בין איך קוים אַ היים געקומען, ניט געגעסען, אין בעט זיך אַריינגעוואָרפען. מיין מאַמע האָט זיך דערשראָקען, מיט אַ געוויין גענומען שרייען, ראַטעוועט, דאָס איך שטאַרב, ברענגט אַ דאָקטאָר. אויף איהר געשריי, איז דער טאַטע מיט די שוועסטער געקומען. אויסטהוענדיג, האָט ער אויף מיר בלוט און צייכען פון שרעקליכע קלעפּ געזעהען. מיין גוטע שוועסטערל האָט זיך צעוויינט, דערצעהלט דעם גאַנצען אמת: מען הרג׳עט מיר, ווייל איך בין אַ שז׳דאָווסקי אטראדיא... די מאַמע האָט גע׳חלש׳ט, דער דאָקטאָר, וואָס איז צו מיר געקומען, האָט געמוזט מעהר ביי די מאַמען זיין. איך בין געזונד געוואָרען, אָבער מיין מאַמע איז שוין מעהר פון איהר בעט נישט אַראָב.

אין שוהלע בין איך מעהר ניט געגאַנגען. איך פלעג גאַנצע טעג ניט וויסען, וואו זיך אַהינצוטהאָן. דער טאַטע פלעגט ניט זיין איז שטוב. אין מאַמעס צימער פלעג איך ניט וועלען אַריינגעהען. אַלץ זי זיפצעט, וויינט, ווען זי זעהט מיר, דאַריבער פלעג איך שטעהען — לאַנג אויף די קניה אין אונזער בעהאַלטענע צערקאָוו קעגען שרעקליכען „גאָטינקע״ שטעהען, דעם שטערען אָן קאַלטען פאַדלאָגע קלאַפּען. צו איהם מתפלל זיין, אָדער אין קיך צו מאַטראָנאַ׳ן געהען. מאַטראָנאַ פלעגט אונז שרעקליכע מעשיות דערצעהלען. פון גאָטינקע, די הייליגע מאַמען, הייליגע מאַרטירער, שרעקליכע טייוולאָנים אין גיהינם, וואו מען קאָכט די זינדיגע אין שוועבעל און פעך. מען בראָט זיי אויפ׳ן אויביגען פייער. זי פלעגט אונז, אויך, פאַר אונזער „נר תמיד״ אין אונזער צערקאָוו געבען. מאַטראָנאַ׳ס ליעבע מעשיות האָט פון אונז פראַמס געמאַכט, אַריינגעגעבען אַ ווילדע שלעכטיגקייט צו אַלעם, וועלכע זיינען ניט פרום, אפילו טאַטע-מאַמען האָבען מיר געהאַסט, פאַר וואָס זיי צלם׳ען זיך ניט איבער פאַר׳ן עסען. און אַבלוט-דורשטיגקייט צו די שז׳ידעס. אַ בעזונדערער פאַרגעניעגען איז אונז געווען צו הערען וועגען רציחות. אַכזריות, ברענען און בראַטען. אַלעס גלייך ווען מען האָט דאָס געטהאָן. ייי די שז׳ידעס אונזערע הייליגע,

צי די טייוולאָנים די שז׳ידעם אין גיהינם. אונזערע, ווייכע, קינ־דערשע הערצער, זיינען פאַרשטיינערט געוואָרען, נישט געפיהלט די ליכטיגע זון און צאַרטע מענשען-ליעבע, נאָר בלוט, ווי אויפ׳ן שטערען פון אונזער „גאָטינקע״ האָט אונז געריהרט.

די מאַמע האָט אַלץ מעהר געהוסט, אַלץ אָפטער געקרעכצט. מיר זיינען צו איהר גאַנץ קאַלט געוועזען, ניט וועלענדיג, נעבען איהר בלייבען, ווען זי האָט פאַרלאַנגט. מאַכען זיך, ווי ניט הערענדיג, ווען זי פלעגט אונז צו זיך רופען. איין מאָהל, ווען די קראַנקע מאַמע, האָט זיך ניט געקענט דעררופען, איז זי אויפגעשטאַנען, צוהאַלטענדיג זיך אָן שטוהלען, אָן ווענט, איז זי אין אונזער צי-מער אריין, אונז געפונען אויף די קינהען, אין אונזער לאַך-צער־קאָוו, מיר האָבען נאָר אַ שרעקליכען געשריי און קלאַפּ געהערט. די מאַמע איז אַ טויט-בלאַסע אויף דער ערד געלעגען, פון ווינ-קעל פון איהר מויל, האָט זיך, ווי אַ רויטער פאָדעם בלוט געצוי-גען. אונזער הייליגע צערקאָוו, האָט דער טאַטע צושטערט. אונז פּראָים גערופען, אָבער די מאַמע איז אין איינינגע טעג אַרום גע־שטאָרבען.

מיר זיינען שוין, די לעצטע צייט, פון איהר צימער ניט אַרויס, געוויינט, איהרע הענט געקושט, אָבער זי האָט שוין קיין כח געהאַט צו ריידען. די וויינינגע ווערטער, וואָס זי האָט געזאָגט צום טאַטען, איז געווען אויף דעם ווילדען לשון פון די באָבען. מיר האָבען קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען, אויך ניט, ווען זי האָט איהרע דאַרע, בלאַסע הענט אויף אונזערע קעפּ אַרויפ-געלעגט, האָט זי געשעפּטשעט מאָדנע ווערטער. אין אַ שרעק-ליכען, פראָסטיגען טאָג, איז די מאַמע געשטאָרבען. מען האָט איהר אין די פאַרפראָרענע ערד אַריינגעלעגט. מיר האָבען שרעק-ליך געוויינט, קיין מאָהל האָבען מיר די מאַמען אַזוי געליעבט. מאַטאַרנאַ האָט אונז בייז געזאָגט, דאָס די „באַרינאַ״ איז גע-שטאָרבען ווי אַ פאַרפלוכטע שז׳ידאָווקאַ. זי האָט ניט דעם „פּאָ־טערעל״ מיט׳ן צלם, פאַר׳ן טויט אין צימער אַריינגעלאָזען. איצ-טער קאָכען איהר טייוולאָנים אין שוועבעל און פּעך.

דער טאַטע האָט אונז אין פּאַלעסטינאַ אוועקגעפיהרט, דער-צעהלט ער ווייטער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע. אופי׳ן שיף זיי-נען פיעל רוסישע פּילגרימען געפאָהרען, מיר פלעגען זיך פאַר׳-גנב׳ענען צו זיי אויפ׳ן אויבערשטען דעק פון שיף, הערען די

שרעקליכע מעשיות וועגען הייליגע, הייליגע קברים, הייליגע ליע־
דער מיט זיי צוזאמען זינגען. איך מיט מיין שוועסטער, הא-
גאט'ס קבר אין ירושלם, פאר די ארעמע מאמען מתפלל צו זיין.
בען אבגעמאכט אין אלע הייליגע ערטער צו-פוס צו געהן און ביי

— איך וויל דיר ווייטער אין קורצען דערצעהלען — האט
אבי-שחר זיך אליין איבערגעשלאגען, — איך האב דער האנד-
שריפט אין „פאמילען-ארכיוו" געשיקט. דו וועסט עס שפעטער
לייענען. די קינדער זיינען העכסט אומגליקליך געווען, ווען זיי
האבען געזעהען, דאס זיי זיינען אין יפו צווישען הוילע שז'ידעס"
אריינגעפאלען, אפילו אלע האבען רוסיש גערעדט. עס האט זיי
געאיבעלט ביי זייער פעטער צו עסען. זיי האבען ניט געקענט
פארשטעהען, ווי קושט דער טאטע, זייער פעטער'ס קינדער, זיי
זיינען דאך „שז'ידעניאטא" ? די קינדער האבען דאך באשלא-
סען צו אנטלויפען פון זייער פעטער אין א רוסישען קלויסטער.

אינטערעסאנט, ווי ער בעשרייבט דעם לאנגזאמען איבער-
גאנג, ביז זיי האבען מיט אנדערע אויגען אלעס געזעהען. די
ווירקונג פון פאמיליען-לעבען, די גוטע, אידישע קינדער-חברים,
אויך דער דירעקטאר פונ'ם גימנאזיום, וואס האט זיך ניט לאנג
געעפענט. ווי דער דירעקטאר מיט זיין פרוי, פלעגען גאנץ פריה,
די בעטען ארויסטראגען פון צימער, דעם פאל אויסוואשען, די
בענק אויסשטעלען פאר די שילער, וועלכע זיי זיינען די איינ־
ציגע לעהרער געוועזען. ביי נאכט פלעגט מען פון קלאס, ווי-
טער א שלאף-צימער מאכען. אין „גימנאזיע" האבען אויך מייד-
לאך געלעהרענט. זעהר ריהרענד, איז זיין בעשרייבונג פון א
קליינע אסתר, וועלכע האט מיט איהם צוזאמען געלעהרענט, דעם
גוטען ווירקונג, וואס זי האט געהאט אויף זיין פארשטיינערטע
הארץ. שפעטער איז בעשריעבען פון זייער חברה חברים, וועל-
כע האבען געשווארען פון פאלעסטינא קיין מאהל ניט ארויס־
צופאהרען. זיין בעציהונג מיט'ן פאטער און ווי אומגליקליך זיי
זיינען ווייטער געווען, ווען זיי האבען געמוזט ביי'ן פאטער אין
קאלטען סיביר, צווישען גוים וואהנען. ווייטער, סאציאליזם,
דער קאמפף געגען רוסישען אבסאלוטיזם, ליכטיגע אידעען וועגן
גען אלע מענשען-ברידער. דער פראקטישער לעבען אליין. פאר-
ווירפע פון זיין קריסטליכע פרוי, פאר זיינע אידישע בלוט. דעם
בעוואוסטזיין, דאס יעדער מוז זיין ריכטיגע סביבה האבען, מוז

אין זיין היסטאָרישען לאַנד וואָהנען. קורץ, דאָס איז אַ וואונ-
דערבארער לעבען בעשריעבען, אַ לעבען פון איין מענשען, וועל־
כען האָט אַליין דורכגעלעבט דאָס לעבען און ליידען פון אידישען
פאָלק. ווי האָבען זיי דאָס געקענט אויסהאַלטען ? איך קען דאָס
גאָר ניט פארשטעהן.

האָב נייגעריג זיך צוגעהערט צו דער לאַנגער געשיכטע, וואָס
דער אַלטער, רוהיגער לעהרער, האָט מיט אַזאַ הייסקייט דער-
צעהלט. בעמערקט, דאָס זיין חבר גלויבט קוים אין דעם. אַ
נאָרמאַלער מענש, וואָס לעבט אונטער נאָרמאַלע פארהעלטענישע,
קען גאָר ניט גלויבען אין אונזער איצטיגען אוננאָרמאַלען לעבען.

דער אָרגאַן איז שטיל אויף איין מאָהל געוואָרען, אַלע זיי-
נען אויפגעשטאַנען, אונזער בן-כרמי אויך, מיר זיינען איהם
נאָכגעגאַנגען.

— זייערע מוזיקאַנטען האָבען געדולד — האָב איך מיין לעה-
רער געזאָגט. גאַנצע דריי שעה האָט ער אָהן אויפהער געשפיעלט
אויפ'ן אָרגאַן.

— דער אָרגאַן שפּיעלט אויטאָמאַטיש. ביי אונז גיט מען
נישט אַ מוזיקאַנט שפּיעלען, ווען מען קען איהם ניט הערען, דאָס
איז אַ בעליידיגונג דעם מענשען.

האָב מיר אונזערע רעסטאָראַנען דערמאָהנט. וואָס האָט דאַר־
טען דער מענש ניט געטהאָן פאַר געלט ?



# יב.

מיט'ן ראָולענדען טראָטוואַר זיינען מיר אין אַרבייטער-שטאָדט געקומען. קיין הויכע רויכערדיגע קוימענס האָב איך דאָ ניט גע-געזהען. די דראָטען, וואָס עס האָט זיך צו יעדער הויז געצויגען, האָט געוויזען, דאָס עלעקטרישע קראַפט האָט דאָ אַרויס-געטריעבען די שמוציגע פאַר־מאַטאַרייען מיט'ן פייער פון קוילען. אויך האָב איך כמעט קיין גרויסע לאַנגע געביידעס, פאַבריקען, וואָס פאַרנעהמען ביי אונז גאַנצע קוואַרטאַלען ניט געזעהען, נאָר פון ווייטען, אין צענטער פון שטאָדט, האָב איך אַזאַ גרויסע גע-ביידע געזעהען. זי איז אָבער ניט עהנליך אויף אַ פאַבריק, עהנלי-כער אויף אַ רייכען וואַרען-הויז. די אַרבייטער-שטאָדט, האָט אויסגעזעהן ווי אויף איין מאָהל אויסגעבויט. און אַלענפאַלס, האָט מען איהר געבויט גלייך פון אָנפאַנג, נאָך אַ געוויסען פּלאַן, בעשטימט פאַר אַן אַרבייטער-שטאָדט. זי האָט אַ צענטער געהאַט, וואו עס איז געשטאַנען די דערמאָהנטע גרויסע געביידע, דאַביי איינינגע שעהנע קלענערע. די אַלע גאַסען זיינען בענאַהע רונד גע-גאַנגען אַרום דעם צענטער, איינינגע רינג-גאַסען זיינען זיי געווען, פאַראייניגט מיט גלייכע געסלאַך, וועלכע זיינען, ווי ראַדיאוסען פון צענטער אַרויסגעגאַנגען. קיין הינטער-הויפען איז ניט פאַר-האַן. יעדער הויז אַ שמאָלע און לאַנגע האָט צוויי פאַסאַדען גע-האַט. איין הויז אָבגעטהיילט פון די צווייטע מיט בוימער. דריי— פיער עטאַזשען זיינען אין די הייזער. די פענסטער זיינען געגאַנ-גען פון פלאַכען דאַך ביז'ן אונטען, אַזוי ווי מען האָט שוין אין מיין צייט די מאָדערנע אַטעליעס געבויט. ניט קוקענדיג אויף דעם, דאָס יעדער הויז איז פריי אַליין געשטאַנען, כדי פיעל ליכט און לופט צו האָבען, דאַך האָט מען געפיהלט, דאָס אין פאַרגלייך דעם ניט גרויסען פּלאַץ, וואָס די שטאָדט פאַרנעהמט, מוזען אַ סך מענשען דאָ אַרבייטען. מיר זיינען פון אונזער רולענדען טראָטואַר אין אַן אַנדערען אַריבערגעגאַנגען, וועלכער האָט זיך

געצויגען דורך א גלייכער גאס ביז'ן צענטער און האט דעם רונד ארום דעם ערשטען רינג-גאס געמאכט.

ביי איין הויז האט בן-כרמי אבגעשטיגען. אין אטעליע אריינגעגאנגען. מיר זיינען איהם נאכגעגאנגען. דער אטעליע איז געווען אויפ'ן גאנצען גרויס פון עטאזש. ארום די ווענט, וועלכע אלע האבען פענסטער געהאט, זיינען אומגעפעהר הונדערט ארבייטער געזעסען, אנדערע עטליכע צוזאמען ביי איין טיש, מאנכע גאנץ אליין. די גרופען ארבייטער, ווי אויך די איינצעלנדע, האט א לייכטע נידעריגע וואנט צוטהיילט. אין מיטען אטעליע, זיינען אין איין שורה איבער די גאנצע לענג געשטאנען די נויטהיגע מאשינען, וואס אלע צוזאמען האבען בענוצט. ווייליע, פרעס, בויער-מאשינען, שערען און דאס גלייכען. מען האט דא געארבייט שמוק-ארטיקלען. פאר מיינע אויגען, האט א יונגער מאן, איבער-געגעבען בן-כרמי'ן א פאקעט דארט איז געווען א צייכענונג פון א בראש, אויפ'ן זעלבען פאפיער, דעם פלאן ווי איהם צו קאנסטרואירען. דארט איז געווען געוואלצטע זילבער-בלעך, פארשיידענע דיק זילבער-דראט, געשטאנצטע שטיקלאך גאלדענע פארציערונגען, געשניצטע העלפענביין-רעליעפען, טערקיזען און קליינע רובינען. אין בעשטעל-צעטעל איז געווען צוויי הונדערט שטיק צו מאכען, דער טערמין, ווען עס דארף דאס פארטיג זיין. ער האט זיך אויף א קוויטונג אונטערגעשריעבען, דעם יונגען מאן איבערגעגעבען, צוגעגאנגען צו די צווייטע פון איהם, גרופע ארבייטער, זיי אלעם איבערגעגעבען, אייניגע ערקלעהרונגען צוגעגעבען.

אין אטעליע איז ליכטיג, ריין און רוהיג געווען. אנדערע האבען אונטערגעזונגען ביי דער ארבייט, אלע ערענסט, מיט גרויס חשק זייער ארבייט געמאכט. קיין אויפזעהערס, אדער אנדערע בעאמטע, זיינען דא ניטא.

אייניגע הייזער זיינען מיר ארומגעגאנגען, פיעל פארשיידענע אטעליעס האב איך געזעהן, כמעט די אלע ארבייט, וועלכע איך האב אין די פאוואליאנס פון „בצלאל"-אלעע געזעהן. אין קיינעם האב איך אפילו דעם שאטען ניט געזעהן פון אונזערע, פול מיט רויך, פאבריקען, וואו עס קאכט, רוישט, טומעלט און קלאפט, ווי אין גיהינם, די ארבייטער, פארשמוצטע, פארשוויצטע, ווי טייוולאנים, דרעהען זיך ארום די שרעקליכע מא-

שינעז, וועלכע ציהט ארוים ביי זיי די מארך פון די ביינער. דא האט דער דענקענדער מענש געארבייט. די מאשין האט נאר פאר־גרעסערט זיינע פיזישע קראפט און געשווינדקייט. האב אבער ניט פארשטאנען די הויפט איינריכטונג: ווער גיט די בעשטע־לונגען, ווער פארקויפט, ווער זארגט פאר רויהע מאטעריאלען, מאדעלען, ווערק־צייג: ווער בעשטימט די ארבייטס לויהן, ווער צעטהיילט די בעשטעלונגען נאך די פעהיגקייטען פון די ארביי־טער? וואו האבען זיי גענומען דעם קאלאסאלען בעטרייבס קא־פיטאל, וואס עס איז נויטהיג פאר אזא גיגאנטע אונטערנעהמונג? און, ביי'ן ענדע, צו וועמען געהער אט דאס אלעס, וואס איך זעה דא? ווער איז דער קאפ, ווער איז זייער בעל הבית?

מיין לעהרער האט מיר געזאגט:

— קום, אונטען, אין גארטען פון צענטראל־לאגער, וועל איך דיר אלעס ערקלעהרען. דו וועסט זעהען, ווי געניאליש־איינ־פאך מיר האבען איינגעארדענט. דו וועסט דאן פארשטעהן די גרויסע נוצען פון אזא איינריכטונג.

אין שאטען פון א פייגען־בוים, זיינען מיר אונטען געזעסען. אנטקעגען א וואסער־בעקען, וואו פויגעלאך האבען פרעהלאך פיפ־צענדיג, פליהענדיג איבער איהם געבאדען. רוהיג איז דארטען געווען. איך האב מיר, ניט קוקענדיג, דאס ארום די הייזער איז אויף די קאלאנאדען דער טראטואר געלאפען און אין לופט איז געשטאנען דער קלאפען פון האמערס, געפיהלט, ווי אין מיטען אקעאן אויפ'ן שיף. עס שטערט ניט דער ארומיגער בעוועגליכער לעבעדיגער ים. ער ערפרישט נאר דעם מענשען, גיט די געדאנ־קען גרעסערע פליגלען, ווייזט די אויג ווייטערע האריזאנטען...

דעם לעהרער'ס ווערטער איז מיר טיף אין הארצען אריין. ער האט מיר געזאגט:

— שוין פאר דער וועלט־קריעג, איז די קולטור געשטאנען זעהר הויך, אלע מענשען גליקליך צו מאכען. מען האט נאר די קולטור־מיטעל ניט ריכטיג אויסגענוצט. ניט בענוצט צוליעב וואס זי איז געשאפען געווארען: פאר ליעבע צום מענשען. די וועלט־קריעג איז דער באנקראט געווען פאר די גאנצע מענשהייט! א נייע עפאכע האט זיך נאך דעם אנגעפאנגען. מען האט ליקווי־דירט דעם אלטען ארדענונג, איבערגעשאצט אלע זייער רייכטהום, אויף די אלטע חורבות איז א נייע וועלט אויסגעוואקסען מיט נייע

מענשען. וואס האבען געקענט אויסנוצען די רייכע ירושה פון זייערע, אייגענטליך, אומגליקליכע עלטערען... אונזער קראפט איז דאן געווען אין אונזער נויטהווענדיגקייטען פאר'ן מזרח. מיר זיינען די קעט געווארען, וועלכע האט א ז י ע ן צוגע-קייט צום קולטורנעם א יי ר א פ א. מיר האבען אייראפא אליין אויך עטוואס געלעהרענט. מיר זיינען געגען אלע פעלקער, געווען אין דער גליקליכער לאגע, דאס מיר האבען ניט געהאט וואס צו צוברעכען. דאריבער איז אלע אונזערע כחות געגאנגען נאר אויף צו בויען. מיר האבען בעסער פון זיי געקענט אויס-בויען אונזער קליינע נייע וועלטעל. אונזער צושפרייטקייט אי-בער די גאנצע וועלט, האט גרויסע נוצען, פאר אונזער נייעם צענטער געבראכט, דאצו איז נאך געוועזען ביי אונז „א נאטיר-ליכער אויסוואהל". נאר די בעסטע, נאר מענשען מיט אידע-אלען, זיינען צו אונז געקומען. פון אנפאנג, נאר אידען, שפע-טער — אויך אנדערע. די וועלכע האבען נאר פערזענליכע נוצען געדענקט, האבען געגנוג ארט אין אייראפא געפונען, וואו עס האט אזוי פיעל מענשען געפעהלט. דער לאנגער גלות האט אונז געלעהרענט צו געדולדען. מיר האבען די גרויסע געדולד, מיט וועלכע מען ערגרייכט גרויסעס. אונזער נייע וועלט האבען מיר, זעלבסט פארשטענדליך, אויף די נייעסטע דעמאקראטישע פרינ-ציפען געבויט. זיי זיינען אויך אונזערע גאנץ אלטע אמת'ען, פון אונזער הייליגע תורה און חכמים. נאך אונזער אלטער רבי הלל האט געזאגט: דאס אידישקייט איז: — „ליעב דיין חבר, ווי זיך אליין", א אידענס לעבען איז, ווען איך בין ניט פאר מיר, ווער וועט פאר מיר זיין?" „אויב איך בין נאר פאר מיר אליין, וואס בין איך?"... די אלטע אמת'ען האבען מיר בענוצט נאך די בעדינגונגען פון איצטיגער צייט. דעם באדען האט מען נאך פריהער, פאר די מלחמה, אנגעהויבען קויפען פון „נאציאנאל-פאנד" פאר'ן אידישען נאציאן, וויל נאך די תורה, טהאר קיין איינענטהימער אויף באדען ניט זיין. איצט געהער דער באדען פון גאנץ ארץ-ישראל צום גאנצען אידישען פאלק. זי ווערט נאר פארדונגען פריוואט מענשען ביז'ן יובל, דאן געהט זי צוריק אי-בער צום פאלק, דער ארענדאטאר האט נאר חזקה, מען פאר-דינגט ניט אן אנדערען, ווען דער ערשטער האט גוט די ערד בע-ארבייט. ווען ער שטארבט, געהט נאך פאר'ן יובל די ערד אי-

בער צום פאָלק, ווי אַלעס, וואָס פון איהם איז געבליעבען. ביי אונז איז דאָס פאָלק דער יורש פון יעדען בירגער.

— פאַרשטעה ניט, ווי קען מען אוועקנעהמען, אפילו נאָך'ן טויט, דאָס, וואָס אַ מענש האָט מיט זיינע מיהע ערוואָרבען? און צו וואָס זאָל דער מענש ארבייטען, בויען, פלאַנצען און זאַמ־לען, ווען שפּעטער וועט מען דאָס אוועקנעהמען?

— וואָרום האָסט דו פאַרשטאַנען, דאָס די ווערק פון די גרויסע געלעהרטע, פּאָעטען, קינסטלער געהער אפילו די גאַנ־צע וועלט. דו ווייסט דען ניט, ווי פיעל מיהע, קרבנות און גע־זונד האָבען די אַלע אָבגעגעבען פאַר זייערע שאַפונגען? אַנדערע האָבען ביי'ן לעבען, פאַר זייערע שווערע ארבייט גאָר נישט גע־האַט, מען האָט זיי נאָך פאַרפאָלגט. צי דען איז די ארבייט פון אַ ג'עניע מעהר הפקר, אלס די אַרבייט פון אַ גוט־בעזיצער, פאַב־ריקאַנט, קאָלעקציאָנער און דאָס גלייכען?

ביי'ם לעבען קען יעדער אויסנוצען זיינע ערוואָרבענע איי־גענטהום ווי זיין הארץ געלוסט. קען דאָס אויך אוועקגעבען פאַר דיזע אינסטיטוטען, וועלכע ער סימפּאַטיזירט. נאָך'ן טויט, דאַרף דער געשטאָרבענער קיין זאָך ניט. זיינע קינדער? — זיי האָבען ווער עס זאָל פאַר זיי זאָרגען: אַלע קינדער געהערען צום פאָלק, וואָס גיט זיי, ווי דו האָסט געזעהען, גוטע ערציהונג, ביז ער אַליין קען זעלבסטשטענדיג לעבען. ניטאָ מעהר ביי אונז רייכע יורשים, ניטאָ מעהר ביי אונז מענשען, וואָס זייער גאַנצער גליק איז, דאָס זיי זיינען געבאָרען נאָכ'ן פאָטער, ווען זיי וואָלטען פ א ר ' ן פאָטער געבאָרען געוואָרען, וואָלטען זיי רייך ניט געוועזען... דאָס שטערט אָבער ניט, דאָס יעדער זאָל וועלען אַר־בייטען. מיהען זיך צו בויען, פלאַנצען, זאַמלען, שאַפען גאַנ־צע רייכטהימער, ווייל ווען ער אַרבייט ניט, וועט ער, ביי אונז, נאָך וויינינגער ווי ביי אייך, ניט האָבען פון וואַנען צו לעבען. ווען מען וויל ג ו ט לעבען, מוז מען מעהר אַרבייטען. בויען, פלאַנצען, זאַמלען, שאַפען, ווייל ער איצטער נאָך מעהר, וועד ער בעזיצט דאַצו די פעהיגקייט, ווייל דאָס אַליין איז אַ גרויסער פאַרגעניגען, אזוי ווי, צו שאַפען דעם קינסטלער... דער גע־דאַנק, דאָס נאָך'ן טויט, וועט ניט צוריסען, פאַרלאָרען ווערען זיינע מיהע ביי די יורשים, נאָר עס וועט געהערען דעם גאַנצען

פאלק, וועלכעס האט פאר איהם געזארגט און זארגט פאר זיינע קינדער, גיט איהם מעהר חשק צום ארבייטען.

— אבער, לעהרער, עס גיט דאך א נאטירליכע געפיהל ביי מענשען גרויס צו זיין, הערשען, מענשען זאלען איהם כבוד אבגעבען. דאס האט דעם מענשען ענערגיע געגעבען צו הארעווען, ענטזאגען זיך פון רוהע, דרעהען די קאפ, קאפיטאלען צו מאכען, אויסצוצייכענען זיך פון ארומיגע מענשען. אבער ווען אלעס געהט איבער צום פאלק, ווער וועט וועלען הארעווען, ווער וועט אזא פיקטיוועו אייגענטהימער כבוד אבגעבען ?

די געפיהלען גרויס צו זיין, אויסצייכענען זיך פון ארומיגע מענשען, כבוד, זיינען נישט אזעלכע נאטירליכע געפיהלען, ווי דו גלויבסט. נאך מעהרער, ביי אייך טהוט ער, צוליעב רייכטהום, ניט אזעלכע גוטעס מיט מענשען פון וועלכע ער אליין זוכט בבוד צוליעב זיין רייכטהום... אבער עס גיט א נאטירליכער געפיהל ביי'ן מענשען זיך אויסצוצייכענען, זיך פארבעסערען, ליעבע. און ווען דו ווילסט, בעוואונדערונג פון מענשען צו בעקומען. דאס אלעס קען ער איצטער ערגרייכען לייכטער און בעסער, ווי פריהער, וואו נאר טעלער-לעקער האבען אזעלכע מענשען ארומגערינגעלט, מען האט נאר זיינע געלד געליעבט כבוד אפצוגעבען. איהם אליין געהאסט אדער מורא געהאט. איצטער ליעבען איהם אלע, אהנע א פערזענליכע אינטערעסע, פאר זיינע פעהיגקייט, פלייסיגקייט, ליעבע צו ארבייט און שאפען ; פאר'ן ברענגען גרויסע נוצען דעם גאנצען אידישען פאלק.

— יעדער מענש אין ארץ-ישראל, וועלכען גלויבען און הויטפארב ער זאל ניט האבען, — האט דער לעהרער ווייטער רוהיג דערצעהלט — קען א בירגער ווערען, א חבר פון אונזער געזעלשאפט, וואס בעשטעהט פון אלע איינוואהנער פון ארץ-ישראל. ער מוז זיך נאר פארפליכטען אונזערע געזעצען צו היטען און ווערען א מיטגליעד אין דעם „ארטעל" פון זיין בעשעפטיגונג (ליידיג-געהערס, „ראנטיעס" איז ביי אונז ניטא). די אלע „ארטעלס" פון גאנצען לאנד, זיינען פאראייניגט אין איין „געזעלשאפט", דאס איז די גאנצע אידישע פאלק, וועלכע פיהרט איהר רעגיערונג דורך אהירע דירעקטארען, סנהדרין און נשיא. אזוי ווי קיין פריוואט-קויפער און פארקויפער איז דא ניטא, קען זיך ניט קיין גרויסע קאפיטאלען אין פריוואט הענט אנקלייבען. ליידיג-געהער קענען דא

ניט עקזיסטירען. דאריבער איז דא קיין הונגעריגע אויך ניטא. דאס „אידישע געזעלשאפט". וועלכע בעזיצט אן אונגעהויער רייכ-טהום, אין וועלכענס הענט עס ליעגט דער גאנצער האנדעל פונ'ם גאנצען פאלק, קען לייכט רעגולירען דאס פאלקס-עקאנאמיע, אויס-בילדען יעדען מענשען. דאס ער זאל נוצליך זיין, זארגען פאר'ן גע-זונדהייט, ענטוויקלונג, פיזישע און אינטעלעקטואלע, פון גאנ-צען פאלק. ראציאנאל עקספלאאטירען דעם גאנצען באדען. קורץ: מאכען דעם גן־עדן, וואס דו האסט נאר עטוואס דאפון געזעהען. עס קאסט אין סך הכל ביליגער ווי דער שלעכטער ארדנונג אין לע-בען פון פריהער, ווען יעדער איינציגער האט אויפ'ן רעכענונג פון צווייטען, געזוכט צו לעבען...

„אויב איך בין נאר פאר זיך אליין, וואס בין איך ?"

— לעהרער, דו האסט מיר נאך ניט געענטפערט אויף אלע מיינע פראגען.

— איך געדענק גוט, מיין קינד. האב געוואלט דיר פרי-הער א ביסעל בעקענען מיט אונזער ארדנונג. איצטער וועסט דו שוין לייכט פארשטעהן מיין ענטפער, עס וועט דיר ניט אויס-ווייזען אונגלויבליך. דו פרעגסט — ווער איז די קאפ, דער בעל-הבית פון ארבייטער־שטאדט ? — יעדער ארבייטער בעזונדער, ער איז א חבר פון זיין „ארטעל" און א מיטגליעד פון גאנצע „אי-דישע געזעלשאפט". זעלבסטפארשטענדליך, דאס דעם גאנצען געשעפט פיהרען דירעקטארען, בעאמטע, וועלכע ער אליין האט אויסגעקליעבען פון די בעסטע, פאסענדע דאצו. — צו וועמען געהער דאס אלעס ? — צום פאלק, דאס הייסט אויך צו איהם. — וואו האט מען גענומען דעם קאלאסאלען בעטריבס-קאפיטאל ? — פון פאלק, דאס הייסט אויך פון איהם. — ווער גיט די בע-שטעלונגען, ווער פארקויפט, ווער זארגט אויף אלעס, ווער בע-שטימט די ארבייטס־לויהן ? — דאס פאלק, דאס הייסט, יע-דער ארבייטער אליין, דורך זיינע אויסגעקליעבענע דירעקטארען, בעאמטע, אגענטען, וועלכע זוכען בעשטעלונגען, פארקויפען, קוי-פען רייהע מאטעריאלען. קורץ, טהוען אלעס אין זיין נוצען, ווייל דאס איז אויך זייער נוצען, די נוצען פונ'ם גאנצען פאלק. עס געהט, פון פאלק — פאר'ן פאלק.

אזוי ווי אלעס איז איין האנד, דאריבער גיט ניט קיין קאנ-קורענטען, איבער-פראדוקציאן, עקאנאמיע אין אלעס. ווערט די

אידישע פּאָלק אַלס רייכער. אונזערע פּאַפּיער-געלט געהט אין דער גאַנצער וועלט און דער „אַלל-וועלטליכער פריעדען-קאָנגרעס" ער-לויבט אונז נייע פּאַפּיער-געלט אַרויסצולאָזען. יעדען מאָהל, ווען מיר שטעלען צו אונזערע סטאַטיסטיקע וועגען אונזער פּראָדוקציאָן אין פאַרגלייך מיט אונזערע אויסגאַבען. אַרויסלאָזען פּאַפּיער-געלט, הייסט איצטער, אַז אַנלייה. מען דאַרף אויך קיין פּראָצענט צאָה־לען. מיר נוצען אויס אונזערע געלט צו באַקעמפּפען די נאַטור, מיר זאָלען קענען געזינטער זיין, מעהר איינטראַגע פון דער ערד האָבען. פאַרבעסערען אונזערע שטעדט, טראַנספּאָרט-מיטעל און איבערהויפּט, פאַרבעסערען דעם מענשען אַליין, וואָס דאָס איז די אמת'ע רייכטהום פון יעדער פאָלק.

די קונסט האָט אונז געהאָלפען, ניט נאָר רייך צו ווערען, דורך אונזער בעריהמטע קונסט-אינדוסטריע, ניט נאָר געגעבען דעם גרויסען פאַרגעניגען, צו פאַרשטעהען די שעהנהייט פון גאָט'ס וועלט. די ליכטיגע פאַנטאַזיען פון ג'עניע, נאָר אויך בעפרייט פון די שרעקליכע קללה פון לוקסוס, וואָס ביי אונזערע פרויען איז געוועזען מעהר, ווי ביי אַלע פעלקער. מיט דעם פאַר־שטעהען פון אמת'ע שעהנהייט איז אונזער לעבען איינפאַכער, בי-ליגער, געזינטער און גליקליכער געוואָרען.

— פאַרשטעהע, דאָס איהר קענט ביי אייך קאָנטראָלירען ווע-גען אַן איבער-פּראָדוקציאָן אין לאַנד. וואָס וועט איהר טהאָן מיט אייער עקספּאָרט־אַרטיקלען און פּראָדוקטען, ווען אויף איין מאָהל וועט דאָס אויך פּראָדוצירט ווערען אין אַן אַנדער לאַנד ? וועט דאַך מוזען ביי אייך אויך אַ קריזיס זיין.

— איצטער גיט שוין אַזעלכע אומגליקען ניט. דער וועלט-פרידען-קאָנגרעס זאָרגט שוין, דאָס עס זאָל קיין איבער-פּראָ־דוקציאָן ניט זיין אין דער גאַנצער וועלט. קיין גרעניצען, טאַ-מאָז'ניעס אין דעם אופן, ווי עס וואָר ביי אייך, גיט שוין ניט מעהר. קיין גרענעצען פאַר מ ע נ ש ע ן, נאָר געאָגראַפישע. ביי אונז איז אַלע אַרטיקלען צאָהל־פריי, דאַריבער לוינט קיין רעגיע-רונג ניט קינסטליך איינצופיהרען די אינדוסטריע, אָדער די פּראָ-דוקציאָן צו וועלכע זייערע איינוואָהנער, אָדער זייער לאַנד איז ניט בעזאָנדערס פעהיג דאַצו. אונזער לאַנד צייכענט זיך אויס מיט איהרע גוטע פּירות, מעדיצינישע, פאַרפיומען און פאַרבען-פלאַנ-צונגען. דאַרום גיבען מיר די וועלט, בעריהמטע וויינען, מאַר־

מעלאָדען, פאַרפיומען און פאַרבען. מיר האָבען אַ שעהנעם פאַר־בען-געפיהל, פיעל געדולד און קינסטליכע אויסבילדונג. דאַרי-בער קענען מיר בעסער און ביליגער קונסט-אינדוסטריעלע ארבייט פאַרקויפען. דאַפיר מאַשינען, פיעלע רייהע מאַטעריאַלען קויפען מיר אַליין אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ. עס גיט שוין ניט קיין קאָנ-סולען, וועלכע האָבען זייערע אונטערטהאַנער „בעשיצט" און „פּאָ־ליטיק" געמאַכט; עס גיט ניט מעהר קיין „אונטערטהאַנער" און „פּאָליטיק-אינטעריגען". יעדער רעגיערונג האָט נאָר איהרע האַנד-לונגס-אַגענטען. מיר האָבען אויך איבעראַל אַזעלכע אַגענטען, וועל-כע ווייזען זייער רעגיערונג דעם צושטאַנד פון וועלט-מאַרק, זוכט צו פאַרקויפען, וואָס זיין לאַנד האָט צופיעל און קויפען דאָס, וואָס אין זיין לאַנד פעהלט. צום פריעדען־קאָנגרעס, וועלכער האַלט יע-דען יאָהר אין אַן אַנדער לאַנד זיין זיצונג, שיקען מיר אויך אונ-זערע פאַרטרעטער. אונזער צושפּרייטקייט איבער דער גאַנצער וועלט, האָט אונז פיעל געהאָלפען דעם אַלל-וועלטליכען מאַרק צו געווינען.

— דאָך פאַרשטעה איך ניט, ווי קענט איהר אויף זיך נעה-מען די שרעקליכע הוצאָה יעדער קינד ביז אַכטצעהן יאָהר ערנעה-רען, לעהרנען און אַלץ געבען?

— יעדער נאָרמאַלער מענש, נאָך דעם ווי ער האָט אונזער ערציהונג בעקומען, האָט ער שוין זיין ווערטה, אַזוי ווי אַן אָראַנ־זשען-בוים, וואָס הויבט אָן זיינע פרוכט צו געבען. מיר זיינען אויך זיכער דאָס ער ועט אונז צוריקגעבען דאָס, וואָס ער האָט אונז געקאָסט, אויך אויף דעם, דאָס מיר זאָלען איהם קענען נאָך פינף-און-פופציג יאָהר-אַלטער איהם פענסיע געבען. זיין פענסיע איז אַ געוויסער פּראָצענט פון זיינע פּראָדוקטיוויטעט אין דער צייט, וואָס ער האָט געאַרבייט. ווען עס האָט זיך אַן אומגליק מיט'ן מענ-שען געטראָפען, אַ קראַנקהייט, אָדער געשטאָרבען, דאַן ליידעט די גאַנצע געזעלשאַפט ניט פון דעם. מיר זיינען אַלע איינע ביי דעם אַנדערען פאַרסטראַכירט. אונזער סטאַטיסטיק ווייזט דאָס די פאַרמעהרונג פון פאָלקס-רייכטהום געהט ביי אונז פיעל גיכער אַלס הוצאות. מיר קענען רוהיג אונזער אָרדענונג ווייטער פיהרען.

ווי איז מיט די אַנדערע אַרבייטער פון פּראָווינץ?

— די זעלבע זאַך, יעדער קען אַרבייטען אין וועלכען פּלאַץ ער וויל, אָדער ביי זיך אין גאָרטען-הויז, ווען איהם געפעהלט עס,

ער מוז נאָר געהערען צו זיין אַרטעל. מען צאָהלט איהם דאָך, נאָך זיין ווערטה פון זיין אַרבייט.

— ווי איז מיט אַקער־בויער ?

— דאָס זעלבע, זיי האָבען אויך זייער „אַרטעל", וואו זיי גיעבען איבער זייערע פּראָדוקטען, דעם טהייל, וועלכע זיי קענען פאַרקויפען. דער „אַרטעל" זאָרגט שוין דעם אינערליכען און אויסערליכען פאַרקויף, אין אַלעם אין וואָס זיין חבר נויטהיגט זיך.

— ווי לעבט איהר מיט אייערע שכנים, איבערהויפּט ווי לעבען די אַקער־בויער מיט די בעדואינער ? זיינען די בעדואינער נאָך אַזעלכע גנבים און גזלנים, ווי זיי זיינען אין מיין צייט געוועזען ?

— מיר לעבען מיט אונזערע אַלע שכנים אין פריעדען. זיי האָבען דאָך אויך זייערע פאַרשטעהער אין פריעדען־קאָנגרעס און האָבען אויך אָנגענומען די „פעלקער־רעכט", וועלכע עס איז אַנערקענט פון אַלע פעלקער, וואָס האָבען דעם „וועלט־פריעדען־קאָנגרעס" געגרינדעט, אויך מיט די בעדואינער. פון אָנפאַנג איז מיט זיי גרויסע צרות געוועזען, ניט ווייל זיי זיינען שלעכטע מענשען, אין געגענטהייל, ביי קיין פאָלק איז ניט געוועזען אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט גאַסט־פריינדליכקייט, עהרענוואָרט און ליעבע צו פרייהייט, ווי ביי די בעדואינער. נאָר זיי האָבען זיך ערלויבט צו טהאָן דאָס, וואָס אַלע פעלקער האָבען זיך ערלויבט אין קריעגסצייט. זיי האָבען דאָך אימער אַ קריעג געפיהרט. די אייראָפּעאישע אינזשעניערען, וועלכע האָבען פון זייערע עראָפּלאַנען מענשען גע'הרג'עט האָבען אַ גרעסערען פאַרברעכען געטהאָן, ווי די בעדואינער, הרג'ענענדיג פון זיין פערד. זאָגאַר פון דעם בעדואינער'ס העלדענטהום האָט מען ניט אין דער גאַנצער וועלט טעלעגראַפירט, ווי פון זיין חבר, דער אינזשעניער... גלייך ווי דער פריעדען־קאָנגרעס האָט נאָך די וועלט־קריעג, בעשטימט אַלע געוועהר פון דער וועלט פאַרניכטען, האָבען מיר, מיט די הילפע פון די גרויסע מעכטע, די געוועהר פון די בעדואינער אַוועקגענומען. אַ גרויסע, שווערע אַרבייט איז דאָס געווען. ביי'ן ענדע האָבען מיר דאָך דאָס מעהרסטע טהייל געוועהר צוגענומען, קיין נייע, האָט מען דאָך איהם שוין ניט פערקויפט, האָט ער געמוזט אויפהערען לעבען פון בלוט־קאַמפף. ווען מיר האָבען, שפּעטער,

ביי איינעם געוועהר געפונען, איז ער בעשטראָפט געוואָרען צו אַרבייטען אין די פערמעס, וועלכע מיר האָבען צו דעם צוועק גע-גרינדעט. פיעל פון דאָרט, אַנטלאָפענע בעדואינער, זיינען צור־ריקגעקומען, געפעניגענדיג בעסער ביי אונז. מיר האָבען דורך זייער לאַנד, באַהנען דורכגעפיהרט : דורך די אייזערנע רעלסען איז צו זיי אַ נייע לעבענסקראַפט געקומען. איצטער בעשעפטי-גען זיי זיך מיט ערד-אַרבייט און פיה-ציכט. אַ קליינער טהייל וואָהנען אויך אין שטעדט, מיט פאַרשיידענע אַרבייט בעשעפטי-גען זיי זיך. פיעל פון זיי האָבען זיך מגיר געווען, זאָגאָר מיר האָבען קיינע נייע אידען ניט געזוכט צו מאַכען. מיר האָבען זיי נאָר מענשליכע גערעכטיגקייט געלעהרענט.

— גיט אויך ביי אייך וואַקאַנסיע פיר אַרבייטער, ווי אַ מאָהל ביי אונז פאַר בעאַמטע ?

— געוויס, ביי אונז זיינען דאָך אַלע גלייך. נאָר די וואַ־קאַנסיע איז ניט פאַר די גאַנצע בעפעלקערונג אין די זעלבע צייט פון יאָהר. זונדער שבתים און יום טובים, האָט יעדער בירגער צוויי חדשים אין יאָהר פרייע. די פאַרשטעהער פון די „אַרטעלען" בעשטימען צווישען זיך די צייט פון וואַקאַנסיע פאַר יעדער אַר-טעל, כדי דאָס גאַנצע פאָלק זאָל פון דעם קיין שאָדען האָבען. אין די פרייע צייט מאַכט מען אויסשטעלונגען, פּראַקטישע קור-סען, לעקציעס אין פאָלקס-אוניווערזיטעט און עקזאַמענס. פאַר-שיידענע קאָנגרעסען, און קאָנקורסען פון די טורנ־פעראיינען. די פרייע מאָנאַטען ברענגען נוצען דעם גאַנצען פאָלק מעהר אַלס אַר-בייטס מאָנאַטען. נאָר גענוג דיר ד ע ר צ ע ה ל ע ן, דו מוזט ז ע ה ן ווי מיר לעבען, דאַן וועסט דו מעהר גלויבען אין אידישען צוקונפט אין זיין לאַנד ווילסט דו אין מנורה געהן, זעהען „חורבן בית המקדש ?"

— געוויס, לעהרער, מיר אינטערעסירט דאָס זעהר. נאָך מעהר. דאָס ביי אונז, אין „בצלאל" האָבען מיר געפּלאַנט ווע-גען אַ פילם-פאַבריק, קינאָ-טהעאַטער און איך אַליין האָב אַ פּראָיעקט וועגען אַ קינאָ-דראַמע „חורבן בית המקדש" מיט אַ פי־נאַל „שיבת ציון".

— דאַריבער, וויל איך דיר דאָס ווייזען, דו זאָלסט זעהען, דאָס קיין אַרבייט פאַר'ן פאָלק, געהט ניט פאַרלאָרען. דער אַר-טעל „מנורה" איז שוין בענאָהע הונדערט יאָהר, ער שטאַמט נאָך

פון די פירמא מיט'ן זעלבען נאָמען, וואָס איהר האָט דאָן גע-
גרינדעט. דאָס וואָס דו וועסט היינט דאָרטען אין טהעאַטער זעהען
איז אויך אַלט בענאָהע הונדערט יאָהר. דאָס איז דיין דראַמע.

## יג.

צום „מנורה-טהעאַטער", זיינען מיר צו-פוס געגאַנגען. גע-
וואָלט נעהענטער די געבויטע ירושלם זעהען. מיר האָבען דורכ-
געשניטען דעם גאַנצען אַרבייטער-קוואַרטאַל, וועלכער האָט אָנ-
גענעהם געדוישט, ווי אַ ביהן-שטאָק. אין יעדער הויז האָט מען
עטוואָס געאַרבייט. מענשען האָבען מיר אויפ'ן גאַס גאָר נישט
געזעהען. צייט-צו-צייט איז אַן אויטאָ, אָדער מאָטאָר-ביסיקעל
פאַרביי געלאָפען צום זייט פון צענטראַ-לאַגער. וואונדערבאַר, איז
געווען אַ גאַנצע שטאָדט אָהן קינדער, אָהן לאַדען און ריידענדיגע
פרויען ביי די טהויערען. קיין פּאָליציי האָבען מיר אויך נית בע-
געגענט. מיר האָבען דורכגעשניטען דעם גרויסען „גאולה-בולוואַר",
אַ מאָהל איז דאָס יפו'ער-וועג געווען, מיט „אַלענבי" גאַס, וועל-
כע האָט זיך באַרג אַרויף געצויגען זיינען מיר צום „מנורה-פּלאַץ"
געקומען, וואו עס איז דער קינאָ-טהעאַטער געשטאַנען, און הינ-
טען, ביז אונטערען באַרג אַראָפּ, דער בעריהמטער פילמ'ס-פאַב-
ריק „מנורה" מיט אַן אָבגעצאַמטען פּלאַץ, וואו עס ווערט די סצע-
נען פאַרגעשטעלט, פילמס אויפנאָהמע צו מאַכען.

עס איז קיהלער געוואָרען. דער טאָג האָט שוין געהאַלטען
ביי'ם ענדיגען זיך. איך האָב נית געקענט מיינע אויגען אָברייסען
פון שעהנעם אויסזעהן, וועלכער ירושלם האָט געהאַט ביי זונ-
אונטערגאַנג. פון דער הויך, וואו מיר האָבען זיך איצטער געפו-
נען, האָב איך די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון ירושלם געזעהען. די
ברייטע בולוואַרען האָבען די מעגליכקייט געגעבען צו זעהען אַן
הערליכע פּערספּעקטיוו פון דער וואונדערבאַרער שטאָדט ירושלם.
מיר דערמאָהנט ווי לאַנג, לאַנג צוריק, ווען „בצלאל" האָט זיך
נאָר געעפענט, ביז איך מיט'ן „גאַנצען בצלאל", וועלכער איז
דאַן נאָר פון 10 — 12 שילער בעשטאַנען אויפ'ן זעלבען פּלאַץ גע-
וועזען. זיי געוויזען דעם פּלאַץ, וועלכען איך האָב געוואָלט דאַן

קויפֿען „בצלאל"־שוהלע דאָ צו בויען. שפּעט ביי נאַכט איז דאָס געווען. אַ פֿינסטערע נאַכט. קיינער האָט ניט בעדאַרפֿט זעהען, דאָס מיר אידען בעקוקען אַ פּלאַץ... מיר האָבען דאָן אונזערע פּלענער געמאַכט: דאָ וועט די שוהלע שטעהן, דאָ, די ווערק־שטאַטען; דאָ, דער מוזעאום און ווייטער, אַ קינסטלער־קאָ־לאָניע. רוסיש האָבען מיר גערעדט, קיינע, פֿון אונז האָט קיין העברעאיש ניט געקענט. איינער האָט אָנגעהויבען אויף איין מאָהל „די שבועה" צו זינגען, אַלע האָבען מיט זייערע יונגע, שטאַרקע שטימען אונטערגעכאַפּט. לאַנג האָט זיך די ענערגישע קלאַנגען גע־הערט איבער די ווייטע בערג ביז דעם שלאָפֿענדען ירושלם. מיר האָבען פֿאַרגעסען, דאָס מען מוז מורא האָבען... גאָט, ווי ווייט, ווייט מיר זיינען שוין פֿון יענער צייט! פֿיעל ווייטער פֿון דער צייט, וועלכע איך זעה איצטער פֿון ווייטען אין ראָזען־נעבעל.

עס איז פֿינסטערער געוואָרען. מיר איז אונגעוועהנליך גע־ווען צו זעהען אַ גרויסע שטאָדט ביי נאַכט, כמעט אַ פֿינסטערע, נאָר אין זעהר ווייניג הייזער האָט אירגענד־וואו אַ פֿענסטער גע־פֿינקעלט און שוואַכע זעלטענע בעלויכטענע לאַמטערנען אין די גאַ־סען. מען זעהט ניט דאָ די משוגע־פֿייערדיגע מודעות אויף די רייכע הייזער. די הייזער רופֿען ניט צו זיך יעדען פֿאַרבייגעהער, מיט זייערע פֿינקעלדע העל־בעלויכטענע פֿענסטער, פֿון זייערע קאַפֿע־הייזער, שאַנטאַנען און אַנדערע „טעמפּלען", וואו מען זוכט קינסטליך די בלוט אויפֿצורעגען אין נאַכדעם אין שמוץ אָבצולע־שען. דאָ גיט ניט קיינע ליכטיגע קאַבענדיגע גאַסען, וואו אַלע לויפֿען קויפֿען און פֿאַרקויפֿען. מען זעהט ניט דאָ די זאַטע־רייכע, וועלכע קויפֿען אַלעס, און די הונגעריגע פֿאַרפּוצטע, וועלכע פֿאַר־קויפֿט אַלעס... רוהיג איז ביי נאַכט אונזער פּראַכטפֿאָלע, ריינע ירושלם, אַ הייליגע טרוימערישע רוהיגקייט רוהט אויף איהר, ווי אַ גוטע מאַמע, וועלכע געהט אויף די שפּיץ־פֿינגער, שטיל, איה־רע קינדער זאָלען רוהיג איינשלאָפֿען. זי זינגט זיי נאָר פֿאַר'ן שלאָף מיט איהר אפּערא־הויז, מיט אַ קאָנצערט אין „מגדל דוד", דער־צעהלט זיי וואונדער שעהנע מעשה'לאַך מיט איהרע טהעאַטערען.

עס האָבען זיך גענומען ווייזען פּוס־געהער, אויטאָס, וועלאָ־סאָפּעדיסטען, אַלע זיינען זיי צו אַ גרויסען, שעהנעם פּאַליי גע־גאַנגען, אויף וועלכען עס האָט אַ זיבען־רעהריגע „מנורה" געברענט. מיר זיינען אויך צוגעגאַנגען צום ברייטען, אָפֿענעם טהויער פֿון

הויפט-ארייננאנג. ווי געוועהנליך, האט מען אונז ניט געזעהען. מיר האבען זיך ביי'ן קאסע ניט אבגעשטעלט, גלייך אויף די ברייטע טרעפ צו די לאָז'עס געגאנגען.

אין גאנצען טהעאטער איז אויבען קיין איינציגע ליכט ניט געווען. נאר אונטען, נעבען די שטוהלען האט קליינע עלעקטרישע לעמפעלאך געלייכט. זיי האבען בעלויכט דעם ווייכען טעפיך מיט וואס דער גאנצער האל איז געווען איבערגעצויגען. יעדער האט גוט געזעהען צו געהען. די ווייכע טריט האט ניט געשטערט די שטילקייט, וואס עס איז ווי אין איין טעמפעל געהערשט. פיעל מענשען זיינען שוין דארטען געוועזען. ווען מיינע אויגען האבען זיך צום טונקעלקייט צוגעוואוינט, האב איך די דריי גרויסע קינסטלער: רבי מנשה, רבי יהודה און רבי אפרים ניט ווייט פון מיר געזעהען. דער גרויסער בילד-הויער איז אין מיטען געזעסען, דער ארכיטעקט און מאהלער פון ביידע זייטען און שטיל איהם עטוואס דערצעהלט. אונטען, פאר די ביהנע, האט דער ארקעסטער געשטימט זייערע אינסטרומענטען. טיעף, פיעל ניעדעריגער פאר דעם באדען זיינען זיי געזעסען. אויך אן אווערטיורע פון אן אומבעקאנטע פאר מיר, אפערא, האבען זיי געשפיעלט. וויינען און תפילה, האט זיך פון איהר געהערט. פון אויבען, ווי פון הימעל, האט זיך געגאסען די געטליכע קלאנגען פונ'ם ארגאן אין וועלכע עס האט זיך געהערט דער רוישען פון וויטהענדען ים, דער שטורם פון בייזע ווינטען, דער שרעקליכער רעש פון גרויליכע דונערען און א דינע וויינענדע שטימע... דער ארקעסטער האט אויף איין מאהל שארף אבגעהאקט די ניט-געענדיגטע תפילה מיט א ווילדען הארץ-רייסענדען געשריי, דער ארגאן האט אלץ ווייטער פון אויבען געגאסען די וויינענדיגע לייזע, בייקענדע קלאנגען. וועלכע האבען מיין הארץ דורכגעדרונגען.

אין זאל איז נאך פינסטערער געווארען. דער ארקעסטער איז ארויסגעגאנגען דורך די קליינע טהיר פון אונטער דער ביהנע. דער ארגאן פון אויבען האט נאך אלץ געוויינט. דער פארהאנג האט זיך לאנגזאם פון ביידע זייטען פארנאנדערגעוויקעלט, אויפ'ן לייגוואנד, וואס איז גלייך הינטערען פארהאנג געווען האט זיך א ברענענדיגע זיבען-רעהריגע מנורה געוויזען. איהרע פייער איז אלץ גרעסער און ליכטיגער געווארען, אין גאנצען זיך אויבען פאראייניגט, ווי א רעגנבויגען געלויכטען. אויף די טונקעלע בלויע־

פארבען האט זיך רויטע פייערדיגע אותיות געוויזען: „חורבן בית המקדש". די אותיות האבען זיך לאנגזאם צוגאסען, די מנורה אויך. פון אלעם איז אויפ'ן ליינוואנד א כאאס פון פארבען געווארען, וועלכע האבען זיך בעוועגט און געדרעהט, פארשיידענע פארמען און פארבען־הארמאניען, ווי אין א קאליידאסקאפ, בעקומען. לאנגזאם האט זיך פון די פארבען א סילועט פון א טונקעלע פיגור אויסגעמאדעלירט.

א דארע הויכע פיגור האט מען געזעהען אין א לאנגע אבאיע. געשטאנען אנגעשפארט אויפ'ן גרויסען שטעקען. אויפ'ן העלען פאן, די בלאסקענדיגע ירושלם, פון די פיעל ברענענדיגע מזבחות אויף יעדען בארג, אויף יעדען דאך פון די הויכע הייזער. גאט'ס פאלק האט קרבנות געבראכט צו פארשיידענע אבגעטער. לאנג האט די פיגור אויף ירושלם מיט צער און כעס געקוקט, ער האט זיין דארע האנד מיט א בעטענדיגען שמערץ, צו ירושלם אויסגעשטעלט און א שטארקע שטימע פול מיט שטראף און געבעט האט זיך געהערט איבערען שטילען טהעאטער:

„הערט גאט'ס רייד איהר הויז יעקב'ס און אלע אידישע פאמיליען! אזוי האט גאט געזאגט: וואס האט איהר געפונען אין מיר אומרעכטעס, דאס איהר האט זיך פון מיר דערווייטערט, איהר זייט אוועקגעגאנגען נאך אבגעטער?"

„איך וועל ברענגען אויף אייך שלעכטס, פון וועלכע איהר וועט ניט קענען ארויסגעהען, איהר וועט שרייען צו מיר, איך וועל אייך ניט צוהערען."

„עס וועלען געהען די שטעדט פון יהודה און די איינוואהנער פון ירושלם, זיי וועלען שרייען צו זייערע אבגעטער צו וועלכע זיי האבען קרבנות געבראכט, די אבגעטער וועלען זיי ניט העלפען אין זייער שלעכטע צייט."

„ווי פיעל שטעדט, דו האסט, יהודה, אזוי פיעל אבגעטער האסט דו, ווי פיעל גאסען אין ירושלם איז דא, אזוי פיעל מזבחות האסט דו צו שאנדע געמאכט, מזבחות פאר'ן אבגאט בעל.

„איך וועל אויף אייך ברענגען א פאלק פון ווייטען, הויז ישראל! אזוי זאגט גאט: — א שטארקע פאלק, א פאלק, וואס דו קענסט ניט זיין לשון, דו פארשטעהסט ניט, וואס ער רעדט, זיין פיילענטאש איז ווי אן אפענער קבר, אלע זיינען זיי גבורים.

ער וועט אויפעסען דיין שניט פון דיין ברויט, דיינע זיהן און טעכ־טער וועט ער אויפעסען, דיינע שאף און רינדער, דיינע וויין־גערטנער און טייטעל־בוימער; ער וועט צושטערען דיינע פעסטע שטעדט, אויף וועלכע דו פארזיכערסט זיך, מיט'ן שווערד.

„אזוי האט גאט געזאגט: טהוט גערעכטיגקייט, זייט מציל דעם בע'גזל'טען פון גזלן, דעם פרעמדען, יתום און אלמנה זאלט איהר ניט נארען, ניט בערויבען, ריינע בלוט ניט פארגיסען.

„זוכט מיר, וועט איהר מיר געפינען, איך וועל זיין אייער גאט, דער גאט פון אלע אידישע משפחות און איהר וועט זיין מיין פאלק!"

אזוי האט דער נביא ירמיהו געזאגט, און מיט אן אראבגע־לאזענעם קאפ, איז ער פונ'ם בארג אראב, צו ירושלם אוועקגע־גאנגען.

אויפ'ן לײנוואנד ווערט ווידער א כאאס פון פארבען. עס הערט זיך דער שפיעלען פון הארפען, דעם קלאנג פון צימבלען, דעם טרובען פון טראמפייטען און קלאפען פון קעסעלפויקען. לאנגזאם לייכטערט זיך אויס דער כאאס, מען זעהט ווי פון דעם גרויסען טהויער פון ירושלם געהט ארויס א לאנגע פראצעסיע. פאראויס געהען פרויען מיט הארפעס און זילבערנע טראמפייטען, נאך זיי, האלב־נאקעטע, וואקכאנקעס מיט פויקען אין די אויפגע־הויבענע הענט, טאנצען ליידענשאפטליך. נאך זיי, טראגט, אונ־טער א רויטהע חופה, אן אלטע, מיט גרויע צעלאזענע האר, מכשפה, נאקעט ביז'ן גארטעל, צוויי קינדערלאך, צו פארברענען פאר'ן בלוטיגען גאט מלך. הינטער זיי, געהט, בעהאנגען מיט בליציגע ציערונגען, דער דיקער, רויטער כהן, מיט'ן בלוטיגען מעסער אין איין האנד און ברענענדיגען פאקעל — אין צווייטער. — נאך איהם, ווילד טאנצענדיג, א גאנצער כאהר פון נביאים, שלאגען זיך מיט די ביינערדיגע פויסטען די נאקעטע, בעוואקסענע הער־צער. נאך זיי, אן אונענדליכע, פארשיידענפארביגע רייהע פון מענער, פרויען און קינדער.

די פראצעסיע געהט מיט'ן וועג לינקס, אלץ ניעדעריגער, ביז'ן טהאל בן־הנום. אין טהאל שטעהט א גרויסער, שרקליכער, בייכיגער, שטיינערנער אבגאט, אין גאנצען בעשפריצט מיט בלוט, פארראויכערט פון אונטען מיט רויך. נעבען זיינע פיס, א מזבח.

די פראצעסיע איז מיט געזאנג און ווילדע טענץ זיעבען מאהל

דעם געטש אַרומגעגאַנגען. דער דיקער כהן איז אויף די טרעפּ פון מזבח אַרויף, דעם ברענענדיגען פאַקעל אין האַנד פון געטש אַריינגעשטעקט, געקניהט זיך פאַר איהם, געבוקט זיך, געקושט זיינע בלוטיגע פיס און אוועקגעשטעלט זיך מיט זיין מעסער אין האַנד וואַרטען אויף די קרבנות, וועלכע די אַלטע מכשפה האָט אין איהרע שרעקליכע הענט געהאַלטען הויך איבערען קאָפּ, אַזוי ווי עופות צו דער שחיטה. מורא'דיג איז געווען די משונה־ווילדע אָבשטויסענדע אַלטע מיט איהרע העסליכע הענגענדיגע בריסט, אויפ'ן אויסגעביינערטען קערפּער, מיט איהר אָפּענעם, שוואַרצען, שרייענדיגען מויל, משוגע'נע אויגען מיט איהרע קאַסמאַטע האָר, ווי שלאַנגען צעוואָרפען איבערען קאָפּ, ווי זי האַלט אויסגעשטרעקט איבערען קאָפּ, ווי אין שוואַרצע יאַסצערדיגע לאַפּעס, די צוויי פּובלינקע, וויינענדע קינדערלאַך! דער דיקער בלישצענדיגער כהן, איז זיך רוהיג געשטאַנען אויף די טרעפּ פון מזבח, מיט'ן פינגער, דעם שאַרף פון מעסער געפּרובירט. אַ קראַקאַדעלען־שמייכעל איז אויף זיין רונדען, פעטען, בליסטשענדיגען פּנים מיט ווייסע צייהנער, געלעגען.

צווישען געדיכטען פּובליקום האָט זיך אַ הויכער, אַלטער מאַן, מיט אַ לעהמענעם קרוג אין האַנד, דורכגעריסען, גיך אויף די טרעפּ אַרויפגעלאָפען. מיט זיין פעסטער האַנד, דעם כהן אָבגעשטויסען, אין גאַנצען זיך אויסגעצויגען, בעקוקט אַלעמען מיט פייערדיגע אויגען און מיט די רעכטע האַנד ענערגיש אַ מאַך געטהאָן.

— ירמיהו פון ענתות! ירמיהו פון ענתות! — האָט זיך געהערט פון אַלע זייטען פאַרשיידענע קולות, דער דונערדיגער שטים פון נביא, האָט זיי איבערגעשריען.

— הערט צו גאָטעס רייד איהר מלכים פון יהודה און איינוואָהנער פון ירושלם! אַזוי האָט גאָט געזאָגט, דער גאָט פון ישראל: — איך וועל ברענגען שלעכטעס אויף דעם אָרט, דאָס ווער עס וועט נאָר דאָס הערען, וועט איהם קלינגען אין זיינע אויערען! ווייל איהר האָט מיר פאַרלאָזען, געדיענט צו פרעמדע געטער, פול געמאַכט דעם אָרט מיט אונשולדיגע בלוט. איהר האָט געבויט אַ מזבח פאַר'ן טייוועל אין דעם טהאַל בן־הנום צו פאַרברענען אין פייער אייערע זיהן און טעכטער. דאַריבער וועט טעג אַנקומען, — אַזוי זאָגט גאָט — מען וועט דעם אָרט ניט רופען

טהאָל פון בן־הנום, נאָר טהאָל פון הריגה ! מען וועט אייך אויס־הרג'ענען, עס וועט ניט זיין דאָ קיין אָרט צום בעגראָבען, אייערע פּגרים וועלען זיין צום עסען פון די פויגלען פון הימעל און חיות פון דער ערד, קיינער וועט זיי ניט שרעקען ! איך וועל פאַרשטע־רען פון די שטעדט יהודה'ס און פון די גאַסען פון ירושלם דעם קול פון פרייד און שמחה, דעם קול פון חתן און כלה, די לאַנד וועט וויסט ווערען !

מיט זיינע פעסטע הענט האָט ער דעם קרוג איבערען קאָפּ אויפ־געהויבען מיט'ן גאַנצען כח אויפ'ן מזבח אַ וואָרף געגעבען. דער קרוג איז מיט אַ טראַסק אויף שטיקלאַך צושפּריצט געוואָרען און דער נביא האָט אַזוי אויסגעשריהען :

— „גאָט האָט אַזוי געזאָגט : — אַזוי וועל איך צוברעכען דאָס פאָלק און דאָס שטאָדט, ווי דער קרוג איז צובראָכען געוואָ־רען !"

ווי אַ שטורם, איז איבער אַלע קעפּ אַריבער. קאַנוואולסיווע הענט האָבען זיך אין דער הויך אויסגעשטרעקט, אַלע צו דעם צענ־טער, וואו דער נביא איז מיט אַ טרויעריגע, אַראָבגעלאָזטע קאָפּ געשטאַנען. מען האָט זיך אויף איהם געוואָרפען, געשלאָגען, מיט, הינטען פאַרדרעהטע הענט, האָט מען איהם אוועקגעשלעפּט...

אויפ'ן לייגוואַנד איז פון בילד אַ ווילדער כאַאָס געוואָרען. פאַרשיידענע שרייענדע, שאַרפע פאַרבען האָבען זיך צונויפגעמישט, דער אָרקעסטער, הינטערען ביהנע, האָט טרויעריג גע־קרעכצט, דער אָרגאַן, פון אויבען — געוויינט. אויפ'ן לייג־וואַנד, האָט זיך אַ נייער בילד געוויזען :

אין אַ פינסטערען, אונטער־ערדישען געפענגעניש, זיצט, טרויעריג, ירמיהו הנביא. דורך די לאָך פון אויבען אין געוועלב, גיעסט זיך אַ געלבע שטראַם ליכט, וואָס שלאָגט שטאַרק אָב אויפ'ן שטיינערנעם, שמוציגען באָדען, מאַכט אויף איהם, אַ שאַר־פען, רונדען העלען פלעק... דער נביא הויבט אויף אַ פּאָר מאָהל די קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט עטוואָס הערען. שפּרינגט נערוועז אויף, און, מיט גיכע טריט, מיט ברייט־געעפענטע אויגען, ביי־דע אויסגעביינערטע הענט צוגעדריקט צום, נאַקעט־טרוקענעם, האַרצען, לויפט ער אַרום דעם העל בעלויכטענעם רונד אויפ'ן באָדען.

א שטריק לאזט זיך אראב אין העל-ליכטיגען זייל. א שטימע שרייט:

— ירמיהו! ירמיהו! דער מלך צדקיהו רופט דיר. בינד דעם שטריק אונטער דיינע אָרעמס, מיר וועלען דיר אַרויסציהען!

לאנגזאַם טהוט דער נביא, וואס מען האָט איהם געהייסען. מען ציהט איהם אַרויס. מיט בעגלייטער פיהרט מען איהם איבער די גאַסען פון ירושלם, צום בית המקדש, וואו דער מלך וואַרט אויף איהם. די גאסען קאַכט פון מענשען. מען קוקט אויפ'ן גע-פאנגענעם נביא מיט שרעק, מען לאכט פון איהם מיט חוצפּה אין די אויגען, מען באוואַרפט איהם מיט שמוץ, מיט שטיי-נער.

דער נביא געהט גלייך, שטאָלץ האַלט ער זיין גרויע קאָפּ. מיט די טיעפע גרויסע אויגען, קוקט ער אין אונענדליכען וויט-קייט.

אין בית המקדש, אין דריטען מבוא, האָט מען דעם נביא געבראַכט. דער מלך צדקיהו זיצט אויף זיין טראָן, פון הינטען, בעוואַפענדע סאָלדאַטען, ניעדעריג, לעבען זיינע פיס, זיצען זיי-נע שרים. דער נביא איז מיט פעסטע טריט צוגעגאַנגען צום טראָן, טיעף פאַרנייגט, וויטער גלייך, שטאָלץ זיך אַוועקגעשטעלט מיט זיינע שאַרפע אויגען אויפ'ן דערשראָקענעם, בלאַסען מלך געקוקט.

דער מלך האָט מיט'ן האַנד א מאַך געגעבען. אַלע זיינען אויפ-געשטאַנען, ניעדעריג פאַרנייגענדיג, הינטערוויילאַך אַרויסגעגאַנ-גען. אין זאַל איז נאָר צדקיהו מיט דעם נביא געבליעבען.

— זאָג מיר, ירמיהו, וואָס איך וועל דיר פרעגען. — האָ-בען מיר אין זאָל, די דערשראָקענע שטימע, פון מלך געהערט, — קיין זאַך זאָלסט דו פון מיר ניט בעהאַלטען.

— דער נביא האָט איהם, מיט א רוהיגע שטימע געענט-פערט:

— ווען איך וועל דיר זאָגען, וועסט דו מיר טויטען, ווען איך וועל דיר אַן עצה געבען, וועסט דו מיר ניט פאָלגען.

דער מלך האָט זיין ציטערדיגע האַנד אין דער הויך אויפגע-הויבען, שטיל, מיט א פאַרשטיקטען קול געזאָגט:

— ווי גאָט לעבט! דער גאָט, וואָס האָט אונז לעבען גע-געבען, אויב איך וועל דיר טויטען, אָדער איבערגעבען די מענ-שען, וועלכע ווילען דיר טויטען.

דער נביא האָט געענטפערט :

— אזוי האָט גאָט געזאָגט, דער גאָט פון ישראל. ווען דו וועסט אַרויסגעהן צו די הערן פון מלך בבל, · וועסט דו לעבען בלייבען און די שטאָדט וועט מען ניט פאַרברענען אין פייער. ווען דו וועסט ניט אַרויסגעהען, וועט די שטאָדט געגעבען ווערען אין די הענט פון די כשדים, מען וועט איהר אין פייער פאַרברענען. דו וועסט פון זייערע הענט ניט אַנטרונען ווערען.

א שוואַרצער וואָלקען, האָט דעם מלך׳ס געזיכט בעדעקט. ער האָט מיט די הענט א פּאַטש געגעבען. צוויי בעוואָפענטע סאָלדאַ-טען, זיינען אַריינגעקומען. ער האָט מיט זיין האַנד א מאַך גע-געבען. די סאָלדאַטען האָבען דעם נביא אַרויסגעפיהרט.

דער בילד איז לאַנגזאַם פאַרשוואונדען, זיינע פאַרבען האָ־בען זיך געשווינד צומישט, געדרעהט אויפ׳ן ליינוואַנד אין שרעק-ליכע, פייערדיגע אַקאָרדען. דורך די דונקעלע בלויע-וויאָלעטע פאַרבען, זיינען געהאַקטע זיג-זאַגען, ווי בליצען, דורכגעלאָפען. די רויטע האָט זיך ווי שטראָמען בלוט צוגאָסען, א פלאַקענדיגען פייער פאַרגעשטעלט... עס איז פינסטער געוואָרען. מען האָט קוים בעמערקט אויפ׳ן ליינוואַנד, שאָטענס פון ראַנגלעדיגע מענ-שען, וואָס זיינען, לאַנגזאַם, אַלץ בולט׳ער געוואָרען. דאָס האָ־בען די אויסגעהונגערטע אידען, געקעמפּפט זייער לעצטען קאַמפּף, ירושלים׳ער מויערען צו בעשיצען.

ווייטער איז געווען דער בילד, ווי סאָלדאַטען, יאָגענדיג א הירש, האָבען געכאַפּט דעם מלך צדקיהו מיט זיינע שרים נע-בען יריחו. ווי נבוכדנצר, דער מלך פון בבל, האָט צדקיהו׳ס קינ-דער און די הערן פון יהודה געקוילעט פאַר זיינע אויגען. צדקיהו׳ן אַליין האָט מען די אויגען אויסגעשטאָכען, אין קופּערנע קייטען געגעבען.

ירושלים אַנגעצונדען ! ! ...

ווייטער, זעהט מען, גאָט׳ס הויז ברענט. דער בית המקדש איז אין פייער. די כהנים און לוים לויפען לעשען, דער פייער פאַרגרעסערט זיך אַלץ מעהר א שרעקליכער, העלישער פייער, האָט אַלעס אַרומגענומען, ער האָט זיך דערנעהענטערט צום היכל ביז׳ן קודש הקדשים. דער געשטיקטער פּרוכת האָט זיך אַנגע-צונדען...

אין פייער, אויפ׳ן ברענענדיגען דאַך פון היכל בעוויזט זיך

דער כהן גדול אין זיינע הייליגע מלבושים מיט גרופעס פון יונגע כהנים, מיט די שליסלען פון בית המקדש אין זייערע הענט. דער כהן גדול הויבט אויף די קאָפּ צום הימעל, מיט אויסגעשפּרייטע הענט, שרייט ער ביטער:

— רבונו של עולם! מיר זיינען ניט זוכה געווען צו זיין דיינע גוטע אויפזעהערס, נאַ דיר די שליסלען פון דיין הויז צוריק! —

ער האָט די שליסלען, גיך אין דער הויך געוואָרפען. אַ פייערדיגע האַנד האָט די שליסלען צוגענומען.

דער פייער ברענט אַלץ שטאַרקער. גרויסע פייערדיגע צונגען, רייסען זיך פון אַלע זייטען אַרויס, עס טראָגט זיך געדיכטע רויטע וואָלקען מיט פליהענדע פונקען צום רויטען הימעל. אַלץ איז מיט בלוטיגע פאַרב בעגאָסען. אויף די דעכער פון בית המקדש קומען כהנים, לוים אין זייערע ווייסע קליידער מיט הארפען און בליצענדע טראָמפּייטען אין די הענט, בעגאָסען מיט רויטען ליכט, ווי לייכטענדע מלאָכים, וואַרפען זיך אין פייער אריין...

עס האָט זיך די גאַנצע צייט געהערט די יאָמערליכע געשרייען פון אָרקעסטער. די מוזיק האָט געשטורעמט, ווי דער ים פון פייער, וואָס מיר האָבען געזעהען, געדונערט און געהילכט, מורא'דיג גערוישט, געליאַרעמט און געקלאַפּט, ווי דער גרויסער חורבן, וואָס פאַר אונזערע אויגען איז געווען...

דער אָרגאַן פון אויבען, האָט ביטערליך געוויינט...

ווייטער איז אַ בילד געווען: דער נביא ירמיהו, טרויעריג איינגעבויגען, אין צוריסענע קליידער, צושפּרייטע האָר, געהט אויף די בערג, אַרום די נאָך רויכענדיגע ירושלים. מיט זיין האַנד נעהמט ער פון ברעג מאַנטעל, הויפענס אש פון פאַרברענטען בית-המקדש, ברייט צושפּרייט עס אויפ'ן ווינט אויף אַלע זייטען און זאָגט מיט אַ טרויעריגען ביטערען קול:

— נאַקעטע שטיינער זאָל אויף אייך, בערג פון ירושלים, וואַקסען, ביז מיינע קינדער וועלען צוריקקומען און דיר פאַרפלאַנצען! ...

און ווייטער איז אַ בילד געווען: נאַכט, אַ שעהנע ירושלים'ער לבנה-נאַכט. אויפ'ן וועג פון בית לחם, נעבען קבר רחל, רוהט דער לאַגער פון די געפאַנגענע, וואָס מען פיהרט פון ירושלים. דער גאַנצער פּלאַץ, איז בעדעקט מיט מידע, ליגענדע מענשען. אַל-

טע מיט אראבּגעלאזענע גרויע קעפּ מיט שווערע קייטען אויף די הענט, יונגע — רייהען ווייז צונויפגעבונדען מיט שטאנגען אויפ'ן האלז. האלב-נאקעטע פרויען מיט זייערע קליינע קינדערלאך. בערג פון אנגערויבּטע זאכען ליגט דארט. עס פינקלען אויף די לבנה-שיין, די כלים פון בית המקדש. רייהען קאמעלען, ווי פינסטערע קברים רוהען אין איין זייט לאגער. עס בלישצעט די פּאנצערען און געוועהר אויף ארומיגען וואך פונ'ם שונא.

נעבען א גרויסע, שווארצע מצבה, זעהט מען, גרויע סי-לועטען פון די געפאנגענע, זייערע, אין קייטען, הענט האבען זיי אויסגעשפּרייט אויפ'ן שווארצען קבר, ארויפגעלעגט זייערע קעפּ אויפ'ן קאלטען שטיין, זייערע קערפּערס ציטערען קאנוואולסנע. ביי דער מאמע רחל בעטען זיי רחמים!

א געשטאלט פון א העלע, א דורכזיכטיגע פיגור בעוויזט זיך. פון זילבערנע פעדים פון לבנה-שיין איז זי אויסגעוועבט זי שוועבט אויפ'ן קבר מיט א טרויעריגען אראבגעלאזענעם קאפּ, מיט איהרע צארטע הענט, פארשטעלט זי די געזיכט... א ביטערער יאמער הערט זיך איבערען גאנצען זאל, א געוויין פון א פרוי...

דאס וויינט אונזער מוטער רחל, אויף איהרע קינדער, זי וויל זיך ניט טרייסטען!

שטיל... מיר זיצען ווי פאר'כשופ'טע... האלט קוים איין מיינע טרעהרען, קען ניט אטהעמען...

פון אויבען הערט זיך א זיסע שטימע, פול מיט רחמים און ליעבע איז זי געוועזן:

— פארמייד דיין קול פון וויינען, דיינע אויגען פון טרעה-רען! זיי וועלען צוריק קומען פון פיינד'ס לאנד. עס איז דא א האפענונג, דיינע קינדער וועלען צוריק אין זייער לאנד קומען!...

די נאכט פארבען צושווימען אויפ'ן ליינוואנד, זיי בייטען זיך אין וואונדער שעהנע ראזע פארבען-הארמאניען, די מוזיק קלינגט פון בעקאנטע מעלאדיען. די ליעדער וואס אדי האב אין ארץ-ישראל געהערט. אויפ'ן ליינוואנד ווערט העל, אין די ליכטיגע פארבען זעה איך א נייעם בילד:

ירושלים'ער גאסען, פול מיט אויסגעפוצטע מענשען אין שבת'-דיגע קליידער. שוהל-קינדער געהען רייהענווייז מיט ווייס-בלויע דגלים, זינגענדיג, דורך יפו'ר גאס. נעבען יפו-טהויער בלייבען זיי שטעהן אין גלייכע שורות פוןביידע זייטען אין די גאנצע לענג

פון גאס. מוזיק שפיעלען, כאהרען זינגען. די „מכבי"'ער אין זייערע וויים-בלויע קליידער, האלטען די ארדענונג. אין די זייט צום יפו-טהויער שטעהט א סוכה פון אויסגענעהטע פרוכת'ען. בע־פוצט מיט גרינס און בלומען. צוויי „מכבי'ער" מיט וויים-בלויע פאהנען שטעהען פוןביידע זייטען. פון ווייטען, איבערען גאנ-צען וועג פון באהן, פארביי ברכה העליונה, ציהט זיך, מיט פאה-נען און מוזיק, אן אונענדליכע פראצעסיע. די פראצעסיע דער־נעהענטערט זיך. פון סוכה געהען די „גרויסע פון ירושלם" ארוים...

שיבת ציון! שיבת ציון! — הערט זיך פרעהליכע קולות פון אלע זייטען. א נייע ליעד פון שיבת ציון הערט זיך פון טוי-זענדער שוהל-קינדער!

די פראצעסיע קומט אלץ נעהענטער. מען זעהט שוין אויף זייערע דגלים, די נעמען פון די שטעדט פון וועלכע זיי קומען. אין מיטען פראצעסיע, ארומגערינגעלט, מיט פארשיידענע דגלים, טראגט מען עטוואס בעדעקט מיט וויימען. זיי זיינען גאנץ נאהענט געקומען. דריי ארון'ס, בעדעקט מיט טליתים, האב איך גע-זעהען. דאס האבען די צוריקגעקומענע קינדער א מתנה געבראכט זייער אלטע מאמען „ציון". די דריי בעסטע פון אידישען פאלק. הערצל'ס, וואלפסאנ'ס און צלענאוו'ס ביינער האבען זיי פון גלות מיט זיך מיטגענומען, צו באגראבען אין זייער ארץ-ישראל, פאר וועלכע זיי האבען זייער לעבען אבגעגעבען...

אל מלא רחמים!... האט זיך א טרויעריגער קול פון נע־בען די ארונות געהערט... אלע זיינען שטיל געווארען, מיט אן אומעט געהערט די הייסע תפלה פאר ד ידריי אונזערע געשטאר-בענע אין חוץ לארץ, נשיאים.

— אמן! האט זיך פון אלעמענס הערצער ארויסגעריסען.
אמן! האט דער עכא פון די בערג פון ירושלם געענטפערט...
און אלע ווי איין מענש, האבען אונזער האפנונגס-ליעד געזונ-
גען:

עוד לא אבדה תקותינו
התקוה הנשנה
להיות עם חפשי בארץ אבתינו
בעיר בה דוד חנה!...

עס איז נאָך ניט פאַרלאָרען אונזער האָפנונג
די האָפנונג די אַלטע
צו זיין אַ פרייעס פאָלק אין די לאַנד פון אונזערע עלטערען
אין די שטאָדט וואו דוד האָט גערוהט...

אין טהעאַטער זיינען אַלע אויף איין מאָהל אויפגעשטאַנען. התקוה מיט'ן כאָהר וואָס מיר האָבען געהערט, מיטגעזונגען. מיי-נע אויגען זיינען מיט טרעהרען פון פרייד פול געוואָרען. מיט מיין גאַנצען קול האָב איך גענומען מיטזינגען און... אויפגעכאַפּט פון מיין ליכטיגען חלום...

אין מיין פינסטערען אַטעליע בין איך געזעסען. שרעקליך קאַלט איז אין לאַנג ניט געהייצטען אַטעליע געווען. אָבער איך האָב דאָס ניט געפיהלט. אַ הייסער גליק האָט מיר אַרומגענומען, אַ ליעבע וואַרעמקייט האָב איך אין האַרצען געפיהלט און פאַר מיינע פייכטע אויגען איז דער הערליכער בילד געשטאַנען. זינגענדיג „התקוה" בין איך פון אַטעליע אַרויסגעגאַנגען.



# א.

...און נאָך אַ יאָהר איז אַריבער...

ווי אַ שווערער קאָשמאַר איז דער יאָהר אין מיין עראינערונג געבליעבען. דאַכט זיך, דאָס אין דעם יאָהר האָט די צייט אויפ-געהערט פאַראויסצוגעהען: מיט אַ ווילדע געשווינדקייט האָט זי זיך געדרעהט און געדרעהט אויף איין אָרט, ארום דעם טויטען פונקט וואָס הייסט — הונגער...

מען האָט אָן חלי-רע, פלעק-טיפוס, דיזענטערי, מאלאריע און אַנדערע מלאכי-חבלה פאַרגעסען, צוליעב דעם הונגער, און דער הונגער האָט זיי אַלעמען געבראַכט אויף אונזער אומגליקליכע ירושלם. מען האָט אפילו פאַרגעסען אָן די שרעקליכע מלחמה, אָן אונזערע „הערשער" מיט זייערע „סינדיקאַטען", „פּאַפּיערלאַך", „עמליה" און אַנדערע קלוגע געזעצען, וועלכע האָבען אַליין דעם הונגער געבראַכט... — הונגער!" "הונגער!" — דער וואָרט האָט אַלעמען געעגבערט אין מח אָהן אָן אויפהער, פאַרביטערט דעם ביסען ברויט, וואָס מען האָט אין מויל גענומען. גאַנץ ירושלם האָט זיך אויף צוויי טהייל געטהיילט: אַ גאַנץ קליינע טהייל — האָט געגעבען, די גרויסע — האָט גענומען. קיין מיטעלע, איז ניט געווען. מיט די לעצטע כחות האָט ירושלם געקעמפּפט געגען הונגער און די כחות האָבען זיך לאַנגזאַם אויסגעלאָזען... יעדער האָט פאַרקויפט זיינע נויטהוועגדיגסטע, אפילו זיינע הייליגסטע,— ברויט צו קויפען... מען האָט אין די בתי מדרשים אראַבגענומען די קרוינען מיט די רמונים פון די תורות, פאַרקויפט זיי אויפ'ן געוויכט פון זילבער; הענטלאָך, פאַר בייטשען האָט מען פון זיי געמאַכט, פאַר די פיעלע, וואָס זיינען מיט בייטשען ביי אונז אַרומגעגאַנגען... די אַראַבקעס האָבען אונזערע טליתים אויפ'ן

קאַפּ געטראָגן. קרעמער — הייליגע ספרים אויף פּאַק-פּאַפּיער בענוצט און שוסטער — רצועות און אויף ס פ ר י ת ו ר ו ת — א ל ס ל ע ד ע ר... אַלץ האָט מען פאַר אַ שטיקעל ברויט פון הונגער-שטאַרבענדן ירושלם אָבגעקויפט. אַלץ האָט מען איהר געצוואונגען פאַרקויפען, אַפילו איהרע ריינע טעכטער... עס איז ניט געווען קיין איין גראַז, קיין פּיטער פאַר בהמות, וואָס מען האָט דאָס ניט געגעסען. דערפון איז דער הונגער ניט לייכטער גע־וואָרען, נאָר מעהרער דיזענטעריע פאַרשפּרייט. פּיעלע, פּיעלע האָבען בעסער אויסגעקליעבען דעם הונגער-טוידט. מען האָט זיך פון דאָך אַרונטערגעוואָרפען, אין ברונימער — דערטרונקען זיך, ניט צו זעהען ווי די קינדער געהען-אויס פון הונגער... אָבער די קינדער זיינען דאָך פון הונגער געשטאָרבען. עס איז בעסער גע-ווען די געפאַלענע פון שווערד, ווי די — פון הונגער. צווישען די הויך-קולטורנע „געסט" איז ניט וויניג געווען, וועלכע האָבען גע־קויפט די אומגליקליכע מוטערס. די האָבען זיך פאַרקויפט אום צו רעטען זייערע קינדער פון הונגער-טוידט!...

טויזענדע, טויזענדע מענשען זיינען פון הונגער געשטאָרבען. געוועהנליך זיינען זיי פון פאַרשיידענע קראַנקהייטען געשטאָרבען, נאָר דאָס איז נאָר אַ תירוץ פאַר'ן מלאך-המות געווען. ד ע ר ה ו נ ג ע ר ה אָ ט ז י י א ז ו י א ו י ס ג ע מ אַ-ט ע ר ט, ד אָ ס ז י י ה אָ ב ע ן נ י ט ג ע ק ע נ ט א י ב ע ר ל ע ב ע ן ד ע ם ק ל ע נ ס ט ע ן ק ר י י נ ק א ו ן י ע ד ע ר ק ר אַ נ ק ה י י ט ה אָ ט ז י ך צ ו ז י י ע ר ה ו נ ג ע ר י ג ע ן ק ע ר פּ ע ר צ ו ג ע־ ט ש ע פּ ע ט. קיין מאָהל וועט מען גענוי ניט וויסען ווי-פּיעל קרבנות האָט ירושלם געגעבען. — ווער האָט געצעהלט? ווער האָט זיך וועגען די טויטע געקימערט, ווען עס איז נישט מעגליך געווען פאַר די נאָך לעבעדיגע צו זאָרגען? די זאַגענאַנטע „חברה-קדישא", אָדער „הינט-שלעגער" — ווי דאָס פאָלק האָט זיי אַ נאָמען געגעבען? — דאָס איז דאָך ביי זיי אַ גוטע פּרנסה גע-וואָרען, זיי האָבען דאָך ניט געקענט אַ ריכטיגע סטאַטיסטיק גע־בען, עס זאָל קיין עין-הרע ניט שאַדען... די נויטהווענדיגע גע-זעצען און אָרדענונג צוליעב מלחמה, וועלכע, ביי אַנדערע פעל-קער, האָבען דעם וועלט-אומגליק עטוואָס פאַרלייכטערט, האָבען, צוליעב די גנבים־בעאַמטע, ביי אונז, נאָר דעם הונגער פאַרגרע-

סערט. זיי האָבען דאָס נאָר צו זייערע נוצען אויסגענוצט, פון אונז דעם לעצטען טראָפּען בלוט אויסגעזאַפּט...

אין דעם תהו ובהו, אין דעם פאַרגפּיטענדען לופט, האָבען פון אויבען אַרויסגעשוואומען אונזערע מיאוס'ע שרצים, מיט וועלכע אונזער אומגליקליכע ירושלם איז פון לאַנג געבענשט אין איהרע אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. זיי האָבען א ו י פ־ ג ע ל ע ב ט פון אונזער ח ו ר ב ן, געהאַנדעלט מיט אי־ דישע בלוט, אפילו אין אונזערע וואָהלטהעטיגע קאָמיטעטען אַריינ־ געקראָכען און מטמא געווען... די טרויעריגסטע איז געווען, דאָס מענשען האָבען זיך דערמיט צוגעוואוינט, קיינער האָט שוין ניט פּראָטעסטירט, מען האָט שוין קאָלטבלוטיג געקוקט אויף אַלעס.
דער הונגער האָט אַלעמענס הערצער געטויטעט. ניט דאָס איז די שרעקליכע, ווען מען זעהט, דאָס ביי מענשען פּלאַצט די האַרץ פון יסורים, דאַרויף איז זי דאָך אַ מענשענ'ס האַרץ, — דאָס שרעקליכסטע איז, ווען מען זעהט, דאָס זי ווערט ביי זיי פאַר־ שטיינערט ! ...

די בעסטע פון אונז, זיינען טרויעריג געגאַנגען זיך פאַרשלאָ־ סען אין זייער חדר, איבערוואַרטען ביז דער אומגליק וועט אַרי־ בער.

ניט אַלע אָבער האָבען אַ חדר געהאַט. ניט אַלעמען האָט מען געלאָזען זיך דאָרט פאַרשליסען... פון די לעצטע, צו מיין אומגליק, בין איך אַליין געווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

... און די צייט האָט אויפגעהערט פאַראויסצוגעהען. מיט אַ ווילדע געשווינדקייט האָט זי זיך געדרעהט און געדרעהט אויף איין אָרט אַרום דעם טויטען פונקט, וואָס הייסט — הונגער...

יעדען טאָג האָט מען פון נייע געשטאָרבענע געהערט. עס האָט דאָס גאָר ניט געריהרט. טיעף אין האַרצען, די פאַמיליע זאָל ניט וויסען, האָט מען די געשטאָרבענע מקנא געווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דער לעהרער איז געקומען און האָט צו מיר אַזוי געזאָגט :

— זעה ווי די גאָלדענע שטערען פינקלען, ווי די ציפּרעסע איז שטיל מתפּלל, ווי די ליליע אונשולדיג שלאָפט. געננג דיר צו זיצען אין יאָמער-טהאָל ! טרייסעל אָב די שטויב פון דיינע פיס, געה ווייט פון אָרט, וואו עס קלינגט נאָר די צדקה-פּושקע, וואו מען זינגט מיט אַ בית-הקברות קול און טויטע עסען די לעבעדיגע : זאָלען די טויטע באַגראָבען זייערע טויטע. דו געה צו דיינע שעה-נע וועלטען, זאָלען דאָרט שוועבען דיינע געדאַנקען אויף די הויכע שפּיצען. ווער עס האָט אַ קינסטלערישע נשמה צו שאַפען נייע וועלטען, דער טהאָר ניט אַלץ אין קליינעם, איינגען ווינקעל זי-צען.

— לעהרער, מיעד בין איך. עס איז מיר שווער צו געהען מיט די פיס אויף די הויכע שפּיצען, וואו די נשמה שוועבט אין מיינע גליקליכע מינוטען. מיינע געדאַנקען פיהלט קיין גרענעץ און קיין צייט, אָבער איך אַליין שלעפּ זיך לאַנגזאַם מיט דער צייט, אין דעם קליינעם בעגרענעצטען קרייז, וואָס מיין ביטערער מזל האָט מיר מיט געוואַלד געגעבען. איך קען ניט מעהר איינזאַם לעבען !

— הויכע געדאַנקען און טיעפע געפיהלען, ווערען געבאָרען ביי דעם איינזאַמען.

— אָבער זיי צום לעבען ברייינגען, מוז מען גוטע מיט-העלפער האָבען.

— זיי וועלען צו דיר אין זיין צייט קומען... ווי אַ לעבע-דיגער וואַסער וועלען זיי פון אַלע זייטען דער ערד צו דיר שטראָ-מען. וואַרט, ביז דער קאַשמאַר וועט אַריבער...

— לעהרער, שלאָף מיר דערוייל איין. לאָז מיין האַרץ קאַלט שלאָפען. ביז יענע, גליקליכע צייט וועט קומען.

— נאָך אַ קאַלטען שלאָף, שטעהט מען אויף אַ קאַלטער... דיין אַרבייט איז נאָר ביי'ם אָנפאַנג, זעהר און זעהר פיעל ליגט נאָך פאַראויס. וואָס פאַר אַ שרעקליכע טראַגעדיע וואָלט געווען איצטער דיר קאַלט צו ווערען ? ... יעדער אידעע האָט קיין ממשות ניט, ביז מען געפינט ניט פאַר איהר דעם פּאַסענדען, בולט'ען געשטאַלט. דו מוזט נאָך דעם „בצלאל" זיין ריכטיגען ג ע - ש ט א ל ט געבען !

— איך וויל דיר ענטדעקען אַ סוד. דעם גרויסען סוד וואָס

האט כח געגעבען אונזער פאלק דעם שרעקליכען צוויי-טויזענד-יאהריגען, ביטערען גלות איבערוואַרטען. די וואונדערבארע סגולה, וועלכע מיר האבען בירושה פון אונזערע חכמים. דאס איז דער ס פ ר. ביי'ן ספר פ א ר ג ע ס ט דער איד אן אלע צרות און ל ע ב ט א ל ע מ ע ן א י ב ע ר. דער ספר האט זיך געקענט ענדערען, אבער זיין סגולה איז געבליעבען.

— ווען דיינע אויגען וועלען מיעד ווערען דעם אונ־רעכט צו זעהען, דיינע אויערען — די ביטערע געשרייען צו הערען און דיין הארץ וועט אויף שטיקלאך פלאצען פון יסורים, דאס דו קענסט גאר נישט העלפען, זאלסט דו מיט'ן ספר אין האנד אין א ווינקעלע געהן. דער ספר וועט דיר מאכען, דו זאלסט אן אלעם פארגעסען און אין אנדערע וועלטען אריבערטרא-גען. ער וועט דיר ווייזען די וועלטען, מיט וועלכע עם זיינען פול דיינע גדאנקען פון הארצען...

— מען קען לעבען אין געדאנקען נאטירליכער, אלס אין ריכ-טיגען נאטירליכען לעבען. נאר מען טהאר ניט לעבען איןביידע וועלטען אויף איין מאל. דאס קען ניט אויסהאלטען קיין מענש-ליכער מח און פיהלענדע נערוועז. —

פון זיין ברייטען מאנטעל, האט ער אן אלטען ספר ארויס-גענומען, מיר דערלאנגט.

— לעז, ווען דו וועסט וועלען אן איצטיגע צייט פארגע-סען.



# ב.

כ׳בין ביי׳ן ספר געזעסן.

... מיינע געדאנקען פיהלען ניט קיין גרענעץ און קיין צייט...

אויפ׳ן „שער הזהב״-בולוואר בין איך לאנגזאם געגאנגען. גאנץ פריה איז נאך געווען. עס האט זיך געפיהלט אן אנגענעהמע קיהל־קייט פון די ניט לאנג בעגאסענע גאסען. אויף די אלען אין ביי-דע זייטען בולוואר, זיינען פיעל מענשען געגאנגען. אלע אין ווייסען געקליידעט. פיעל מענער מיט לולבים אין די הענט. די פרויען האבען בוקעטען בלומען געטראגען. אלע פרעהלאך ריי-דענדיג, אין מיין ריכטונג געגאנגען צום אלטען שטאדט-מויער, וואס האט זיך בלויהליך פון ווייטען געזעהען.

אין די גאנצע לענג פון בולוואר, ווי ווייט די אויג האט נאר פארכאפט, איז הויכע ווייס-בלויהע געשטרייפטע שטאנגען גע-שטאנען, מיט גירלאנדעס פון גרינס און בלומען זיינען זיי פאר-אייניגט געווען. מיט פארשיידענע פארביגע דגלים פון די צוועלף שבטים פארציערט. אויף אלע הייזער, האבען זיך בלוי-ווייסע פאהנען בעוועגט. זיי האבען א יום-טוב׳דיגע שטימונג געמאכט. אויף אנדערע איז דער אויפשריפט: „בואכם לשלום!״ פון בלומען גע-מאכט. אויפ׳ן בולוואר זיינען, אין די זעלבע ריכטונג, פארפוצטע מיט בלומען, אויטאס געגאנגען, אויף אייניגע, איז, נעבען שאפער, קליינע ווייס-בלאהע דגלים געוועזען איך בין מיט׳ן שטראם מענשען גע-גאנגען. געוואלט זעהען, וואו מען געהט און וועמען ערווארטעט מען. מיר זיינען צו א רונדען פלאץ געקומען. נעבען א מאנומענ-טאלען פאנטאן, איז א הויכע, מיט א קופאל, סוכה פון גרינס און בלומען געשטאנען מיט׳ן זעלבען אויפשריפט : „בואכם לשלום !״ לינקס פון מיר, הינטער א ניעדעריגען צוים, האב איך דעם רונדען פאליי פון סנהדרין דערקענט. נעבען די פא-ראדנע, ברייטע טרעפ, איז אויף א טאוועל א גרויסע מודעה גע-שטאנען. כ׳בין צוגעגאנגען איהר איבערלייענען. דאס איז א

פּראָגראַמע געוועזן פאַר'ן גאַנצן חג הסכות : דער בעגעגענען די עולה-רגל מיט די בכורים, שמחת בית־השאבה. פאַר יעדער טאָג איז געווען, וועלכע חזנים וועלען אין פאַרשיידענע שוהלען דאַוונען, וועלכע רעדנער וועלען רעדען, וואָס מען וועט אין טהעאַטערען, קאָנצערט-הייזער אין יעדען טאָג פאַרשטעלען. „ערב-סכות, עלף אַ זייגער פאַרמיטאָג, וועט דער נשיא מיט דעם סנהדרין נעבען שער־הזהב-בריק מקבל-פּנים זיין די אורחים פון גליל העליון". אונטען איז געשטאַנען : „אין אַלע בוך-האַנדלונגען פון „מוריה" קען מען געגויע פּראָגראַמעס און „פיהרערס" אָהנע געלטליך קריגען".

צוויי קינדער האָבען זיך אויך נעבען פּראָגראַמע אָבגעשטעלט. דער גרעסער האָט אַ לולב אין האַנד געהאַלטען, דער קלענערער — אויף אַ שנור צוגעבונדען אַ לופט-באַל מיט'ן אויפשריפט : „אחינו, אנשי גליל העליון, בואכם לשלום", וועלכע האָט אויף מיר מיט ברייט-געעפענטע פארוואונדערטע אויגען געקוקט. —

— מען זעהט מיר, — האָב איך מיט פריידען געפיהלט, און ביי'ם עלטערען געפרעגט :

— זאָג מיר, ליעבער קינד, וואו איז דאָ אַ „מוריה" בוך-האנדלונג

— אָט דאָ ניט וויים. זעהט איהר די שעהנע, גרויסע גע-ביידע, ארום מיט די קאָלאָניעס, מיט'ן גרויסען אויפשריפט : „בואכם לשלום", דאָס איז „מוריה" לאַדען.

— קענסט דו מיר אויך זאָגען, ווען איז סכות ? איך בין דאָ אַ פרעמדער, איך וויים ניט, — האָב איך מיר, ווי פאַרענט-פערט.

ער האָט מיר פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און געזאָגט :

— מען זעהט, דאָס דער אָדון איז אַ פרעמדער און דאָס איהר ווייסט ניט. ווען איהר וואָלט געוואוסט, וואָלט איהר דאָך ניט געפרעגט, אָבער איך האָב דעם אָדון אָנגענומען פאַר אַ אידען. היינט איז דאָך ערב-סכות ?

איך האָב איהם בעדאַנקט, צו „מוריה" לאַדען געגאַנגען.

אונטער די אַרקעס איז גרויסע פּעק צייטונגען געלעגען פון וועלכע די פאַרבייגעהער האָבען אייניגע גענומען. איבער זיי איז געשטאַנען דער אויפשריפט : „צוליעב אונזערע געסט און יום-טוב, גיעבען מיר די צייטונגען אומזיסט, קומט, נעהמט !"

אַ גאַנצע רייהע פאַרשיידענע גרויסע צייטונגען איז דאָרטען גע־וועזן. זיי האָבען באַקאַנטע פאַר מיר, נעמען געהאַט: „העולם", „הצפירה", „השחר", „המליץ", „הצבי", „היום", „הזמן", „הצפה", „ארץ-ישראל", „המגיד", „הלבנון", „האמת" און צוויי הומאָריסטישע מיט ניט בעקאַנטע נעמען: „דבורה" און „הצחוק". איך האָב פון יעדער גענומען. ווייטער איז געלעגען אַ גאַנץ דיקע בראָשורע מיט'ן אויפשריפט: „סכות-פּראָגראַם", מיט זעהר פיעל מודעות, און אַן אילוסטרירטער דיקער בוך: „פיהרער איבער ירושלם און אומגעגענדען", אויך אַזוי באַצייכענט, דאָס צוליעב יום-טוב און די געסט בעקומט מען דאָס אונ־ענטגעלטליך. איך האָב זיי אויך גענומען. ניט אַלעס אומזיסט צו נעהמען. בין איך אין לאַדען אַריין אויך עטוואָס פאַר געלט צו קויפען. גליך ביי'ן אַריינגאַנג, איז אַ רייהע ביכער געווען מיט'ן אויפשריפט: „נייעס, איצטער אָבגעדרוקטע". איך האָב מיר איניגע אויסגעקליעבען, איבערגעגעבען איינצופּאַקען.

— אכטצעהן שקלים מיט זיעבען גרה'ס, דאַרף דער אָדון אין קאַסע באַצאָהלען — און האָט מיר צום קאַסיר געבראַכט.

ווען איך האָב געזעהען מיין צוריסענעם טייסטער, האָב איך מיר ווי אַן אַ ווייטען חלום דערמאָהנט. פּאַפּיערלאַך... גאָלד... הארט געלט... באַשטראָפט... אויסוויזען... איך האָב אָבער ניט געקענט געניי דערמאָהנען וואָס דאָס איז אייגענטליך.

דער קאַסיר האָט געזעהען ביי מיר גאָלדענע מטבעות, מיט פאַרוואונדערונג געזאָגט:

— איהר האָט דאָ אַלטע מינצען?

איך האָב איהם איינעם געגעבען. ער האָט איהם גוט בעטראַכט.

— אַן אַלטע פראַנצויזישע צוואַנציג פראַנק. דאָס איז גלייך אונזערע צוואַנציג שקל. אָבער איצטער נעהמט מען קיין גאָלד-געלט ניט. האָט איהר, מיין הערר, פּאַפּיער-געלט?

איך האָב מיין פעקעל פּאַפּיער-געלט אַרויסגענומען. ער האָט זיי בעטראַכט און געזאָגט:

— דאָס איז ניט קיין געלט, דאַכט זיך, דאָס איז די טרויע־ריגע פּאַפּיערלאַך, וועלכע האָבען אין די אַלטע צייט פון וועלט-קריעג אַזוי פיעל אומגליק אויף די איינוואָהנער פון פּאַלעסטינא געבראַכט. דאָס קענט איהר נאָר קינדער צום שפּיעלען אוועק-

געבען. — האָט ער מיט אַ שמייכעל געזאָגט, דערזעהענדיג מיין פאַרלעגענהייט האָט צוגעגעבען.

— אייער גאָלד קען איך אַלס פּרייז פון געוויכט אָננעהמען. צוויי שקלים קען מען פאַר אַ גאָלד־שטיק געבען.

איך האָב איהם מיינע צעהן נאַפּאָלעיאָן דערלאַנג. ער האָט מיר אַ שקל מיט דרייצעהן גרה'ס פּאַפּיער־געלד, געגעבען.

— אייער נאָמען און אַדרעסע, דעם פּאַקעט איבערצושיקען?— האָט דער פאַרקויפער געפרעגט.

איך בין געבליבען ווי צוטומעלט, ניט געוואוסט, וואָס איהם צו ענטפערען. עפּעס האָט אַ בליץ געטהאָן אין מיין עראינערונג, אָבער גלייך ווייטער פינסטער געוואָרען... ווי איך וואָלט נאָך אַ קראַנקהייט מיין זכרון פאַרלאָרען. איך האָב מיר אַליין געפרעגט: — ווער בין איך? פון וואַנען בין איך געקומען? — דער פאַרקויפער האָט דעליקאַט געזאָגט:

— דער אָדון איז אַ פרעמדער, נאָר היינט אָנגעקומען, האָט נאָך קיין וואָהנונג. זאָלען די ביכער דערווייל ביי אונז בלייבען. גלייך ווי איהר וועט אַ וואָהנונג נעהמען, קענט איהר אונז טעלעפאָנירען, מיר וועלען איך צושיקען. אויף וועלכע שפּראַכע זאָל איך אונזער אַדרעסע געבען?

— וואָס הייסט אויף וועלכע שפּראַכע. געוויס העברעאיש. איך בין דאָך אַ איד. איך רייד דאָך מיט אייך העברעאיש.

— ענטשולדיגט, איך האָב ניט געוואוסט: איהר רעדט ווי אַ גר, וואָלט איך אייך אויף אייער מוטער־שפּראַך די אַדרעסע געגעבען. איך ראַטה אייך גלייך אַ וואָהנונג צו בעזאָרגען. עס איז דאָך ערב יום־טוב. ווענדעט זיך אין די ערשטע פּאָליציי סטאַנציאָן נעבען שער־הזהב־בריק, וועט מען אייך אַלעס בעזאָרגען.

איך האָב איהם בעדאַנקט, אַוועקגעגאַנגען אויפזוכען די פּאָליציי־סטאַנציאָן.

לאַנגזאַם בין איך געגאַנגען. אויף קיין זאַך ניט געקוקט. זיך געמאַטערט צו דערמאָהנען, פון וואַנען איך בין, וואו איך וואָהן, מיין נאָמען. אַלעס פאַרגעסען. איך האָב נאָר געגוי אַלץ געדענקט, וואָס איך האָב געזעהען און געהערט אין דער צייט, וואָס מיין לעהרער איז מיט מיר געווען. דערביי האָב איך דייטליך געוואוסט, דאָס אַלעס איז געווען מיט הונדערט יאָהר שפּעטער, נאָך די ריכטיגע צייט אין וועלכע איך האָב דער ווירקליכקייט געלעבט...

גאָר ניט צומאַכען ! . . . בין איך אין פּאָליציי־ביוראָ אַריינגע-גאַנגען, געבעטען אַ וואָהנונג בעזאָרגען. אַ יונגער איילענדיגער מאַן, האָט מיר זיך געפרעגט :

— אייער נאָמען, אָדון ? —

איך האָב מיר צוטומעלט, דערמאָהנט דאָס איך האָב מיין נאָמען פאַרגעסען. גענומען שטאַמלען :

— אָנכי. . . (איך...).

— גוט, אָדון אָנכי, ווי ווייטער דערצו. דעם פאָטער'ס נאָמען אָדער עטוואָס אַנדערש. —

— איך האָב מיר נאָך מעהר פאַרלאָרען. געוואָלט איהם פון מיין וואונדער דערצעהלען, מעהר געשטאַמעלט :

אָדון, אָנכי... פּלאָ... (איך... אַ וואונדער...).

— גוט, גוט, אָדון אָנכי בן פּלאָ. איך וועל גלייך טעלע-פאָנירען אין די האָטעלען, מען וועט שוין אייך באַזאָרגען אַ וואָה-נונג. זיצט. אין איין אויגענבליק.

— זאָל זיין אָנכי בן פּלא — האָב איך מיר געקלעהרט, אָב־ווישענדיג דעם שוויים פון מיין שטערען. צופריעדען דאָס ביי זיי קען מען מיט די פּאָליציי אַזוי לייכט פּטר'ען. נאָך אַ פּאָר מינוטען, האָט ער מיר אַן אַדרעסע פון האָטעל געגעבען, און גיך, אין איין אָטהעם, אָבגעזאָגט :

— פּאָר'ן צימער, פופצעהן גרה'ס. עסען וועט איהר אין די נאָהענטסטע ירושלם'ער שפּייז-זאַלען, וואו איהר וועט זיך געפינען. איהר וועט דאָך געוויס דעם גאַנצען טאָג ארומגעהן, אָדון בן-פּלאָ. מיט וואָס קען איך אייך נאָך דיענען ?

איך האָב איהם בעדאַנקט און געהיילט אַרויסצוגעהען, ניט צו הערען מיין מאָדנעם נאָמען, וועלכען מען האָט מיר דאָ גע-געבען. — ווי הייס איך, אייגענטליך ? — האָב איך ווייטער גע-נומען מיין קאָפּ ברעכען, שטאַרקען זיך צו דערמאָהנען, נאָר ווי אַ שוואַרצער פאָרהאַנג, וואָלט אַלעם פאַרדעקט. איך געדענק זיך נאָר מיט מיין גרויסען לעהרער צוזאַמען. ער האָט מיר „קינד" גערופען.

דער בריק איז געווען דעקאָרירט מיט פאַרשיידענפאַרביגע דגלים און לאַמטערען, ווייטער דער אויפשריפט „בואכם לשלום". אָבער איך האָב נאָר אונטען געקוקט, וואו איך האָב אין גאַנצען טהאָל יהושפט, גרויסע שעהנע גלעזערנע פּאַוויליאָנס געזעהען.

— דאָס איז געווען אויך אַן אַרבייטער־שטאָדט, וואָס פאַר אַן אַרבייט מאַכט מען דאָ ? — האָב איך געקלערט. „גוטענבערג גאַס", האָב איך פון ווייטען אויף אַווינקעל זייל איבערגעלעזען. איך האָב מיר דערמאָהנט דעם לעהרער'ס ווערטער, וועגען זייערע ביכער־דרוקעריי. עס פאַסט פאַר'ן עם־הספר, אַזאַ גרויסע ספרים־אינדוסטריע צו האָבען. איך האָב געוואָלט אַרונטערגעהן, זעהען דאָס אַלעס, אָבער דער זייגער פון בריק האָט געוויזען צעהן מי־נוט פאַר ניין. דער קבלת־פּנים וועט עלף אַ זייגער זיין, דאָס דאַרף איך ניט פאַרשפּעטיגען. דערוויילּ, האָב איך געקלעהרט, וועל איך צוגעהן צום בית־המקדש, וועלכער דאַרף גלייך נאָכ'ן שער־הזהב זיין. איך בין ווייטער גיך געגאַנגען.

גלייך איבערען בריק, פון ביידע זייטען איז אין די גאַנצע לענג ביז'ן שער־הזהב, פּראָוויזאָרישע פּאַוויליאָנען געווען, אין וועלכע עס זיינען שוין פיעל מענשען געזעסען. אין איין פּאַוויליאָן, דער גרעסטער, אויף וועלכען, מיט גרויסע בוכשטאַבען, איז געווען אויפגעשריעבען : „אחינו, אנשי גליל העליון, בואכם לשלום !" איז נאָך גאַנץ ליידיג. איך האָב פאַרשטאַנען, דאָס דאָ וועט זיצען דער נשיא מיט'ן סנהדרין. מיין האַרץ האָט מיר דורכגעדרונגען מיט שמחה, דאָס איך וועל זוכה זיין באַלד נאָר אין צוויי שעה אַרום, זיי צוזעהען מיט מיינע אויגען. — נאָר נאָך צוויי שעה. ווי דערוואַרט מען שוין די צייט ? — איך בין צום שער־הזהב צו, אַריינצוגעהן אין בית המקדש דאָרטען איבערצו־וואַרטען. דורכגעגאַנגען דעם טהויער, אויף די טרעפּ אַרויף, בין איך גלייך אויפ'ן בית המקדש פּלאַץ געקומען. מיינע אויגען האָט מיר פאַרבליסטשעט פון די הערליכקייט. וואָס איך האָב אויף איין מאָהל געזעהען : אויפ'ן שעהן אויסגעפלאַסטערטען גרויסען פּלאַץ, גלייך געגען מיר, איז אַ פּראַכטפאָלע מאַרמאָרנע געביידע געשטאַנען. צוויי הויכע טהורעמס איז אויפ'ן פאַסאַד געווען, בע־פוצט מיט מאַרמאָר פון פאַרשיידענע פאַרבען. אין מיטען פאַסאַד, צווישען די טהורעמס, איז אַ הערליכער טהויער געווען. די טהי־רען, רייך פערציערט מיט שטאַנגען און בעגאָלדעט. פון ביידע זייטען, זיינען צוויי קופּערנע געטריבענע זיילען געווען, מיט רייך פאַרציערטע קאַפּיטעלען. אַרום דעם פּלאַץ, איז צוויי רייהען קאָלאָניעס געשטאַנען מיט פאַרגאָלדעטע קאַפּיטעלען און סאָקאָלען, וועלכע האָבען אַ לאַנגען דאַך געהאַלטען, פון אַ רייהע פאַרגאָל־

דעטע קופּאַלען. אויף צוועלף אַקסען, איז אַ גרויסער פּאַרציער־טער וואַסער־בעקען געשטאַנען, פון וועלכען האָט זיך די גאַנצע צייט, וואַסער געגאָסען. פיעלע האָבען דאָרט געטרונקען, די הענט און פּנים געוואַשען. פון ביידע זייטען פון פּאַליי, איז צו פינף קלענערע פאַנטאַנען געשטאַנען. הינטער די קאַלאַנאַדעס, איז אַ וואַנט געווען, אין וועלכע איך האָב פיעל טהירען מיט אויפ־שריפטען געזעהען, צו וועלכע איך האָב שוין געוואָלט צוגעהן. נאָר אַ געזאַנג פון קינדער האָט מיר אָבגעקעהרט. געזעהען הינטער מיר, אויף די טרעפּ, קומען פּאָר־ווייז, זינגענדיגע קינדער, אין ווייסע קליידער מיט בלאָהע גאַרטלען און לולבים אין די הענט. מיט פעסטע טריט צום טאַקט פון געזאַנג זיינען זיי נעבען מיר פאַר־בייגעגאַנגען. הינטער זיי איז אַ שעהנע, שלאַנקע פרוי זיי נאָכ־געגאַנגען, מסתמא זייער לעהרערין. זיי זיינען אַלע צום גרוי־סען פאַנטאַן צוגעגאַנגען, זייערע לולבים אין וואַסער אָבפרישען, דערביי געשפּריצט און אַזוי הערציליך געלאַכט, דאָס איך האָב מיר ניט געקענט איינהאַלטען, נעהענטער צו זיי צוגעגאַנגען.

— נו, געגוג קינדער — האָט זיי די לעהרערין געזאָגט. — טרייסעלט אָב אייערע לולבים, מיר וועלען אין מוזעאום אריינ־געהען. איהר וועט זעהן אין סקולפּטורע, אַלעס, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט פון משה רבינו׳ס לעבען.

אַ בליץ האָט זיך דורכגעריסען דעם שוואַרצען שלייער, מיט וועלכען מיין געדעכעניש איז געווען פאַרצויגען: איך האָב מיר ווי עטוואָס דערמאָהנט, אָבער גלייך איז מיר פון קאָפּ ארויס־געפלויגען. אויף קיין פאַל, ניט געקענט כאַפּען, וואָס איך האָב מיר דערמאָהנט... נאָר איין זאַך האָב איך דייטליך גע־דענקט, דאָס מיין לעהרער האָט מיר געזאָגט, דאָס מיינע אַ סעריע סקולפּטורען מיט׳ן נאָמען „חיי משה רבינו", געפינט זיך אין בית המקדש מוזעאום. — פיהרט די לעהרערין ווייזען די קינדערלאַך מיינע אַרבייט? — בין איך אַ בילד־הויער? איך מוז זיי נאָכ־געהן, אפשר וועל איך מיר דערמאָהנען, ווען און וואו איך האָב די סקולפּטורען געמאַכט, אפשר אויך מיין אמת׳ען נאָמען. איך בין זיי נאָכגעגאַנגען.

אין אַ טהיר פון אונטער די אַרקעס, וואו עס איז געווען אויפגעשריעבען: „סקולפּטור": זיינען זיי אריינגעגאַנגען. פאַר־בייגעהענדיג אַ גאַנצע רייהע פון סקולפּטורען, זיינען זיי אין אַ רונ־

דען זאל געקומען, וואו פינף גרויסע פיגורען אויף סקולפטורנע, פארציערטע סאקאלען, זיינען געשטאנען. זיי זיינען צו איינעם צוגעגאנגען, איהר ארומגערינגעלט.

— קומט אהער, קינדער, שטעהט דא נעבען מיר, איך וועל ערקלעהרען. —

די קינדער זיינען, ווי שעפעלאך, ארום זייער לעהרערין צו-געגאנגען. איינע, א קליינע מיידעלע, אויפהויבענדיג איהר רונ-דע, פוכלינקע געזיכט, מיט ליכטיגע אויגען צו די הויכע לעהרע-רין, האט פרעהלאך אויסגעשריהען:

— גברת, איך וויים, איך וויים! דאס קושט יוכבד איהר קליינעם משה׳לען. זי וויינט, זי וויל ניט איהם אין וואסער ארייכוווארפען. — די לעצטע ווערטער, האט זי טרויעריג געזאגט, די אויגעלאך זיינען איהר פייכט געווארען, די ליפעלאך, קאמיש, אויסגעשטעלט, בערייט אליין זיך פאנאנדערצוואוויינען.

א ליעבען שמייכעל, האט זיך אויף די סעריאזע געזיכט פון די לעהרערין געוויעזען, האט זיך איינגעבויגען, א גלעט געגע-בען און, מיט א מוטערליכע, זיסע שטימע געזאגט:

— ריכטיג, נחמה׳לע. דו ביזט א חכמה. האסט אליין פאר-שטאנען. אבער מען דארף ניט וויינען. גרויסע קינדער וויינען ניט. דו ביזט דאך שוין א גרויסע. נו, קינדער — האט זי זיך צו אלעמען געוועגדעט — איהר זעהט? — זי וויינט, אבער זי האט איהם דאך אין דעם קערבעלע שפעטער ארייגעלעגט, אויפ׳ן טייך נילוס, צווישען די גראז איבערגעלאזען. זי איז א גוטע מאמע געוועזען. ניט געוואלט איהם אין טייך ארייכווארפען, ווי דער שלעכטער פרעה האט בעפאהלען. דעריבער איז ער לעבען געבליעבען. ווען ער איז גרוים געווארען, האט ער אלע אידען בעפרייט פונ׳ם רשע פרעה׳ן. זיי פון מצרים ארויסגעפיהרט... אונטער די פיגורע אויפ׳ן סאקאל איז דא בארעליעפען, ווער פון אייך, קינדער, קען אונז דערצעהלען, וואס דארטען איז פאר-געשטעלט.

פיעל קינדערשע הענטעלאך האבען זיך אין דער הויך אויפ-געהויבען. זי האט איין אינגעלע געזאגט:

— דערצעהל דו, יחיאל, אבער לאנגזאם. קוק זיך גוט צו, דערנאך דערצעהל נאר וואס דו האסט געזעהען.

א געזונטער, דיקער אינגעלע, אונגעפעהר זיעבען יאהר אלט

איז מיט פעסטע טריט צוגעגאַנגען. פאַרנויגט זיך אויף די זייט פון לעהרערין. אויף זיינע חברים אַ שעלמעשען קוק געגעבען. בע־טראַכט דעם באַרעליעף. מיט'ן לולב זיך צוגעטייטעלט און מיט אַ קלינגענדיגען קול'כעל געצעהלטע ווערטער געזאָגט:

— אַט שווימט די קערבעלע... משה'לע ליעגט זיך גאַנץ רוהיג... דאָ, בעהאַלטען אין הויכע גראָז, שטעהט זיין שוועס־טער מרים, היט איהם... דאָרט פון ווייטען זעהט מען ווי זיין מוטער, יוכבד, געהט און וויינט. — אַבגעקלונגען און מיט איין אויג שטיפעריש צו זיינע חברים צוגעפינטעלט.

— גוט, יחיאל, אַזוי האָב איך דיר ליעב. איצטער דער־צעהל אונז דו, שושנה, וואָס עס שטעלט פאָר דער צווייטער באַרעליעף. — האָט זי זיך צו אַ שלאַנקע, צאַרטע מיידעלע גע־ווענדעט.

די מיידעלע איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען. לאַנג, ערענסט, מיט ברייט-געעפענטע אויגען, געקוקט. מיט אַ שוואַכע שטימע, ווי זי וואָלט צו זיך אַליין גערעדט, געזאָגט:

אַט איז געקומען די שעהנע בת-מלכה'ס טאָכטער מיט איהרע מיידלאַך זיך באָדען... זי האָט געזעהען אַ קערבעלע, געשיקט איהר מיידעל אַרויסנעהמען. געעפענט. אַ שעהנער אינגעלע. ער וויינט, נעבאַך. די גוטע בת-מלכה האָט אויף איהם רחמנות גע־קראָגען. איהם געגלעטשעט, געזונגען, געקושט, געהאַלזט און ער, נאַרעלע, וויינט, וויינט, וויל נעבאַך צו די מאַמען. די קלוגע שוועסטער, מרים, איז צוגעגאַנגען, געזאָגט, זי וועט אַן אַהם ברייננגען, איהם אָנצוזויגען. זי איז אַוועקגעלאָפען זייער מאַמען רופען — האָט זי פרעהלאַך געענדיגט

— גוט, שושנה אָבער מען דאַרף ניט דערצעהלען, וואָס דו זעהסט ניט. דאָ, זעהסט דו, שטעהט נאָך מרים נעבען די בת-מלכה. זי פרעגט איהר נאָר צי זי זאָל געהן אַן אַהם רופען.

— זאָג דו, שפרה, וואָס איז דאָ אויפ'ן דריטען באַרעליעף?

אַ מיידעלע פון אַ יאָהר זעקס, איז פרעהלאַך צוגעשפרונגען, מיט'ן הענטעל, איהרע צושפרייטע האָר פון די אויגען אַ מאַך־געטהאָן, דעם לולב אַרונטערגעלאָזען. די קעפעלע איינגעבויגען. געקוקט און גלייך הויך געגומען זאָגען:

— יוכבד זיצט נעבען טהיר פון איהר שטוב און וויינט. שכנות טרייסטען איהר און דאָ לויפט מרים, ווי אַ פויגעל, איהר רופען.

אַט וועט זיך די מאַמע דערפרעהען ! — האָט זי מיט בלישטשענ־דיגע אויגעלאַך געענדיגט.

— גוט, שפרה, איצטער וועט אונז צהר זאָגען, וואָס שטעלט פאָר דער פיערטער באַרעליעף. צהר, קוק זיך גוט איין און דער־צעהל אונז, מיין קינד, אַלץ וואָס דו זעהסט.

א אינגעל פון א יאָהר פינף איז צוגעגאַנגען, מיט סעריאָזע אויגעלאַך, אויפ׳ן באַרעליעף געקוקט, עטוואָס די מויל געעפענט. די הענטעל נעבען מויל צוגעטראָגען. מיט א דינינקען קול׳כעל געזאָגט :

— אַט האַלט די מאַמע איהר קינד, קושט איהם און וויינט. די בת־מלכה און אַנדערע גברות קוקען פאָר וואָס זי וויינט. —

— גברת, פאַר וואָס וויינט זי ? — האָט ער די לעהרערין געפרעגט.

פון שמחה, דאָס זי האָט ווייטער איהר קינד. פאַרשטעהסט דו, צהר ? — די מאַמע יוכבד האָט ווייטער איהר משה׳לען, זי וועט זיך מיט איהם שפּילען, קושען, עסען געבען. פאַרשטעהסט דו ?

— גברת, וואָס איז דאָס פאַר מאָדנע מענשען אין די פיער ווינקלען נעבען די באַרעליעפען. זיי זיינען ניט גוט געמאַכט. איך זעה ניט גוט, דאַכט זיך זיי וויינען. ווער זיינען זיי, אויך פיגורען, באַרעליעפען ? — האָט א אינגעלע, ביי די לעהרע־רין געפרעגט, ווייזענדיג אויף די פיער קעראַאַטידען אויף די ווינק־לען פון סאַקאַל.

— דאָס איז ניט קיינע פיגורען, ניט באַרעליעפען אויך ניט בעשטימטע מענשען, נאָר א פאַרציערונג. קעראַאַטידען רופט מען אַזעלכע פאַרציערונגען.

— צו וואָס מאַכט מען דאָס — האָט ווייטער דער זעלבער אינגעלע געפרעגט. די לעהרערין האָט זיך פאַרטראַכט א ווײַלע, דערנאָך געפרעגט :

— קינדער, וואָס האָבען מיר היינט געזונגען ?

— ישמחתי באומרים לי, בית ה׳ נלך — האָבען פיעל קינ־דער אויף איין מאָהל געענטפערט.

— ריכטיג. איהר געדענקט קינדער, ווען איך האָב אויפ׳ן ראַיאַל מיטגעשפּיעלט, איז אייער זינגען שעהנער געוואָרען. ווען

איך וואָלט אַליין געשפּיעלט, אָהן איהר זאָלט זינגען. וואָלט איהר די ווערטער אין מיין שפּיעלען געהערט ?

— ניין, גברת.

— דעם נגון וואָלט איהר אין מיין שפּיעלען געהערט ?

— אַ ביסעל, אַ ביסעל דערמאָהנט עס אונזער נגון. עס זינגט זיך בעסער.

— אָט אַזוי, איז דער פאַרציערונג צו אַ סקולפּטורע, די קעראַאַטידען. עס זעהט זיך בעסער. ווער עס האָט איצטער ניט פאַרשטאַנען, מוז וואַרטען ביז ער' וועט גרויס ווערען, וועט ער עס פאַרשטעהען, האָט זי לאַכענד געענדיגט.

— גברת, איך בין שוין אַ גרויסע — האָט די קליינע נחמה׳לע, סעריאָז געזאָגט.

די לעהרערין האָט איהר געקושט, מיט ענטציקונג געזאָגט :

— דו ביזט אַ גרויסע חכמה, מיין קליינינטשקע. דו וועסט אויך אַ גרויסע, אַ גרויסע ווערען, אָט אַזוי ! — און האָט איהר הויך אויפגעהויבען.

אַלע קינדער האָבען פרעהלאַך געלאַכט.

זיי זיינען צו די צווייטע פיגורע צוגעגאַנגען.

— גברת, ווער איז דאָס די אַלטע, וואָס דערצעהלט דעם שעהנעם בחור אַ סוד אויפ'ן אויער ? פאַר וואָס וויינט זי ? פאַר וואָס איז ער אַזוי איבערגעשראָקען ? — האָט אַ שילער, קוקענדיג אויף די צווייטע פיגור געפרעגט.

— דער שעהנער בחור איז — משה. ער איז שוין אַ גרויסער אויסגעוואַקסען. פּרעה'ס טאָכטער, האָט איהם פאַר איהר זוהן געמאַכט. ווי אַ בן-מלך האָט ער געלעבט. אָבער יוכבד איז שוין אַלט געוואָרען, זי האָט מורא, זי וועט אוועקשטאַרבען. איהר זוהן משה, וועט ניט וויסען, ווער זיין ריכטיגע מאַמע איז גע-ווען. דערצעהלט זי איהם מיט טרעהרען איהר סוד : זי איז ניט זיין אַהם אַליין, נאָר זיין מאַמע. ער איז ניט קיין בן־מלך, נאָר אַ זוהן פון די קנעכט, וועלכע מוזען אַזוי שווער אַרבייטען.

דער יונגער, שעהנער משה איז שרעקליך אויפגערעגט. מיט זיין שטאַרקע האַנד האָט ער זיך געכאַפּט צו זיין שווערד. די אָרעמע מוטער דריקט זיין האַנד צו איהר טרוקענע ברוסט, וויל איהם בע-רוהיגען, ער זאָל אין קיין אומגליק ניט אַריינפאַלען...

זעהט ווייטער, קינדער, אונטען, אויפ'ן באַרעליעף,

משה איז געגאנגען זעהען זיינע ברידער ביי זייערע שווערע ארבייט. זיי בויען שטעדט. זיי בויען די הויכע פיראמידען. מיט די לעצטע כחות, האלב-נאקעטע, שלעפען זיי אויף זיך שווערע שטיינער. מצרים, מיט בייטשען איילען זיי מיט דער ארבייט. מען שלאגט זיי אהן רחמנות. א מצרי האט זיך ארויפגעווארפען שלאגען אן אלטען אידען, וועלכער איז געפאלען מיט זיין שווערע משא. דער יונגער משה קען זיך ניט איינהאלטען. הרג'עט דעם מצרי... אויפ'ן צווייטען בארעליעף, זעהט איהר, קינדער: משה געהט אליין ווייט, ווייט, ווייט איבער בערג און טהאלען. ער אנטלויפט פון פרעה'ן... דא אויפ'ן דריטען בארעליעף, זעהט איהר. ער איז שוין אין מדין. זיצט ביי'ן ברונעם. די זיעבען טעכטער פון כהן יתרו, האבען זייערע שעפעלאך געבראכט אנ-טרינקען. פאסטוכער זיינען געקומען, געוואלט זיי אוועקטריי-בען. משה האט זיך פאר די מיידלאך אנגענומען, אוועקגעטריעבען די פאסטוכער... דער פיערטער בארעליעף שטעלט פאר: גע-בען יתרו'ס צעלט, זיצט משה מיט יתרו'ן, מען עסט, מען רעדט פריינדליך. דאס האט איהם יתרו צו זיך גערופען, ווייל ער האט געזעהען, דאס ער איז א גוטער מענש. ער האט איהם זיין טאכ-טער צפורה, פאר א ווייב געגעבען. משה איז דער פאסטוך פון די שעפעלאך פון יתרו געווארען. —

— איצטער, קומט קינדער, **צו די דריטע** פיגורע — איז מיט זיי ווייטער געגאנגען.

— דא, זעהט איהר, קינדער, די גרויסע פיגורע פון א האלב-נאקעטען אלטען מאן? דאס איז משה, יתרו'ס פאסטוך. אויף די קניה, ווי א קליין קינד, ליעגט א קראנקע שעפעלע. גע-בען זיינע פיס, שלאפט רוהיג זיין הונט. ער זיצט אליין אויף רו-היג, אבער קוקט אויף זיין געזיכט. אין די גרויסע אויגען, וועט איהר זעהען, דאס די קאפ רוהט ניט. זיין הארץ טהוט איהם וועה פאר זיינע ברידער, וועלכע זיינען אומגליקליכע קנעכט ביי'ן שלעכטען פרעה'ן. ער קלעהרט, ווי זיי צו בעפרייען... קוקט ווייטער, אונטען, אויפ'ן בארעליעף: אט שטעהט משה, באר-וועס, מיט'ן האנד פארשטעלט ער זיך דעם פנים. דער קאפ איינ-געבויגען. מיט יראה און פחד הערט ער צו, צו גאט'ס קול, וואס געהט פון ברענענדיגען סנה, וועלכער ווערט ניט פארברענט. ער זאל געהן ארויסציהען די אידען פון מצרים... זעהט דעם צוויי-

טען רעליעף: משה מיט זיין ברודער אהרן ריידען צו די אידען וועגען גאָט, וועגען בעפרייען זיך פון פּרעה'ן, וועגען ארץ-ישראל. אַלע, פאַרהאַרעוועטע, אויסגעמאַטערטע הערען זיך צו, אַבער איהר קענט זעהען, דאָס ווייניג גלויבען אין דעם, וואָס משה האָט מיט זיי גערעדט... דער דריטער רעליעף: משה מיט אהרן בעטען פּרעה'ן ער זאָל זיינע קנעכט לאָזען אויף דריי טעג געהן אין דער מדבר צו זייער גאָט קרבנות ברענגען. פּרעה לאַכט אַבער זיי אויס, וויל ניט אַרויסלאָזען... אויפ'ן פריז איז פאַר-געשטעלט די צעהן מכות, וועלכע פּרעה האָט געקראָגען... דער פיערטער רעליעף: משה מיט אַלע אידען זיינען אַריבער דעם ים און הינטער זיי, זעהט איהר קינדער? טרינקט זיך פּרעה, אָט דער, מיט רייטוואָגען און אַלע זיינע חיל מיט די רייטערס...

— איצטער, קומט, קינדער, צו די פיערטע פיגורע.

— זעהט איהר? אָט דער שעהנער, אַלטער מאַן מיט'ן לאַנגען באָרד, וואָס שטעהט אָנגעשפּאַרט אַן אַ פעלזענשטיין אין איין האַנד האָט ער די לוחות: אין צווייטען — אַ האַמער. דאָס איז משה רבינו אויפ'ן באַרג סיני. ער האָט אויסגעהאַקט נייע לוחות, ווי די ערשטע, וואָס ער האָט צובראָכען.

— זאָגט, קינדער, פאַר וואָס האָט ער די ערשטע צובראָכען?

— האָט זי ביי די קינדער געפרעגט.

— ווען משה איז פון באַרג סיני אַרונטער, געפונען דאָס די אידען האָבען אַ גאָלדענעם קאַלב געמאַכט, טאַנצען אַרום איהם, האָט ער די לוחות, וואָס ער האָט אין האַנט געהאַלטען אַ וואַרף געטהאַן און צובראָכען. — האָט אַן עלטערער שילער געזאָגט.

— ריכטיג, אָט דאָ, רעכטס, אויפ'ן באַרעליעף, קענט איהר דאָס גאַנצע בילד זעהן. זעהט איהר? אָט איז דער גאָל-דענער קאַלב. אַלע, ווי ווילדע, טאַנצען אַרום איהם. דאָ זעהט איהר משה'ן מיט יהושע'ן געהען פון באַרג סיני. משה האָט גע-זעהען, ווי זיי טאַנצען אַרום עגל-הזהב, האָט ער מיט כעס, די לוחות צובראָכען... דאָ זעהט דעם צווייטען רעליעף: משה רבינו מיט זיין קינסטלער בצלאל בן אורי. משה בעקוקט די אַר-בייט, וואָס בצלאל האָט פאַר'ן משכן געמאַכט. דעם אָרון הקודש, די מנורה, דעם שלחן און די איבעריגע כלים... דער דריטער באַרעליעף שטעלט פאַר: משה שלאָגט דעם פעלזענשטיין, עס גיסט זיך וואַסער, אַלע לויפען טרינקען, טראָגען קריגע אין די

צעלטען... דער פיערטער, — זעהט איהר, אויף א לאנגען שטאנג אין מיטען מחנה א קופערנער שלאנג. ווער עס קוקט אויפ'ן שלאנג וועט געזונד ווערען פון די ביסען פון די שלאנגען...

— איצטער, קומט, קינדער, זעהען דעם לעצטען, פינפטען פיגור. דא זעהט איהר, קינדער, שטעהט שוין משה רבינו א גאנץ אלטינקער. הונדערט און צוואנציג יאהר איז ער אלט. ער שטעהט אויפ'ן שפיץ בארג נבו, נעבען יריחו, אנגעבויגען פון אלטקייט. אנגעשפארט אויף זיין גרויסען שטעקען. דער ווינט האט צו וועהעט זיינע האר, לאנגען בארד און מאנטעל, מיט'ן האנט פארשטעלט ער זיך פון זון. קוקט, טרוימעריש אויף די לאנד, וואו ער האט אזוי שטארק געוואלט די אידען ברייגגען... אונטען, אויפ'ן ערשטען בארעליעף שטעלט פאר: משה זיצט אויף א שטיין, האלט די הענט אין דער הויך. אהרן און חור, שפארען איהם פוןביידע זייטען אונטער די הענט. ער איז מתפלל פאר די אידען, וואס האלטען אונטען מלחמה מיט עמלק'ן... דער צווייטער רעליעף שטעלט פאר: משה רבינו זאגט צו די גאנצע אידישע פאלק, דאס ער איז שוין אלט, ער קלייבט אוים זיין גוטען תלמיד יהושע'ן, ער זאל אויף זיין ארט זיין, זיי אין ארץ-ישראל בריינגען... ווייטער, דער דריטער בילד איז: משה מיט יהושע'ן לעהרנען די שירה „האזינו" מיט די אידען, זיי זאלען קיין מאהל ניט פארגעסען, וואס גאט האט מיט זיי געטהאן... דער פיערטער — איז: משה אליין, אויפ'ן בארג, שטארבט, פון גאט'ס קוש...

— אזא גרויסען נביא, ווי משה רבינו האבען מיר נישט געהאט! האט איהר אלץ פארשטאנען, קינדער? — האט זי ביי זיי געפרעגט — עס מאכט ניט, — האט זי, ווי צו זיך גע־זאגט — געדענקט נאר גוט, וואס איהר האט געזעהען. שפע-טער, ווען איהר וועט זיך דערמאהנען, וועט איהר בעסער פאר-שטעהען...

— איצטער, קומט, קינדער, פאר-ווייז. גלייך הויבט זיך אן דער קבלת-פנים פון די אורחים.

— גברת, וואו מאכט מען די פיגורען. אין „מוריה", וואו מען דרוקט ביכער?

— ניין, פיגורען, מאדערלירט מען, אזוי ווי איהר מאדע־

לירט אייערע מענשעלאך. די גרויסע פיגורען מאכען גרויסע קינסט-לער, בילד-הויער.

— ווער האט די פיגורען מיט משה'ן געמאכט?

— דער אנקעל שין.

— וואו איז דער אנקעל שין. א ירושלם'ער איז ער?

— יא, ער האט א מאהל געוואהנט אין ירושלם, אבער שוין מיט פיעל, פיעל יאהרען צוריק געשטארבען.

— גברת, פאר וואס רופט איהר איהם אנקעל, ער איז אייער אנקעל געווען?

— ניין, מיין קינד, מען האט איהם דאן אנקעל גערופען, ווייל ער איז געווען דער אנקעל פון אלע גוטע קינדער... נאר גענוג, מיר מוזען געהען. זינגט, קינדער, דאס נייע ליעד.

שמחתי באומרים לי בית ה' נלך... האבען די קינדער אין כאהר געזונגען

פאר-ווייז, מיט לולבים אין די הענט, פרעהלאך, האבען זיי, איבערען בית המקדש פלאץ געגאנגען.



## ג

— עס איז זיכער, דאָס מען רופט מיר שַׁע, האָבען איך נאָכגעהענדיג די קינדער, געקלעהרט. שַׁע, שַׁע, דעם ערשטען מאָהל הער איך אזא נאָמען. נו, זאָל זיין — שַׁע. אויך, דאָס איך בין אַ סקולפּטאָר, דער לעהרער האָט דאָך מיר אַליין דער-צעהלט, דאָס איך האָב די פיגורען געמאַכט. אָבער וואו ? ווען? דאָס קען איך מיר ניט דערמאָהנען. איין זאַך געדענק איך ריכ-טיג : דער לעהרער האָט מיר געזאָגט, דאָס איך האָב געלעבט מיט הונדערט יאָהר צוריק. דאָס אַלעס, וואָס ער האָט מיר דאָ געוויזען, איז געמאַכט געוואָרען אין פאַרלויף פון הונדערט יאָהר נאָך מיין צייט... הייסט דאָס נאָך מיין טויט ?... בין איך אַ טויטער ? ניין ! איך לעב, און פיהל מיט מיין גאַנצען קער-פּער דאָס איך לעב. אפשר בין איך גאָר משוגע געוואָרען ? האָב איך מיט שרעק גקעלעהרט. — ניין. איך דענק דאָך לאָגיש. איך האָב דאָך אקאָרשט, אַ גאַנצע שעה נאָכאַנאַנד, געהערט ווי די לעהרערין האָט מיט איהרע שילערין, וועגען מיינע פיגורען גע-רעדט, דאָס קען דאָך ניט אַ משוגע'נער טהאָן... אָבער וואָס איז מיט מיר ? מען האָט מיר מיין זכרון, ווי מיט אַ כשוף צו-גענומען... איך מוז מיר אָבער דערמאָהנען. אָהן דעם, ווי וועל איך לעבען ?... איך מוז זעהן ניט צו פאַרליערען די לעהרערין. דורך איהר האָב איך מיין נאָמען דערוואוסט. אפשר וועט זי מיר קענען העלפען אַלעס צו דערמאָהנען זיך. — אזוי האָב איך גע-קלעהרט און זיי נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט.

די לעהרערין האָט זיך אַ פּאָר מאָהל אָבגעקעהרט, פאַרוואונ-דערט דאָס איך געה זיי נאָך. אויך די קינדער האָבען דאָס בע-מערקט. גענומען זיך סוד'ענען. געוואָרפען אויף מיר אַ קוק און שטיל געלאַכט. מיר איז דאָס ניט אַנגענעהם געווען. צוגעהענדיג צו די לעהרערין — האָב איך געזאָגט :

— ענטשולדיגט, גברת, דאָס איך ערלויב מיר אייך נאָכ-צוגעהען. איך בין אַ פרעמדער. האָב דאָ קיין איין בעקאַנטען מענ-

שען. ווער עס זאָל מיר ווייזען. — ערלויבט מיר מיט אייערע, ליעבע קינדער מיטצוגעהען. זעהען די עולי-רגל.

זי האָט אויף מיר מיט איהרע גוטע, ערענסטע, קלוגע אויגען געקוקט. טיעף מיר אין די אויגען אַריינגעקוקט און רוהיג געזאָגט:

— בכבוד. זייט אונזער גאַסט. איהר מוזט אָבער נעבען מיר געהן. גלייך וועט איינג זיין. מיר מיט די קינדער מאַכט מען אַ וועג.

איהר עצה איז אין רעכטען צייט געווען. גלייך איז אונטערגעקומען אַ גאַנצער שטראָם פון מענשען. ווען איך וואָלט זיך ניט פעסט לעבען איהר געהאַלטען, וואָלט מען מיר געווים ווייט אוועקגעטראָגען. מיר זיינען צו אַ ברייטען דרעהענדען טרעפ געקומען, וועלכע האָט אונז לייכט אויף אַ גאַלערייע, וואָס איז צום אַלטען מויער צוגעבויט געווען, ארויפגעצויגען. דאָרטען זיינען שוין זעהר פיעל קינדער מיט זייערע לעהרערינס און לעהרער אויפ׳ן פּאָל געזעסען, אונזערע קינדער מיט זייער לעהרערין האָבען זיך נעבען זיי געזעצט. איך בין שטעהען געבליעבען. מיינע אויגען ניט געקענט אָברייסען פון דעם הערליכען בילד, וואָס איך האָב אויף איין מאָהל דערזעהען... גאַנץ ירושלם האָב איך געזעהען. אויסגעפּוצט מיט פלאַגען, בלומען און פאַרביגע פּאַפּיערענע לאַמטערנעס. אויף די בערג, צווישען די בוימער האָבען געפינקעלט די ווייסע געלטען מיט פלאַטערענדיגע דגלים. אַן אונענדליכער שטראָם פון מענשען האָט זיך איבעראַל געצויגען. אַלע אין העלע קליידער, בלאַה פאַרציערט מיט לולבים און בלומען אין די הענט... בעזונדער פאַנטאַסטיש זיינען געווען די רולענדע טראַטוארען מיט די פאַרפּוצטע מענשען. ווי אַציהענדיגע שנור מיט בלומען, האָבען זיי פון וויטען אויסגעוויעזען. בעלויכטען פון די זון, האָבען זיי געפינקעלט, ווי לעבעדיגע גירלאַנדעס נעבען די שעהנע הייזער... יום-טוב האָט זיך געפיהלט אין דער שעהנע ירושלם. יום-טוב׳דיג האָט איהר דער ריינער בלאָהער הימעל אַריבערגעדעקט.

אַ פרעהליכע ליכטיגקייט האָט מיר ארומגענומען, איך האָב אויף איין מאָהל אַ ליעבע וואַרעמקייט אין מיין הארצען געפיהלט. עמיץ האָט מיר הינטער אַ ריהר געטהאָן, איך האָב מיר, פלינק אַבגעקעהרט... צוויי ברענענדיגע אויגען האָבען אויף מיר, נייגעריג, געקוקט, ארונטערגעלאָזען, ווען מיין בליק געטראָפען...

דאָס איז די לעהרערין געווען. זי איז געזעסען צווישען די קינדער, אויך, ווי זיי, קינדערש־יונג אין ווייסען, מיט א בלאָהען באַנד, אַנגעטהאָן. בעלויכטעט פון די גאָלדענע זון, איז זי איז גאַנצען געווען. איהר ברייטע, ווייסע, געשטיקטע הוט, האָט א דורכזיכטיגער שאטען איבער'ן געזיכט געגעבען, פון וועלכען איהרע שעהנע, גרויסע אויגען, זיינען נאָך גרעסער און טיעפער געוואָרען. זי האָט צו מיר שטיל געזאָגט:

— זעצט זיך. איהר וועט דאָך מיעד ווערען די גאַנצע צייט צו שטעהען. איך וועל אייך שוין זאָגען, ווען עס וועט זיך אַנהויבען.

די קינדערלאַך האָבען פרעהלאַך זיך פאַנאַנדערגערוקט, מיר פּלאַץ געבען די לעהרערין געמאַכט. זיי זיינען מיר אויף איין מאָהל נאָהענט געוואָרען. איך האָב מיר געפיהלט, ווי צווישען ליעבע, אייגענע, ווי איך וואָלט זיי שוין פון לאַנג, לאַנג געקענט. איך האָב פרעהליך געבען זיי זיך אַניעדערגעזעצט און א גלעט געגעבען די קעפּעלע פון דער מיידעלע, וועלכע איז געבען מיר געזעסען. די מיידעלע האָט מיין האַנד גענומען, מיט מיינע פינגער זיך געשפּיעלט. זי האָט מיין רינג בעקוקט און געפרעגט:

— אַנקעל, צי וואָס טראָגט איהר אזא גלאַטען רינג, ווי א רייפעלע. ער איז דאָך ניט שעהן?

די לעהרערין האָט אויך אויף מיין רינג א קוק געטהאָן. עס האָט איהר, ווי באַנג געטהאָן. מיט א שטילען טאָן געזאָגט:

— אין די פרעמדע לענדער, ווען א מאַן הייראַטה, טראָגט ער א גלאַטען רינג. ריכטיג? — האָט זי זיך צו מיר געווענדעט.

איך האָב איהר גאָר ניט געקענט ענטפערען. איך האָב אליין פאַרוואונדערט אויף מיין רינג געקוקט.

— פון וואַנען קומט צו מיר דער רינג. פון וואַנען בין איך אליין? זי זאָגט, אין פרעמדע לענדער, וועלכע לענדער? — האָב איך, מיט שמערץ, ווייטער אָנגעהויבען צו קלערען.

די לעהרערין האָט מיר מיינע געדאַנקען איבערגעשלאָגען.

— היינט איז יום־טוב. מען דאַרף ניט אומעטיג זיין. ווילט איהר, מיר וועלען אייך פרעהליך מאַכען — האָט זי קינדערש־שטיעפעריש געזאָגט.

— קינדער...

א קול פון א שופר, האָט איהר אין מיטען איבערגעשלאָגען.

עס האָט זיך געהערט פון אַלע זייטן סיגנאַלען פון שופרות. דער אָרקעסטער האָט גענומען שפּילען, די קינדער, זיינען אויף איין מאָהל אויפגעשפּרונגען, אויך די לעהרערין. זי האָט מיר איהר האַנד געגעבען, געזאָגט:

— שטעלט זיך בעסער. עס הויבט שוין אָן. ווילט איהר, איך וועל אייך אַלעם ערקלעהרען — האָב איך קוים, צוליעב דעם אָרקעסטער, געהערט. איך האָב איהר שטאַרק די האַנט געדריקט. זי האָט מיט אַ וואַרעמען האַנד־דריק געענטפערט.

אַלע קינדער האָבען מיט איין מאָהל אויסגעשריהען: „אחינו אנשי גליל העליון, בואכם לשלום! בואכם לשלום"! פון אונטען האָט געדונערט די מוזיק און גערוישט די געשרייען פונ'ם ים מענשען, וועלכע האָבען מיט דגלים און לולבים אין דער לופט געמאַכט. די לעהרערין האָט זיך צו מיר צוגעבויגען און כמעט אין אויער געזאָגט:

— קוקט, דאָס קומען די עולי־רגל פון גליל העליון. זיי האָבען בכורים געבראַכט. איהר הערט? איך קען זיי ניט איבערשרייען, האָט זי לאַכענד מיר אין אויער אַריינגעשריהען. בעדעקט מיר מיט איהר וואַרעמען אָטהעם.

אונטען, אויפ'ן שער-הזהב-בולוואַר, פון אויבען הר הזיתים, דורכשניידענדיג „יבנה" קוואַרטאַל, ביז'ן שער-הזהב, האָט זיך אַ שטראָם פון מענשען געצויגען, נעבען שער-הזהב-בריק, האָב איך אַ גרויסען אָקס, מיט בלישצענדע, אויפ'ן זון, פאַרגאָלדעטע הערנער בעפּוצט מיט בלומען, געזעהען. צוויי שטאַרקע, יונגע מענשען מיט דגלים אין די הענט האָבען איהם מיט אַ שטריק, בעדעקט מיט בלומען, געפיהרט. אַרום זיי, זיינען מיידלאַך מיט קערב וויינטרויבען און אַנדערע פּירות אויפ'ן קאָפּ, זינגענדיג, געגאַנגען. הינטער זיי, רייטער, מיט דגלים, אויף ווייסע פערד, פאַרפּוצטע קעמלען מיט פעילפאַרביגע זיידענע צעלטען אויף געשטיקטע זאָטלען און אַז אונענדליכע רייהע אָטאָס מיט דגלים באַפּוצט. די גאַנצע פּראָצעסיע האָט זיך, ווי אַ וואַסערשטראָם געגאָסען, בעוועגט זיך, געבלישצעט אויפ'ן זון, גערוישט, געטומעלט און געליאַרעמט, ווי אַ רוישענדער ים. אויפ'ן בריק האָבען זיי די מוזיק מיט אַ פרעהליכען מאַרש באַגעגענט. פון די, פול געפּאַקטע, טראָטואַרען, האָט מען „בואכם לשלום" געשריען, בלומען אויף זיי געוואָרפען.

ווען זיי זיינען צום נשיא׳ס פּאווילי‌אָן צוגעגאַנגען, זיינען זיי שטיל געבליבען. די מוזיק האָט אויפגעהערט שפּיעלען, אַלע זיינען שטיל געוואָרען. איך האָב דאָך ניט געהערט, וואָס דער נשיא האָט זיי געזאָגט. די לעהרערין האָט מיר שטיל, אויפ׳ן אויער דערצעהלט, דאָס דער נשיא, בעגריסט זיי אין נאָמען פון׳ם פאָלק.

— הידד ! — האָט זיך געהערט אַ דונערענדיגע שטימע פון טויזענדער מיילער.

הידד ! האָבען אַלע בערג פון ירושלם געענטפערט... די קינדערלאַך אַרום מיר האָבען מיט די לולבים בעוועגט, ווי זיל-בערנע גלעקעלאַך האָט זייערע הילכיגע שטימען, אונטערען בלאָהען הימעל געקלונגען.

דער אָרקעסטער האָט אונטען „התקוה" געשפּיעלט. אַלע האָ-בען גענומען פאַרנאַנדערגעהען. די לעהרערין האָט איהרע קינדער פּאָר־ווייז אויסגעשטעלט צו געהן, האָט צו מיר געזאָגט :

— שלום אָדון. איך מוז מיט די קינדער אהיים געהן. איהר געהט רעכטס צום שער-ציון, פון דאָרטען וועט איהר אויפ׳ן רו-לנעדען טראָטואַר „ב" צופאָהרען צו „כל דכפין", דאָס איז די שפּייז-זאַלען פאַר די אורחים. געדענקט, מיט טראָטואַר „ב". שלום ! — און ווי דערמאָהנענדיג, האָט זי גיך געזאָגט :

— מאָרגען איז שמחת בית השאבה. ביי נאַכט וועט שעהנע אי-לומינאַציע זיין. אויב איהר ווילט מיין גאַסט זיין, קומט דאָ זיעבען אוהר אָוועגד. ניט שפּעטער. איך וועל אויף אייך וואַר-טען. ווער עס האָט די שמחה ניט געזעהען, האָט קיין שמחה אין דער וועלט געזעהען.

איך האָב איהר פיעל מאָהל בעדאַנקט. געגאַנגען דעם שער-ציון זוכען. אויפ׳ן וועג האָט ווייטער מיר גענומען פאַרפּאָלגען דער וועהטאָגדיגער געדאַנק : ווער בין איך ? פון וואַנען בין איך געקומען ? ווי בין איך דאָ געקומען ? ... איך מוז צו אַ דאָק-טאָר אַריינגעהען, איז מיר פּלוצלונג אויפ׳ן זינען אַרויף. איך האָב מיר געוואונדערט, דאָס איך בין גלייך צו דעם געדאַנקען ניט געקומען. — איך האָב געווים נאָך אַ קראַנקהייט מיין זכרון פאַרלאָרען. איך בין פון שטוב אַרויס, פאַרגעסען אפילו מיין איי-גענע הויז. מען זוכט מיר געוויס... אָבער דאָס איז דאָך אויך ניט מעגליך. איך געדענק דאָס אַלעס. איך געדענק דאָך, ווי

מיין לעהרער, איז מיט מיר איבער ירושלם ארומגעגאנגען. אלעס וואס ער האט מיר דערצעהלט. די מענשען, וואס איך האב גע-זעהען... דאן האט מען מיר ניט געזעהען. וואס איז דאס ?... די קאפ האט מיר אנגעהויבען וועה־טהאן פון פיעל קלעהרען.

ווען איך בין פון „כל דכפין", א זאטער, מיט א לייכטען רויש אין קאפ פון די גוטע קאפע מיט ראם און שמעקענדיגען צי-גאר, איז מיר מיינע געדאנקען, וועגען ווער בין איך, ניט אזוי פיינליך געווען. — וועגען וואס זארג איך ? — האב איך מיר אליין געזאגט. — לאז זיך מיר דוכטען, דאס איך בין איצטער געבא-רען געווארען אויף דער וועלט. איך הויב איצטער אן צו לע-בען... א גוטע וועלט איז דא. גוט איז דא צו לעבען. און האב מיר דערמאהנט, ווי די לעהרערין האט מיר איינגעלאדען מאר-גען מיט איהר צוזאמען געהן זעהן שמחת בית השאבה... פרעה־ליך בין איך אויפ'ן ראלענדען טראטואר ארויפגעגאנגען. געוואלט נאך א מאהל אין בית המקדש מוזייאום זיין, מיין סעריע סקולפ-טורען „משה רבינו'ס לעבען" זעהען.

מעהר ווי א שעה בין איך דארטען געווען. ווען איך האב שוין געוואלט אוועקגעהן, האב איך רעכטס, א פארהאנג געזעהען, מיט אן אויסגענעהטען אויפשריפט : „קבר רחל". סקולפטור פון ב. שץ, 1920-טען יאהר". אן א זייט איז א קנאפ געווען מיט אן אויפשריפט : „ביטע פעסט דריקען". מיט א ציטערענדיגע האנד, האב איך פעסט דעם קנאפ געדריקט. דער פארהאנג האט זיך לאנגזאם אבגערוקט. הינטער איהם איז א רונדע, קליינע, פינ-סטערע פענסטערעל געווען. ווען איך בין נאהענט צוגעגאנגען אין פענסטערעל א קוק צו געבען, איז דארטען ליכטיג געווארען.

איך האב אזא סקולפטור-גרופע געזעהען : ארום א הויכען שטיין, שטעהען אין פארשיידענע, טרויעריגע פאזעס, פיעל וויי־נענדיגע פרויען און קינדער. ביי איינציגע, אלטע מיט ברילען, איז ספרים אין די הענט, וועלכע זיי האלטען אויף א זייט, צום ליכט, מיט בעטענדע-פארוויינטע פנים'ער. מעהרערע אהן ספרים, גיעסען זייערע ביטערע הערצער אויס צו'ם הייליגען קבר, קושען, מיט ליעבע, דעם קאלטען שטיין. פארשפרייטען אויף איהם אויס די הענט, לענען, טרויעריג, ווי אויף א לעבעדיגען, די קאפ ארויף... איינע ליעגט מיעד אונטען ביי'ן שטיין ווי נעבען די פים פון איהר מאמען.

דער צימער אין וועלכען די גרופּע שטעהט האַלב-פינסטער, בעלויכטען, נאָר פון די נשמה-ליכט, נעבען עמוד, אין רויטע אייל-לאָמפּען פון הענגלאָמפּ, אין גאַנצען מיט פאַרשיידענע פּרוכת'ן אויסגעהאַנגען. אויף אַ מאַרמאָר־שטיין איז מיט שוואַרצע בוכ-שטאַבען, ווי אויף אַ מצבה. אויפגעשריבען: „קול ברמה נשמע נהי בכי תמרורים, רחל מבכה על בניה, מאנה להנחם על בניה, כי איננו!" איז מיט אַ רונדען געוועלב, אויבען-פענס-טער'ס. פון רעכטס גיעסט זיך די בלאַה-גרינליכע שטראַהלען פון מאַנד-ליכט, וועלכע שניידט דורך די גרופּע, בעלויכט שטאַרק איינינע פיגורען, שלאָגט זיך אָב אונטען, ביי'ן ווינקעל פון ציר-מער...

לאַנגזאַם האָט זיך די גאַנצע גרופּע זיך גענומען אומדרעהען, פון האַלב-פינסטערנעס, האָבען נייע פיגורען אַרויסגעשוואומען אין בעלויכטענעם מאַנד-שטראַהל. עס האָט זיך געזעהען פאַר-שיידענע מענער-פיגורען, וועלכע זיינען אַרום דעם שטיין. אַ קבוץ קטן פון אַלע עקען וועלט, האָבען די אַלע פיגורען פאַרגע-שטעלט. אין פעסען, שטריימלאַך, קאַרטוזען, היטלען, קאַפּע-ליושען און קעפּשאַנען, האָבען זייערע קעפּ צוגעדעקט, נאָך דעם מנהג פון זייערע לענדער, וואו זיי זיינען אין גלות געווען.. נאָר איין צער איז אויף זייערע פּנים'ער געלעגען. איין געבעט — אין זייערע פאַרוויינטע אויגען און איין תפלה אין זייערע מיילער צו די מוטער רחל, זי זאָל אַ גוטע בעטערין זיין צום רבונו של עולם: עס זאָל שוין זיין אַ סוף פון ביטערען גלות. די גאולה זאָל שוין קומען.

לאַנגזאַם האָט זיך די גרופּע געדרעהט. די מאַנד־ליכט האָט לייכט איבער זיי געגאָסען איהר בלאַהליכען שיין אויף די רויטליך בעלויכטענע פיגורען, וואָס האָבען ווי לעבעדיגע שאָטענס זיך בע-וועגט אונטערן האַלב-דונקעלען קופּעל...

אַ טרויעריגער, שטילער, וויינענדיגער, פאַרבענקטער ניגון, האָט זיך קוים געהערט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען טיעף אין מיין נשמה. ניט געקענט פון אָרט אָברייסען, ביז עס איז וועיטער פינסטער געוואָרען און דער פאָרהאַנג צוריק פאַרהאַנגען.

אַ מיעדער האָב איך מיר, צווישען מיינע סקולפּטורען, אַוועק-געזעצט.

איך דערמאָהן זיך ניט ווען איך האָב דאָס געמאַכט. איך

ווייס ניט וואו. אבער דאָס איז מיינע. דאָס פיהל איך מיט מיין גאַנצען הארצען, ניט ווייל דער לעהרער האָט מיר געזאָגט. איך האָב אין זיי דערקענט דעם טרוים פון מיין גייסט. די בילדער זיי-נען טיעף אין מיין נשמה געלעגען. איך האָב נאָר ניט געוואוסט, דאָס איך האָב זיי שוין געמאַכט...

א נערווישע אויפרעגונג, האָט מיר, אויף איין מאָהל, ארומ-גענומען. די הארץ האָט מיר גענומען שטאַרק קלאַפּען. דער אָטהעם איז מיר קורץ געוואָרען. די פינגער האָבען זיך קאָנוואולסיוו בע-וועגט, ווי איך וואָלט מיט זיי לעהם געקנאָטען. פאַר מיינע אוי-גען האָבען הונדערטער פיגורען געשוועבט, זיך געטראָגען און גע-דרעהט אין א ווילדען טאַנץ ווי פאַרשיידענע פאַרביג-פייערדיגע פונקען, ווען מען פאַרקוועטשט די אויגען נאָך א שטאַרקען ליכט... איך בין אויפגעשטאַנען, פון זאָל ארויסגעלאָפען, ניט קענענדיג נעבען די סקולפּטורען בלייבען. אזוי האָט זיך מיר פאַרוואָלט מאָ-דעלירען...

וואָס איז דער אונטערשייד ווער איך בין געוועזען. וואָס איך האָב ביז איצטער געמאַכט, פון וואַנען איך קום ? איך בין א קינסטלער ! איך קען אזעלכע פיגורען מאַכען ! איך וויל דאָ, אין די שעהנע ירושלים, בלייבען, צווישען די גרויסע קינסטלער פון בצלאל לעבען ! — האָב איך כמעט אויפ'ן קול אויסגעשריהען. לויפענדיג אויפ'ן ליכטיגען פּלאַץ פון בית המקדש. אייניגע מענשען האָבען זיך אָבגעשטעלט, געקוקט, מיט פאַרוואונדערטע אויגען, אויף מיר, דאָס האָט מיר צו זיך געבראַכט. אויפגעהערט צו לוי-פען. זיך געזעצט אויף א באַנק אין שאָטען און גענומען רוהיגער בעקלעהרען, וואָס איך דאַרף איצטער טהאָן.

עס איז ניטאָ פיעל וואָס צו קלעהרען — האָב איך מיר גע-טראַכט, — מען מוז זיך צום קינסטלער-ארטעל צו שרייבען, אויב עס גיט פאַר זיי אויך אַן ארטעל. איך וועל אין „בצלאל"-אקאַ-דעמיע געהן. דאַרטען וועט מען מיר שוין זאָגען וואָס צו טהאָן. געוואָלט שוין דאַרטען געהן, נאָר איך האָב מיר דערמאָהנט : היינט איז ערב יום-טוב, געוויס איז דער „בצלאל" געשלאָסען. איבערהויפּט ביז איבער די יום-טובים, קען מען וועגען קיין זאַך קלעהרען צו מאַכען. מען מוז איבערוואַרטען. האָב ארויסגענו-מען מיין צוריסענעם פאַרטמאָנע, זעהן וויפיעל געלט מיר איז געבליעבען. מיט שרעק האָב איך געזעהען, דאָס אויסער עטליכע

פּאַפּירענע גרה׳ס. וואָס מען האָט מיר אַרויסגעגעבן פון מיטאָג, האָב איך נאָר עטליכע טערקישע פּאַפּיערלאַך. וואָס מען האָט מיר שוין געזאָגט. דאָס זיי טויגן נאָר פאַר קינדער צום שפּיעלען זיך... איך האָב גענומען זוכן אין די קעשענעס. טאָמער האָט זיך איר־גענד־וואו פאַרשטעקט גאָלדענע געלט. אין בוזעם־קעשענע האָב איך אַ שווערען זילבערנעם פּארט־סיגאַר געפונען.

מען מוז דאָס פאַרקויפען. איך מוז זיך איילען. מען קען נאָך די געשעפטען צומאַכען — ביז צום שער־הזהב צוגעגאַנגען.

אַראָבגעהענדיג פון די טרעפּ, האָב איך דעם אַלטען אבי־שחר געטראָפען. איך האָב מיר דערמאָהנט, דאָס ער איז אַ קאָנטראָלער אויף זילבער־אַרבייט. דאַריבער האָב איך מיר גלייך צו איהם געווענדעט, אפשר וועט ער מיין פּארט־סיגאַר קויפען. ער האָט דאָס באַטראַכט פון אַלע זייטען. אויפגעעפענט. אַן אויפ־שריפט איבערגעלייענט, וועלכען איך האָב פריהער גאָר ניט בע־מערקט, און ערענסט געזאָגט :

— זיי האָבען אַ זעלטענעם עקזעמפּלאַר פון אַלטע בצלאל־אַרבייט. דער פּארט־סיגאַר האָט געוויס אַ גרויסען ווערטה. ער איז אַ געשיינק צום גרינדער פון בצלאל געגעבען פון זילבער אַטעליע אַרבייטער. דאָ איז אויסגעקריצט די פאַקסעמיליען פון זייערע אונ־טערשריפטען. דאָס איז אַ שטיק פאַר אַ מוזעאום. אפשר וועט מען דאָס אין בית המקדש מוזעאום קויפען. ווען איהר ווילט, וועל איך מיט אייך צום דירעקטאָר צוגעהן. איך וויל איהם די שמחה ברייגגען.

דער ביורא פון מוזעאום איז נאָהענט געוועזען. דער דירעק־טאָר האָט אונז גלייך אין זיין קאַבינעט צוגענומען. אַ לעבעדיגער, בעוועגליכער אַלטעטשקער איז ער געווען. ער האָט דעם פּארט־סיגאַר פון אַלע זייטען באַקוקט, באַטראַכט דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז. אין די זעלבע צייט, ווי צו זיך אַליין גערעדט : — אַן אמת׳ער אַלטער בצלאל־זילבער, אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר. אַן איינצעלדער. אַ געשאַנק פון די אַרבייטער צו שץ׳ן. אירגענד־וואו זיך פאַרוואַלגערט. געקענט אין גאַנצען פאַרלאָרען געהן.

— אייער נאָמען ? — האָט ער זיך פלוצלינג צו מיר גע־ווענדעט

— מיין נאָמען ?.. האָב איך גענומען אין פאַרלעגענהייט שטאַמלען. אנכי...

ער האָט מיר גיך איבערגעשלאָגן:

— איך פאַרשטעה... מען דאַרף ניט... מיר וועלן אַזוי אויפצושרייבן: אַ געשאַנק פון פלוני בן פלוני.

— איך בין נאָך אין גרעסערע פאַרלעגענהייט געקומען. געוואָלט שוין אַוועקגעהן, נאָר דערמאָהנט זיך. דאָס איך בין אָהן אַ גראָשען, האָב איך, מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, שטיל, געזאָגט:

אַנטשולדיגט... ליידער... געצוואונגען. אַ רייזענדער... געבליבען אָהן אַ גראָשען... יום־טוב, איך קען ניט צו שרייבען צו איין אַרטעל...

— איך פאַרשטעה! האָט ער מיר ווייטער איבערגעשלאָגען. — געוויס, געוויס. מיר וועלן אייך בעצאָהלען. גלייך. גלייך.

— און ער האָט נאָך אַ מאָהל מיט אַ פאַרגרעסער-גלאָז דעם פאַרט-סיגאַר באַטראַכט. —

— טויזענט שקלים! — האָט ער אויסגערופען, ניט אַראָבנעהמענדיג זיין אויג פון פאַרט־סיגאַר, אַזוי ווי ער וואָלט דעם ציפער דאָרט איבערגעלייענט. — נאָר איך מוז אייער נאָמען אין קאַטאַלאָג איינשרייבען. —

דער ציפער האָט מיר איבערראַשט, איך האָב איהם פרעהליך געענטפערט:

— גוט, איך דאַנק. דאָס איז אַפילו אַ צו-גרויסער פרייז. צופיעל פאַר מיר, נאָר איך בין אין אַ פרעמדע לאַנד, אָהן באַקאַנטע. מיין נאָמען איז: אַנכי בן-פלא — האָב איך מיט אַ פלאַמב אַרויסגעזאָגט, דערמאָהנענדיג דעם נאָמען, וואָס די פאָליציי האָט מיר געגעבען.

איך האָב מיין געלט בעקומען. אַ פרעהליכער אַרויסגעלאָפען.

מען מוז זיך איילען — האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט: — מ׳קען צומאַכען די לאַדען. איך מוז נאָך אַזוי פיעל איינקויפען. און ביי׳ן ערשטען וואַרענהויז האָב איך אַלעם נייע געקויפט. אָנצוטהאָן זיך ווי אַלע, מען זאָל אין מיר ניט זעהען קיין פרעמדען. און גלייך אין מיין האָטעל געגאַנגען, וואָס איז ניט ווייט פון דאָרט געווען.

מיין צימער וואָס מען האָט מיר אין האָטעל געגעבען איז אויפ׳ן

אכטען שטאָק געווען. אַ ליכטיגער מיט צוויי פענסטער פון וועל-
כע איך האָב דעם גאַנצען בית המקדש פּלאַץ געזעהען און די בערג
הינטער איהם בעדעקט מיט פלאַנצונגען, פּאַלמען און זעהר פיעל
פּאַרפּוצטע צעלטען, צווישען וועלכע זיינען אַ יום-טוב'דיגע פּוב-
ליקום ארומגעגאַנגען. ביי מיר אין הארצען האָב איך אַ יום־טוב
געפיהלט. דער אונערוואַרטעטער נס מיט'ן פּארט-סיגאַר, האָט
מיר אויפגעלעבט, אַלע זאָרגען אוועקגעטריעבען. איך האָב מיר
באַשלאָסען היינט שוין מעהר ניט ארויסגעהן. מיין פּאַק צייטונ-
גען צו לעזען. זיך אויסרוהען. דערוויילע האָב איך מיינע נייע
קליידער אָנגעטהאָן, געוואָלט זעהען, ווי איך וועל אין זיי אויס-
זעהען. מען האָט דריי מאָהל לאַנגזאַם אין מיין טהיר אָנגעקלאַפּט.
איך האָב ערשראָקען אויסגעשריהען:

— הערייז !

אַ יונגער מאַן איז אריין, האָט זיך פארנויגט און געזאָגט :

— שלום אדוני. אַנטשולדיגט, איך האָב אייך איבערשראַ-
קען. איך בין אַ קאָמיסיאָנער פון האָטעל איך קען אייך אַלעס
בעזאָרגען. האָט איהר עטוואָס נויטהיג, דאַן מוז מען זיך איילען.
באַלד האָבען מיר יום-טוב. —

איך האָב איהם בעדאַנקט. געזאָגט, דאָס איך באַדאַרף קיין
זאַך ניט. ווען ער האָט שוין געוואָלט ארויסגעהן, האָב איך מיר
דערמאָהנט אַן די ביכער.

— קענען זיי טעלעפאָנירען אין בוכהאַנדלונג, מען זאָל מיר
מיינע ביכער צושיקען ? האָב איך איהם געפרעגט און די אַדרעסע
געגעבען.

— געוויס. גלייך טעלעפאָניר איך — און באַטראַכטענדיג
מיינע קליידער האָט ער געפרעגט. — ווילען זיי, לכבוד יום־טוב
אַ באַד נעהמען ? אונטען, אין קעלער, איז ביי אונז שווימבעדער
דאָ. אויך קען אייך דער פאַבריקמאַכער אייערע האָר אין אָרדענונג
מאַכען. מיט'ן „ליפט" „ט" אויף אייער קאָרידאָר רעכטס קענט
איהר גלייך דאָרט אַרונטערפאָהרען.

אַ גרוסער, ליכטיגער זאַל איז דער קעלער געווען. פיעל דיקע
ווייסע זיילען, האָבען דעם געוועלב אונטערגעהאַלטען. דער ווייַ-
סער מאַרמאָרנער פאַל איז געווען אויסגעלעגט מיט אַ באָרדיור פון
רויטע און געלע מאַרמאָר. די ווענט אין געוועלב האָבען געבליש-
טשעט פון עלעקטרישען ליכט אויפ'ן ווייסען פאַרצעלען מיט בלאָהע

צייכענונגען פארציערט. צוויי גרויסע באסיינען זיינען דארטען געווען, וועלכע האבען געקאכט פון שווימענדע מענשען. ביי די פיעל קראנקע און פאנטאגען האבען זיך מענשען געוואשען. אנ-דערע — זיינען געלעגען אויף די מארמארנע בענק. מען האט זיי מאסאזשירט. אנדערע, האבען גימנאסטיק געמאכט און אנדערע, רוהיג געטרונקען פון די פארשיידענע געטרענקע. וואס א דיענער האט אויף א טאץ ארומגעטראגען. אלע זיינען אין קורצע באדע-הויזען געגאנגען.

ליגענדיג אויפ'ן מארמאר - באנק, האט מיר דער מאסא-זשיסט געזאגט, טאפענדיג, אהנע צערעמאניע, מיט'ן פינגער, מיין בויך:

— איהר מוזט, מיין הערר, מעהר געהען, פארזיכטיג זיין מיט'ן עסען. איהר קריגט א דיקען בויך.

מיר האט בעליידיגט זיין טאן און דעם ארט טאפען מיט'ן פינגער. מיט א פארדריסליכע שטימע האב איך איהם געזאגט:

— זיין אזוי גוט, אהן פינגער. טהוט אייערע ארבייט אהן מיר עצות צו געבען. איהר וועט פאר מיר ניט דארפען מיין בויך טראגען. —

ער האט מיר פארוואונדערט אנגעקוקט מיט צער געזאגט:

— עס טהוט מיר זעהר לייד, מיין הערר, דאס איהר האט מיינע ווערטער פאר א באליידיגונג אנגענומען. מיין פפליכט איז, אלס מאסאזשיסט, מיינע קליענטען צו באמערקען, ווען זייער קערפער הויבט אן צו פארליערען זיינע נאטירליכע שעהנע פאר-מען אדער ריכטיגער, — געזונטע פארמען, ווייל איינע קען ניט זיין אהן די צווייטע. איך האב נאר מיין פפליכט ערפיעלט.

נאך'ן מאסאזש האט מען מיר א גלאז קאלטע פרוכטוויין גע-געבען, געוויעזען הינטערען פארהאנג צום פאריקמאכער אריינ-צוגהן, וועלכער האט מיר אויך בעקוקט פון קאפ ביז די פיס און געזאגט:

— זיי מוזען, אדוני, מיט אן ארצט זיך בעראטהען. אייער קערפער אנטוויקעלט זיך ניט נארמאל. ער פארליערט זיין נאטיר-ליכע פארמע.

איך האב איהם שוין גאר ניט באמערקט. געזעצט זיך אויפ'ן גרויסען שטוהל, ער זאל מיר מיינע האר מאכען.

דער פאריקמאכער האט דעם האנט פון שטוהל א דריק גע-

טהאָן. דער שטוהל האָט זיך אויף הינטען אָבגעוואָרפען. אויס־געגלייכט. איך בין ליגען געבליבען אין א האָריזאָנט ליניע. ער האָט מיין געזיכט מיט ווארעמע קאָמפּרעסען ארומגעלעגט, אין א פּאָר מינוטען שפּעטער, גענומען מאסאַזשירען. פון אָנפאַנג לאַנגזאַם און לייכט, נאַכהער, אַלץ גיכער און שטאַרקער. איך בין שוין פריי געווען, ווען ער האָט צוריק דעם שטוהל אויסגע־גלייכט. גענומען מיינע האָר ארומשעהרען. ווען ער האָט אויך מיט'ן באָרד געענדיגט, האָט ער געפרעגט:

— ניט וואָר, אַ ביסעל אָבפאַרבען די באָרד?

— ניין, ניין! האָב איך איהם גיך געענטפערט. איך וויל זיך ניט פאַרשטעלען פאַר א יונגען מענשען.

— ניט די פאַרב פון די האָר ווייזט די אַלטקייט פון מענשען. פאָר אייער געזיכט איז בעסער איין פאַרב פון די האָר, ווי די קליי־דער, גאַנץ שוואַרץ, אָדער גאַנץ ווייס. ווילט איהר פּרובירען?

— גוט.

ווען איך האָב מיר אין שפּיעגעל אָן אָנגעטהאָנענער געזעהען, האָב איך מיר צוערשט ניט דערקענט. די ווייסע לאַנגע קליידער, האָבען מיר העכער, שטאַרקער געמאַכט און מיין שוואַרצע באָרד מיט'ן מאָטען געזיכט האָבען מיינע אויגען א לעבעדיג־בליצענדען גלאַנץ געגעבען. ענערגיע מיט א שטאַרקען ווילען, האָט מיין גע־זיכט אויסגעדריקט. איך האָב זיך ענערגיש געפיהלט קוקענדיג אויף מיין געזיכט. אין גאַנצען באַנייט, געגרייט אָנצוהויבען א נייעם שעהנעם לעבען אין דער שעהנער שטאָדט ירושלם...



## ד.

א מעלאַדישער קול פון שופר, האָט מיר פריה אויפגעוועקט. די נייע ביכער מיט די פיעל ציימונגען, וואָס עס איז צעוואָרפען געלעגען נעבען מיר און אויף דער ערד, האָבען מיר דערמאָהנט אַלעס וואָס האָט מיט מיר נעכטען געטראָפען. א ליכטיגע פריידע, האָט מיר אין גאַנצען דורכגענומען. איך האָב מיר דערמאָהנט דאָס היינט ביי נאַכט איז שמחת בית השואבה, דאָס די לעהרע-רין האָט מיר איינגעלאַדען איהר גאַסט צו זיין. זי וועט מיר ווייזען די שמחה... ווי א לעבעדיגע איז זי פאר מיינע אויגען גע-שטאַנען. איהרע גרויסע, פרישע, יונגע אויגען קוקען אויף מיר נייגעריג פון אונטער איהר ברייטען הוט. איהר קינדעריש־ריינע מויל איז עטוואָס אָפען, ווי זי האָט זיך פאַרשעהמט. א רויטקייט האָט איהר סמאַגלע־מאַטע געזיכט באַדעקט...

פלינק האָב איך מיר אָנגעטהאָן. באַשלאָסען ניט צו וואַרטען ביז'ן נאַכט, געהן אין קינדער „גן-עדן". איך וועל איהר געוויס דאָרט טרעפען.

עס איז נאָך פריה געווען, ווען איך בין מיט'ן רולענדען טראָ-טואר געקומען צו די ירושלם'ער וואַסער-באַסיינען. פון דאָרט בין איך אין א פאָר מינוטען צו א לאַנגען פאַרקען, בעדעקט מיט פלעכ־טענדע גרינס, געקומען. רעכטס, איז א שעהנער, געשמידטער אָפענער טהויער, צו וועלכען איך בין צוגעגאַנגען. „גן-עדן לילדים" האָט אויבען גאָלדענע בוכשטאַבען געבליסטשעט. דער שומר ביי'ן טהויער האָט מיר געוויזען די ביורא, וואו איך דאַרף צוערשט אַריינגעהען.

אין ביורא איז נאָר א דינער געווען. ער האָט מיר געבעטען זיצען, אויפוואַרטען ביז דער אויפזעהער וועט קומען. דריי הערען און איין דאַמע זיינען שוין געזעסען. איך האָב נעבען זיי א פּלאַץ גענומען.

אַן עלטערער, האָט זיך מיר אַליין פאָרגעשטעלט:

— מיין נאָמען איז אריאל בן אוריה, וואהן אין קיעוו אלס אגענט פון אונזער סנהדרין.

— זעהר אנגענעהם מיט אייך באַקאַנט צו ווערען. איך האָב געוואָהנט אין דער גאַנצער וועלט, אַ נע-ונד'ניק, אַ רייזענדער, הייסט עס. איצטער, זיך באַזעצט אין ירושלם. בין אַ סקולפּ־טאָר — האָב איך פיעל אָנגערעדט, כדי מיין נאָמען ניט צו זאָ־גען. דער אלטער האָט די האנד הינטערען אויער גענומען, זיך אָב־געקעהרט מיט'ן אויער צו מיר און געזאָגט :

— אנטשולדיגט, איך האָב ניט געהערט. — ווי איז אייער נאָמען ?

— אנכי בן פלא ! — האָב איך שוין צו הויך געזאָגט.

אלע האָבען זיך אויף מיר ארומגעקוקט. כדי מען זאָל מיין אויסגעקלעהרטען נאָמען פארגעסען, האָב איך איהם גלייך גע־פרעגט :

— וועלכער אגענט זייט איהר אין קיעוו. די דיפּלאָמאַטישער אדער קאָמערציאַלער ?

— ניט איינער און ניט דער צווייטער. מיין מיסיע איז די דאָרטיגע אידען אראָבצוברייגגען אין ארץ-ישראל.

— וואָס טהוט איהר דערצו, איהר טהיילט שיפסקאַרטען, גיט אויף הוצאות ?

— ניין, ווער עס וויל פאָהרען, פעהלט איהם ניט קיין געלט. מיין אויפגאַבע איז מאַכען, דאָס מען זאָל ווילען פאָהרען. איך פארקויף אונזערע ביכער, קונסטזאַכען, רעקאָמענדיר אונזערע לעה־רערס פאַר זייערע שוהלען, מיהע זיך זיי זאָלען זייערע קינדער אין אונזערע שוהלען שיקען און, איבערהויפּט, נעהם איך פון זיי, אלע יתומים צו, אין דעם האָבען מיר זעהר פיעל דערגרייכט. נאָך מיט הונדערט יאָהר צוריק, נאָך די וועלט-קריעג, האָט מען אונז טויזענדער יתומים פון די געפאַלענע, געשיקט. מיר האָבען זיי פאַר קינדער פון גאַנצען פאָלק גערעכענט. די בעסטע ערציהונג געגעבען. פון יענער צייט אָן, שיקט מען אונז פון דער גאַנצער וועלט אידישע יתומים.

— עס פעהלט אייך בירגער פאַר ארץ-ישראל, אדער איהר ווילט נאָר אידען צו אייך צוציהען ?

— אונזער לאַנד, ביי אונזער אָרדענונג, קען אריינגעהמען דאָפּעלט פון דעם צאָהל, וואָס מיר האָבען שוין. זעלבסט-פאָר־

שטענדליך, דאָס, וואָס מעהר איינוואָהנער, איז פאַר אַלעמען בעסער. עס קומען צו אונז אויך ניט־אידען, ווייל זיי באַקומען ביי אונז אַלע רעכטע ווי אידען. נאָר אונז איז ווינשענד בעסער אידען זאָלען קומען, וועלכע, אַלס אידען, קענען זיך לייכטער מיט אונז איינלעבען, ווערען איין גוף.

דער אויפזעהער איז געקומען. אונז געפרעגט וואָס מיר ווינשען. דער יונגער מאַן מיט די פּרוי האָבען געזאָגט, דאָס זיי האָבען דאָ צוויי קינדער, וועלכע זיי ווילען זעהען. מיר דריי, האָבען געבעטען ערלויבעניש דעם גן-עדן צו זעהען. ער האָט אונז געגעבען דעם דיענער ער זאָל אונז באַגלייטען.

— איהר זייט ירושלם׳ער, — האָב איך ביי דער פּאָר פּאָלק געפרעגט.

— ניין. מיר זיינען פון באר־שבע — האָט דער מאַן געענט־פערט. מיר האָבען דאָרטען וויינגערטנער. אַלס עולי-רגל זיינען מיר געקומען אין ירושלם, ווילען מיר אונזערע קינדער, וואָס מיר האָבען אין „גן", זעהען.

— אויב איך שטערט ניט, געהען מיר מיט אייך, אייערע קינדער זעהען, — האָב איך פּאָר אַלעמען צו זיי געזאָגט. איך האָב געוואָלט זעהען ווי די קינדער וועלען באַגעגענען זייערע עלטערען.

די לעהרערין, צו וועלכע דער דיענער האָט אונז געבראַכט, האָט די פּאָר-פּאָלק געזאָגט, דאָס זייערע קינדער זיינען איצטער אויפ׳ן קינדער-יום-טוב. זי האָט אַלעמען איינגעלאַדען אַלס געסט צו די קינדער אין אַ גרויסען זאַל. האָט אונז אַוועקגעזעצט אויף די גאַלעריי, וואו עס זיינען שוין איניגע געזעסען.

נעבען אונז איז אַ דאַמע געזעסען. זי האָט זיך אַלס לעה־רערין פון גן-עדן פאַרגעשטעלט און אונז, מיט אַ גליקליכע שטאָלצ־קייט, דערצעהלט:

— אַלעס, וואָס איהר זעהט דאָ, איז פון אונזערע קינדער אַליין געמאַכט. איהר זעהט די אַלע פּאַרטרעטען אויף די ווענט, דאָס איז פון די קינדער געצייכענט. די לעהמענע סקולפּטורען, דאָס האָבען זיי מאָדעלירט. באַטראַכט גוט די גרויסע קאָמפּאָזיציעס מיט קאָלירטע בליישטיפטען, דאָס איז צייכענונגען צו אחי-טוב׳ס נייע מענשעלאַך. דאָס האָט אַ מיידעלע פון אַכט יאָהר געמאַכט. נאָך יומטוב וועט זי אין „בצלאל" אריינגעהן. און די קאַריקאַטו־רען, דאָס איז אויך פון די קינדער זעלבסטשטענדיג געצייכענט.

די אַלע פּאַרציערונגען, וואָס דאָ איז פאַרהאַן אין זאַל. די פּאַר־ביגע, פּאַפּיערענע לאַמטערנעס, די קייטען און איבעריגע זאַכען, האָבען די קלייניטשקע מיידלאַך געמאַכט. מיר לעהרער האָבען גאָר ניט באַדאַרפט וויסען. דאָס גאַנצע יום-טוב איז פון זיי פאַר אונז אַ סורפּריז, מיר זיינען איצטער זייערע געסט.

איך האָב מיט מעהר אינטערעס גענומען באַקוקען אונטען דעם זאַל, ווי די קינדער האָבען אַליין זייער חגיגה געמאַכט. ווי ווער בייזי זיי אָרדענונג זיין אָהן די הילפע פון די לעהרער.

אונגעפעהר פינף הונדערט קינדער, זיינען דאָרט געווען. פון פיער יאָהריגע ביז צוועלף. די קליינע זיינען פאָראויסגעזאַנגען, צווישען זיך שטיל גערעדט נאָר געשאָקעלט מיט די נאַקעטע פיסע-לאַך. מען האָט געמערקט, דאָס עס איז זיי ניט אַזוי לייכט רוהיג צו זיצען. עס ווילט זיך אַ ביסעל לויפען, אונטערשפּרינגען, נאָר עס פּאַסט ניט... די גרעסערע האָבען געקוקט אויף די אויסגע-שטעלטע בילדער, זייערע מיינונגען אַרויסגעזאָגט. און אין ווינ-קעל, האָט אַ לעבעדיגער אינגעל מיט אַ לאַכענדיגען פּנים׳על, עט־וואָס קאָמישעס דערצעהלט. די אַרומיגע קינדער האָבען מיט אַ פרעהליכער געלעכטער אויסגעבראָכען... דער שטרענגער קוק פון זייערע עלטערע חברים, האָט זיי גלייך אָבגעשטעלט.

עס האָט זיך געהערט אַ קול פון אַ שופר הינטער דער ביהנע. אַלע קינדער זיינען רוהיג געבליבען, מיט נייגעריגקייט געקוקט אויפ׳ן פאָרהאַנג, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם פּאַנאַנדערגערוקט.

אַ גרופּע קינדער זיינען אויף דער ביהנע געווען, אין איין כאָהר אַ לויב-ליעד געזונגען, וועלכע האָט זיך געגאָסען ווי דער געזאַנג פון פויגעלאַך אין פרייען מאָרגען, ווי אַ תפילה אין די הוי-כע בערג ביי מאָנד-שיין... זייערע קינדערשע שטימען האָבען מיט די איידעלע טאָנען פון פליטען און ציטערדיקע קלאַנגען פון האַר-פען געקלונגען... איינציגווייז האָבען די קינדער פון זאַל גענומען מיט-זינגען. ביי׳ן ענדע, האָבען שוין אַלע אין אַ הערליכען האַר-מאָנישען כאָהר, ווי אין טעמפּעל געזונגען.

נאָך׳ן געזאַנג האָבען אַ גרופּע קינדער, גימנאַסטיק געמאַכט. נאָך דעם האָבען, צו מיין באַוואונדערונג, די קינדער אין ציעל געשאָסען אויף ברענענדיגע ליכט און פּירות אויפגעהאַנגע-האַנגענע אויף פאָדעם. פיעל קינדער, וועלכע זיינען אונטען גע-זעסען זיינען אויף דער ביהנע אַרויף אויך אַן אַנטהייל נעהמען

אין שיעסען. נאָך דעם האָט מען אויף דער ביהנע מאַלבערטען מיט מאָדעליר-טישען געבראַכט און אַ פּאָר צעהנדליג קינדער האָבען געצייכענט פּאָרטרעטען פון באַריהמטע מענער, לאַנדשאַפטען, קאַ־ריקאַטורען מאָדעלירט פאַרשיידענע טהירען. אַלץ וואָס זיי האָ-בען געמאַכט, האָט מען גלייך אויף די ווענט פון ביהנע אויסגע-האַנגען אַ גאַנצע אויסשטעלונג געמאַכט.

נאָך'ן צייכענען, האָבען אייניגע דעקלאַמירט. אַ אינגעלע מיט אַ מיידעלע האָבען, מיט פיעל הומאָר אַ קאָמישע סצענע פאָר-געשטעלט. אייניגע קינדער פון אונטען האָבען מיטגעהאָלפען, דאָס האָט אַלע קינדער נאָך פרעהליכער געמאַכט. די פּאָר-פאָלק פון באר-שבע, האָבען אין די מיידעלע זייער קינד דערקענט. דער פאָטער האָט שטאַרק אַפּלאָדירט. די מוטער האָט געוויינט פאַר שמחה.

נאָך דעם האָט אַ מיידעל פון ביהנע אויסגערופען.

— קינדער, ווער עס וויל טאַנצען, זאָל זיך אַ דאַמע נעה-מען אויף דער ביהנע קומען !

פיעל קינדער זיינען פרעהליך אויף דער ביהנע אַרויפגעלאָפען. פון הינטער די קוליסען האָט זיך מוזיק געהערט דער טאַנץ האָט זיך אָנגעהויבען. דאָס איז גיכער אַ פּאַכטאָמימיע געוועזען, וואו מיט בעוועגונגען, מימיקע האָבען זיי גאַנצע סצענען פאָרגעשטעלט. לעבענדע בילדער פון פאַנטאַסטישע מערכען. די קינדער פון אונ-טען האָבען אָפט פאַרשיידענע נעמען אָנגערופען. די מערכען איז זיי, וואהרשיינליך, באַקאַנט געווען. זיי האָבען זעהר פיעל אַפּ-לאָדירט. געבעטען נאָך אַ מאָהל טאַנצען און פיעל אויף דער ביה-נע אַרויפגעגאַנגען. גענומען די פלעצער פון די שוין מיעדע. ווען דער טאַנץ האָט זיך געענדיגט, האָט מען ווייטער אָנגעהויבען צו שרייען „נאָכאַמאָהל ! ” „נאָכאַמאָהל ! ” מען האָט אָבער אַ צער־טעלע מיט'ן אויפשריפט „אַנטראַקט אַ האַלבע שטונדע” — אַרויס-געשטעלט.

— די לעהרערין, וואָס איי נעבען אונז געזעסען, האָט מיט מוטערלכע ליעבע געזאָגט :

— די קינדער זיינען ווי די ציגעלאָך : זיי ווערט ניט מיאוס אַ גאַנצען טאָג צו שפּרינגען.

אונטען, האָבען די גרעסערע קינדער פאַנאַנדערגעטראָגען גע-בעק, פרוכטען און געטראַנקען. פריהער געגעבען די קלענסטע,

ביז צו די גרויסע, דערנאָך אויך אונז געבראַכט. מיר האָט א מיידעלע, וויינטרויבען געבראַכט און ליעב געזאָגט:

— נעהמט, אַנקעל, מיינע וויינטרויבען זיי זיינען זיסע, פון אונזער חברון האָט מען זיי געשיקט.

נעהמענדיג, האָב איך איהר געפרעגט.

— שלום, קליינע. ראָבט זיך דאָס נעכטען האָב איך מיט אייך און אייער לעהרערין געזעהען די עולה-רגל.

— ניין, אַנקעל. דאָס איז ניט געווען אונזער גרופּע מיט אונזער לעהרערין. מיר האָבען מיט צוויי טאָג צוריק שוין געזעהען די עולה-רגל.

די לעהרערין האָט מיר געפרעגט דעם נאָמען פון די לעהרערין, מיט וועלכע איך האָב די עולה-רגל געזעהען.

— דעם נאָמען ווייס איך ניט, נאָר זי איז א הויכע, נאָך א יונגע דאַמע מיט שעהנע, שווארצע אויגען. איך וואָלט וועלען איהר דאָ טרעפען.

— צווישען טויזענד פינף הונדערט לעהרערינען וואָס אין גן-עדן געפינען זיך, זיינען, ניט ווייניג, יונגע מיט שעהנע, שוואר-צע אויגען דאָ. אייער שעהנער סימן איז ניט בעזאָנדערענס. אייך וועט שווער זיין איהר געפינען, ווען איהר ווייסט ניט קיין נאָמען.

אין אונזער גן-עדן געפינען זיך העכער ווי הונדערט-טויזענד קינדער. לעהרער פערסאָנאַל אליין איז מעהר ווי צוויי טויזענד. פיעל וואָהנען אין „גן". דער גאַנצער פערסאָנאַל, איז נאָהענט פון דריי טויזענד.

— דאָס איז דאָך א גאַנצע שטאָדט, א גאַנצע אַרמעע סאָל-דאַטען. דאָס מוז דאָך שרעקליך פיעל קאָסטען?

— אונזער יאָהרליכער ביודזשעט איז אומגעפעהר פופציג מיל-יאָן שקלים. אָבער דאָס איז ניט פיעל. די ערציהונג פון יעדען צוקינפטיגען בירגער קאָסט אונז, אונגעפעהר, פינף הונדערט שקלים א יאָהר. פאַר פערצעהן יאָהר — זיבען טויזענד. צוויי יאָהר פון אַכטצעהן ביז צוואַנציג יאָהר עלטער, מוז יעדער אומ-זיסט אַרבייטען. דערמיט באַצאָהלט ער צוריק אונגעפעהר דריי טויזענד — די איבעריגע פיער טויזענד, האָט יעדערער א קרעדיט ביי'ן פאָלק, צו באַצאָהלען אין פאַרלויף פון דרייסיג יאָהר, צו הונדערט פינף און דרייסיג שקלים א יאָהר, איז דאָך זעהר לייכט, זיינע איינטראָגע פון צעהן טעג יאָהרליך, וואָס יעדער גיט פאַר

פאָלקס-אונטעררינכט איז די הונדערט פינף און דרייסיג שקלים שוין ווערטה.

— אָבער ניט אַלע קענען זייער שטודיום ענדיגען ביז אַכט-צעהען יאָהר און ניט אַלעמענס צעהן טאָג ארבייט איז ווערטה הונ־דערט מיט פינף און דרייסיג שקלים ?

— קיינער לעהרענט ניט מעהר, ווי ביז אַכטצעהען יאָהר. צוויי יאָהר, אַהן אַ באַזונדערע סיבה, בלייבט מען ניט אין איין קלאַס. ווען איינער האָט קיינע פעהיגקייטען, לעהרענט ער אַ לייכטערע זאַך, נאָך זיינע פעהיגקייטען, אַ מלאכה אָדער ערד-ארבייט, דאַן קאָסט ער אונז ווייניגער, האָט ווייניגער צו צאָה-לען. אויסער דעם שאַפט דאָך יעדער מענש אין פאַרלויף פון זיינע דרייסיג אַרבייטס-יאָהרען. מיר האָבען פון איהם פאַרדיענסט. אַלץ געהט דאָך דורך אונזער האַנד דורך. און די בעסטע יאָהרען, ווען ער האָט שוין פּראַקטיק. צו פופציג יאָהר, גיט ער אונז אויך פינף יאָהר. נאָך זיין טויט איז דאָס פאָלק אויך זיין יורש. מיר ווערען ניט אָרעמער פון נייע בירגער, נאָר רייכער.

— איך האָב באַמערקט דאָס אַלע קינדער האָבען ריכטיג מיטגעזונגען. לעהרענט מען אַלע קינדער זינגען ?

— זינגען, ווי ריידען, קען מען יעדען נאָרמאַלען קינד אויס-לעהרנען זעלבסט פאַרשטענדליך, ניט אַלע זיינען קינסטלער, ווי ניט אַלע זיינען ארטיסטען.

— אָבער צו זינגען מוז מען האָבען אַ שטימע און אַ געהער ?

— אויך צום ריידען, מוז מען דיביידע האָבען פון גע־בורט און שפּעטער אַנטוויקלען. מיר גיעבען אָב פיעל מיהע צו אַנטוויקלען, ווי ווייט מעגליך, די געבאָרענע חושים פון קינד. מיר לעהרנען אַלעמען זינגען, דעקלאַמירען, טורנען, טאַנצען, צייכענען, אפילו ציעלען מיט געוועהר, וועלכע איז זאַנסט שטרענג פאַרבאָטען צו געברויכען, נאָר צוליעב זיך געוואָהנען בעהערשען מיט די נערוועז און אַ רוהיגע, ריכטיגע אויג אויסבילדען. דאָס אַלעם אזי נויטהיג ניט נאָר צו אַנטוויקלען נאָרמאַל דעם קערפּער, אויך פאַר'ן גייסט. דאָס לעהרענט דעם קינד, טיעף פיהלען, רו-היג, לאָגיש דענקען, וואָס ברייננגט צו דעם הויפּט ציעל — לע-בען.

— אָבער, דאָס נעהמט דאָך אויך פון קינד פיעל צייט. אין

פיזישע אַנטוויקלונג שוואַכט אָב זייןאינטעלעקטועלע פעהיגקיי-
טען. די איידעלע פילזאַמקייט פון זיינע נערוועז ?

— אזא מיינונג האָב איך געלעזען ביי די אַלטע פעדאַגאָגען פון פאַריגען יאהרהונדערט. דאָס איז ריכטיג געווען פאַר זייער צוועק, פאַר דעם צוועק פון די דעספאָטישע רעגיערונגען, ווייל זיי האָבען געזוכט צו אַנטוויקלען נאַר זכרון, שפיציגע איינפאַלען, סענטימענטאַליטעט און געדולד. מיר אַנערקענען זכרון — פאַר׳ן שכל פון נאַראָנים. די אַלע כיטרע איינפעלע — קרומען מח און קראַנקען יושר. סענטימענטאַליטעט — צושיטערטע נערוועז און געדולד — א נידעריגע שקלאַפישען געפיהל... מיר זוכען פון צו-קינפטיגען בירגער: זיי זאָלען א געזונטען, גלייכען פאַרשטאַנד האָבען; רוהיג, לאָגיש דענקען: טיעף, פון הארצען אַלעם פיהלען, ווי ער וואָלט דאָס אַליין איבערלעבען. זעהען אין צ ו ו י י ט ע ן מענשען ז י ך אליין, און א שטאַרקען ווילען... פון די אַלע „וויסענשאַפט", מיט וואָס מען האָט דאַן פאַרשטאָפּט דעם קינד׳ס מח מיט׳ן הארצען, זיינען אונזערע קינ-דער פריי. ביי אונז לעהרענט מען ניט די כראָנאָלאָגיע פון יענע „גרויסע" מענשען, דעם גענויען רעכענונג, ווי פיעל מענשען ער האָט אויסגע׳הרג׳עט און שטעדט פאַרברענט... אונזערע קינדער לעהרנען דעם תוך פון היסטאָריע, איהר נשמה. דאָס, וואָס גיט דעם מענשען א היסטאָרישען קוק אויף די פּאַסירונגען פונ׳ם לעבען... מיר לעהרנען אויך נישט די דעטאַלען פון געאָגראַפיע דער גאַנצער וועלט-קוגעל, ניט הויכע מאַטעמאַטיקע, ניט נאַ-טור-וויסענשאַפט אין אַלטע פראָגראַמע. אויך ניט ווי א מאָהל, לי-טעראַטור און אַנדערע אַזעלכע וויסענשאַפטען, וואָס האָט ביי׳ן יוגענד זיינע יאָהרען אָוועקגענומען און גאַנץ גיך שפּעטער פאַר-געסען... מיר האָבען דאָס אַלעם איבערגעלאָזען פאַר ספּעציאַ-ליסטען. מיר לעהרנען דעם בילד פון ערד-קוגעל צו פאַרשטעהען און זיין אַנטוויקלונג... צו דענקען מאַטעמאַטיש. פ אַ ר-ש ט ע ה ן, ז ע ה ע ן די נאַטור, כדי איהר צו ל י ע-ב ע ן און דורך ליטעראַטור צו פ אַ ר ש ט ע ה ן דעם מענשען׳ס נשמה, זיינע טיעפע געפיהלען פון ה אַ ר צ ע ן, כדי אַ ל ע מ ע ן צ ו ל י ע ב ע ן ו ו י ז י ך„ ואהבת לרעך כמוך", האָט אונז די הייליגע תורה געלעהרענט. דאַריבער איז אונז לייכט איינוואָרצלען ביי אונזערע קינדער דעם

הויכען געפיהל אהן וועלכע עס קען ניט עקזיסטירען א גערעכטיגע געזעלשאפט, — דאנקבארקייט... דאמיט, דאס דער געפיהל ליעגט שוין ביי אונזערע בירגער טיעף אין הארצען, ווי איינגע־זויגען מיט די מילך פון זייער מוטער, האבען מיר דערגרייכט, דאס עס גיט ביי אונז זעהר ווניג פארברעכער. אונזערע ערטצטע ער־קלעהרען יעדען פארברעכער, פאר א קראנקען. ער ווערט אין „ערי מקלט" געשיקט צום היילען. א נארמאלער מענש ביי אונז, זאגען זיי, קען קיין פארברעכען טהאן. אויך צוליעב, דעם הוי־כען געפיהל פון דאנקבארקייט, שטעהט ביי אונז הויך כבוד אב ואם, כבוד צו די עלטערען און לעהרער, וועלכע רעכענען זיך ביי אונז אלע וועלכע האבען פארדיענט דעם גרויסען נאמען „רבי" צו טראגען.

איך האב מיט אנטציקונג געקוקט אויף די רוהיגע, שעהנע פרוי, וועלכע האט מיט אזוי פיעל טיעפען איבערצייגונג, וועגען אזעלכע הויכע אידעען גערעדט. איך האב מיר ניט געקענט איינ־האלטען מיין נייגעריגקייט און געפרעגט:

אנטשולדיגט, דאס איך ערלויב מיר אייך צו פרעגען. זיי־נען זיי שוין לאנג א לעהרערין אין „גן" ? און אויך, ווען מעגליך צו פרעגען, זיינען זיי פארהייראט ? האבען זיי קינדער ?

— ווי איז דאס א פרוי אין מיינע יאהרען ניט פארהייראטה ? ווי קען א געזונטע פרוי קיינע קינדער האבען ? מיר האבען שוין א זוהן אויך א לעהרער אין „גן". פיער קינדער האבען מיר. מיין מאן איז אויך דא א לעהרער. ליעבע צו פעדאגאגיע האב איך נאך בירושה פון מיין זעליגען פאטער. ער איז געוועזען פראפעסאר אין „יבנה". עס איז שוין זעקס און צוואנציג יאהר, זינט איך בין א לעהרערין אין „גן". די זיבעצטע יאהר בין איך דאן געוועזן.

איך האב מיר געוואונדערט, דאס זי זעהט אזוי יונג אויס, נאר גאר נישט געזאגט, זי זאל דאס פאר א קאמפלימענט ניט אנ־נעהמען. אבער זי האט מיט א שמייכעל מיר אליין געזאגט:

— איהר וואונדערט זיך, דאס איך זעה אזוי יונג אויס ? דאס האב איך צו פארדאנקען די קינדערלאך פון „גן". אין זייער געזעלשאפט מוז מען אויך יונג בלייבען. ניט וואהר ? ליעבע, זיסע קינדער ? — האט זי מיט א מוטערליכען שטאלץ מיר געזאגט און מיט'ן האנד, אונטען, אויף די קינדער געוויזען.

און אונטען האבען איך א גרויסע פאמיליע געזעהען, וואו

די לעהרער און לעהרערינס זיינען עלטערע ברידער און שוועסטער געוועזען. די קינדער האָבען לעבעדיג גערעדט, פרעהליך געלאַכט, מיט אומגעדולד געשאָקעלט מיט די פיס. אַ מיידעלע, אַ יאָהר זיעבען מיט אַ דיקען אינגעלע פון פינף יאָהר, זיינען לעבעדיג צו אונז אַרויפגעלאָפען. זיך געוואָרפען אויפ'ן האלז די פרוי פון באר-שבע. די מוטער האָט געוויינט, געקושט איינעם נאָכ'ן צווייטען. דער פאָטער האָט נאָר צופריעדען געשמייכעלט, אָם ענדע גוט-מוטהיג געזאָגט:

— גענוג, מאַמע. גיעב דאָך מיר אויך די חברה אַ קוש געבען. קינדער! דעם טאַטען האָט איהר פאַרגעסען? ער האָט זיי אויף די קניה געזעצט, געקושט און געפרעגט:

— קינדער, איהר ווילט אַ היים פאָהרען?

— מיר זיינען דאָך ביי אונז אין דער היים, דאָ איז דאָך ביי אונז? — האָט די מיידעלע געזאָגט.

— ווילסט דו, עדה, גאָר ניט ביי אונז אין באר-שבע? דאָרט איז דאָך דאָ דער טאַטע, די מאַמע און דיין קליינער ברו-דער, יריב!?

— ניין, טאַטע. אין גן-עדן איז בעסער. קום דו, די מאַמע מיט יריב'ן אויך צו אונז. מיר וועלען זיך אַלע שפּיעלען מיט אונ-זערע גברת. — האָט זי, לאַסטשענדיג זיך, געזאָגט. מיט איהרע הענטעלאַך זיין באָרד פונאַנדערגעמאַכט.

— און דו, נתן, וואָס זאָגסט דו, ווילסט דו געהן צו דיין מאַמען?

דער קליינער האָט אַרונטערגעלאָזען דעם טאַטען'ס זייגער, מיט וועלכען ער האָט זיך געשפּיעלט, און ערענסט געזאָגט:

— מאַמע, קום צו אונז. דו וועסט אויך אַ גוטע גברת זיין.

— דו ביזט אַ חכם. — האָט דער טאַטע לאַכענד געזאָגט. — הערסט דו, מאַמע, וואָס דיין גרויסער זוהן ראַטה דיר? ווי איך זעה, בייַנקען זיי ניט פיעל נאָך אונז.

— אָבער איך בייַנק — האָט די פרוי טרויעריג געזאָגט.

— מען טהאָר ניט זיין אַזוי עגאָאיסטיש. קינדער זיינען ניט

— מען טהאָר ניט זיין אַזאַ עגאָאיסט. קינדער זיינען ניט קיין שפּיעלצייג. מיר מוזען דענקען וועגען זייער טובה. דאָ וועלען זיי גוטע מענשען אויסוואַקסען. — די מוטער האָט מיט אַ באַ-לייידיגטען טאָן געזאָגט:

— איך וועל שוין וועגן זיי זאָרגן. ווער איז נאָך אַזוי נאָ-
הענט, ווי אַן אייגענע מאַמע ?

— ווייל דו ביזט נאָהענט, ווייסט דו זייער כאַראַקטער פאַר־
דאַרבען. אהבה מקלקלת את השורה, האָבן אונזערע חכמים גע-
זאָגט. דו טהאַרסט זיך ניט צוטרויען אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכע זאַך,
ווי קינדער ערציהען, אויסבילדען דעם צוקונפטיגען מענשען, זיי-
ער גליק אין דיינע הענט צו נעהמען. זיי מוזען דאָך ביי דיר ענגאָ-
איסטען אויסוואַקסען, זעהענדיג, דאָס דו זאָרגסט פאַר זיי מעה-
רער אַלס פאַר אַנדערע. און ווען דו ביזט שוואַך און ביינקסט,
טהו וואָס אונזער קליינער נתן האָט דיר געזאָגט: ווער אַ לעהרע־
ריז אין גן-עדן. אין זעקס מאָנאַטען אַרום באַדאַרף מען יריב'ען
אויך אין „גן" אַבגעבען. פאַרבלייב דאָרט אויך אויף אַ קורצע צייט,
ביז דו ווייסט זיך, ווי דיין שוועסטער איבערציינגען, דאָס פאַר
די קינדער איז בעסער דער גן-עדן.

דער שופר האָט געבלאָזען. די קינדער האָבען געשווינדט גע-
קושט די עלטערען, אונטען אַרונטערגעלאָפען. דער פאָרהאַנג האָט
זיך לאַנגזאַם פאַנאַנדערגערוקט.

אַ גרינע לאַנקע, ביי אַ פאַרוואָקסענע סאַזשעלקע אין אַ געדיכטען
וואַלד, בעלויכטען פון מאַנד-שיין-ליכט, האָט די ערשטע סצענע
פאַרגעשטעלט. פונ'ם לעבען פון חיות, פויגעל, בלומען און פלאַנ-
צונגען, האָבען די קליינע אַרטיסטען געשפּיעלט... אַ פאַנטאַסט-י
שער טרוים האָב איך געזעהען... ווי מלאָכים-שפּראַך, האָבען די
שעהנע העברעאישע פערזען געקלונגען. ווי גן־עדן בעשעפּענישען
און גן-עדן בלומען, זיינען די קינדער געווען...

אַזוי זינגט מען, אַזוי טאַנצט מען, אַזוי לעבט און ליעבט מען
נאָר אין גן-עדן !..

ווי איך וואָלט זיך פון אַ שלאָף אויפגעכאַפּט, האָב איך, פּלוצ-
לינג, געהערט דעם שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטען. איך האָב אפילו
פאַרגעסען אליין אויך צו אַפּלאָדירען... אריאל בן אוריה, וועל-
כער איז נעבען מיר געזעסען, האָט מיר, מיט אַ ציטערדיגען קול,
געזאָגט:

— די הערליכע מערכען איז דער נייער ווערק פון בן תמר.
ער איז אַ נייער אויפגעהענדער שטערען אויף אונזער ארץ־ישראל
הימעל. ער איז נאָך גאַנץ יונג, קוים דרייסיג יאָהר אַלט.

איך האָב איהם גאָר נישט געקענט ענטפערען. איך האָב מיר

קוים איינגעהאַלטען ניט צו וויינען פון אַנטציקונג...

בן אוריה האָט אויף מיר מיט זיינע גוטע, ערענסטע קלוגע אויגען, געקוקט און, ווייך, געזאָגט:

— קומט אויפ'ן פרייען לופט, דאָ איז צו היים. — מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען.

— זיצט, — האָט ער מיר אויף אַ באַנק אין שאָטען געוויעזען. אַליין זיך אויך אַוועקגעזעצט גלייך געגומען ווייטער ריידען.— זאָגט, איהר זייט דאָך, ווי איהר דערצעהלט, געוועזען גן-ונד אין דער גאַנצער וועלט, גיט עס נאָך אַזאַ אינטערעסאַנטע שטאָדט, ווי ירושלים? — ניט וואַרטענדיג אויף מיין ענטפער, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— אוירה דירושלים מחכים, די לופט פון ירושלים מאַכט קלוג, האָבען אונזערע חכמים געזאָגט איז דאָס ניט אמת? וואו ווערט איהר אַזעלכע קלוגע קינדער זעהען? וואו ווערט איהר פון אַ לעה-רערין אַזעלכע טיעפע, ליכטיגע געדאַנקען הערען? וואו ווערט איהר זעהען אַן ערדאַרבייטער, אַ וויינגערטנער מיט אַזאַ געזונטען פאַרשטאַנד? איך וואָהן אין קיעוו, איינע פון די אינטעליגענ־טעסטע צענטער אין די פאַראייניגטע סלאַווישע רעפּובּליקען, לעב צווישען אינטעליגענטע מענשען, געלעהרענט אין „יבנה”. מיין פרייע צייט גיעב איך אָב צום לעזען, און יעדעס מאָהל, ווען איך קום אין ירושלים, פיהל איך מיר ווי אַ דאַרפסמאַן... געבענשט זיינען די, וועלכע קענען נעבען דיר, הייליגע שטאָדט ירושלים, וואָהנען! האָט ער מיט אַ טאָן פון אַ תפלה, געענדיגט.

איך האָב נאָך אַליץ ניט געקענט קיין וואָרט אויסריידען. די געטליכע קראַפט פון אמת'ע שעהנהייט, האָט מיר ווי פאַרשטיי-נערט, אַלע חושים פון מיר אַוועקגענומען. עס האָט מיר נאָר גע-צויגען צו די שעהנע וועלטען, וועלכע זיינען נאָך פאַר מיינע אוי-גען געשטאַנען...

דער גוטער אַלטער האָט אויף מיר אומרוהיג געקוקט. אָהנע ווערטער, מיר פאַר'ן האַנד גענומען. צום פאַנטאַן צוגעפיהרט. מיט קאַלטע וואַסער מיר ד' געזיכט אָבגעוואַשען, געגעבען די קאַל-טע וואַסער צו טרינקען.

איך בין צו זיך געקומען מיט אַ שולדיגע מינע, האָב איך ביי איהם מחילה געבעטען, דאָס איך האָב איהם באַמיהט.

— עס מאַכט ניט — האָט ער פרעהליך געזאָגט. — איצ־

טער איז גוט. מיר ווע̇לען עסען געהן. וואו עסט איהר ? וואו האָט איהר געפריהשטיגט ?

— איצטער האָב איך מיר דערמאָהנט, דאָס איך האָב נאָך ניט געפריהשטיגט. איך האָב איהם לאָבענד געזאָגט, דאָס איך האָב היינט פארגעסען צו פריהשטיגען ער איז אומרוהיג געוואָרען און מיט אַ פאָטערליכען באַזאָרגטע שטימע געזאָגט :

— דאָס איז ניט גוט. ווייסט איהר ניט. דאָס אין ירושלים מוז מען גלייך ווי מען שטעהט אויף עסען ? פּת שחרית, דאָס איז די ערשטע זאך. דער באָרג־לופט שוואכט אָב, ווען דער מאָגען איז ליידיג. איצטער פאָהרען מיר מיטאָג עסען. נאָך דעם, ווען איהר ווילט, וועל איך אייך פיהרען אין עמק בנימין, וואו עס איז היינט ביי די טורנער אַ קאָנקורס. מיינע צוויי זיהן, נעהמען אין דעם אנטהייל. דער עלטערער, רבי אלישוב, שוין אַ באַריהמטער געלעהרטער פון „יבנה", און אַ טאַטע, וויל אויך אַ שמשון ווערען. אין ירושלים ווערט מען גאָר קיין מאָהל אַלט, — האָט ער פרעהליך, געענדיגט. מיר אונטערען אַרעם גענומען, צום רולענדען טראָטואַר צוגעפיהרט.



## ה.

אויפ׳ן וועג פון בית לחם בין איך מיט בן אוריה׳ן געפאָהרען. ער האָט אַליין זיין אויטאָ געפיהרט. — יום־טוב — זאָגט ער, מוז׳ן געבען דעם שאָפער רוהען. פאַר מיר איז דאָס ניט קיין מלאכה, נאָר פאַרגעניגען, לכבוד יום-טוב. — מיר האָבען דורכגעשניטען דעם שעהנעם קוואַרטאַל „תלפיות". אויפ׳ן באַרג האָט ער אָבגע-שטעלט דעם אויטאָ. געוויעזען רעכטס, מיט׳ן האַנד.

— קוקט, אדון בן פּלא, אויף די הערליכע פּאַוויליאָנען אויפ׳ן צווייטען באַרג, דאָס איז אונזער יאהרליכע אַגריקולטורע אויס-שטעלונג. דאָ ברענגט מען די בכורים פון גאַנץ ארץ-ישראל. די בעסטע בהמות, עופות, פּלאַנצונגען און זוימען, ווערט פון די רעגעירונג אָבגעקויפט. מען צוטהיילט דאָס איבער גאַנץ ארץ־ישראל. דאַריבער שטעהט אונזערע אַגריקולטורע זעהר הויך. אויף די אויסשטעלונג גיבט עס קאָנגרעסען פון פאַרשיידענע אַרטעלען פאַר פערד, קיה, שאָפען, ביהנען און פויגעלצוכט. „כרמל", „פּרדס", „משביר", „בושם", „שקד" און אַנדערע אַגריקולטור אַרטעלען. אויך גיט עס אין די צייט פון די אויסשטעלונג אויף די אַלע זאַכען קורסען. דריי מאָהל אין יאָהר איז די אויסשטעלונג, אין די דריי יום-טובים, וואָס עולה-רגל קומען: פּסח און שבועות, ווען מען ברענגט פיעל בלומען פאַר פאַרפיום פאַבריקאַציע, שמעקט גאַנץ ירושלם, ווי אַ גן-עדן. און פיער יאָהר אַרום האָבען מיר אַ וועלט־אידישע-אויסשטעלונג, צום הונדערטען יאָהר באַפרייאונג ירושלם. די אויסשטעלונגס קאָמיסיע אַרבייט שוין פון פאַריגען יאָהר. עס וועט עטוואָס באַזאָנדערס זיין. מיר ערוואַרטען געסט פון דער גאַנצער וועלט.

— וואו וועלען די אַלע מענשען וואָהנען ?

— שוין פון לאַנג האָבען אונזערע חכמים געזאָגט, דאָס ארץ-ישראל, רופט מען ארץ-הצבי אַזוי ווי ביי דעם הירש ציהט זיך זיין פעל אויס, ווען ער ווערט דיקער, אַזוי ווערט ירושלם גרע-סער, ווען מעהר מענשען קומען... ווייסט איהר, דאָס אויף די

יום־טובים האָבען מיר אין ירושלם מעהר ווי דריי מיליאָן געסט אליין, אויסער נאָהענט איין מיליאָן אייגענע איינוואָהנער ? פאַרגעסט אויך ניט, מיר האָבען אַזעלכע גוטע באַוועגונגס-מיטעל, דאָס איהר קאָנט וואָהנען בענאָהע אין גאַנץ ארץ-ישראל און זיין טעגליך אין ירושלם אויף די אויסשטעלונג. דאָן, איז מעגליך זעקס-זיעבען חדשים אין צעלטען צו וואָהנען, אָט ווי די האָבען פון צעלטען גאַנצע שטעדט אין איין נאַכט אויפגעשטעלט. — און האָט מיר מיט'ן האַנד געוויעזען אויף די אַרומיגע בערג, וועלכע זיינען מיט פאַרשיידענע פאַרביגע צעלטען באַדעקט געווען.

— זעהט איהר די גרויסע פּלאַקאַטען, די פאַרשיידענע דגלים? דאָס איז די נעמען פון די געסט און די שטעדט. דער בריעף-טרעגער געפינט יעדען לייכט ווי אין זייערע אייגענע שטעדט.

— וואָס זעה איך דאָרט אונטען ?

— דאָס איז דער „עמק בנימין". דאָרט פאָהרען מיר. איך האָב נאָר געוואָלט אייך פריהער פון אַ הויכען אָרט ווייזען דעם גאַנצען געגענד, אונזערע געסט מיט זייערע צעלטען. איהר זאָלט קענען זאָגען : „מה טובו אהליך יעקב" — האָט ער מיט אַ גוטען שמייכעל געזאָגט און געלאָזט דעם אויטאָ ווייטער לויפען.

די ברייטע, גלאַטע וועג אויף וועלכע מיר זיינען געפאָהרען, האָט געקאָכט פון אויטאָס, וועגען און וועליסאַפּעדען. איןביידע זייטען אויף די אַלעען האָט זיך געצויגען אַ רייהע רייטער אויף שעהנע, אַראַבישע פערד. פרויען, אויף באַפּוצטע קאַמעלען און קינדער, אויף אייזלען. איבעראַל איז בלומען און גרינס געווען. די מענער האָבען, געוועהנליך, לולבים געהאַלטען. איבער'ן קאָפּ האָבען מיר געהערט דעם גערויש פון עראָפּלאַנען. זיי האָבען זיך געצויגען, באַלויכטען פון דער זון, ווי אַ מחנה ווייסע טויבען, אין „עמק בנימין" זיך אַרונטערגעלאָזען.

אין מיטען טהאָל האָב איך געזעהען אַ אַרומגעצאַמטען גלאַ־טען פּלאַץ מיט הויכע, ווייס-בלאָהע באַפאַרבטע שטאַנגען, אוי-בען, פאַרציערט מיט דגלים, פאַראייניגט מיט גירלאַנדען פון גרינס. אין אייניגע ערטער זיינען געווען פאַרציערטע פּאַוויליאָנס און פּלאַטפאָרמען פאַר די טהיילנעהמער, ז'ורי און מיטגליעדער פון די פאַראיינען. פיער גרויסע דגלים האָבען אויף הויכע שטאַנ-גען געפלאַסטערט. אויף איינעם איז געווען אויסגעמאָהלט, ווי שמשון צורייסט דעם לייב, מיט'ן אויפשריפט : „שמשון". —

צווייטען — דער אַלטער מתתיהו שטעהט שטאָלץ אויפ'ן גע'הרג'ע-טען פיינד, מיט'ן שווערד אין האַנד, רופט : „מי לה' אלי !" — אונטען, „מכבי". דער דריטער — אַ באוואפענטער רייטער : אונטען — „השומר". דער פיערטער — אַ שטאַרקער, יונגער מאַן מיט אַ דגל אין האַנד, — אונטען אויפגעשריעבען „החלוץ". אונטער די שטאַנגען זיינען געשטאַנען און געזעסען מענשען אין טורען-קליידער אָנגעטהאָן.

ארום דעם גאַנצען פּלאַץ, נעבען די גירלאַנדען, זיינען זעהר פיעל פּובליק געשטאַנען, הינטער זיי אויטאָס און וועגען. אונזער אויטאָ האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען דגל פון שמשון.

— דאָ וועט איהר מיין „רבי'ן" זעהען — האָט מיר בן אוריה, לאַכענד, געזאָגט. אָבער מען מוז אויפשטעהען, זיצענדיג וועלען מיר גאָר ניט זעהען.

שטעהענדיג האָב איך געזעהען, דאָס אין מעהרערע פּלעצער האָט מען שוין אָנגעהויבען. נעבען דעם דגל פון „החלוץ", האָבען פרויען און מענער אין ציעל געשאָסען. נעבען „השומר" — רייטער און רייטערקעס ארומגעדרעהט זיך אויף זייערע פלינקע פערד, קענטיג, דאָס גלייך וועלען זיי אויך אָנהויבען. די „מכבי'ער" זיינען אין אַ גרויסען קאַרע געשטאַנען, אין מיטען האָט מען מיט אַ גרויסען באַל געשפּיעלט. נאָר נעבען דעם דגל פון שמשון איז נאָך שטיל געווען. עס האָט געבליצט די געלע זאַמד, וואָס דאָרט איז געווען אויסגעשפּרייט.

פון נאָהענטען פּאַוויליאָן זיינען פּאָר-ווייז אַ רייהע טורנער ארויס. דער ערשטער האָט אַ שמשון דגל געטראָגען. בן אוריה האָט אויפ'ן באַנק זיך געשטעלט, אָנגעהאַלטען אָן מיין פּלייצע.

זיי זיינען אַלע אין טריקאָען געגאַנגען מיט ברייטע בלויע גאַרטלען, קליינע ווייסע היטעלאַך און ווייסע סאַנדאַלען. די הענט און די פיס זיינען נאַקעט געווען. מיט פעסטע טריט זיינען זיי צוגעגאַנגען. אַ גלייכע שורה, נעבען זייער דגל געשטעלט. בן אוריה האָט זיך איינגעבויגען צו מיין געזיכט און צופריעדען געזאָגט :

— ער איז דאָ, אָט דער, דער פינפטער, רעכטס... ניין, דאָס איז ניט ער... דאַכט זיך גאָר יענער, פון הינטען. דער צווייטער... ניין, ניט ער... וואו איז ער ? — האָט ער פאַרזאָרגט זיך אַליין געפרעגט.

— וועמען זוכט איהר, אדוני ? — האָט איהם אַ יונגער

מאַן וואָס איז נעבען אונזער אויטאָ געשטאַנען, געפרעגט.

— מיין זוהן, רבי אלישוב. איהר קענט איהם אפשר ?

— געוויס, פון „יבנה“, דער באַקטעראָלאָג. ער איז דאָך מיין פּראָפעסאָר. דאָ איז ער ניטאָ. איז דאָך פון גרופּע „ג“. דעם פאָריגען יאָהר האָט ער דאָך דעם דריטען פּרייז גענומען. ער איז דאָך פון אונזערע גבורים.

דער אַלטער האָט זיך באַרוהיגט, פון באַנק אַרונטערגעגאַנגען און לאַכענד געזאָגט :

— פון די גבורים, און איך האָב שוין מורא געהאַט, מען האָט איהם ניט צוגעלאָזען. זעהט, וועלכע גבורים, ווי קומט מיין אלי צו זיי ?

— אַנטשולדיגט, איהר האָט אַ טעות — האָט דער יונגער-מאַן ווייטער געזאָגט. — רבי אלישוב איז איינער פון די שטאַרקסטע מענשען אין פאָלק ישראל, ער וועט נאָך אַמאָהל דעם גאָלדענעם „שמשון“-גאַרטעל קריגען. ווען ער וועט פערציג יאָהר אַלט ווע-רען.

נעבען דגל האָט מען שוין געענדיגט דעם גורל. יעדער האָט זיין פּאָר געהאַט. זיך אויסגעשטעלט אין צוויי לאַנגע שיטערע שורות.

מען האָט מיט'ן שופר געבלאָזען. דער קאַמפּף האָט זיך אָנגעהויבען

בן אוריה האָט זיך אַוועקגעזעצט, איהם האָט נאָר זיין זוהן אינטערעסירט. איך האָב מיינע אויגען ניט געקענט אַברייסען פון די קעמפּפענדע... אונגעפעהר הונדערט פּאָר זיינען זיי גע-ווען. די דז'ורי האָבען זיך צושפּרייט איבער די גאַנצע לענג פון דער שורה. נאָך פינף מינוטען קאַמפּף, האָט דער שופר ווייטער געבלאָזען. דער קאַמפּף האָט אויף איין מאָהל אויפגעהערט. מעהר פון זיבעציג זיינען זיעגער אַרויס, די איבעריגע זיינען גליי-כע קרעפטען געווען. קיינער פון פּאָר האָט ניט באַזיעגט. זיי האָ-בען זיך אַרום דגל אויסגעזעצט, די זיעגער באַזונדער. מען האָט זיי גרינע הדסים-צווייגעלאַך געגעבען. זיי האָבען דאָס צו זייערע היטעלאַך צוגעשפּיעלעט.

דער שופר, האָט ווייטער אַ צייכען געגעבען און אַ נייע שורה איז אָנגעקומען. מיין אַלטער איז ווייטער אויפגעשפּרונגען אויפ'ן

ביינקעל, געקומען מיט די אויגען, זיין זוהן זוכען. דער יונגער מאן האט ווייטער געזאגט:

— רבי אלישוב, וועט קומען, נאר מיט די דריטע פארטיע. איך וועל אייך שוין זאגען.

בן אוריה האט זיך, אומגעדולדיג, ווייטער אוועקגעזעצט.

איצטער זיינען פיעל ווייניגער געקומען, ניט מעהר ווי דרייסיג פאר, אין איין שורה געשטעלט. די „זיעגער", האבען, בענאהע, אלע מיט זיי זיך פאראייניגט, אויך אייניגע פון די וועלכע זיינען „מיט נישט" פון ערשטען קאמפף ארוים. מען האט דעם גורל געמאכט, ווייטער אין צוויי שורות אויסגעשטעלט. דער קאמפף האט זיך אנגעהויבען... עס האט געבלישצעט אויפ'ן זון די שטארקע, ברוינע קערפערס. עס האט מיר געשווינדעלט פאר די אויגען די שעהנע גרופען פון די קעמפפענדע... מיינע אויגען האבען זיך אויף איין גרופע ניט געקענט אבשטעלען. מיין הארץ האט נאר גיכער געקלאפט, איך האב ניט געקענט רוהיג איינשטעהען. ווי אז ארקעסטער וואלט א לעבעדיגען מארש געשפיעלט...

נאהענט פופציג פאר האבען געקעמפפט, ביי אונגעפעהר פערציג האט זיך געענדיגט מיט א זיעג. די איבעריגע זיינען „מיט נישט" געבליעבען. ווייטער האבען זיי זיך אונטערען דגל געזעצט. די זיעגער האט מען הדסים-צווייגעלאך געגעבען. מיט'ן קול פון שופר זיינען ווייטער א גרופע געקומען. דעם מאהל, נאר אכט פאר זיינען זיי געווען. דער יונגער מאן האט גיך אויסגעשריהען.

— אט געהט רבי אלישוב, אט געהט אייער זוהן.

בן אוריה האט זיך גיך אויפ'ן באנק אוועקגעשטעלט, מיט זיין האנד אן מיין פלייצע זיך צוגעהאלטען, מיט א ציטערדיגען קול געזאגט:

— יא, אט איז ער, רעכטס, אין די צווייטע פאר. — זיין האנד האט אויף מיין פלייצע געציטערט.

נאר פיער פון די זיעגער האבען זיך פאראייניגט מיט די אנגעקומענע, וואס זיינען אין א שורה געשטאנען. איך האב געקוקט נאר אויף רבי אלישוב'ען. מיר האט אויך, ווי זיין פאטער, קיין אנדערער אינטערעסירט. פון ווייטען האב איך זיין געזיכט ניט גוט געזעהען. ער איז מיטעל-וואוקס געווען, שטארק געבויט מיט א גרויסען, שווארצען בארד. זיין צווייטען, וואס ער האט

באקומען, איז פיעל העכער פאר איהם געווען. דער יונגער מאן האט געזאגט:

ער וועט קעמפפען מיט בן עתליה'ן. ער איז ניט אזוי שטארק, אבער א געשווינדער ווי דער טייפעל אליין. זעהר א שווערען געג-נער האט ער באקומען. זעהר א שווערען, נאר מען גיט זיי צעהן מינוטען צייט, בן עתליהו וועט ניט אויסהאלטען, רבי אלישוב וועט איהם אוועקלעגען ווי א קעלבעל. אט איהר וועט זעהן.

די האנד פון בן אוריה'ן האט אלץ נערוועז געציטערט אויף מיין פלייצע, איך האב א נערוועז-ציטער געפיהלט, ניט געקענט מיינע אויגען אברייסען פון די פאר.

מען האט א צייכען געגעבען דער קאמפף האט זיך אנגע-הויבען...

זיי האבען זיך פארנויגט, ווי זיי וואלטען זיך ערשט דער-זעהען. בעגריסט זיך, דערנעהענטערט זיך, די האנד געגעבען, די צווייטע אויף'ן רוקען אין א פעסטען פויסט געלעגט, געקוקט זיך גלייך אין די אויגען און רוהיג, ווי פארשטיינערט געבליעבען... אן די אנגעשטרענגטע מוסקולען אויף זייערע הענט און זייערע פעסט געדריקטע פויסטען, האב איך געפיהלט, וואס פאר אן אונגעהויער קראפט עס ליעגט אין דעם האנד-דריקען... דער הוי-כער האט ניט אויסגעהאלטען, פלינק, ווי א קאץ, זיך אויס-געבויגען, זיין קאפ אויף'ן ברייטען זייט פון געגנער צוגעדריקט, מיט'ן האנד פעסט זיין טאליע ארומגענומען. רבי אלישוב האט שווער, לאנגזאם זיך אויסגעצויגען, זיין גרויסען בארד אויף די פלייצע פון עתליהו געגעבען, איהם ארומגעכאפט מיט זיין פעסטע האנד, די פיס ברייט פונאנדערגעשטעלט, מיט'ן גאנצען כח גע-דריקט צו דער ערד... איך האב געפיהלט, דאס בן-עתליה'ס די-נער קערפער, וועט ניט אויסהאלטען, אט גלייך מוז ער אויף די קניה פאלען, זיין שווערער געגנער וועט איהם מיט זיין משא אויף'ן רוקען איבערקעהרען. ווי א בליץ האבען זיך די עלאסטישע, בן-עתליה'ס פיס פון דער ערד אויפגעהויבען א האלב רונד איבערען קאפ פון רבי אלישוב געמאכט, זיך גיך איבערגעדרעהט, פעסט, מיט ביידע הענט, ארומגענומען זיין ברייטען ברוסט, מיט'ן קער-פער אויף אלישוב'ס איינגעבויגענעם רוקען ארויפגעלעגט און מיט זיינע לאנגע פיס זיך איינגעשפארט אין דער ערד... אלע האבען אפלאדירט דעם געשיקטען באוועגונג פון בן עתליה, מען האט ער-

װאַרטעט. דאָס רבי אלישוב װעט ניט לאַנג קענען בלײַבן מיט די משא אױף זיך. װעט מוזן פאַלן. און ריכטיק. ער האָט מיט זײַנע הענט אָנגענומען די הענט פון בן עתליה׳ס, װאָס האָבען איהם די ברוסט געדריקט. װי אַן אָבגעהאַקטער בױם אַנידערגעפאַלען, אָבער זיך אַ קײַקעל געגעבען, געבליבען ליגען אױף איהם... בן עתליה האָט באַװיזען זײַן עלענבױגען אונטערען פלײצע און אַ פוס אונטערצובױגען. אַזױ דאָס איך האָב אױך געזעהען, דאָס ער ליגט נאָך ניט מיט׳ן גאַנצען רוקען אױף דער ערד... דער יונגער מאַן האָט, מיט היץ, גענומען צו אונז שרײַען:

— אָט, אָט איז געקומען די צײַט פאַר רבי אלישוב׳ען! איהר װעט זעהען, בן עתליה װעט ניט קענען לאַנג אױסהאַלטען. איהר זעהט? בעסטיע, ער בױגט זיך שױן... אָבער אין דעם מאָמענט, האָט זיך בן עתליה, װי אַ שלאַנג ארױסגעגליטשט, אַרױפגעשפּרונגען אױף זײַן שװערען געגנער... לאַנג האָבען זײ נאָך געקעמפט. רבי אלישוב האָט זיך שװער, װי אַ בער, באַװעגט, אָבער שטאַרקע, רוהיגע באַװעגונגען געמאַכט, זײַן געגנער, געשװינדט, עלאַסטיש, װי אַ שלאַנג, האָט זיך געדרעהט אַרום איהם. אַלץ אױף אלישוב׳ען געלעגען, בײ׳ן ענדע איז ער דאָך געבליבען אונטען, גלײַך אױסגעצױגען, שװער אָטהעמענדיג, אױפ׳ן רוקען... אַלע האָבען שױן געענדיגט, זײ זײַנען די לעצטע געבליבען. אַלע האָבען זײ שטאַרק אַפּלאָדירט. די בײדע קעמפפער זײַנען געשטאַנען זיך האַלטענדיג פאַר די הענט, גענײגט מיט די קעפּ.

בן אוריה איז פונ׳ם באַנק אַראָב, פרעהליך אױפגערעגט, אין גאַנצען רױט, אַ פאַרשװיצטער, װי ער אַלײן װאָלט געקעמפט. דער יונגער מאַן האָט איהם געדריקט די האַנט.

— זעהט איהר, װער האָט רעכט געהאַט? — האָט ער מיט אַזאַ שטאָלצען טאָן געזאָגט, אַזױ װי מיר װאָלטען פריהער מיט איהם געשפּאַרט.

נאָר זיבען „זיעגער״ זײַנען געװען, בײ די איבעריגע פינף פּאָר, האָט זיך געענדיגט מיט „גאַרנישט״. מען האָט די זיעגער הדסים־צװײַגען געגעבען און מיט ברײטע גאַרטלען זײ אַרומגעגאַרטעלט.

— דאָס איז שמשון׳ס גאַרטעל, זילבערנע, „צװײטע ראַנג״. עס גיט נאָך אַ גאָלדענער גאַרטעל, „ערשטער ראַנג״, דאָס האָט

מיט זעקס יאָהר צוריק אי־מנוצח באקומען, ביז איצטער האָט נאָך קיינער איהם ניט געקענט באקעמפּפען — האָט דער יונגער מאַן אונז געזאָגט

אַלע האָבען אויף איין מאָהל אַפּלאָדירט. דער יונגער מאַן, וואָס ווייסט אַלעס, האָט גלייך געזאָגט :

— דאָס אַפּלאָדירט מען אי-מנוצח'ן, אָט געהט ער. דער, רעכטס — האָט ער מיט זיין שטעקען געוויזען.

מען האָט ניט באַדאַרפט ווייזען. איך האָב איהם גלייך דער־קענט : „העכער פאַר'ן גאַנצען פאָלק, פון פּלייצע העכער", איז דער ריעז געווען. אויף זיין שטאַרקען טאַרסט, האָט אַ גאָל-דענער גאַרטעל געבליסטשעט.

ער איז רוהיג געשטאַנען, לייכט זיין, קליינע געקרייזטע, קאָפּ פאַרנויגט צו די אַפּלאָדירענדע פּובליקום.

— ווער וויל מיט מיר קעמפּפען געהן ? — האָט ער שטאָלץ אויסגערופען.

קיינער האָט זיך ניט געריהרט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט יעמאַנד זוכען, נאָך אַ מאָהל אויסגערופען :

— ווער וויל מיט מיר קעמפּפען געהן ? אויב ער וועט מיר בייקומען, וועט ער שמשון'ס גאָלדענעם גאַרטעל טראָגען ! — און האָט מיט'ן האַנד אויף זיין גאַרטעל געוויזען. קיינער האָט זיך ווייטער ניט אָבגערופען. אין די גרופּע צווישען די „זיעגער" האָט מען עטוואָס צווישען זיך גערעדט. אָבער קיינער איז ארויסגעגאַנ-גען.

דער ריעז האָט, צום דריטען מאָהל, אויסגערופען :

— דעם לעצטען מאָהל פרעג איך, ווער וויל מיט מיר קעמפּ־פען ? — זעהענדיג דאָס קיינער ענטפערט ניט, האָט ער צופריע-דען געזאָגט :

— נאָך איין יאָהר בלייב איך דער שטאַרקסטער אין ישראל ! דאַנקע, איבער אַ יאָהר זאָלען מיר פיעל שטאַרקערע פון מיר האָ-בען — און האָט מיט'ן האַנד אַ וואונק געגעבען.

פיער מענשען, האָבען לאַנגזאַם אַ גרויסע גירע צוגעטראָ-גען. זי איז פון זייערע הענט, שווער, נעבען זיינע פיס אריינגע-פאַלען, טיעף אין זאמד זיך איינגעגראָבען.

דער ריעז האָט זיך איינגעבויגען, מיט זיין מוסקולירטע, טי־טאַנישע האַנד דעם דיקען אייזערנעם שטאַנג אָנגענומען. די צוויי-

טע האַנד מיט אַ צוגעקעוועטשטען פויסט, האָט ער הינטען, אויפ'ן גאַרטעל אַרויפגעלעגט, לאַנגזאַם, זיך אויסגלייכענדיג, ביז'ן גאַרטעל אויפגעהויבען, שטאַרק אויף הינטען זיך אויסגעבויגען, ווייטער לאַנגזאַם געהויבען, ביז ער האָט די האַנד אין גאַנצען אין דער הויך אויסגעצויגען. דעם קערפּער אויסגעגלייכט, די קאָפּ איינגעבויגען, זיין רונדען, געקרויזטען באָרד, צום שטאַר-קען ברוסט צוגעקוועטשט... אַ שטאַרקע אַפּלאָדיסמענט האָט זיך פון אַלע זייטען געהערט. ער האָט די גירע אַראָבגעוואָרפען, גיך הינטערגעשפּרונגען, זיך פאַרנויגט.

דריי מענשען האָבען שווערע געוויכט צוגעטראָגען. ער האָט זיך מיט זיי געשפּיעלט, ווי אַ געשווינדער קינד, מיט באַלען, זיי אין דער הויך געוואָרפען, איינע נאָך די צווייטע, קונציג גע-כאַפּט. ער האָט זיי געלאָזט לויפען אַרום זיין קאָפּ, צווישען זיי-נע פיס, אַרום קערפּער, דערביי האָבען זיינע הענט אַזוי געשווינדט און שטאַרק געאַרבייט, ווי שטאַלענע פּרוז'ינעס, און זיין קער-פּער האָט זיך אַזוי לייכט, עלאַסטיש, געבויגען, ווי ביי אַ יונ-גען טיגער...

— הידד, הידד ! — האָט מען פון אַלע זייטען געשריהען.

דער ריעז האָט די געוויכט איינע נאָך די צווייטע אוועקגעוואָר-פען. זיי זיינען אין די זאַמד, ווי באַמבעס, שטעקען געבליעבען.

מען האָט אַ רונדען, גרויסען ברעט געבראַכט. פינף מענשען האָבען איהם ווי אַ טיש געהאַלטען, אַנדערע פינף זיינען אַרויפ-געשפּרונגען, רונד זיך אויסגעשטעלט, דער רוקען אינוויינינג, פאַר די הענט זיך געהאַלטען. דער ריעז איז רוהיג צוגעגאַנגען, אויף איין קניה זיך אַרונטערגעלאָזען, די קאָפּ איינגעבויגען. זיין קאַרק, מיט ברייטע, קאָלאָסאַלע פּלייצעס, אונטערען ברעט אַנגעשפּאַרט, מיט די פונאַנדערגעשפּרייטע הענט, דעם ברעט, פעסט גענומען. די פינף מענשען זיינען לייכט, הינטערווייליך אַבגעשפּרונגען, די גאַנצע משא איז אויף איהם געבליעבען... אַלעמענס אויגען האָ-בען אויפ'ן איינגעדרעהטען אי־מנוצח געקוקט, וואָס האָט ווי גע-זונקען אין זאַמד... עס האָט זיך געדאַכט דאָס אָט, אָט פּלאַצט זיינע מוסקולען. ער וועט זיך אין גאַנצען אַראָבלאָזען, צוקוועטשט ווערען... דער ריעז האָט זיך אונטען אַלץ ניט געריהרט. פּלוצ-לונג האָב איך באַמערקט, דאָס די זאַמד געבען זיינע קניה, באַ-וועגט זיך... ער זינקט... מעהר זיך איינגעבויגען... דער

אַטהעם האָט מיר פֿאַרכאַפּט. אין דעם אויגנבליק, האָט זיין פיגור עלאַסטיש, ווי אַ שטאָלענע פּרוז'ינע, גענומען זיך אויסגליי־כען די קניה האָט זיך, לאַנגזאַם, פֿון דער ערד אויפגעהויבען, די פיס זיך אויסגעגלייכט, ברייט פֿונאַנדערגערוקט איין קורצער מאָ־מענט איז ער אַזוי געבליעבען. דער טאַרסט האָט זיך, ווי אַ שלאַנג, אויף פֿאַרענט אויסגעבויגען, די הענט האָבען זיך הע־כער אויסגעצויגען, אויפגעהויבען די גאַנצע משא איבערען קאָפּ. דעם ברייטען, בולט'ען ברוסט, האָט ער פעסט פֿאַראויס אויסגע־שטעלט, מיט אַן אַראָבגעלאָזענע, עטוואָס אויף אַ זייט, די קאָפּ, איז ער פֿאַרשטיינערט געוואָרען...

— הידד, הידד ! אי-מנוצח ! — האָט זיך פֿון אַלעמענס הערצער אַרויסגעשריהען. . ווי אַ דונער איבערען גאַנצען טהאָל אַרומגעטראָגען, מיט אַ בת-קול פֿון די בערג אָבגעקלונגען. — יחי אי-מנוצח ! יחי שמשון הגבור ! — האָט זיך פֿון אַלע זייטען געהערט. אַ דאַמע האָט אַ בלום געוואָרפען. ווי אַ שטראָם רע־גען, האָט זיך גענומען פליסען פֿון אַלע זייטען, בלומען און לולבים.

דער ריעז האָט זיך לאַנגזאַם גענומען דרעהען מיט זיין שרעק־ליכע משא אין די הענט, זיין ברוינער, קאָלאָסאַלער קערפּער מיט שטאָלענע בולט'ע מוסקולען, האָבען, ווי עגפּיטישע בראָנז, אויף דער זון געבליצט. זיין קערפּער איז ווי אַ סטרונע געווען אָנגע־צויגען זיינע קאָלאָסאַלע מוסקולען אויף זיינע גיגאַנטישע הענט זיינען ווי גראַניט פֿאַרהאַרטעט געוואָרען און זיינע געטאָקטע פיס, האָבען זיך ווייך, ווי אויף פּרוז'ינעס געריהרט. ווען ער האָט זיך אָבגעדרעהט, האָבען מיר צווישען די פינף מענשען, רבי אלישוב'ען מיט זיין שוואַרצען באַרד, דערקענט. ער האָט אויך זיין פֿאָטער דערקענט, האָט געשמייכעלט.

— גענוג, גענוג ! — האָט מען געהערט שטימען פֿון פֿרויען. די פינף מענשען זיינען עלאַסטיש אַרונטערגעשפּרונגען. איין מאָ־מענט איז נאָך אי-מנוצח אין דער זעלבער פּאָזע געבליעבען. גיך דעם ברעט אין דער רעכטער זייט אַרונטערגעלאָזען מיט זיין גיגאַנ־טישען אַרעם אויפ'ן ברעט זיך אָנגעשפּאַרט. די קאָפּ אויף אַ זייט עטוואָס, אָבגעבויגען און, ווי שעהמעוודיג, שטעהן געבליעבען...

עס איז קיין ענדע געווען פֿון די אַפּלאָדיסמענטען און אויס־רופונג אי-מנוצח ! שמשון ! עס האָט זיך געדאַכט, דאָס דער גאַנצער טהאָל פֿון מענשען זידט און קאָכט ווי אין אַ קעסעל, און

אַרום, אויף די בערג, טאַנצט דער בת-קול.

רבי אלישוב איז צו זיין פאַטער צוגעגאַנגען

פון נאָהענטסטן, ווען איך האָב זיינע אויגן, קלוגע, קורצ-זיכטיגע, אונטער גאָלדענע ברילן, געקענט געזען, האָב איך גלייך דערקענט אין איהם א געלעהרענטען, א „רבי”, אָבער ווי ער האָט זיך נאָר עטוואָס אָבגעקעהרט, איז מיר שווער געווען צו גלויבען, דאָס דער אטלעט, מיט'ן קורצען, שטאַרקען האַלז, קליינע, צוקוועטשטע אויערן, עטוואָס אויסגעבויגענע, ברייטע לאַפּאַטקעס מיט אונגעהויערע אַנטוויקעלטע מוסקולען פון די אָרעמס, זאָל זיך מיט מיקראָבען באַשעפטיגען גיכער רייסט, אַזאַ מענש, שטיינער, טראָגט איבער בערג.

דער פאַטער האָט אונז פאָרגעשטעלט.

— אדון בן פלא, רייזענדער. — מיין זוהן. — רבי אלישוב, האָט זיך אומגעלומפּערט פאַרנויגט, זיין גרויסע, אָבער ווייכע, וואַרעמע האַנד געגעבען און שולדיג-שמייכלענדיג, ווי א פאַרשעהמ-טער קינד געזאָגט :

— זעהט איהר מיט וואָס מענשען באַשעפטיגען זיך ביי אונז, מאַכען זיך נאַריש, ווי קליינע קינדער.

— אין א געזונטען קערפּער, איז א געזונטער גייסט — האָב איך איהם געענטפערט.

— זאָגט — א רוהיגער גייסט. ווען מיר זיינען א מאָהל, ווי פליגען, שוואַך געווען, האָבען מיר, ווי פליגען, אומרוהיג, אומעטום אַרומגעשוועבט, אַלעמען דערעסען, זיך און קיינעם קיין רוהע געגעבען. איצטער, זיינען מיר שטאַרק ווי די פעלזען, זיצען, ווי זיי רוהיג און פעסט אין אונזער לאַנד. אַליין גליקליך און גע-בען עטוואָס אויך אַן אַנדערען. מיר האָבען שוין דער מענשהייט איין מאָהל דעם אידעאַל פון א גאָט געגעבען. איצטער ווילען מיר געבען דעם אידעאַל פון מענשען...

א יונגער, בלאָנדער מאַן, הויך, צאַרט, ווי א פאַמיליע אין טורען-קליידער, מיט א צווייגעל אויפ'ן ווייסען מיט אָראַבגע-לאָזענע ברעגעס היטעל איז צו אונז צוגעלאָפען, מיט א פאַר-סאַפּעטען, פרעהליכען קול, אויסגערופען :

— טאַטע ! טאַטע ! — איך האָב א פּרייז געקראָגען. — און האָט אויף די היטעלע געוויזען, וואו די הדסים-צווייגעלע איז מיט א גאָלדענעם הירש צוגעשפּיעלעט געווען.

— געווים אויף שפּרינגען — האָט דער טאַטע לאַכענד, גע-
זאָגט. — דו שפּרינגסט דאָך אַלץ ביי מיר אַרום.

— אויף שפּרינגען און לויפען. איך בין דער צווייטער געקו-
מען — האָט דער יונגער מאַן גליקליך געזאָגט.

דער פאָטער האָט מיר איהם פאָרגעשטעלט.

— מיין צווייטער זוהן, עמרם, געענדיגט „בצלאל״. אויך
אַ סקולפּטאָר.

ער האָט זיך גראַציעז פאַרנויגט, מיר זיין פעסטע האַנד גע-
געבען מיט זיינע העלע ליכטיגע אויגען, מיר טיעף איינגעקוקט,
נערוועז מיט׳ן האַנד, זיינע זיידענע לאַנגע האָר, פאַררוכט. איך
האָב מיר געוואונדערט אויף די צוויי ברידער. וואָס פאַר אַ קאָנ-
טראַסט. האָב דאָס הויך אַרויסגעזאָגט.

דעם פאָטערס פרעהליכע געזיכט האָט זיך מיט אַ שאָטען
באַדעקט, מיט אַ טרויעריגע שטימע, געזאָגט :

— מיין עמרם איז גאַנץ ווי זי, ווי זיין מוטער, עליה השלום.
זי איז אויך... ער האָט ניט געענדיגט. זיך אָבגעקעהרט. די
זיהן האָבען די אויגען אַרונטערגעלאָזען. אַלע זיינען שטיל גע-
בליעבען. עמרם האָט אויף איין מאָהל פרעהליך געזאָגט :

— טאַטע, איך האָב גאָר פאַרגעסען דיר צו דערצעהלען.
רבי מנשה האָט מיר איצטער געזאָגט, גענוג, דאָס נאָך יום־
טוב, נעהמט ער מיר צו זיך אין זיין פּריוואַט אַטעליע. זיין גע-
הילף וועל איך זיין.

— קינד ! אונזער רבי מנשה בן יהושפט נעהמט דיך פאַר
אַ געהילף און דו פאַרגעסט דאָס דעם טאַטען צו דערצעהלען ! ?
אַ, שפּרינגער, שפּרינגער, קום גיך איך וויל דיך קושען — און
איז איהם אויפ׳ן האַלז געפאַלען, מיט טרעהרען אין די אויגען
שטאַרק געקושט.

— וואָס וויינסט דו, טאַטע, — האָט איהם דער עלטערער
זוהן, געפרעגט.

— די אָרעמע מאַמע האָט דאָס ניט דערלעבט צו זעהען.
איהר מוז׳יניקעל, איהר ליעבלינג.

די זיהן זיינען ווייטער טרויעריג געוואָרען. דער עלטערער האָט
געזאָגט :

— גענוג, טאַטע. היינט איז יום-טוב, מוז מען פאַרגעסען.
יום-טוב.

— ווייל, מיין קינד, עס איז יום־טוב, מוז מען אהן איהר דערמאהנען.

— דער יונגער מאן, וואס ווייסט אלעס, איז צוגעגאנגען, באגריעסט דעם גליקליכען פאטער, וועלכעםביידע זיהן, האבען פרייז באקומען, באגריעסט די זיהן יעדען באזונדער. געווענדעט זיך צום עלטערען.

— רבי, פאר וואס האט איהר ניט אנגענומען דעם אויס-רוף פון אי-מנוצח ? מען מוז דאך פרובירען. ער גלויבט, דאס קיין גרעסערער גבור איז שוין פאר איהם ניטא.

— ריכטיג, מיין קינד. אי-מנוצח איז דער שטארקסטער אין ארץ־ישראל. ער איז אי-מנוצח (ניט באזיעגטער). איהם וועט נאר דער מלאך-המות בייקומען. אבער צו אונזער פריידע, וועט ער נאך באדארפען לאנג ווארטען אויף אונזער גבור. אי-מנוצח איז פאלקאם געזונד.

א מאן מיט א בלאה-ווייסען צייכען אויפ'ן הוט, איז צו אונז צוגעקומען. זיך פארנויגט און געזאגט :

— אדון אריאל בן אוריה. זיין עהרע, דער נשיא, בעט אייך, דאס איהר מיט אייערע זיהן, אויך אייער גאסט, זאלען זיך באמיהען צו איהם צוגעהן.

נאר איצטער האב איך צווישען די אויטאס באמערקט דעם נשיא'ס אויטא מיט'ן בלאה־ווייסען דגל.

דער נשיא איז געזעסען אין זיין אויטא מיט דעם אלטען, וועל-כען איך האב געזעהען ביי'ן פארטרעטען מאהלער מלאכי, און א מיידעלע פון א יאהר זעקס. נעבען אויטא זיינען די דריי גרויסע קינסטלער געשטאנען : רבי אפרים, רבי מנשה און רבי יהודה, וועלכע איך האב געזעהען אין זייערע אטעליעס. ער האט אונז העפליך אויפגענומען. באגריסט בן אוריה'ן מיט דעם גרויסען גליק, דאס זיינע ביידע זיהן האבען היינט דעם פרייז גענומען. גערדריקט די האנד רבי אלישוב'ן און עמרם'ן, זיי געוואונשען אי-בער-א־יאהר דעם ערשטען פרייז נעהמען. ווען ער האט געהערט, דאס איך באזעץ זיך אין ירושלם, בין א בילד-הויער, האט ער מיר די דריי קינסטלער פארגעשטעלט. זיי האבען מיר צו זיך איינ-געלאדען און רבי מנשה האט געפרעגט :

— האבען זיי אונזער „בצלאל" געזעהען ? אלס בילדהויער, וועט איהר דארטען אינטערעסאנטעס זעהען. איך ראטה אייך נאך

יום־טוב דעם „בצלאל" מיט זיינע מוזייאומס באזוכען.

דער נשיא האט מיט רבי אלישוב'ן גערעדט. איהם דער־צעהלט, דאס ער האט זיין ווערק „דער קאמפף מיט'ן מלאך־המות" געלעזען. געפרעגט צי ער האלט דאס פאר א מעגליכקייט; אונזער קערפער איז דאך ניט געבויט פון אזא שטארקען שטאף, דאס ער זאל קענען אייביג גאנץ בלייבען. ווען אפילו מיר ווען טויטען די אינערליכע פיינד, וועלכע צושטערען דעם קערפער, ברייננגען אלטקייט און טויט.

— געוויס, אדוני הנשיא, דאס בוכשטעבליך אייביג קען אונזער קערפער ניט אויסהאלטען. דאך זיינען אונזערע מוסקולען ניט שוואכער, ווי אן איילבערט־בוים, וועלכער קען טויזענד יאהר לעבען. ווען ניט די אינערליכע פיינד. קען אזא עקזאמפליאר ווי אי־מנוצח, מתושלח'ס עלטער דערגרייכען.

די קליינע מיידעלע דערהערענדיג דעם נאמען אי־מנוצח, האט זיך צוגעבויגען צום נשיא'ס אויער און גענוג הויך געזאגט:

— טאטע, רוף אהער אי־מנוצח'ן, רוף טאטינקע. איך וויל איהם זעהען. דו האסט מיר דאך צוגעזאגט.

דער נשיא, האט דעם מאן, וואס האט אונז גערופען, עט־וואס שטיל געזאגט. אין א פאר מינוטען האבען זיך אלע פאנאנ־דערגערוקט, אי־מנוצח איז מיט גיכע טריט צו'ם אויטא פון נשיא צוגעגאנגען.

דער ריעז האט זיך מיט עהרענפורכט פארנויגט, מיט אן איינ־געבויגענע קאפ, אראבגעלאזענע הענט, גלייך, ווי סטאטוע, אוועק־געשטעלט.

א הערליכע בילד איז געווען צו זעהען. די קאלאסאלע פיגור מיט איהרע שטאלענע מוסקולען, שטעהט מיט יראת הכבוד גע־גען א שוואכען, אבער מיט א קאפ פון א נביא...

דער נשיא האט איהם א וואונק געגעבען. אי־מנוצח איז מיט א פאר טריט נעהענטער צוגעגאנגען, זיך אויסגעצויגען, גלייך גע־קוקט איבערגעבען דעם נשיא אין די אויגען.

— ווי איז אייער נאמען, — האט ביי איהם דער נשיא גע־פרעגט.

— עזי בן עלם, אדוני הנשיא.

— ווען האט מען אייך אי־מנוצח א נאמען געגעבען?

— מיט עלף יאהר צוריק. איך בין דאן אכטצעהן יאהר גע-
ווען.

— מיט וואס באשעפטיגט איהר זיך ?

— אז ארבייטער אין „קדמה'ער" האפען.

— באצאהלט מען אייך פאר דאס, וואס איהר האט אונז
געוויזען ?

דער ריעז האט שעהמעוודיג די אויגען ארונטערגעלאזען, גע-
שוויגען. רבי אלישוב האט פאר איהם געענטפערט :

— ניין, ער באקומט פון אונז קיין געצאהלט, דאס איז
זיין יעהרליכער בכורים, וואס ער ברייננגט ירושלם, אדוני הנשיא.

רבי יאיר, וואס איז דער ביי, אין צווייטען אויטא געזעסען,
האט דערצעהלט :

— אי-מנוצח האט מיר געהאלפען מיין שמשון צו מאהלען,
ער האט דערפאר קיין געלט גענומען, זאגט : ער האט דאך גאר
נישט געארבייט, נאך, מיר באדאנקט פאר דעם, וואס ער האט
ביי מיר בילדער געזעהען. ער האט ליעב צו קוקען אויף ביל-
דער.

דער נשיא האט, מיט ליעבע, אויף די נאאיווע געזיכט פון
ריעז געקוקט און מיט א שטילע שטימע ערענסט געזאגט :

— געבענשט זאל זיין דאס לאנד, וואו עס וואקסען אזעלכע
קינדער אויס — ווענדענדיג זיך צו רבי אלישוב'ען האט ער, מיט
א גוטען שמייכעל געזאגט :

— און איהר, רבי, ווען וועט איהר אזא שמשון ווערען ?

— קיינע האפענונג, אדוני הנשיא. איך האב ניט אזא גע-
זונטע באשעפטיגונג ווי דער נאטור-קינד, מיינע מיקראבען פאר-
מאטערען מיר.

— טאטע, פאר וואס איז דער אדון אזא גרויסער אויסגע-
וואקסען, ער עסט אויף די לעצטע פון טעלער, וואס גיט כח ? —
האט די מיידעלע נאאיוו געפרעגט, קוקענדיג מיט איהרע גרויסע
אויגען אויף דעם גבור.

אלע האבען געלאכט. די קליינינקע האט זיך פארשעהמט,
פארדריסליך צום נשיא געזאגט :

— פאר וואס לאכסט דו ? — די גברת האט געזאגט, דאס
מען דארף ניט פון קליינע, לאכען.

דער נשיא האָט זיך צו איהר איינגעבויגען, געקושט און גע־
זאָגט:

מיר לאָבען ניט פון דיר, טאָכטערעל, מיר פרעהען זיך, דאָס
דו ביזט אזא גרויסע חכמה.

גליקליכע, זיינען מיר פון נשיא אוועק. בן אוריה האָט מיט
א לעבעדיגען קול געזאָגט:

— נו, קינדער, נעהמט אייערע אבאיעס, היידא. עסען! 
דער נאָך, אלע געהן זעהן שמחת בית השאבה. קומט מיט אונז
עסען — האָט ער צו מיר געזאָגט.

---

## ו.

דער מיטאָג איז געווען א טריאומף פאר די פאמיליע בן אוריה,
איבערהויפט פאר'ן אלטען אליין. ער איז רויט געוואָרען פון שמחה,
אזוי ווי ער אליין וואָלט זיך דאָס אויסגעצייכענט. מען האָט זיי
מיט בלומען באוואָרפען, וואָרעם די הענט געדריקט. דעם שעה־
נעם עמרם'ן האָבען געקושט אפילו יונגע, שעהמעדיגע מיידלאך,
ווי זיי וואָלטען אלע נאָהענטע קרובים געווען. געהענדיג האָט דער
גליקליכער בן אוריה מיט ענטהוזיאזם גערעדט וועגען דעם נייעם
טיפּ פון מענשען, וואָס מיר, ארץ־ישראל אידען, וועלען די גאַנ־
צע וועלט שענקען.

— אונזער בלוט איז ניט געווען אזוי פיעל פארגיפטעט מיט
אלקאהאל, סיפלים און אנדערע חולאת'ען, ווי ביי אנדערע צי־
וויליזירטע פעלקער נאָכ'ן וועלט־קריעג. דאָס, וואָס אונזער גע־
זעלשאפט האָט זיך צונויפגעשטעלט פון אידען, וועלכע זיינען גע־
קומען פון אלע עקען פון דער גאַנצער וועלט, וואָס האָבען גע־
לעבט אין פארשיידענע קלימאטען, זאָגאר געהאַט פארשיידענע
הויט־פאַרבען, האָט געהאָלפען נאָך מעהר אונזער בלוט צו פאר־
בעסערען, איהר טיפּ שעהנער צו מאַכען. קערפּערליך און גייסט־
ליך. אין פארלויף פון די הונדערט יאָהר, וואָס מיר לעבען זעלבסט־
שטענדיג אין ארץ־ישראל, האָבען מיר צוריק באַקומען די פאמיליען־
ריינקייט, וועלכע עס איז שוין, די לעצטע צייט שוואַך געוואָרען

ביי אידען. לעבענדיג אין גלות אונטערען שלעכטען איינפלוס פון די ציוויליזירטע פעלקער... ברייגנענדיג מיט הונדערט יאהר צו-ריק פון איירָאפּאַ די בעסטע פון זייער ציוויליזאַציאָן, האָבען מיר ניט מיטגענומען זייער ווייס-שקלאַפעריי אין זייערע פארשיידענע פאָרם, וועלכע די ציוויליזירטע פעלקער האָבען ביי זיך „געדול-דעט"... מיר האָבען איינגעפיהרט יונג הייראטהען, גלייך ווי עס ענדיגט זיך דער אנטוויקלונג פון מענשען'ס קערפער. אין אונזער קלימאט און טעמפעראמענט פון אונזער פאָלק, קומט די פאָל-קאָמע אנטוויקלונג, ביי פרויען צו זעכצעהן — זיעבעצעהן יאָהר און מענער — און צוואנציג — צוויי און צוואנציג. — ביי ריכ-טיגע ערציהונג איז לייכט די יונגע מענשען ריין צו בלייבען ביז'ן הייראטהען.

— דאָך גלויב איך ניט, דאָס מיט דעם ניט „דולדען" די „ווייסע שקלאַפעריי" היט מען מעהר אָב די „פאמיליען-ריינקייט"... ניט אַלעמענס קערפער זיינען גלייך אנטוויקעלט, ניט אַלע האָבען איין טעמפעראמענט, זיי זאָלען קענען אימער „ריין" בלייבען... ווען דיעזע האָבען ניט קיין אויסגאַנג דורך „ווייסע-שקלאַפעריי" מוזען זיי שוין אַזוי ניט מקפיד זיין אויף „פאמיליען-ריינקייט".

— געוויס, אַבשאַפען „ווייסע-שקלאַפעריי" אַליין איז נישט גענוג דעם גוטען רעזולטאַט צו דערגרייכען, דאָס איז נאָר איינע פון די פיעלע מיטלען. דער הויפּט מיטעל איז: אַ ריכטיגע ער-ציהונג צו געבען אונזערע קינדער, זיי זאָלען זיין שטארק אין קער-פער און גייסט. אין אונזערע גן'ס און שוהלען מאַכען די קינדער פיעל גימנאַסטיק אויף'ן פרישען לופט, באַקומען ניט אויפרעגענדע שפּייזען, געטרענקע, קליידער און רוהע היגענישע. לעהרנען מיידלאַך מיט אינגלאַך צוזאַמען, זיי זאָלען ניט זעהען אין אַ פרוי, נאָר אַ נקבה. געוואָהנען זיך פון קינדוויים אָן צו זעהען בילדער פון נאַקעטע פיגורען, געפינען אין זיי שעהנהייט, אָהנע צו דיינ-קען וועגען אַנדערעס. ווערען ערקלעהרט פון די לעהרער ריין ווי-סענשאַפטליך וועגען געשלעכט פריהער פון פלאַנצונגען, ביי חיות, ביי'ם ענדע, אויך ביי מענשען. דאָס אַלעס צוזאַמען ווירקט אויף'ן קינד, דאָס ער זאָל אין אַ פרוי ניט זעהען עטוואָס באַזאָנ-דערס, געהיימניסעס, אויפרייצען זיין נייגעריגקייט. דער נאַקע-טער מענשען-קערפער וועקט איהם ניט אויף פאַנטאַסטישע פאָר-שטעלונגען... און דער געדאַנק וועגען געשלעכטליכען פראָצעס

האָט פאַר איהם ניט אַן אוננאַטירליכען צוציהונגס-קראַפט. ער זעהט אין דעם אַ געוועהנליכען נאַטור־געזעץ. צו פאַרמעהרען דעם מענש-ליכען מין. זאָגאַר ניט גאַנץ עסטעטיש...

— איך האַלט דאָס פאַר מעגליך נאָר ביי נאָרמאַלע געזונטע קינדער, אָבער עס גיט דאָך, און ליידער זעהר פיעל, אויסנאַהמע נאַטורען מיט הייסע בלוט און פייערדיגע פאַנטאַזיען, פאַר זיי וועט די אַלע מיטלען גאָר ניט העלפען.

— אַנטשולדיגט, אַדון בן פּלא — האָט רבי אלישוב, וואָס איז הינטער אונז געגאַנגען, געזאָגט. — די „אויסנאַהמע" נאַטו-רען מיט זייערע „הייסע" בלוט און „פייערדיגע" פאַנטאַזיעס, וואָס איהר דערצעהלט אונז, זיינען קראַנקע, ניט נאָרמאַלע נאַטורען... אַ מאָהל זיינען זיי זעהר פיעל געווען. ביי פרויען האָט מען דאָס גערופען „נימפעמאַניע", ביי מענער — „סאַטיריזם". דאָס איז ביי זיי געקומען פון שלעכטע ערציהונג און ניט נאָרמאַלעם לעבען, ניט נאָך די געזעצען פון דער נאַטור. פרויען האָבען וויינינגער מיס-ברויט אין געשלעכטליכען לעבען, זיינען ביי זיי מיט דעם קראַנק-הייט וויינינגער געווען. מענער האָט מען מעהרער „ערלויבט" — אזי מעהר קראַנקע געווען. עס זיינען פעלקער געווען, וואו ביי־נאַהע אַלע מענער האָבען פון סאַטיריזם געליטען. צום גליק זיי-נען מיר ניט געווען פון די פעלקער און נאָך הונדערט יאָהר נאָר-מאַלע ערציהונג, זיינען מיר ווייט פון די קראַנקהייטען. ווען ביי אונז טרעפט אַ מאָהל אַ מענש מיט אַזא „כאַראַקטער", היילט מען איהם פשוט, ווי אַן אַנדער קראַנקהייט.

— אָבער אין די זאַכען האָט די נאַטור אַליין זיך ניט „נאַטיר-ליך" אויפגעפיהרט. ערשטענס האָט זי באַשאַפען מעהר פרויען ווי מענער, צווייטענס, געמאַכט די פרוי קעלטער אַלס דעם מאַן; דריטענס איז נאַטירליך די פרוי אָפט קראַנק, מאַנכעס מאָהל מעה-רערע מאָנאַטען, אָדער אימער דאַרף זי ניט אַ „נאַטירליכען" לע-בען פיהרען מיט איהר מאַן: פיערטענס, קען די פרוי „נאַטיר-ליך" שטאַרבען", קיין אַנשטענדיגער מאַן קען ניט לויפען גלייך הייראַטהען אַ „נאַטירליכען" לעבען צו פיהרען. ניט ווילענדיג מוז דער זינדיגער מענש ווידערשפּעניגען די געטליכע נאַטור, מיט מענשליכע גוטע „זיטען".

— ליעבער בן פּלא, איהר רעדט דאָך גאָר, ווי איהר וואָלט געקומען פון אַן אַנדער וועלט. מיט הונדערט יאָהר צוריק, האָט

מען אין אזעלכע זאכען געגלויבט... איך וועל אייך ענטפערען אויף ראשון — ראשון:

ערשטענס, ווערען גאר ניט געבארען מיידלאך מעהר פאר אינגלאך. עס פלעגט א מאהל זיין מעהרער פרויען, ווייל מענער פלעגען מעהר שטארבען פון שכרות, געשלעכטליכע קראנקהייטען, גע'הרג'עט ווערען אין די ניט-מענשליכע פאבריקען און אויסגע'הרג'עט ווערען אין מלחמות, פון די גוט'ס האט אונז גאט אויס-געהיט.

צווייטענס, איז די פרוי גאר ניט קאלטער פאר'ן מאן, דאר-געגענטהייל, איהר גאנצער קערפער איז געשאפען צו ערפילען איהר גרויסע אויפגאבע: א מוטער צו זיין. די מענער האבען א מאהל אויסגעקלעהרט וועגען „קאלטקייט" פון די פרוי, כדי זיך צו פאר-טהיידיגען פאר זייער „ערלויבען זיך" און קענען שטריינג „פארבא-טען" זייערע פרויען. ווען פרויען, צוליעב „פחד", האבען זיך גע-צוואונגען אוננאטירליך צו לעבען און זיינען צוליעב דעם „קאלט" געווארען, איז די קאלטקייט ניט זייער נ א ט ו ר געווען, נאר זייער „קראנקהייט"...

דריטענס און פיערטענס, וועל איך אייך צוזאמען ענטפערען:

די פרוי קען נאטירליך קראנק ווערען אויך שטארבען, אבער דאס טרעפט אויך ביי'ן מאן, זאגאר קראנק ניט אזוי אפט. דאס איז אן אומגליק בייביידען און ביידע טהוען דאס זעלבע, ווי אונ-זערע אלטע חכמים האבען זיי פלאסטיש געזאגט: „ווען דער מענש קען ניט גובר זיין דעם יצר הרע, זאל ער זיך אנטהאן אין שווארצען, אוועקגעהן אין אן ארט, וואו מען קען איהם ניט און טהאן וואס זיין הארץ גלוסט..." פארשטאנען?

— איך פארשטעה ניט, — האב איך ערשטוינט געזאגט — געהן צו אנדערען... „עס הייסט פאהרען אין אויסלאנד אין די בעדער... שמוצען פרעמדע פאמיליען-ריינקייט. דאס איז דאך פיעל ניעדעריגער ווי זיך ערלויבען צווישען זיך.

רבי אלישוב האט זיך רוהיג אבגעשטעלט באקוקט מיר מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען איבער די ברילען און גאנץ געלאסען געזאגט:

— אנטשולדיגט, איך האב מיר גאר פארגעסען, דאס איהר זיינט א פרעמדער אין אונזער לאנד, דאס אייך איז גאנץ פרעמד אונזערע זיטען און איינריכטונגען. איהר ווייסט אפילו ניט פון

אונזער „גן-האהבה". אבער איהר זייט אזוי עהנליך צו אונז, איי-ער געזיכט איז מיר אזוי באקאנט, דאס עס איז קיין וואונדער צו פארגעסען.

— איהר בארארפט זיך ניט אנטשולדיגען, רבי אלישוב. איך בין אן אייגענער, מיט מיין גאנצע נשמה אן אייערער, אבער קום פון וויטען, פון א גאנץ וויטע, פרעמדע לאנד: וויים גאר-ניט, ווי אקארשט א געבארענער קינד, וויל פון דאס ניי אנהויבען צו לעבען און אלץ וויסען... זאגט מיר, ליעבער רבי, וואס איז „גן-האהבה"? איך האב געהערט דעם נאמען, אבער ניט וואס דאס איז.

— וועגען דעם צו רעדען, איז איצט ניט די צייט און ניט דער ארט. וועגען „גן-אהבה" רעדט מען ניט, ווען מען לויפט אין איילעניש אויפ'ן גאס... עס גיט גרויסע, ערהאבענע זאכען, וועגען וועלכע מען טהאר ניט גלאט אזוי פארבייגעהענדיג, אין א פאר ווערטער דערמאהנען... „גן-אהבה" איז איינע פון די גרעסטע מאראלישע אינסטיטוטען, וואס מיר האבען געשאפען. דאס איז א געניאלע לייזונג צו די שרעקליכע, טרויעריגע פראבלעמען, וועל-כע די מענשהייט האט א מאהל ניט געוואוסט ווי צו ערלייזען. ווי אלע געניאלע זאכען איז זי גיט ווייט פון... ניט נארמאלע, ווען מען פארשטעהט און פיהלט איהר ניט גוט. דאריבער וויל איך אב-לייגען מיט מיין ענטפער, ביז מיר וועלען קומען אין „מגדל" ביי'ן ים כנרת. דארטען, אין אונזער גן-עדן וועל איך קענען אייך דער-צעהלען און איהר, אויך הערען. איך גלויב דאס איהר וועט דאן דאס פארשטעהן און פיהלען די הויך-מענשליכעס פון אונזער „ריי-נעם" „גן-אהבה".

בן אוריה איז צו אונז צוגעגאנגען פארשאפענדיג זיך, האט ער געזאגט:

— איילט ניט, קינדער, וואס לויפט איהר. איהר רעדט נאך אלץ וועגען ווייבערשע זאכען? עס איז ניטא וואס צו שפא-רען, זייט, אדון בן פלא, לייגגער ביי אונז, וועט איהר אליין זעהען, ווי אונזערע טעכטער זיינען באריהמט מיט זייער שעהנ-הייט, קערפערליך און גייסטליך. ביי אלע אידען פון דער גאנ-צער וועלט איז איצט אן אידעאל געווארען, צו הייראטהען אויף א טאכטער פון ציון. דאס רוב מוזען זיי זיך נאכהער ביי אונז בא-

זעצען. ווייל זעלטען וועט אונזערע א קינד וועלען אוועקלאזען די שעהנע לאנד מיט אונזערע הויך הומאנישע געזעצען.

אזוי ריידענדיג זיינען מיר אויפ'ן בית-המקדש-פלאץ געקומען. נאך פון ווייטען האב איך אין די שלאנקע פיגור מיט'ן הוט, גע- בען רולענדען טרעפ, דערקענט די לעהרערין... זי האט אויף אונז געקוקט, אבער, ווי עס ווייזט אויס, מיר ניט דערקענט. ווען מיר זיינען נעהענטער צוגעגאנגען, האב איך איהר באגריסט, זי האט מיט ברייטגעפענטע, פארוואונדערטע אויגען אויף מיר געקוקט... א ליכטיגער פייערעל האט זיך ביי איהר אין די אוי- גען אנגעצונדען, אין גאנצען רויט געווארען, מיט א ליעבען שמיי- כעל געזאגט:

— שלום, פרעמדער. איך האב אייך גאר ניט דערקענט. ווי האט איהר זיך געענדערט אין איין טאג? געווארען אין גאנ- צען „אונזערער".

— איך האב איהר פארגעשטעלט מיינע נייע פריינד. ניט וויסענדיג איהר נאמען — איהר שולמית, לעהרערין פון גן־עדן אנגערופען. זי האט נאר א קינדערש-שטיפערישען בליק אויף מיר געווארפען, גאר נישט געזאגט.

דער רולענדער טרעפ האט אונז אלעמען אויפ'ן גאלערייע פון אלטען מויער ארויפגעצויגען... מיר האבען פון דארטען די אילו- מינירטע שטאדט דערזעהען. ווי א פארשטיינערטער שטעהן גע- בליעבען פון ענטציקונג. א פאנטאסטישע שטאדט איז פאר אונ- זערע אויגען געווען. אויף אלע גאסען, הייזער און בריקען האבען זיך גירלאנדעס פון פארשיידען־פארביגע פייערען געצויגען, אלע קאנטורען פון קאלאסאלען „פריעדען-פאליי", איז מיט עלעקטרישע לעמפעלאך, ווי מיט ליכטיגע פערעל, איבערצויגען געווען... דער הויכער קופאל פון „סנהדרין", האט ווי א עדעלשטיין גע- לויכטען. די קאנטורען פון טויזענדער פאלמען, טורעמס, קו- פעלען, איז ווי מיט א גאלדענעם קאנטור פון פייער באצייכענט געווען. פון די הויכע טהורעמס פון בעלויכטונגס-סטאנציאן האבען די דרייענדע רעפלעקטארס זייערע גרויסע, בלאהע שטראהלען גע־ ווארפען, בעלויכטען יעדען מאהל אן אנדערען פאליי, וועלכער האט דאן ווי פון פערעלמוטער אויסגעוויעזען... די גאסען הא- בען געפינקעלט פון די אונצאהליגע פארביגע פאפיערענע לאנטער- נען, וואס די מענשען האבען געטראגען, און די רולענדע בע-

לויכטענע טראַטואַרען האָבען זיך געגאָסען, ווי פאַרביגע פאַרשיי-
דענע שניר קאַרעלען... פון צייט צו צייט איז איבערען טונקעל-
בלאָהען הימעל אַ באַלויכטענער ווי אַ פיעל-פאַרביגע זומער-פוי-
געלע, עראָפּלאַן דורכגעפלויגען, גיעסענדיג אַ פייערדיגען רע-
גען פון פאַרשיידענע ערעלשטיינער... און די טענער פון מוזיק
האָט זיך פון יום־טוב'דיגען ירושלם, ביז'ן הימעל געצויגען, ווי
דער ריח פון בשמים-מזבח...

עמיץ האָט מיר לייכט אַ ריהר געטהאָן... דאָס האָט די
לעהרעריון מיר געוויזען, מעהר מיט די אויגען, איך זאָל זיך
אָבקעהרען, אויפ'ן בית המקדש אַ קוק געבען. איך האָב איהר
האַנד גענומען, ניט אויף די קניה צו פאַלען...

אויפ'ן דונקעל-עמאַל-בלאָהען הימעל, האָט דער הערליכער
בנין פון בית המקדש געשיינט פון פאַנטאַסטישע פאַרבען, ווי ער
וואָלט איין גאַנצען געווען געמאַכט פון סמאַראַגדען געפּאַסט אין גינ-
גאָלד... די צוויי זיילען בײ'ן טהיר האָבען ווי פאַקעלען געלויכ-
טען און דורך דער אָפענער טהיר האָט זיך געזעהען דער גאַנצער
פאַרגאָלדעטער היכל, כרובים, פאַלמען און פאַרציערונגען אויף
די ווענט, דער געשטיקטער פרוכת די גרויסע פאַרשפּרייטע פליג-
לאַך פון די פאַרגאָלדעטע כרובים, באַלויכטען פון די זיעבען-רעה-
ריגע מנורות, וואָס דאָרט איז געווען...

די צעהן פאַנטאַנען, וואָס זיינען איןביידע זייטען פון בית
המקדש געשטאַנען, האָבען אויף איינמאָהל גענומען שפּריצען אין
דער הויך מיט פאַרשיידענע פייערען, וועלכע האָבען אַלס געענ-
דערט זייער פאַרבען אין פאַרשיידענע פאַרבען־האַרמאָניען...

ווי פאַנטאַסטישע, לייכטענדע, גיגאַנטע בלומען-בוקעטען זיי-
נען די פאַנטאַנען געווען ! בלומען וואָס קענען נאָר וואַקסען אין
גן-עדן געפלאַנצט פון כביכול אַליין...

דער גרויסער פאַנטאַן, דער ים הנחושת אויף די צוועלף
אָקסען, האָט אָנגעהויבען שלאָגען זיינע לויכטענדע וואַסערען אין
אַ פאַרביג-לויכטענדען בוקעט אין דער הויך און דורך די מיילער פון
די אָקסען... דאָס איז געוועזען אַ הערליכער הימן אין פאַרבען...
פאַרבען אַקאָרדען האָבען זיך איינע נאָך די צווייטע געביטען אין אַ
וואונדערבאַרען האַרמאָניע. מען האָט געפיהלט אין יעדען פאַרב
זיין קלאַנג. אַט זעה איך דעם שרעקליכען גיהנם־פייער : עס פלאַ-
טערען רויטע פייער-צונגען, עס גיסען זיך און זידען אונטען דונ-

קעל-בלאהע פייערן, ווי קאכעדיגע פעך, און גליהט גרין-געלבע פייער, ווי ברענענדיגע שוועבל. . דער פייער דערגרייכט זיין העכסטען שטופע. גיסט זיך צוריק אויף אונטען ווי א וואולקאני-שער רעגען. . . די אקסען, זיינען רויט-בלאה ווי רשעים אין שרעק-ליכען גיהנם-פייער. . . אט ליעגט זיך דער פייער, ער ווערט בלא-סער, א העלע בלאהליכקייט בעלייכט אלעס. . . פון צענטער גיסט זיך א פרעהליכע הארמאניע צוזאמען. . די אקסען ווערען פערעל-מוטער העל, דורכזיכטיג, ווי ליכטיגע פיגורען פון וואלקענס גע-מאכט, ווי העלע, דורכזיכטיגע גייסטער. . .

איהר האנד האט אין מיין האנד געציטערט, זי האט זיך צו מיר צוגעבויגען, מיט א שוואכע שטימע, ווי א הויך פון די לי-פען, האט זי געפרעגט:

— פאר וואס רופט איהר מיר שולמית, בין איך אזוי שווארץ?

איך האב א ציטער געטהאן מיט'ן גאנצען קערפער. . . איהר זיסע שטימע האט מיר ווי פון שלאף אויפגעוועקט. פארוואונדערט אויף איהר געקוקט. . . מיר האט זיך געדאכט, דאס אין די, אי-מער רוהיגע, פאר'חלום'טע אויגען, האט, אויף איין מאהל, א פייערל א גלאנץ געטהאן, אזוי ווי עס ווערט אויף אן אייגענבליק א פענסטער באלויכטען אין א שלאפענדען הויז. . . מיין הארץ איז מיר באנייט געווארען. . . געפיהלט, ווי איך בין באלויכטען מיט א גאלדענע ליכט. א ווארעמקייט האט זיך אין מיר צוגאסען. . . איך האב איהר האנד פעסט געדריקט און אויך שטיל, אבער, טיעף פון הארצען, געענטפערט:

— ווייל איהר זייט אזוי שעהן, מיין שולמית.

זי האט ניט געענטפערט, נאר איהר האנד האט געציטערט אין מיין האנד. . .

איך האב שוין מעהר אויף די באלויכטענע פאנטאנען ניט געקוקט. נאר איהר געזעהען, איהר העלע, שלאנקע פיגור, בא-גאסען מיט וויאלעטעווען-ליכט פון וועלכען זי האט א פריש-קינ-דערשען געשטאלט באקומען. פלוצלונג האט זי זיך צו מיר אב-געקעהרט.

— איהר לאכט פון מיר. איך בין אויף אייך ברוגז. איך וועל אייך מיין אמת'ען נאמען ניט זאגען — האט זי קינדיש-שטי-פעריש געזאגט. אויף איהר ליעבען פנים'על האט זיך א קאמישע, בייזע גרימאסע געמאכט.

— פאַר מיר קענט איהר קיין שעהנערען נאָמען נישט האָ-בען... מיין שעהנע, שוואַרצע שולמית.

— און אייער נאָמען ?

— וועל איהם אָנרופען, ווען איהר וועט מיר אייער ריכטיגען נאָמען זאָגען.

— גוט, עין תחת עין. איך וועל אייך „גר" רופען, מיין ליעבער גר... אָבער איהר ווייסט דאָך פון וואַנעט איך בין. איהר מוזט מיר אויך זאָגען פון וועלכער לאַנד איהר זייט געקומען.

איך האָב מיר אויף איין מאָהל דערמאָהנט מיין אומגליק, דאָס איך אַליין קען מיר ניט דערמאָהנען פון וואַנעט איך בין געקומען... אָן אומעט איז אויף מיר אָנגעפאַלען. עס ווילט זיך קיין וואָרט מעהר ריידען.

אַ פּאָר מינוטען קוקט זי אויף מיר ערענסט.

— מען דאַרף ניט — זאָגט זי טרויעריג — נאָר איין זאַך מוזט איהר מיר זאָגען : פאַהרט מען לאַנג צו אייער לאַנד ? צי וועט אייך לייכט זיין אַוועקצולויפען פון אונז ?

— ניין, איך וויל ניט פון אייך אַוועקלויפען... דאָס וועט אויך ניט זיין אַזוי לייכט... מיין לאַנד ליעגט הונדערט יאָהר רייזע פון דאַנענט...

זי האָט מיר מיט פאַרוואונדערונג אָנגעקוקט. אַ שעהנעם שמייכעל האָט זיך אויף איהר געזיכט געוויעזען און, לאַכענד, גע-זאָגט :

—מיין ליעבער גר. איהר האָט זעהר יונג אָנגעהויבען צו ריי-זען. פופציג — זעכציג יאָהר פאַר'ן געבורטה.

— ליידער האָט מיר פופציג יאָהר געדויערט, ביז איך האָב פאַרשטאַנען אייער שעהנעם ירושלם צו זוכען, דאַן האָט מיר מיין גוטער רבי אויסגעלעהרענט קפיצת הדרך צו האָבען, און אין איין אויגענבליק בין איך צו אייך געקומען.

— דאַן קענט איהר דאָך אין איין אויגענבליק, מיט קפיצת הדרך, פון אונז אויך אַוועקגעהן. ניין, איך וויל ניט, פאַרגעסט, וואָס ער האָט אייך אויסגעלעהרענט, בלייבט דאָ, ביי אונז, — האָט זי שעהמעדיג, מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ געזאָגט.

— שוין, פאַרגעסען.

דער אַלטער איז צו אונז צוגעלאָפען, פרעהליך אויסגעשריהען:

— קינדער, גענוג ! עס איז שוין שפּעט, אַ היים, שלאָ-

פען ! מאָרגען מוזען מיר פאָהרען אין „מגדל״. א גוטע אידעע, פאָהרטביידע מיט. אייך פרעג איך ניט. — האָט ער צו מיר געזאָגט — איהר זייט דאָך דאָ א פרעמדער, וועט אייך אלעם אינטערעסירען צו זעהען. קענט איהר, גברת, אויך מיטפאָהרען? איהר האָט דאָך ניט געזעהען דעם חג האורים אויפ׳ן כנרת? פאָהרט מיט. עס איז דאָך יום-טוב.

— ליידער קען איך ניט פון „גן״ אוועקפאָהרען. מיר זיינען אציטער ווייניג לעהרערינס געבליעבען. פיעל מאַכען איצטער זייער פעריען. איך וואָלט גערען מיט־פאָהרען. דאַנקע זעהר, אדוני.

— שאָדע. אייער אדרעסע? — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט — מאָרגען פריה, קום איך צו אייך. איצטער וועט איהר, די גברת באַגלייטען און מיר, קינדער, א היים, — האָט ער זיך צו זיינע זיהן געווענדעט.

איך האָב איהם די אדרעסע געגעבען, הערצליך באַדאַנקט, געזאָגט אלעמען, שלום.

— שלום ! — האָבען זיי אלע דריי אויסגעשריהען און פאַרשוואונדען אין געדיכטען פובליק, וואָס האָבען אויך געאיילט אהיים צו געהן.

— געהען מיר בעסער צו-פוס ? — האָט זי מיר געפרעגט. — עס איז אזוי שעהן באלויכטען, קיהל — זי האָט א ציטער, ווי פון קעלט געטהאָן.

איך האָב איהר מיין אָרעם געגעבען, און ווי זיך צו פאַרענטפערען, געזאָגט :

— עס געהען אזוי פיעל מענשען. איך קען אייך נאָך פאַרליערען.

איינציגע מינוטען זיינען מיר שטיל געגאַנגען. זי האָט קיין וואָרט גערעדט, נאָר אלץ פעסטער מיין אָרעם געהאלטען, ווי א מיעדע אויף מיר זיך אָנגעהאַנגען. די שטילקייט האָט מיר געדריקט. איך האָב געזאָגט :

— עס איז שוין קאַלט ביי נאַכט.

— יאָ ! — האָט זי פאַרטראַכטערהייט, ווי מיר ניט הערענדיג געענטפערט.

מיר זיינען אויף די אלייען, ביי די וואַסער-ציסטערען ארויף, דאָרט זיינען ווייניגער מענשען געגאַנגען. מיר איז שווער געוואָ־

רעז איהר שוויינעז. איך האָב געוואָלט הערעז איהר קול, זיך איבערצייגעז, דאָס זי איז ניט איז סעריעז אויף מיר בייז פאַר דעם. וואָס איך האָב איהר ניט געקענט מיי נאָמעז זאָגעז, ניט פוז וואַנעז איך ביז געקומעז. באַשלאָסעז איהר דעם ריינעם אמת צו דערצעהלעז... אָבער קיינע ווערטער ניט געפונעז ווי אָנצו-הויבעז. זי איז אַלץ שטיל געגאַנגעז נעבעז מיר, אַלץ פעסטער זיך צוגעטוליעט, עטוואָס ציטערענדיג, מיט אַראָבגעלאָזטעז קאָפּ, ווי זי וואָלט מורא האָבעז אויף מיר אַ קוק צו געבעז איך האָב איז הארצעז, אויף איין מאָהל געפיהלט אַ ניי-געבאָרענעם שמערץ, וואָס איך האָב נאָך זיין נאָמעז געוואוסט... איהרע ליכטיגע אוי-געז געוואָלט זעהעז. איבערלייענעז איז זיי, וואָס זי קלעהרט ווע-געז מיר... שטיל, קוים וואָס די ליפּעז באַריהרט, מעהר מיט'ן הארצעז, איהר געזאָגט:

— הויב אויף דיינע אויגעז אויף מיר, מיין ליעבע שולמית.

זי האָט ווי געהערט, איז גאַנצעז אַ ציטער געטהאָז און אַ פּאָר גוטע, ליעבע אויגעז האָבעז מיט אַ ליכטיגעז פייערעל מיר גלייך איז נשמה אריינגעקוקט... איהרע קינדעריש-ריינע ליפּעז האָבעז זיך לייכט באַוועגט, ווי זי וואָלט עטוואָס זאָגעז. איך האָב אָבער קיין וואָרט געהערט...

מיר זיינעז צום באַלויכטענעם טהויער פוז „גז" צוגעגאַנגעז. פיעל מענשעז זיינעז ביי'ז טהויער געשטאַנעז. געקוקט אויף די באַלויכטענע שטאָדט, וועלכע עס האָט פוז דאַנענט הערליך אויס-געזעהעז. זי האָט מיר איהר צאַרטע האַנד געגעבעז, וועלכע האָט איז מיין האַנד געציטערט, געברענט, ווי פוז היץ. און איהרע גרויסע אויגעז האָבעז איז שאָטעז פוז איהר ברייטע הוט, צו מיר געלויכטעז. איך האָב מיינע ליפּעז צו איהר האַנד צוגעלעגט און אָבגעברענט.

— קוש מיר איז די ליפּעז. איך ליעב דאָך דיר — האָט זי שטיל געזאָגט. און פאַר אַלעמעז איז די אויגעז, מיר פעסט ארומ-גענומעז, וואַרעם, גלייך איז די ליפּעז, אַ לאַנגעז, פעסטעז קוש נעגעבעז. אויף איין מאָהל זיך ארויסגעריסעז אָהז „שלום" צו זאָ-געז, איז טהויער אריינגעלאָפעז.



## ז.

די גאַנצע נאַכט נאָך דעם, שלעכט געשלאָפן. אַ גרויליכער, שווערער קאַשמאַר פון אַ משוגע׳נעם, האָט מיר אין חלום גע־דריקט... זיך אַלץ גע׳חלומ׳ט, וואָס מיט מיר איז געווען מיט הונדערט יאָהר צוריק... איך האָב מיר יעדער מאָהל מיט שרעק, באַדעקט מיט קאַלטען שוויים, אויפגעכאַפּט, אין מיטען אויפ־כאַפּען אַלעס פאַרגעסען, וואָס עס האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט... עס איז נאָר געבליעבען אַ געפיהל פון עטוואָס שרעקליכעס, פינ־סטערע־שווערעס, וואָס איך האָב נישט געקענט אָרונטערוואַר־פען פון זיך... ווייטער איינגעשלאָפען, ווייטער — דער זעל־בער חלום, ווייטער אָהן כחות זיך אויפגעכאַפּט... אַזוי די גאַנצע נאַכט. ביי׳ם ענדע: אין חלום געפיהלט, דאָס עס איז נאָר אַ חלום... געטראַכט, שלאָפענדיג, „איך מוז זעהען צו געדענקען, ווען איך וועל מיר אויפכאַפּען...״ אויפכאַפּענדיג איז אַלץ ווי אַ טהוי צושוועבט געוואָרען...

עס האָט גענומען טאָגען. אין צימער איז העלער געוואָרען פון די בלאַהליכע מאָרגען־ליכט, פון מיינע, ניט פאַרהאַנגענע, פענ־סטער. עס האָט זיך געהערט אַ גערויש פון אַן אויטאָ. מען מוז שוין די גאַסען באַגיסען. עס קלינגט אומרוהיג אַ וועליסאַפּעדיסט. פון די בערג הערט זיך אַ לאַנגער פייפען פון באַהן...

— איך וועל שוין ניט קענען מעהר שלאָפען — טראַכט איך מיר. גענומען אין בעט דעם פּאַק ניט געענדיגטע צייטונגען, אָבער ניט געקענט לעזען. דערמאָהנט זיך דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. דעם קאַמפּף וואָס איך האָב געזעהען... דעם נשיא... שמחת בית השאבה... די פאַנטאַנען... און די לעהרעריין... האָב דער־פיהלט איהר ווארעמען קוש אויף מיינע ליפּען...

אַ ליכטיגע פרעהליכקייט האָט מיר אין גאַנצען דורכגענומען. דאַביי אַ ניט אַנגענעהמער געדאַנק... זיך ניט גוט מיט איהר באַגאַנגען: פאַר וואָס איהר ניט געזאָגט דעם גאַנצען אמת וועגען מיין פאַרגאַנגענהייט? — אָבער וואָס קען איך איהר זאָגען —

האָב איך אין געדאַנקען זיך פאַרטהיידיגט. — דאָס איז דאָך אַזאַ משונה'דיגע זאַך, קיין מענש וועט דאָך מיר ניט פאַרשטעהן, ניט גלויבען. איך אַליין ווער דאָך שיעור ניט משוגע, ווען איך נעהם קלעהרען וועגען דעם. גענוג! שוין איין מאָהל זיך באַשלאָסען ניט צו קלעהרען וועגען מיין פאַרגאַנגענהייט. מען טהאָר וועגען דעם ניט קלעהרען... אַ מאָדנע זאַך, איהר פאַרגאַנגענהייט ווייס איך אויך ניט. ווער איז זי ?... ווי אַלט איז זי ?... אייניגע און צוואַנציג ?... אפשר שוין די גאַנצע דרייסיג ?... צייטענווייז האָט זי פאַר'חלום'טע, טרויעריגע אויגען, געמוזט שוין פיעל איבערלעבען. אָבער פרישע, קינדערישע־ריינע ליפּען... איז זי שוין פאַרהייראַטה ?... אפשר שוין אַ מוטער ?... דער לעהרער האָט דאָך מיר געזאָגט, דאָס דאָ הייראַטהען מיידלאַך צו זעכצהן יאָהר. וואונדערבאַר, וועגען אַלץ ביי איהם געפרעגט, מיר איז שוין אַלעס באַקאַנט פון זייער לעבען און אָרדנונג, אָבער ווייס גאָר ווייניג וועגען זייער באַציהונג פון מאַן און פרוי. ווי איז זייער פאַמיליען־לעבען ?... ווי האָבען זיי די שווערע פּראָבלעמאַ איינגעאָרדענט ?... געוויס האָבען זיי אויך אַזוי קלוג און נאַטירליך, מיט'ן ריינעם אמת איינגעריכט, ווי זיי האָבען אַלץ אין זייער אמת'ען לעבען געמאַכט, דערמאָהנט זיך מיין געשפּרעך מיט רבי אלישוב'ן. קיין פאַלשקייט איז אין מיינע געפיהלען צו די לעהרעריין ניטאָ — האָב איך ווייטער געטראַכט — מיין האַרץ איז מיט איהר איצט דורכגעדרונגען מיין נשמה מיט איהר פול. איך זעה מיין לעבען און גליק נאָר אין איהר. צי וואָס גריבלען זיך, קלעהרען וואָס איז מיט מיר פריהער געוועז, וואָס קען שפּעטער זיין ?... איז דען ניט גענוג, דאָס איצטער איז זי ביי מיר די איינציגע און טהייערסטע אין לעבען ?... און זי ?... ווייטער געפיהלט איהר קוש אויף מיינע ליפּען...

ליכטיגע בילדער האָבען זיך גענומען פאַר מיינע אויגען טראָגען. גאָר ניט באַמערקט, ווי איך בין איינגעשלאָפען.

— אַדון בן פּלא, אַדון בן פּלא! אויפוואַכענדיג געהערט, זיך גיך אַוועקגעזעצט און געקוקט אויף אַלע זייטען אין ליידיגען צימער. שטיל. געגלויבט, דאָס האָט זיך מיר אויך אין חלום געדאַכט. געוואָלט זיך שוין ווייטער לייגען, אין דעם אויגענבליק, הינטער מיר אַ דייטליכע שטימע געהערט:

אַדון בן פּלא, איהר שלאָפט נאָך ?

זיך גיך אומגעקעהרט, דערזעהען איבער מיין קאָפּ אַ בליציגען מעשענעם רעהר, זיך דערמאָהנענדיג, דאָס מען רופט מיר בן פלא, אין רעהר אריין, הויך געענטפערט :

— ניין שוין אויפגעשטאַנען. ווער איז דאָרט ?

— עמרם. קען איך צו אייך ארויפגעהן ?

— בכבוד, ערוואַרטע אייך — און גענומען זיך אָנטהאָן.

אַ פרישער, אַ ליכטיגער איז עמרם מיט אַ גרויסען בוקעט אריינגעקומען.

— שלום, זייט איהר גוט געשלאָפען ? אַ, ווי פיעל צייטונגען ליגען ביי אייך אין בעט. איהר האָט געמוזט די גאַנצע נאַכט לייענען, דאריבער זייט איהר אַזוי שפּעט אויפגעשטאַנען. איך האָב איצט מיט'ן טאַטען דורך'ן טעלעפאָן גערעדט — האָט ער זיך אַליין איבערגעשלאָגען — מיר וועלען גלייך ניט פאָהרען, אפשר נאָך מיטאָג. אין דעם איז שולדיג די חברה פון אלישוב'ן. איך בין אין „גן" געקומען זיי אָבנעהמען, האָבען די אַלע דריי, ווי זיך פריהער צונויפגערעדט, ענטזאָגט צו פאָהרען : ווילען בעסער אויף זייער חגיגה אין „גן" זיין... מיין ברודער וועט פון דעם צופריעדען זיין. ער זאָגט : דאָס עלטערען פאַרדאַרבען קליינע קינדער. נאָר די שוועגערין וועט האָבען צער... זי ליעבט זיי שרעקליך. איין מאָהל שוין אַ גאַנצען „זמן" אין „גן" געוואָהנט, אַ לעהרערין דאָרט געוואָרען. איהר ווייסט ? — האָט ער שטיל, ווי אַ סוד, געזאָגט — אין „גן" איז מען ניט צופריעדען ווען מען קומט די קינדער אויף יום-טוב נעהמען. זיי זאָגען : מען פאַרבייט זיי. מען ברייננט זיי אָב צוריק קאַפּריזנע עגאָאיסטען. זיי אַליין מאַכען אַלעס, דאָס די קינדער זאָלען אויף יום-טוב ניט וועלען פון „גן" אוועקגעהן.

— פאַר וועמען טראָגט איהר דאָס אַזוינע שעהנע בלומען, אויך פאַר אַ שעהנע דאַמע ?

— געוויס, דאָס איז דאָך פאַר אייער נעכטיגע שעהנע לעהרערין. קען איך דאָס ביי אייך, פאַר איהר איבערלאָזען ? איך האָב איהר אין „גן" ניט געפונען. איהר האָט, דאַכט זיך, איהר אָנגערופען שולמית ? אין דירעקציע האָט מען מיר געזאָגט, דאָס עס גיט איצטער ביי זיי ניט אַ לעהרערין שולמית. עס איז דאָ שולמית אפילו צוויי, נאָר יענע האָבען שוין מיט דריי טעג צור-

ריק אורלויב געגומען איבער די יום-טובים, זיינען אוועקגעפאָה-רען... ווי רופט מען אייער לעהרעריז ?

— דוכט זיך שולמית. אפשר א טעות, מיר האָבען זיך נאָר פאָר-געסטערען צופעליג באקענט.

— אזוי ? איך האָב געגלויבט דאָס איהר זייט שוין אלטע באקאנטע. דער טאַטע זאָגט : איהר מוזט קרובים זיין, ער האָט ביי אייך עהנליכקייט געפונען.

איך האָב גאָר נישט געענטפערט :

ער איז א פּאָר מינוטען געשטאַנען און געזאָגט :

— מיר זעהען זיך אלע צום מיטאָג. דער טאַטע וועט אייך שוין זאָגען. ווען מיר פאָהרען, שלום !

איך האָב זיך געוואַשען, צום „כל דכפין" געאיילט, דער-מאָהענדיג, דאָס אין ירושלם מוז מען אָבהיטען פּת שחרית צו עסען... פון דאָרטען בין איך אין די שאָטענדיגע אלעע נע־בען די וואסער-ציסטערנע געגאַנגען, טאָמער וועל איך מיין שולמית זעהען... זי איז צווישען די שפּאַציערענדע נישט געוועזען. לאַנג בין איך הין און צוריק געגאַנגען. נאָך לענגער אויף א באַנק גע-זעסען. אין יעדע צאַרטע פרוי זיך איינגעקוקט. די, וועלכע מיין האַרץ האָט געזוכט איז ניט געווען... א מיעדער בין איך צו-פוס, לאַנגזאַם געגאַנגען מיטאָג עסען, וואו איך האָב געדאַרפט די פאַמיליע בן אוריה טרעפען.

אויפ'ן וועג איז מיר דאָס נאַרישע בוקעט פון זינען נישט ארויס. — זיי האָבען זיך נאָר מיט איהר איצטער באַקענט, קוים א פּאָר ווערטער גערעדט. מיר האָט זי דאָך אויפ'ן קבלת פּנים אזוי פריינדליך אלעס ערקלעהרט, אזוי ליעב איינגעלאַדען איך זאָל צו שמחת בית השאבה איהר גאַסט זיין. מיר איז אפילו אין זינען ניט געקומען איהר בלומען צו ברייגגען ? דאָך געקענט זעהן, דאָס דאַ ליעבען די דאַמען בלומען, אלע פרויען אויפ'ן גאַס מיט בלומען, ווי האָב איך דאָס אליין ניט פאַרשטאַנען ? זי מוז מיר פאַר א וואַרוואַר רעכענען. — איך האָב מיר דערמאָהנט זייערע דעליקאַטנע באהאַנדלונגען, זייער אמת'ע אריסטאָקראַטישע רו-היגקייט. דאַכט זיך אלס איינפאַך אָהנע צערעמאָניע, אָבער וואָס פאַר א טיעפע איידעלקייט ליעגט אין זייער באהאַנדלונג געגען דעם צווייטען. ווי עהרען זיי יעדען מענשען, ווי שעצען און היטען זיי יענעמ'ס פרייהייט, ווי פרעהען זיי זיך א צווייטען א פאַר־

גענינגען צו מאַכען... גוט איז צווישען אַזעלכע מענשען צו לע-
בען! און ווייטער איהר ווארעמען, ריינעם קוש אויף מיינע לי-
פען געפיהלט. גאָט, ווי שעהן זי איז! די אויג ניט אָבצוריי-
סען. איך ווער באַדעקט מיט אַ וואָלקען פון איהרע שטראַהלענדע
שעהנהייט: ווער דערטרונקען אין שעהנהייט, צו־געה, פיהל זיך
ניט מעהרער... מיין האַרץ איז מיר מיט אַ וואַרעמקייט פול גע-
וואָרען, אין מיין קערפּער איז אַ נייעם לעבען אריין... איך האָב
ענערגיש מיט פעסטע טריט מיין וועג ווייטער געמאַכט, גע-
טראַכט וועגען מיין נייעם לעבען וואָס איך וועל אָנהויבען.

— אַדון בן פּלא! — האָב איך אַ באַקאַנטע שטימע הינטער
זיך געהערט. האָב מיר געשווינד אָבגעקעהרט. נעבען אריינגאַנג
פון „כל דכפין”, אין אַן אויטאָ, די פאַמיליע בן אוריה געזעהען.
בין צו זיי צוגעגאַנגען.

— וואו זייט איהר דאָס אַזוי גיך געלאָפען — האָט מיר דער
אַלטער געפרעגט — איך וועל אייך פאָרשטעלען, מרים, מיין
שנור — האָט ער מיר אויף אַ בלאַסע, צאַרטע פרוי געוויזען —
און אָט, איהר זוהן מתתיה, מיין אינגסטער אייניקעל — האָט
ער מיר אויף אַ צוויי-יעהריגען, דיקען, מיט רויטע בעקלאַך,
קינד געוויזען.

— נו, מתתיה, גיב דעם אָנקעל שלום.

— דער קינד האָט אויף מיר שעהמעדיג געקוקט מיט זיינע
קלוגע אויגעלאַך פון אונטערען בולט'ן שטערען, לאַנגזאַם מיר גע-
געבען זיין דיקע הענטעלע.

איך האָב איהם אויפ'ן האַנד גענומען, געקושט זיינע זיידענע
הערלאַך, געזאָגט זיין מוטער:

— איך ליעב אַזעלכע קינדערלאַך. עס איז דאָ וואָס אין
האַנד צו נעהמען, סקולפּטורא.

אויף די מוטערס בלאַסע ליפּען, האָט זיך אַ שוואַכער שמייי־
כעל געוויזען.

— גאָר, ווי דער טאַטע, אָבער, קעהרט אום די שטוב קאָ-
פּויר.

—זאָרג ניט, מיין קינד, — האָט דער זיידע, גליקליך, גע-
זאָגט — ער וועט שוין דעם ערשטען פּרייז נעהמען, וועט דאָ-
ביי אויך אַ רבי זיין, ווי זיין טאַטע.

— נו, נו, נאָר ניט קיין באַקטעראַלאָג, בעסער אַ סקולפּ-טאָר, ווי זיין אַנקעל, עמרם.

— וואָס ווילסט דו זיין, ווען דו וועסט גרויס ווערען, מתתיה? האָט דער פאָטער מיט אַ קאָמישע ערענסטקייט, ביי׳ן זוהן גע-פרעגט.

— אַ אַנקעל חיים. איך וויל אויך אַן אייזעל רייטען. — האָט דער קליינער, אויך סעריאָז געענטפערט.

אַלע האָבען זיך צולאַכט. מיר ערקלעהרט, דאָס דער אַנ-קעל חיים איז זייערער אַ שכן, אַן אַלטער גערטנער, וואָס ברייננגט זיי גרינס אויפ׳ן אייזעל... אין דעם גוטען שטימונג זיינען מיר צום טיש געגאַנגען.

ביי׳ן עסען האָט דער אַלטער דערצעהלט דעם גאַנצען רייזע-פּלאַן. פון ירושלים ביז יפו וועלען מיר פאָהרען מיט׳ן אויטאָ. איהר וועט זעהען די וואונדער פון אונזערע אָגראָנאָמען. אין יפו, נעכטיגען, פאַרבלייבען ביז פיער אוהר נאָכמיטאָג, צו זעהען דעם דאָק, אקוואריום, מקוה ישראל און אַנדערע. נאָכהער, מיט׳ן שיף ביז חיפה. פון ווייטען וועלען מיר די האָפען „עטלית", „קדימה" און אַנדערע זעהען. נאָכטען אין חיפה. פאַרבלייבען ביז מאָרגען נאָך מיטאָג. אַלעס דאָרט זעהען, נאָכהער, מיט׳ן באַהן, דורכ׳ן גאַנצען „עמק יזרעאל", ביז׳ן שטאָדט „צמח". דאָרטען אויך נאָכטען. דעם גאַנצען מאָרגענדיגען טאָג באַקוקען די באַריהמ-טע קאָנסערוועו און סיגאַרען פאַבריקען. ווען עס וועט צייט בליי-בען, באַזוכען די אומגעגענדען. ביי נאָכט, מיט מאָנד־ליכט, ווע-לען מיר מיט׳ן דאַמפּפער פאָהרען איבערען ים כנרת ביז „מגדל". צו זעהען ביי נאָכט פון שיף די פּראַכטפאָלע שטאָדט טבריה מיט איהרע באַריהמטע וואַרעמע בעדער, ווילאַ׳ן און האָטעלען, איז ווערטה צו וואַרטען דעם גאַנצען טאָג. אין מגדל געהען מיר אין „גן" זעהן זפרירה׳ן — דאָס איז זייערע אַ מיידעלע — האָט ער מיר ערקלעהרט, ווייזענדיג אויף זיין עלטערען זוהן מיט די שנור.— פאַרבלייבען דאָרט איבער שמיני עצרת, וועלען זעהען דעם באַריהמ-טען חג האורים אויפ׳ן כנרת. נאָך יום-טוב פריה פאָהרען מיר מיט׳ן שנעלצוג צוריק אין ירושלים און צו מיטאָג וועלען מיר שוין דאָ ווײ-טער זיצען.

זעלבסטפאַרשטענדליך, דאָס מיר איז געבליעבען איהם נאָר צו באַדאַנקען.

אין אַ האַלבע שטונדע שפּעטער זיינען מיר שוין אויפ'ן לאַנ־געז גאולה־בולוואַר געפאָהרען. פאַרביי דעם ארבייטער־קוואַרטאַל. רעכטס, אויף דעם באַרג האָב איך געזעהען די גלאָז־פאַלמען פון „אשל אברהם". לינקס, האָט זיך פון ווייטען אויפ'ן האָריזאָנט געזעהען די פאַרגאַלדעטע זיבען־רעהריגע מנורה פון „מנורה־טהעאַטער". איבעראַל איז געוועז שעהנע געביידען ארום בוימער באַ־פלאַנצט. וואָס ווייטער איז די געביידעס שיטערער געוואָרען, די פלאַנצונגען מעהר. די הויכע בערג זיינען אין טעראַסען געוועז, אַזוי ווי גיגאַנטע טרעפּ אויפ'ן הימעל ארויפצוגעהן. אונטען מיט וויינגערטנער, פּרוכט־בוימער, געמיזע־גערטנער און העכער, אויל־בערט־ און באַקסער־בוימער. פון צייט־צו־צייט, גאַנצע גרופּען און שורות ציפּרעסען, וועלכע האָבען דעם לאַנדשאַפט אַ רוהיגען, טרוימערישען שטימונג צוגעגעבען... מיר זיינען די אינדוסטריע־לע גאַרטען־שטאָדט „מוצא" דורכגעפאָהרען. זי האָט זיך אין גאַנ־צען געבאָדען אין פלאַנצונגען. בן אוריה האָט מיט'ן האַנד געוויע־זען: — זעהט, דאָ רעכטס, אויפ'ן באַרג, דאָ געפינט זיך די זומערדיגע, „ערהיילונגס־הייזער" פון „תחנת הבריאות". די ווינ־טערדיגע — האָבען זיי אין יריחו און ביי'ן ים כנרת. דאָ איז דער באַריהמטער היסטאָרישער גאָרטען. יעדער בוים איז פון אונזערע באַריהמטע מענער אין דער צייט פון אונזער רענעסאַנס, געפלאַנצט. אויך דער אונשטערבליכער דאָקטאָר הרצל, האָט אַ ציפּרעסע דאָ געפלאַנצט. ער האָט מיט זיין בוים געהאָלפען, דאָס פלאַנצען איז ביי אונז אַ קולט געוואָרען. יעדער קינד פלאַנצט דאָ אין פלאַנ־צונגס יום־טוב חמשה עשר בשבט אין זיינע שוהל יאָהרען ניט וויי־ניגער ווי אַ בוים אין יאָהר. זיי האָבען ניט ווייניג מיטגעהאָלפען אָט די אַלע בערג — האָט ער ברייט, מיט'ן האַנד געוויזען. — צו פאַרפלאַנצען.

— מיר וואונדערט ווי דער רעגען וואַשט ניט אָפּ די טעראַ־סען?

— באַמערקט, דאָס פון יעדען באַרג געהט עס ווי שטראַהלען ביז'ן אונטען. דאָס איז גראָבענס, ספּעציעל געמאַכט צוליעב די שטאַרקע רעגענס, וואָס מיר האָבען דאָ, די וואַסער זאָל אַראָב־געהען. אונטען, די וואַדיס, דאָס הייסט, די טהאַל־טייכעלאַך, האָבען מיר רעגולירט. אין אַנדערע ערטער באַסיינען געמאַכט, עס זאָל ניט אַזוי גיך שטראָמען, די וואַסער אָהן נוצען ניט אוועק־

געהען. איבערהויפט צוליעב די פיעל פלאנצונגען און טעראסען, רעגענט עס רעגעלמעסיגער און דאס וואסער בלייבט מעהר אויפ'ן ארט. דאס האט אויך געמאכט אן ענדערונג צום גוטען, אויף דעם קלימאט פון ארץ-ישראל.

אונזער אויטא איז געלאפען אויפ'ן גלאטען וועג באפלאנצט פוןביידע זייטען מיט בוימער, איבער די בערג פון יהודה. דער וועג איז אין זיג-זאגען געגאנגען. יעדער אויגענבליק האט זיך א נייער, הערליכער לאנדשאפט פאר מיינע אויגען געעפענט, מיט שטעדט און וועלדער אין פערספעקטיוו... גאנץ אויבען, אויף די בערג איז נאך ניט פארפלאנצט געווען. בן אוריה האט מיר באמערקט : — דאס איז נאך אן ארבייט פאר אונזערע אייניקלאך. אונזער לאנד קען אין גאנצען פארפלאנצט ווערען, אפילו די דיונעס ביי'ם ים. איהר וועט זעהען, וועלכע שעהנע וועלדער מיר האבען פון א טהייל די דיונעס, געמאכט ! אט גלייך, ווען מיר וועלען אויף דעם שפיץ בארג ארויפפאהרען, וועלען מיר דעם גאנצען „עמק השרון" זעהען ביז'ן ים. דאן וועט איהר די וועלדער אויך זעהען. איהר זעהט ? — האט ער מיר מיט'ן האנד געוויעזען, און האט דעם אויטא אבגעשטעלט.

איך בין אויפגעשפרונגען, אזוי ווי יעמאנד וואלט מיר אויף איין מאהל איבערראשט. און ריכטיג, קיין גרעסערער איבער-ראשונג האט דאס, וואס איך האב דערזעהען, נישט געקענט זיין... פאר מיינע אויגען, האט זיך א פאנאראמא געעפענט. ברייט איבערען גאנצען האריזאנט, העל דורכזיכטיג, ווי א מי-ראז' אין מדבר... א בילד געמאהלט פון ליעבען גאט אליין, פון לופט און ליכט. די איידעלסטע פארבען פון זיין רעגענבויגען, האט ער אין דעם בילד אריינגעגעבען.

אלע זיינען שטיל געזעסען. ניט געוואלט מיר שטערען. ביי'ם ענדע, האט עמרם ביי מיר געפרעגט :

— אדון בן פלא, קענט איהר די בילדער פון רבי יהודה הזרחי ? נאר ביי הזרחי'ן זעהען מיר אזעלכע ברייטע האריזאנ-טען, אזוי פיעל לופט, ליכט און, אויב מען קען אזוי זאגען : „קאלאריט אהן פארבען געמאהלט". דעם פאריגען יאהר איז ביי אונז געווען די אויסשטעלונג פון באריהמטען ענגלישען מאהלער, דער גרויסער טורנער. מען האט זיינע בעסטע בילדער, וואס עס געפינט זיך אין לאנדאנער מוזייאום, אויסגעשטעלט. איך מוז

אבער זאגען, דאס אונזער הזרחי האט איהם פיעל אריבערגעשטייגט. אמת, דאס טורנער האט געארבייט מיט מעהר ווי הונדערט יאהר צוריק, זיינע בילדער האבען געקענט אין דער צייט דונקעלער ווע־רען, אבער דער גייסט דער קוק פון קינסטלער אויף די נאטור, האט זיך דאך ניט געביטען ? ביי טורנערען זיינען די ווענעציא־נישע בילדער, ווי אן ערענסטער ענגלענדער באוואונדערט א שעהנע ווענעציאנקע : מיט זיין קינסטלערישע אויג זעהט ער פרעמדע, אומבאקאנטע פאר איהם, שעהנהייטען... אונזער הזרחי, זעהט אין ירושלם־פאנאראמען, כנרת־בילדער, מיט'ן אויג פון האר־צען. ירושלם איז איהם ניט א פרעמדע, זי איז זיין טהייערע גע־ליעבטע. ער קושט איהר אוים אלע גליעדער. זיינע בילדער זיי־נען זיין שיר השירים פון טיעפען הארצען, דאריבער פרעהט אונ־זער הארץ, קוקענדיג אויף זיי. דאס זאג איך ניט נאר מיין מיי־נונג, דאס האב איך אליין, געהערט פון רבי מנשה'ן אליין ! רבי מנשה בן יהושפט האט אזוי געזאגט, ווען ער איז אויף טורנער'ס אויסשטעלונג געווען — האט ער מיט א באזונדערען יראת הכבוד, דעם נאמען, רבי מנשה, דערמאהנט.

אונזער אויטא איז ווייטער אויפ'ן גלאטען וועג געלאפען. די הרי יהודה דורכגעשניטען, איבערען עמק השרון זיינען מיר גע־פאהרען.

— זעהט, רעכטס, אויפ'ן האריזאנט, אויף די בערג דאס איז אונזער באריהמטער הערצעל־וואלד. — האט מיר בן אוריה גע־וויזען אויף די וויאלעט־ראזליכע בערג פון דעם זון־אונטערגאנג. זיי האבען זיך פאראייניגט מיט דעם בלאהליכען וואלד אויף די דיונעס, וועלכע איך האב אנטקעגען מיר אויפ'ן האריזאנט גע־זעהען. איבער זיי האט זיך א בלאהליכע ליניע פון ים געצויגען. די בערג מיט די וועלדער האבען ווי א הערליכע באדריורע, ארומ־גערינגעלט דעם עמק השרון, וועלכער האט ווי א פראכטפאלער טע־פיך אויסגעזעהען : רייהען בוימער און פארשיידענע ליניען הא־בען דעם גאנצען, פלאכען פלאץ, ווי אראבעסקעס צוטהיילט. די גרופען הייזער ארומגערינגעלט מיט פארשיידענע פלאנצונגען, זיי־נען ווי בוקעטען פאנטאסטישע בלומען געווען... צווישען זיי האט זיך ווי א שלאנג געצויגען פון ווייטען א קייט מיט וואגאנעס. אויף די צושפרייטע געל־רויטליכע וועגען זיינען, ווי קינדער־שפיעל־צייג אויטאס, וועגען, רייטער און וועלאסיפעדען, פינקלענדיג,

געלאָפּן. צווישן די גערטענער, אויף שמאָלע שטעגעלאַך, האָ־בן געבליסצעט פון זון אונטערגאַנג די העלע קעפּיעס פון די אַר־בייטער און אַרבייטערינען, וועלכע זיינען אַ היים געגאַנגען. אי־בער אונזערע קעפּ, האָבן, ווי ווייסע טויבן עראָפּלאַנען גע־שוועבט, פון צייט־צו־צייט האָט אַ בלישצע געטהאָן, ווי אַ שטע־רן, די מעטאַל טהיילן.

— רוהע, יעדער געהט צו זיין היים, נאָכ'ן אַרבייטס־טאָג,— האָט מיר רבי אלישוב, וואָס איז געגן מיר געזעסן, געזאָגט.

מיר האָט זיך פאַרבענקט אַן אַ היים...

אַן עראָפּלאַן איז ניעדעריג פאַרבייגעלאָפן, דער פליגער, האָט באַוועגט מיט אַ פיעלפאַרביגן פאָן, יעמאַנד אַ צייכן געגעבן... איך האָב געפיהלט דאָס איך פליה דאָס, פון ירושלים פליה איך, וואו איך האָב דעם גאַנצן טאָג געאַרבייט, פליה צו זיך אַ היים. ווי אַן אָדלער, באַקוק איך פון אויבן דעם גאַנצן געגענד, זוך מיין הויז, מיין רוהיגן, וואַרעמען נעסט. איהם דערקענט, יאָ, אַט בליצט זיין פאַרגאָלדעטע מנורה אויף דעם טהורעם... יע־מאַנד איז ווייסן שטעהן אויפ'ן פלאַכן דאַך... לאָז מיר ני־דעריגער אַראָב. דאָס איז אַ יונגע פרוי מיט צוויי קינדערלאַך, איי־נעם אויפ'ן האַנד. באַוועג מיט'ן פאָהן צו זיי, באַמערקען מיר, די פרוי הויבט דאָס קינד צו מיר, שרייט: שלום אבא! די קינדערס קולכ'עלאַך העלפן אונטער זייערע פרעהליכע, ליכטיגע שטימען ציהען זיך אין דער הויך צו מיר, גלייך אין האַרצן אַריין... אין דער פרוי, די לעהרערין פון גן־עדן דערקענט...

אין האַרצן ווערט פול מיט אַן אונענדליכע בייגקענים. אַ בייגקענים וועגן עפּעס ניט דערגרייכבאַרעס, אייביג ציהט צו זיך און ניט צו קריגן... שעהנעס, ליכטיגעס, אָבער ווייטעס... וועגן וואָס מען קען מיט ווערטער ניט דערצעהלן...

— אַט דאָ איז די שעהנע שטאָדט „רמלה", — האָט מיר בן אוריה איבערגעשלאָגן מיינע געדאַנקען. ווייטער גענומען קו־קן אַרום זיך, ווייטער ניט געקענט מיינע אויגן אַברייסן פון די שעהנע בילדער, וועלכע עס האָט זיך יעדער אויגענבליק אַנט־פּלעקט פאַר מיינע אויגן.

— רמלה ליעגט צווישע איילבערטן. דאָס איז איהר בוים. דאָ קענט איהר זעהן גאַנץ אַלטע איילבערט־בוימער, די שארית הפליטה, וואָס איז געבליעבן פון די וועלט־קריעג, ווען מען האָט

פון גאנץ ארץ-ישראל אויסגעהאקט כמעט אַלע בוימער צום הייצן פאַר די אייזנבאַהן, וואָס האָט געפיהרט מענשען צו דער שחיטה. ווייטער, הויבט זיך אָן די באַריהמטע יפו'ער אראנזשען און אתרוגים גערטנער. איצטער איז די צייט פון אתרוגים צום רעליגיעזן צוועק. מען נעהמט זיי אַרונטער נאָך כמעט גרינע, כדי מען זאָל זיי קאָנען שיקען אין די ווייטעסטע מדינות. מען שיקט זיי פון דאַנען אין די מיליאָנען אין קליינע, ספּעציעלע געמאַכטע, פּאַרציערטע קעס-טעלאַך, צו אַלע אידען אין דער גאַנצער וועלט, אויף סכות. דאָס איז זייער ליעבער גרוס, וועלכע זייער מאַמע שיקט זיי פון אַלטען היים. אין „הרצליה" געפינט זיך אַ גרויסער „בצלאל-אַרטעל" פון מעטאַל-אַרבייט, זיי מאַכען דאָס די קעסטעלאַך. יעדער יאָהר, אַ נייער מאָדעל. איך האָב אין קיעוו ביי מיינעם אַ גוטען פריינד געזעהען אַ קאָלעקציע מעהר פון דרייסיג קעסטעלאַך, זיין פּאָטער האָט דאָס נאָך אָנגעפאַנגען צו זאַמלען. מען קען אָן זיי זעהען, ווי עס אַנטוויקעלט זיך ביי אונז די אינדוסטריע, וואָס ווייטער זיי-נען זיי שעהנער און דאָצו ביליגער. פאַר צוויי — דריי שקלים באַקומט איצטער יעדער איד, וואו ער זאָל ניט ווייט אין דער וועלט וואָהנען, אַ פרישען אתרוג אין אַ שעהנעם, קינסטליכען קעסטעלע.

אונזער אויטאָ האָט זיך גענומען אויף אַ וועג עטוואָס לינקס, אַ פרישער ווינט האָט געבלאָזען פון ים געבראַכט מיט זיך אַ וואונ-דערבאַרען זיסען רח.

— עס שמעקט זעהר. אַ באַקאַנטער רח פון אַ פּאַרפיום. פון וואַנען איז דאָס ? — האָב איך ביי בן אוריה'ן געפרעגט.

— דאָס איז דער רח פון די אראנזשען גערטנער, אָבער דעם ריכטיגען רח קען מען נאָר פיהלען אָם ענדע ווינטער, פון פורים ביז פסח צייט. איך בין מעהרערע מאָהל געפאָהרען מיט'ן שיף פון רוסלאַנד, האָב איך נאָך איניגע מייל פאַר יפו, דעם גן-עדן-רח געהערט, אין דער צייט, דאָס פון יפו זעהט מען נאָך קיין סימן ניט. איך מאַך יעדען מאָהל אויפ'ן שיף-דעק די ברכה „בורא מיני בשמים..."

גלייך הינטערען שטאָדט רמלה, האָבען זיך די אראנזשען-גערטנער אָנגעהויבען. אונזער אויטאָ איז ווי אין אַ גן-עדן אַריינ-געפאַלען : פון אַלע זייטען, וואו נאָר די אויג האָט געקענט זעהען האָט אונז פרוכט-ביימער אַרומגערינגעלט, באַנאַסען מיט שווערע

פירות, פיעל, מעהר ווי די בלעטער. דאָס די צווייגען האָט מען געמוזט מיט שטאַנגען אונטערשפּאַרען. אפילו די פּערקנער פוןביידע זייטען וועג זיינען פון מילגרוימען-בוימער געווען, געדיכט באוואַקסען מיט זיינע קליינע, פרישע, ווי לאַקירטע בלעטלאַך, באַדעקט מיט בלוט-רויטע מילגרוימען. די ציטראָנען, אַראַנזשען און מאַנדאַרינען זיינען נאָך גרין געווען, אָבער די פּראַכטפולע אתרוגים האָבען געלויכטען ווי גאָלד אויף די פרישע, גרינע בלעטער. וואו און וואו האָט מען געזעהען אַן עפּעל-בוים באַגאָסען מיט זיינע העל-רויטע פרוכט. צווישען די בוימער האָט געבלישצעט די ווייסע ווילאַס מיט גרויסע פענסטער, רייהען דינע קאָלאָנעס, טעראַסען און באַלקאָנעס. הינטער די קאָלאָנעס זיינען די וועראַנדעס העל-בלאָה געווען, נעבען די ווילאַס זיינען פּאַלמען געוואַקסען. זייערע שעהנע צווייגען, האָבען ווי שירעמס אויסגעוויעזען אין זייערע צושפּרייטע בלעטער מיט די הייגלאַך פרוכט פון אונטען. האָבען זיך שאַרף אויסגעצייכענט אויף'ן פּערלמוטערנעם הימעל. גרופּען שלאַנקע, טונקעלע קיפּאַריסען, האָבען זיך געצויגען צום הימעל, לייכט באַוועגט זיך מיט די שפּיצען, ווי זיי וואָלטען דאַווענען, דאַנקען דעם ליעבען גאָט, פאַר וואָס ער האָט זיי אַזוי שעהן באַשאַפען. ביינאַהע אויף יעדען פּלאַכען דאַך האָב איך מענשען געזעהען, נאָר אין די גערטנער, קיינעם באַמערקט.

— אַן אמת'ער גן-עדן ! — האָב איך אַנטציקענד אויסגערופען — אָבער קיינער היט גאָר ניט. מען קען דאָך גנבה'ענען, איך זעה גאָר קיין שומרים ניט.

— שומרים ? — האָט זיך רבי אלישוב אָבגערופען — אין גאַנץ ארץ-ישראל, וועט איהר איצט זייער ווייניג שומרים געפינען, סיידען אין די ראַמאַנען פונ'ם לעבען די אַמאָהליגע שומרים, וועלכע האָבען מיט אַזוי פיעל מוטה און קרבנות געהיט אונזערע אונגליקליכע פּיאָנערען און ניט געקענט אויסהיטען... דאַנקען גאָט, מען הערט ביי אונז זעהר ווייניג פון גנבות. יאָ, מיר האָבען אַ חברה „השומר", אָבער דאָס איז אַ טורען־פאַראיין מיט דעם בראַווען נאָמען „השומר".

— איהר זאָגט, אדון בן פּלא, דאָס עס איז אַן אמת'ער גן-עדן — האָט זיך בן אוריה צו מיר געווענדעט. איהר מוזט דאָ קומען פּורים צייט : אַלע בוימער זיינען מיט צייטיגע, גאָלדענע

פירות באַדעקט אין בלומען אין דער זעלבער צייט, מיט ווייסע, צאַרטע, שמעקעדיגע בליהונגען... און די אַפריקאַסען ! בער־נען ! אין אַנדערע פּרוכט ! ווער עס האָט דאָס ניט געזעהען, קאָן זיך דאָס גאָר ניט פאָרשטעלען. ניט פאַרגעסט, דאָס ציהט זיך אַ רונדער יאָהר. אַ גאַנצען יאָהר איז אַזאַ גאָרטען גרין, פול מיט שאָטען, פרישקייט, ליכט, זיסע פירות און געטליכע ריחות! ניט אומזיסט איז די וואונדערליכע לעגענדע וועגען אויביג־גרינעם, ליכטיגען גן־עדן אין אונזערע לענדער געשאַפען געוואָרען.

רעכטס, איבער דעם ים פון גערטנער, אויפ׳ן באַרג, ביי׳ן האָריזאָנט האָט זיך קוים, ווי אַ ליכט סילועט, הייזער און טהו־רעמס גזעהען אין ראָז־בלאַהע פאַרבען פון די לעצטע זון־אונטער־גאַנג שטראַהלען.

וואָס איז דאָס, אַ שטאָדט ?

— דאָס איז די אַרבייטער־שטאָדט „הרצליה״, וואו מען אַר־בייט די קעסטעלאַך פאַר די אתרוגים. די שטאָדט איז נאָר עטוואָס מעהר ווי הונדערט יאָהר אַלט און איז שוין אויסגעוואַקסען אין איי־נע פון אונזערע שעהנסטע שטעדט, צו פאַרדאַנקען איהר שעהנעם, געזונטען פּלאַץ, וואו זי ליעגט און איהר גרויסען אינדוסטריע. דער ערשטער, וואָס האָט איהר גענומען בויען, איז געווען שץ, דער גרינדער פון „בצלאל״, אויך אַ בילד־הויער, ווי איהר. ער האָט דאָרט פינף קליינע הייזעלאַך מיט אַן אַטעליע אויסגעבויט פאַר זיי־נע תמנ׳ער, וועלכע האָבען זילבער געאַרבייט. נאָך איצטער קאָן מען זעהען אויפ׳ן מוזייאום־הויף דעם אַלטען אַטעליע. דאָרט גע־פינט זיך איצטער אַ קאָלעקציע פון היסטאָרישע אַנטיקען. ביז איצט איז אין הרצליה, אויסער ירושלם, די גרעסטע אַרטעלען פון בצלאל־אַרבייט. מעטאַל, געפלאַכטענע מעבעל און האָלץ, עצי־זיתים. אויך געפינען זיך דאָרט אונזערע באַריהמטע מאַרמעלאַדען פאַברי־קען פון די פיעל פאַרשיידענע פירות, וואָס זיי האָבען נעבען זיך און צו פאַרדאַנקען דעם אונענדליכען הערצל־וואַלד, וואו עס גע־פינען זיך די מיליאָנען איילבערט־בוימער, וואָס ציהט זיך פון הרצליה כמעט ביז ירושלם. האָט מען דאָרט געעפענט אונזערע גיגאַנטע אייל־ און זיף־פאַבריקען. אויסער דעם איז דאָרט דאָ אַ גרויסע קאַריעראַ פון ווייכען, ווייסען שטיין, וועלכע איז גוט צום בויען און פאַרציהרונגען, וואו עס אַרבייטען טויזענדער מענ־

שען. זי שטעלט צו בוי־מאַטעריאַל פאַר יפו און אַלע שטעדט אַרום איהר...

בן אוריה האָט נאָך לאַנג דערצעהלט וועגען הרצליה, אָבער איך האָב גאָר ניט געהערט: ווייטער האָט מען דערמאָהנט שץ'ען פון הונדערט יאָהר צוריק... איך בין דאָך שץ... ווי איז דאָס מעגליך? ... מען מוז ביי זיי פרעגען גענויער וועגען שץ'ען, אפשר וועט מען מיר וואָס קלאָהר מאַכען.

— אנטשולדיגט, אַדון בן אוריה, דאָס איך שלאָג אייך איבער. איהר זאָגט דאָס שץ האָט די ערשטע הייזער אין הרצליה געבויט, זאָגט מיר, ווער איז ער געווען? ווי האָט ער געלעבט? וואו איז ער געשטאָרבען? ... איך האָב וועגען איהם אַזוי פיעל געהערט, געזעהען זיינע אַרבייט אין בצלאל-מוזייאום און בית המקדש. וואָלט וועלען וועגען איהם גענויער וויסען.

— איהר ווייסט ניט ווער אונזער שץ איז געווען? ער האָט דאָך דעם „בצלאל" געגרינדעט. עס גיט וועגען איהם און זיין בצלאל אַ גאַנצע ליטעראַטור. איהר קענט איבעראַל לעזען וועגען דעם.

— אַדון בן פּלא — האָט זיך עמרם, וואָס איז הינטער מיר געזעסען, אַבגערופען — איהר ווילט לייענען וועגען שץ'ען? זאָלט איהר נעהמען די „געשיכטע פון הונדערט יאָהריגען לעבען פון „בצלאל"", וואָס מען האָט קאָלעקטיוו געשריעבען צום יובילע-אום פון „בצלאל". דאָרט וועט איהר גענויע מאַטעריאַל וועגען איהם געפינען. דריי בענדער האָט דער בוך. דער ערשטער באַנד איז אין גאַנצען איהם געווידמעט, זעלטענע דאָקומענטען און פאָ-טאָגראַפיעס איז דאָרט אָבגעדרוקט.

— היינט פריה — האָט רבי אלישוב געזאָגט — האָב איך געהערט, דאָס דעם דירעקטאָר פון בית-המקדש־מוזייאום, האָט געלונגען צו געפינען אַ זעלטענעם דאָקומענט וועגען שץ'ען, דאָס איז אַ זילבערנער פּאַרט-סיגאַר, וועלכען, דער זילבער-אַטעליע האָט געמאַכט פאַר איהם אַ מתנה. דאָרט איז דאָ אַ וויכטיגער אויפ-שריפט אויף די פאַקסעמילען פון די מייסטער און אַלע אַרבייטער.

איך האָב געהערט און געציטערט ווי אין קדחת...

— פּאַרט-סיגאַר, זאָגט איהר. מיט פאַקסעמיליען... ווי האָט מען דאָס געקענט נאָך הונדערט יאָהר געפינען? — האָב איך קוים אויסגערעדט.

— וואהרשיינליך, פארוואלגערט אירגענד-וואו ביי א קרוב...

די לאנדשאפט האט זיך געענדערט: עס האט זיך געוויע־זען געאקערטע פעלדער, און אנדערע פלאנצונגען. דער ריידענדי־גער בן אוריה האט מיר גלייך באמערקט:

— זעהט איהר, דא הויבט זיך אן די פעלדער פון מקוה ישראל. דאס איז ביי אונז די עלטערסטע אגריקולטור-שוהלע, שוין מעהר ווי הונדערט-פופציג יאהר אלט. נטר, איז געווען איהר גרינדער. דאס איז איינע פון די גרעסטע אגריקולטור-שוהלען אין יהודה.

— גיט נאך אנדערע אזעלכע שוהלען?

— געוויס, מיר האבען מעהרערע דא, אויך אין גליל. די גרעסטע איז „ווארבורג", „אפענהיימער", „מרגלית". אבער די גרעסטע פון אלע איז די באריהמטע „בנימינה". דאס איז א הויכ־שוהלע פאר באטאניק. דארט קומען סטודענטען פון פיעל פרעמדע לענדער. זאנדער קליינע ספעציאלע פלאנצונג-שוהלען, ווי „גן-שמואל" און „כרם מנטיפיורה" און אנדערע.

— נטר'ס פאנטאן, וועט איהר זעהען, אדון בן פלא, גלייך ווי מיר פאהרען אריין אין יפו, אויף „נטר-פלאץ". דאס איז די ערשטע, גרויסע ווערק פון רבי מנשה בן יהושפט. דער פאנטאן האט איהם באריהמט געמאכט. דארט האט ער דעם ערשטען מאהל געוויזען דאס שטיינער קענען ריידען... שאדע, דאס מיר קו־מען היינט אן אין יפו שפעט, איהר וועט איהם ניט קענען זעהען. אבער מארגען פיהר איך אייך צום פאנטאן. איך וויל דעם פאר־געניגען האבען, זעהען אייער אנטציקונג.

עס איז שוין דונקעל געווען, ווען מיר זיינען אין שטאדט גע־קומען. יפו איז ביי נאכט אויך אזוי פינסטער און שטיל ווי ירושלם. נאר אויפ'ן בולוואר „מהגרים" איז ליכטיג געווען. אלע פראכטפאלע געביידען האבען געפינקעלט מיט זייערע גרויסע פענס־טער. עס האבען געלויכטען די פייערדיגע אויפשריפטען פון פאר־שיידענע שפראכען אויף די גאלערייען פון די דעכער.

— דאס איז אונזער אינטערנאציאנאל גאס — האט בן אוריה געזאגט, באמערקענדיג מיין באוואונדערונג. — דא איז די קאנ־טארען פון אלע שיפען געזעלשאפטען. דא איז דער וועלט-האנ־דעל. אויף דעם בולוואר וועט איהר ביי טאג באגעגענען מענשען

פון אלע עקען דער וועלט. דא ארבייטען זיי ביז צעהן אוהר ביינאכט.

אויף איינע פון די געביידען האט דער בעלויכטענער זייגער געוויעזען פינף מינוט נאך אכט. בן אוריה האט געזאגט.

— מיר מוזען זיך איילען, זאנסט קריגען מיר ניט צו עסען. איך פארגלייך אין בית האוכל „תלפיות. היינט האב איך זיי טעלעפאניש באשטעלט פאר אונז אווענד-ברויט — האט זיך גענומען רעכטס. נאך א פאר מינוטען, זיינען מיר אין א גארטען, נעבען א גרויסען גלעזערנעם פאוויליאן געקומען.

דער רעסטאראן איז געווען איינגעריכטעט ווי „אשל אברהם" אין ירושלם. נאר אין דער גאנצער צייט פון עסען, האט זיך אויפ'ן וואנט פארשיידענע ליכט-בילדער געוויעזען. דאס איז רעקלאמען געווען, פון יפו און אנדערע שטעדט. אין פינף פארשיידענע שפראכען זיינען די רעקלאמען געווען: העברייאיש, ענגליש, דייטש, פראנצויזיש און רוסיש. „מארגען עלף אוהר פאר-מיטאג, וועט מען פון יפו'ער-דאק ארייגלאזען אין ים, דעם ניי-געבויטען שיף „אחוה", קומט זעהען." נאך דעם האט מען א גאנצען רייהע פון ליכט-בילדער געוויעזען: דער שיף אין פארשיידענע צייטען און ארבייט. אינערליכע און אויסערליכע אויסזעהען. „מארגען, ניין אוהר פאר-מיטאג, אין אקוואריום, אונטער ים-טהעאטער, וועט די באריהמטע שווימעריין עליזה, די זאגענאנטע „ים-פרוי", פארשטעלען „פערעלע און דער ים-פארשער". א פאנטאסטישע ים-פארשטעלונג מיט זיעבען תהום-בילדער". „אין אקוואריום קען מען זעהען די נייע פיש-קאנסערוועז פון יפו'ער פיש-ארטעל". „נייע אתרוגים מארמאלאדען", צו באקומען אין שטאדטישען שפייזלאדען". „כרמל-וויין" ! א גאנצע רייהע פון ליכט-בילדער פון וויינגערטנער און קעלער. „נייע אתרוגים-קעסטעלאך, צו באקומען אין „בצלאל-לאדען" און א בילד פון א קעסטעלע, פארציערט מיט בולט'ע בילדער פון ארץ-ישראל: „היינט, אין „הזמיר-קאנצערט-הויז" וועט שפיעלען דער באריהמטער אידישער קווארטעט פון מגדל דוד". „אין שטאדט-טהעאטער, „צחוק ודמות", וועט מען פארשטעלען די באריהמטע היסטארישע טראגעדיע „השומר". „אין אפערא הויז „הלוי", שפיעלט מען די נייע אפערא „בליל אביב" פון חננאל הגתי". „אין ליכט-טהעאטער „במחזה", קען מען זעהען די נייע „מנורה"-פילמס „והיה באחרית הימים",

א פאנטאסטישען חלום פון בן שחר". „נאך מיטאג אויפ'ן באדע־פלאץ, וועט א קאנקורס זיין פון פאראיין „ילדי הים" אויף שווי־מען און רודערען". „בילדער פון בכורים-אויסשטעלונג פון ירושלם". „חג האורים אויפ'ן ים כנרת". „פון האטעלען אויפ'ן עצמון-בארג און כרמל", וועלכע שיפען קומען אן מארגען אין יפו, קדימה, עטלית, בירות, אשקלון און אנדערע. בילדער פון באדע־פלעצער און, ביי'ם ענדע, וועגען די אידישע וועלט-אויסשטעלונג, וואס וועט זיין אין פיער יאהר ארום און גלייך געוויזען אויפנאהמע פון פארשיידענע פראיעקטען.

לאנג האבען מיר די שעהנע ליכט-בילדער באוואונדערט. די פארשיידענע רעקלאמען געלייענט. עס איז שוין צעהן אוהר גע־ווען, ווען מיר זיינען אין האטעל „יפה נוף", וואס איז ביי'ן ענדע תל־אביב-פערטעל, געקומען.



# ח.

דער האָטעל „יפה-נוף" איז געווען פול מיט באָדע-געסט. עס איז שוין געווען ביים ענדע סעזאָן, נאָך צוליעב יום-טובים זיינען פיעל געסט פון ירושלים געקומען. דער שופר האָט אַלעמען פריה אויפגעוועקט. אַלע האָבען געאיילט זייער באָדע צו נעהמען אין קיהלען פריה-מאָרגען. דער פּאַרטיע האָט מרים'ען איבערגעגעבען אַ גרויסע קאָרב, אונזער פרישטיג, וועלכען זי האָט באַשטעלט. עמרם האָט גענומען צוטראָגען, אָבער רבי אלישוב האָט פון זיין האַנד צוגענומען. איך האָב פאַרגעלייגט, מען זאָל בעטען, אַ דיענער זאָל דאָס אונז נאָכטראָגען. רבי אלישוב האָט סעריאָז געזאָגט:

— ביי אונז באַדיענט מען נאָר קינדער, אַלטע און קראַנקע. איך האָב נאָך כח צו טראָגען, כאָטש איך האָב נאָך ניט בייגעקומען אי-מנוצח'ען.

ווען מיר זיינען צום באָדע-פּלאַץ געקומען, איז שוין די זון געווען אויפגעגאַנגען. עס האָבען געפינקעלט, די ווייסע מיט בלאָהע שטרייפען, פון ביידע ביידלאַך מיט פאַרשיידענע פאָהנען ביי'ן ברעג ים, די געלע זאַמד האָט, ווי באַגאָלדעט, געלויבען. ווי סאָלדאַטען, זיינען אין רייהען געשטאַנען געפלאַכטענע ביידלאַך-שטוהלען, מיט גרויסע נומערען אויף זיי אָנגעשריעבען. דער ים איז שטיל געלעגען פאַר אונז. ווי אין אַ העלען שפּיעגעל האָט זיך דער ריינער הימעל אין איהם אָבגעשלאָגען ביז'ן האָריזאָנט; וואו זיי האָבען זיך ביידע אין ווייכע טאָנען צונויפגעגאָסען... דאָ און דאָ האָט מען פישער-שיפלאַך געזעהען, זייערע ווייסע, פאַרגאָלדעטע זעגלען האָבען ווי ים-פויגעל אויסגעזעהען. מען האָט זיך שוין געבאָדען. דער ליכטיגער ים איז געווען פאַרזייהט מיט באָדענדע און שווימענדע: זייערע נאַקעטע הענט און פּנים'ער, פון פרויען און מענער, האָבען רויט געבלישצעט אויפ'ן זון און געפינקעלט זייערע פאַרביגע באָדע-קליידער: ווי שווימענדע בלומען האָבען זיי אויסגעוויזען. די פּובליקום אויפ'ן גאַנצען באָדע-פּלאַץ

האבען געלויכטעט פון די העלע קליידער. דאָס רוב אין אבאיעס, וועלכע זיי זיינען געווען אָנגעטהאָן פרויען און מענער. דאָס האָט זייערע פיגורען הויך און שלאַנק געמאַכט אויפ'ן פאָן העל-בלאָהען ים. אַ פרישער ווינטעלע האָט זיך פון ים געצויגען. ער האָט מיט זיך געבראַכט דעם ספּעציאַלען ים-ריח, וועלכער פרישט אָב, עס אָטהעמט זיך ברייטער.

אונטער געשוואומען צוזאַמען מיט עמרם'ן. געהערט וועגען זיין שעהנע תמרה, וועלכע האָט זיין וועלט צו אַ גן-עדן געמאַכט. דער פרישער וואַסער האָט פאַרשטאַרקט אונזערע מוסקולען. דער שטילער, ליכטיגער ים האָט צו זיך געצויגען. מיר האָבען אַלס ווייטער און ווייטער געשוואומען. יעמאַנד, אַ דיקער, האָט אונז געשווינד, ווי אַ טיולען, נאָכגעיאָגט. אָהן ברילען האָב איך ניט געקענט באַמערקען זיין געזיכט.

— דאָס איז אלי, מיין ברודער, רבי אלישוב — האָט עמרם געזאָגט. דער טיולען האָט, שרייענד, צו אונז זיך דערנעהענ־טערט.

— שטעהט ! פאַר וואָס שווימט איהר אין דער פריה, ניט געגעסענע, אזוי ווייט. קומט, קינדער צוריק. מרים און דער טאַטע וואַרטען אויף אייך מיט'ן פרישטיק.

מיר האָבען זיי געפונען אונז וואַרטענדיג ביי אַ באַדעקטען טיש מיט כל טוב. פינף ביידלאַך-שטוהלען האָבען דעם טיש אַרומגערינ־געלט. אַ באַקוועהמע ווינקעלע געמאַכט. שוין לאַנג ניט געגעסען מיט אזאַ אַפּעטיט. דאַכט זיך קיין מאָהל אַזעלכע געשמאַקע עסען ניט געגעסען. מרים האָט מיין טעלער ווייטער פול געמאַכט און מיט אַ ליעבען שמייכעל געזאָגט :

עסט, עסט אַדון בן פלא. קוקט ווי מיין מאַן טהוט. איך וויים שוין לאַנג ניט, ליידער, פון אַפּעטיט. פון מיר באַדאַרפט איהר זיך ניט לעהרנען עסען.

איך האָב מיינע אויגען צו איהר אויפגעהויבען. זיך דער־מאָהנט די לעהרעריין פון גן-עדן. געבליעבען שטיל פאַרטראַכט מיט'ן גאָפּעל אין האַנד. בן אוריה האָט, קוקענדיג אויף מיר, גע־זאָגט :

— שאַדע, דאָס אייער שולמית האָט ניט געקענט מיט-פאָה־רען — האָט ער באַדויערענדיג געזאָגט, ווי ער וואָלט אין מיין האַר־

צען אריינגעקוקט — זי וואלט געזעהען ווי מען לאזט אראב די נייע שיף.

געשוויעגען. אבער דעם גאנצען טאג איז זי מיר שווין פון זינען ניט ארוים...

— אין עליזה'ן האסט דו פארגעסען? — האט עמרם די שטילקייט איבערגעשלאגען. — צוליעב איהר אליין איז ווערטה געוועזן אין יפו צו קומען. זי איז שעהן, ווי די זון און א גרויסע קינסטלערין. זי פיהלט זיך אין וואסער פריי, ווי א גאלדענע פי־שעלע, ווי אן אמת'ע נימפע. זי מאכט דאס אזוי קונציג, דאס מען באמערקט גאר ניט, ווי אלע פאר מינוטען שטעקט זי ארויס די קאפ צו אטהעמען. בן תמר אליין האט ספעציאל פאר איהר די פאנטאסטישע „פערעלע און ים־פארשער” אויפגעשריעבען. דאס איז א ליכטיגער טרוים פון א קאפריזנעם פאעט, נאר אין חלום קען מען אזעלכע פאנטאסטישע בילדער באלויכטען, מיט ניט ער־דישע פארבען זעהען. נאר ביי א יונגען דיכטער קען אזא קאפריז קומען: וועלען אזעלכע בילדער אויספיהרען. מיט ווער־טער קען מען וועגען די פארבען שעהנקייט גאר נישט דערצעה־לען.

פונקט אכט אוהר זיינען מיר נעבען „אקוואריום־פלאץ” גע־שטאנען. צווישען הויכע בוימער און פלאנצונגען, א פאנטאן גע־זעהען פון וועלכען מיינע אויגען ניט געקענט אברייסען: א גרוי־סע באסיינע געמאכט פון נאטירליכע ווילדע פעלזענשטיינער. אין באסיין, דעם קאפ און רוקען ארויסגעשטעקט פון וואסער, ליגט א מעכטיגער וואלד־פיש, פון זיין גיגאנטען מויל, פון וועלכען ער האט אקארשט אויסגעשפיעגען יונה'ן, גיסט זיך א שטראם וואסער. דער נביא יונה, געקניהט אויף די שטיינער פון באַ־סיין, דאנקט גאט פאר'ן גרויסען נס, וואס דער פיש האט איהם א לעבעדיגען צום ברעג פון יפו ארויסגעשפיעגען... אזא פאע־טיש און צוזאמען עכט רעאליש־לעבעדיגען בילד, האב איך אין סקולפטורע ניט געזעהען. דער נאסער בלאה־גרינער בראנז פון פיש האט געבלישצעט, ווי פון א לעבעדיגע ים־חיה. דער דונקעל רוי־טער מארמאר פון נביא'ס פיגור, האט צווישען די דונקעל־גרויע, אלטע פעלזענשטיינער, ווי פון זון אבגעברענטען קערפער אויס־געזעהען. דער הויכשלאגענדער פאנטאן וואסער פון וואלד־פיש נאז, האט, מיט די פארבען פון א רעגענבויגען, ווי לייכטענדע

בריליאַנטען צוריק אַראָבגעגאָסען, צושפּרייט זיך אויפ׳ן ווינט.

— געגוג, אַדון בן פּלא. מיר מוזען איילען. איך וויל דאָך פאַר דעם פאַרשטעלונג, די פּראָבען-אויסשטעלונג אין דעם אַק-וואַריום אליין, אויך ווייזען. — ניט ווילענדיג מוז איך דעם פּאַנ-טאַן פאַרלאָזען און געהן צו בן אוריה, וועלכער איז געבליעבען אויף מיר וואַרטען.

די געביידע פון אקוואַריום איז אייגענטליך קיין „געביידע" געוועז : אויף אַ גרופּע, אַלטע, ווילדע פעלזענשטיינער, איז אַ דונקעל גרויע שיף געשטאַנען. אויפ׳ן דעק, ווי ביידלאַך, פאַר-שיידענפאַרביגע פּאַוויליאָנען מיט גרויסע אויפשריפטען. בן אוריה האָט מיר דערצעהלט, דאָס מיט געגויע הונדערט יאָהר צוריק, האָט מען געבען יפו אַ גרויסען קריעגס-שיף פון ים אַרויסגעצוי-גען. אזוי ווי דאַן האָט מען שוין קיין קריעגס-שיפען ניט באַנוצט, איבערצומאַכען פאַר אַ האַנדעל-שיף, ניט געלוינט, האָט מען דאָס די שטאָדט יפו געשאָנקען. מעהר ווי זיעבעציג יאָהר איז דאָס, אַלס קוריאָז, ביי אונז אין האַפען געשטאַנען. מיט אַ יאָהר צוואַנציג צוריק, ווען מיר האָבען דאָ „פיש-אינדוסטריע" אויס-שטעלונג געמאַכט, איז אונזערען גענישלען אַרכיטעקט, רבי אביהכל די אידעע געקומען דעם שיף אויסצונוצען. גלייך וועט איהר זעהען, וואָס ער האָט דאַפון געמאַכט. פון די אויסשטע-לונג איז אונז געבליעבען אונזער באַריהמטער אקוואַריום, וואָס עס געפינט זיך אונטען, אין די פעלזענשטיינער אין דער יונה-פּאַנטאַן. עמרם, ווער האָט דעם פּאַנטאַן געמאַכט ? דו מוזט דאָך וויסען, דאָס איז דאָך דיין זאַך.

— דו ווייסט דען ניט, טאַטע, דאָס איז דער ווערק פון אונזער רבי מנשה בן יהושפט. ווער דען זאָל אַזאַ וואונדער-ווערק מאַכען ?

אויף געדרעהטע טרעפּ, אויסגעהאַקט אין די פעלזענשטיינער, זיינען מיר ביז אויבען אַרויף. אויף אַ גלאַטען פּלאַטפאָרם איז די שיף, טיעף אין די שפּאַלטען פון שטיין, געווען אַריינגעזעצט. מיט דעם הייגגענדען שיף-טרעפּ זיינען מיר אויפ׳ן דעק אַרויף, אין אַלע פּאַוויליאָנען אויבען און אין אין עטאַז׳ען אונטען, איז געווען אויסגעשטעלט פּראָבען פון קאָנסערווירטע, פאַרשיידענע פישען. אויף די ווענט איז געמאַהלטע בילדער געווען פון לעבען די פישער, די אַרבייט אין זייערע פאַבריקען. פאַרשיידענע פּאַלעסטינער האַ-

פעז, אויך באשרייבונגעז און סטאטיסטיק. פיש-אינדוסטריע, האב איך געזעהעז, איז דא זעהר אנטוויקעלט. ניט נאר פון ים, ים כנרת, מי מרום, ירדן און אנדערע קליינע טייכען, נאר עס גיט אויך ביי זיי קינסטליכע סיסטערן פיש צו האדוועז. די אי־בעריגע דריי עטאז׳עז איז א נאטור-וויסענשאפטליכער ים־מוזייאום געוועז. אלעס וואס עס געפינט זיך אין ים: פארשיידענע פישעז, טהירע, ביז די מיקראסקאפישע פון לעבעדיגעס, פלאנצונגן, מו-שעלעז און מינעראלעז איז געווען דארט אויסגעשטעלט. מיר זיי-נעז ארונטער גאר אונטעז אין טרום, באלויכטעז שוואך מיט רויטע עלעקטרישע לעמפעלאך. דארט איז אין איין זייט ווי צובראכעז פון באמבעז געוועז, געהערט פון דארטעז דעם גערויש פון וואסער, די הארץ האט מיר א ציטער געטהאן, געלויבט דאס, אט, אט וועט א שטראם וואסער ארייננפליסעז... בן אוריה האט זיך איינ־געבויגעז דורך׳ן לאך דורכגעגאנגעז... עס האט זיך פון דארטעז א פארשטיקטער קול געהערט:

— קומט! וואס זייט איהר שטעהעז געבליעבעז. האט ניט קיין מורא. דא איז דאך דער אקוואריום.

— מיר זיינעז איינע נאך די צווייטע דורכ׳ן לאך דורכגעקרא-כעז.

דאס, וואס איך האב דארטעז געזעהעז האט איבערגעשטיגעז אלע מיינע ערווארטונגעז... ווען נאר איך דערמאהן זיך אן דעם ערשטעז ארייננגאנג, געהט מיר אקעלט איבערעז לייב אריבער... דער לעצטער ביז איך דורכ׳ן לאך דורכגעקראכעז. אנטקעגעז מיר איז גרויסע שטיינער געוועז. רעכטס, האט געלויכטעז א שפאלט אין די שטיינער, ביז דורכגעגאנגעז און... אין תהום פון ים אריינגעקומעז... א פרייער פלאץ אין א ים-וואלד פון פארשיי-דענע קאראלעז־בוימער איז דאס געוועז. ארום מיר איז צווישעז די בוימער און שטיינער, פארשיידענע פישעז און ים חיות געשוואו-מעז... אויבעז האט זיך א גרינער ליכט דורך די וואסער דורכ-געשלאגעז... סילועטין פון פיש, שרעקליכע לאנגוסטעז, ים שטערעז און פולפעס געזעהן. אין רעכטעז מיטעז פלאץ, געגעז מיינע אויגעז איז א צובראכענע שיף, דער שפיץ איינגעזונקעז אין טיעפעז זאמד, געשטאנעז, די אויבערשטע טהייל האט אויבעז אין וואסער געשטעקט. א שוידער איז מיר אין מיינע ביינער אריין, ווען איך האב דורך די לעכער געזעהעז, וואס אין שיפעל

געפינט זיך... צובראָכענע, פאַראָסטע מאַשינען און קאַנאַנען; צעוואָרפענע געשיער, קליידער, ביכער, פעסלאַך: פון איי־נעם, אַ צובראָכענעם, האָט זיך גאָלד־מינצען געשאָטען און צוויי־שען זיי ביינער פון מענשען. איין גאַנצער סקעלעט איז האַלב־זיצענדיג געווען. ער האָט געקוקט גלייך אויף מיר מיט זיינע שרעק־ליכע, פוסטע אויגען און מוראַ'דיג געלאַכט מיט זיינע ווייס־גע־זונטע צייהנער... איינער איז אַ גאָלדענער געווען... ביז גע־שטאַנען ווי פאַרשטיינערט, הענט און פיס האָט מיר אָבגענומען. געפיהלט דאָס אַלעס אַרום מיר נעהמט לאַנגזאַם זיך וואַקלען. די ערד האָט זיך גענומען ריהרען, אַלעס פאַר מיינע אויגען, האָט זיך גענומען מיט אַ גרויסען שלייער פאַרציהען...

— בן פּלא, בן פּלא, וואו זייט איהר? קומט! — האָב איך אַ פאַרשטיקטען קול, ווי פון אַ קבר, געהערט.

ניט געקענט פון אָרט ריהרען. מיט'ן ציטערדיגען האַנד זיך קוים אָן זייט פון שיף געהאַלטען.

אַ גרינע פרויען־פיגור האָט זיך פון הינטערן שיף געוויזען. אַ דאַרע אויסגעביינערטע טויטע געזיכט מיט גרויסע, שוואַרצע, מאַטע אויגען, האָבען אויף מיר מיט פאַרוואונדערונג געקוקט, אַ גרימאַסע געמאַכט און שרעקליך פאַנאַנדערגעלאַכט... די ערד האָט אַ ציטער געטהאָן אונטער מיר... פאַר מיינע אויגען האָט זיך אַ שלייער פאַרצויגען. גענומען אַזוי לייכט, אַנגענעהם שווי־מען, ביז איך האָב געפיהלט קאַלטע וואַסער אויף זיך... האָב מיט שרעק די אויגען געעפענט, זיך גיך אָוועקגעזעצט...

אַרום מיר זיינען די פאַמיליע בן אוריה געשטאַנען. מרים האָט אויף מיר פאַרפיום געשפּריצט. אַלע האָבען אויף איין מאָהל געפרעגט, ווי איך פיהל זיך... זיצענדיג אויף דער ערד האָב איך דייטליך געזעהען, דאָס די ווענט זיינען גלעזערנע, דערקענט, דאָס איז אַן אַוקאַריום, דערמאָהנט זיך מיין נאַרישען שרעק, הויך זיך צולאַכט און גיך אויפגעשטאַנען. אַלע האָבען זיך צולאַכט מיט מיר צוזאַמען. מרים האָט מיר אונרוהיג אונטערען אָרעם גענומען, ניט געלאָזען מיר אַליין געהן די גאַנצע צייט, וואָס מיר זיינען אין אַקוואַריום געוועזען. מיר שטיל געזאָגט:

— איהר ווייסט, אָדון בן פּלא, איהר האָט דעם גרעסטען קאָמפּלימענט דעם אַרכיטעקט געמאַכט. אַבנאַרען אַ קינסטלער! און ווי נאָך אַבצונאַרען. דאָס איז אַ גרויסע עהרע פאַר אונזער

קונסט. דאָך האָב איך פון אייך דאָס ניט ערוואַרטעט. האָב אייך געהאַלטען פון זעלבען טיפּ פון מיין אלי, ביי׳ן ענדע, לאָזט זיך אויס, דאָס איהר זייט אַ שוואַכער, ווי מיר זינדיגע ווייבער.

— ניין, גברת, איך בין ניט קיין שוואַכער. נאָר די לעצטע צייט פיעל דורכגעלעבט. מיעד בין איך. מיינע נערוועז זיינען צו פיעל אָנגעשטרענגט. איבערהויפּט האָט אויף מיר ערציטערט דער בילד פון דערטרונקענעם שיף מיט דעם שרעקליכען סקעלעט. דאָס איז דאָך פון דער וועלט-קריעג. אַ ריכטיגער סימבאָל. דאָס האָט מיר פּלוצלונג די מורא׳דיגע וועלט-קריעג עראינערט מיט אַלע איהרע שרעקליכקייט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט.

— איהר האָט געמוזט פיעל וועגען די וועלט־קריעג לייענען. דאָס איז ניט גוט. די מענשהייט מוז דאָס פאַרגעסען. בעסער דיינקען וועגען די גוטעס, וואָס זי האָט געבראַכט : וועז ניט די וועלט-קריעג וואָלטען די פעלקער ניט געלעבט אין ברידערליכען שלום פון איצט און מיר, אידען, באַזונדערס, וואָלטען נאָך ווייט געווען פון דעם גן-עדן, וועלכען מיר האָבען זיך דאָ געבויט.

מורא געהאַט אויף די טהעמאַ צו ריידען. איהר געוויעזען אויף איהר מאַן, וואָס איז געשטאַנען נעבען וויטרינאַ מיט ים-פערדלאָך, זיין פּאָטער און ברודער עטוואָס ערקלעהרט.

— זעהט, גברת, די געזיכט פון רבי אלישוב. ער זעהט דאָך ווי אַ דערטרונקענער אויס. דאָס איז צוליעב די שטאַרק גרינע באַלויכטונג פון אויבען. די באַלויכטונג האָט מיר מיינע נערוועז צוציטערט. איבערהויפּט דער איבערגאַנג נאָכ׳ן טונקעל־רויטען. פאַרבען, ווי קלאַנגען ווירקען שטאַרק אויפ׳ן מענשען.

עס האָט זיך געהערט אַ פאַרשטיקטער קול פון שופר. ער איז ווי פון אונטער דער ערד געגאַנגען. ניט ווילענדיג אַ ציטער געטהאָן.

— באַרוהיגט זיך. דאָס איז אַ צייכען פון אקוואַריום-טהעאַטער. באַלד הובט זיך אָן די פאָרשטעלונג. קומט. — און האָט מיר דורך אַ שמאָלע, לאַנגע גראַטע, אין אַ צווייטען, גרעסערען זאַל, אריינגעפיהרט.

אַלע פּלעצער זיינען שוין באַזעצט געווען. מיר זיינען הינטען שטעהענדיג געבליעבען. מרים׳ען האָט איינער זיין פּלאַץ פאַרגעלייגט. זי האָט איהם באַדאַנקט, אָבער ניט אָנגענומען.

געבליבענע שטעהן נעבען מיר. פאר'ן ארעם געהאלטען. דא איז פינסטערער געווען, ווייל דער סופיט האט ווי איין גראטע אויס־געוויעזען, מיט הייגנענדיגע סאלוקיטען און פלעדער־מייז. די גאנצע ליכט איז געווען פון די ווענט, וועלכע זיינען פון וויטרי־נען, זייערע ראהמען האבען ווי ים־פלאנצונגען אויסגעזעהען. וויל־דע פעלזענשטיינער מיט לייכטענדע פארטיעפונגען. די ביהנע, אדער ריכטיגער געזאגט, די גאנצע אויבערשטע וואנט איז אויך אזוי געמאכט געווען. וויטרינען ווי די אנדערע, נאר דאס וואַ־סער אזי ניט מעהר ווי דריי מעטער טיעף געווען. איבערען וואַ־סער, האט מען געזעהען צווישען שפיציגע פעלזען, א טיעפע פער־ספעקטיוו פון ים: לינקס, א גרופע שטיינער, ווי אן אלטע רואינע. אויפ'ן האריזאנט קוים צו זעהען א סילועט פון א שעהנע שטאדט.

טיעף אין וואסער פון ביהנע איז ליכטיג געווארען. פאר־שיידענע פישען האבען זיך אומרוהיג באוועגט. אונטען, אין זאמד, נעבען די ווילדע שטיינער מיט ים־פלאנצונגען, זיינען שרעק־ליכע לאנגיסטען ארומגעקראכען. פון אונטער־וואסער־גראט, איז א ים־פרוי ארויס, לייכט, ווי א פיש, צום וויטרינע צוגעשוואו־מען, מיט גרויסע אויגען פארוואונדערט אונז באקוקט, ווי דער־שראקען, גיך זיך אבגעקעהרט, מיט'ן פישען־עק אן זאמד א שטאר־קען קלאפ געגעבען. ווי א בליץ אויפ'ן וואסער ארויפגעשוואומען... אויפ'ן קאפ האט זי א קראנץ פון וואסער־בלומען, אין איהרע לאנ־גע, צושפרייטע האר — ים־פלאנצונגען. א בלומען־גארטעל אויף איהרע לענדען. זי איז געווען א וואונדערבארער הארמאנישער פאר־איינציגונג: א העלפט, א מענשען־קינד מיט'ן אלבאסטאר קער־פער און די צווייטע העלפט — א ים־פיש מיט די פארבען פון רע־גענבויגען אויף פערלמוטער.

אויפ'ן האריזאנט האט זיך געפיהלט די זון־אויפגאנג, די פעלזענשטיינער, ווי אן אלטע רואינע, האבען זיך שארף אויפ'ן ראזליכען הימעל אויסגעצייכענט, מען האט דייטליך געזעהען דריי ים־פרויען דארטען זיצען. אונטער'ן אקאמפאנימענט פון זייערע לירעס, האבען זיי זיס געזונגען:

.1

*

מיר מוזען אייביג ים־קינדער זיין.
אין טיעפען תהום געבארען,
אויגען פון שטערען געווארען,
אונזערע קליידער פון לבנה־שיין.

.2

*

מעער־שוים ווייסער אונזערע ברוסט.
ראז — אונזערע וואנגען,
האר — ווי ווייכע שלאנגען.
דער איז גליקליך, ווער ווארעם אונז קושט.

.3

*

זיין הייסע הארץ וועט מעהר ניט בייינקען
אין תהום, וואו אלעם רוהט
ניט פליסען רויטע בלוט
די פייערדיגע קאפ ניט דיינקען.

.4

*

שעהנער — אונזער שוועסטער פערעלע
דער פערל פון טיעפען גרונד
קאראלען־רויט, — זים׳ מונד,
ווער איהר קושט, ווערט אונזער הערעלע.

.5

*

וואו ביסטו, וואו ביסטו ?
אונזער שוועסטעריל
אונזער שוועסטעריל
די שעהנע.
קום צו אונז ! שווים צו אונז !
אונזער פערעלע.
אונזער פערלע
די קליינע.

ווי אן ארעאל-הארפע אויפ'ן ווינט, האבען זייערע שטימען גע-קלונגען, לייזע ווי געשעפטשעט, דאך זים דייטליך האט זיך יעדער ווארט אין אונטער - ים זאל געהערט. ביי'ן לעצטען קלאנג האבען זיי זיך אין וואסער אריינגעווארפען, אונזערע — האט זיך א טויך געגעבען, מיט'ן עק איבער'ן וואסער א פפליעסק, פון אונטען דורכ'ן וואסער-גראט פארשוואונדען.

דער האריזאנט ווערט העלער און העלער. עס ווייזט זיך פון ווייטען א קליינע שיפעל. צוויי מענער זיצען דארט. איינער ווארפט ארונטער זיין ווייסען מאנטעל פון זיך. טהוט אויס די קעפיע, ציהט זיך אן טויך-קליידער און מיט שווערע טריט, געהט ער מיט די טרעפ ארונטער אין וואסער. אין א פאר מינוטען ווייזט ער זיך אויפ'ן ביהנע טיעף אונטען אין וואסער, לאנגזאם, ארוים-געהענדיג פון גראט. אין האנד, האט ער א הארבאריום-קאסטען מיט א פאטאגראפישען אפאראט געטראגען. אויפ'ן הארצען עלעק-טרישען לאמפ, אן זיין ברייטען גארטעל א שטריק צוגע-בונדען. פון קאפ האט זיך צוויי לאנגע רעהרען, ווי ים-געוויקסען געצויגען. צוויי בולט'ע גלעזערנע אויגען, האבען פון די גרויסע רונדע מאסקען-קעפ ארויסגעשטארצט, דאס האט איהם דעם אויס-זעהן פון א ים-חיה געמאכט. ער איז לאנגזאם אין זיינע שווערע קליידער מיט די בלייענע פאדעשוועס, געגאנגען. געפאטאגרא־פירט. אייניגע פלאנצונגען און מושעלען צו זיך אין הערבאריום גענומען. פלוצלונג האט זיך אין גראט די ים-פרוי געוויזען...

ער איז ווי אנטווישט געבליבען. מיט זיין לאמפ איהר באלייכט, דעם אפאראט אויף איהר אנגעשטעלט... זי האט איהרע הענט אויסגעשטרעקט, צו איהם זיך א ווארף געטהאן... דער אפא-ראט מיט'ן הערבאריום זיינען איהם פון די הענט ארויסגעפאלען, פון שרעק זיך צוגעזעצט און מיט פחד זיך אויף הינטער געצויגען. פעסט זיין שטריק פון גארטעל געטרייסעלט. די ים-פרוי, האט מיט א געשווינדקייט ארום איהם געשוואומען, אפט אויבען זיך געוויזען. איהר געזיכט האט פון ווילדע פריידע איבערען וואסער געשיינט. ער האט זיינע אויסגעשטארצטע גלעזערנע אויגען פון איהר ניט אראבגעלאזען, און, לאנגזאם, הינטערווייזלאך צום גראט זיך געצויגען. אויף איין מאהל האט איהם זיין שטריק גע-שווינד אין גראט אריינגעצויגען, וואו ער איז פארשוואונדען גע-ווארען... זי איז ווי אנטווישט שטעהען געבליבען. מיט א וויל-דען געשריי איז גראט זיך אריינגעווארפען... פון ווייטען, אי-בערען וואסער, האבען מיר געזעהען, איז ער איילענד אין שי-פעל אריין.

די גאנצע פאדערשטע וואנט פון ביהנע איז פינסטער געווא-רען. אין זאל איז טויט-שטיל געווען. קיינער האט ניט אפלאדירט, ווי מען וואלט ניט ארטיסטען געזעהען, נאר א וואונדערליכע, לע-בעדיגע בילד. קיינער האט זיך ניט אויפגעהויבען, ווי אלע וואל-טען מורא האבען עטוואס פארבייצולאזען, פארשפעטיגען.

די ביהנע האט זיך ווייטער באלויכטען. אין תהום אויף א שטיין איז דער געלעהרטער אין זיינע טויך-קליידער, טרויעריג געזעסען. ארום איהם זיינען זיך, רוהיג, פארשיידענע פיש גע-שוואומען. לאנגזאמע און קרעבסען, זיינען לאנגזאם געקראכען אויפ'ן פאטאגראפישען אפאראט, וועלכער האט זיך אין זאמד געוואלגערט. זיי האבען זיך געטשעפעט אן איהם מיט זייערע לאנ-גע קלעסצעס. דער געלעהרטער האט דאס ווי ניט באמערקט. זיין שווערע, אייזערנע, רונדע קאפ, האט ער אויף זיינע שווארצע גומענע הענט, נידעריג ארונטערגעלאזען, געהאלטען. לאנגזאם זיך אויפגעהויבען מיט'ן לאמפ אין האנד גענומען אין אלע שטיי-נער שפאלטען, זוכען... דער גראט אונטערען וואסער האט זיך באלויכטען, ער האט זיך געשווינד צו יענער זייט אבגעקעהרט. מיט א פרייד געשריי איז פון דארט די ים-פרוי ארויסגעשוואו-מען. **איהרע** ווייסע הענט, ברייט אויסגעשפרייט, איהם זיך

אויפ'ן האלז געוואָרפען און אויף איין מאָמענט, האָט זיך אויפ'ן וואסער געוויעזען זיין שווארצע פיגור, מיט זיין שרעקליכע איי־זערנע קאָפּ און בולט'ע גלעזערנע אויגען. פעסט ארומגענומען מיט אלבאסטער ווייסע פרויען-פיגור מיט'ן בליציגען פישען-עק, גלייך אין וואסער ארונטערגעלאָזען, אונטען, אין גראט פארשוואונדען. און ווייטער איז פינסטער געוואָרען אויפ'ן ביהנע.

דער הימעל איבער'ן וואסער איז לאנגזאם ליכטיגער געוואָ-רען. נידעריג האָט איבער'ן ים גענומען די לבנה אויפגעהן אויפ'ן ים האָט זיך א זילבערנע, בליצענדע וועג געוויעזען. די פעלזענ-שטיינער, ווי די אלטע רואינע, האָט זיך שארף אויפ'ן באלויכ־טענעם ים אויסגעצייכענט. פון ווייטען האָט מען א שיפעלע גע-זעהען און אויפ'ן האָריזאָנט, האָבען פרעהלאך געפינקעלט די פייערלאך פון באלויכטענע שטאָדט... לאנגזאם האָט מען דייטליך באמערקט נעבען די רואינע, די ים-פרוי מיט'ן געלעהרטען. איהר אלבאסטאר קערפער, האָט גרין-בלאָהליך געבלישצעט פון לבנה-שיין און די גאָלדענע סטרונעס אויף איהר שילדקרויט־הארפע, האָ-בען געפינקעלט. ער, אין ווייסען, האלב-ליגענדיג, אָנגעשפּארט אויף ביידע הענט, קוקט אויפ'ן פינקעלדיגען האָריזאָנט. דער ווינט באוועגט זיינע לאנגע האָר.

די ים-פרוי האָט זיך איבער איהם געבויגען. די פינגער אויף די סטרונעס געלייגט, מיט א זיסע שטימע געזונגען:

אין טיפען ים,
אין קיהלען תהום
נעבען פעלזען גראט,
קאראלען וואלד.

דאָרט, וואו די לאנגוסטען קריכען,
וואו די פילפען לאנגזאם שווימען,
האָב צוגעגרייט א ווינקעלע,
א ווינקעל פאר דיר א שיינען.

דאָרט וואָרעמט ניט
די הייסע זון,
שטערען שווייגען
ניט רייצט דער מאָנד.

דאָרט וועסטו דיין רוהע געפינען
דיין קאָפּ ניט אומרוהיג זוכען
דיין האַרץ וועט ענדליך שלאָפען שטיל,
די וואַרעמע בלוט ניט מעהר קאָכען.

מיט מאַרמאָר הענד
צו מיר דריקען,
קאָראַלען-מונד
דיר ערקוויקען.

און צווישען מיינע קאַלטע בריסט,
וועסטו רוהיג דיין קאָפּ לייגען,
צודעקען דיר מיט שוואַרצע האָר
און מיט מושעלען אויף די אויגען.

זי האָט די האַרפּע אָוועקגעוואָרפען, איהם אויפ'ן האַלז גע-פאַלען, געקושט, געהאַלזט, מיט'ן האַנד אויפ'ן וואַסער גע-וויעזען, צום טיעפען אָבגרונד געצייגען... ער האָט איהר צום האַרצען צוגעדריקט, געגלעטשעט, געטוליעט. מיט איהרע לאַנגע האָר זיך געשפּיעלט, ביז זי איז רוהיג אויף זיינע קניה איינגע-שלאָפען...

עס איז פינסטערער געוואָרען. ניט מעהר געשיינט די לבנה. דער הימעל איז בלאַס, די גאַנצע לופט איז פול מיט אַ דורכ-זיכטיגע בלאַסקייט. אונטען, אין אַ ווינקעל פון הימעל, האָט זיך אַ רויטקייט געוויעזען. די שיפעל איז שטיל צום פעלזענ-שטיין צוגעשוואומען. ער האָט לייכט פון איהר זיך אָבגערוקט, לאַנגזאַם זיך אויפגעהויבען, אין איין שפּרונג אין שיפעל אַריין. אויפ'ן ביהנע איז גאַנץ פינסטער געוואָרען.

עס האָט זיך, ווי פון וויימען געהערט דער מורא'דיגער רעש פון ים. דער גערויש פון בלאָזענדען ווינט. וואָס ווייטער אַלץ נע-הענטער און שטאַרקער. דער ים האָט געשטורעמט און געקאָכט און די בייזע ווינטען, ווילד געפּייפט... אין געדיכטען פינסטער-ניש האָבען אונזערע אויגען אָנגעהויבען באַמערקען אויפ'ן כמורנעם, בייזען ים, די ווייסע שוים, ווי שעפּעלאַך איינע נאָך די צווייטע געלאָפען... אַ דונער האָט אַ קנאַק געטהאָן און מיט אַ רעש איר-גענד-וואו אַוועקגעקייקעלט. גלייך נאָך דעם האָט איבערען הי-

מעל א בליץ אין שארפע זיג-זאגען געגעבען. באלויכטען אויף איין סעקונדע דעם פעלזענשטיין מיט די חורבה. אן איינגעהילטער מאן איז דארט געשטאנען אונטען האט זיך אויפ'ן בעוועגליכען וואסער א שיפעל געשאקעלט, און גלייך אונז די אויגען פארבלענדעט. פינסטערער ווי פריהער... לאנגזאם האט זיך דער ים בארוהיגט, גענומען ליכטיגער ווערען. אלס דייטליכער האבען מיר אנגעהויבען צו זעהען דעם פעלזענשטיין און דעם איינגעהילטען מאן אנגעשפארט אן חורבה און ווען עס איז גוט ליכטיג געווארען, האט זיך די ים-פרוי נעבען פעלזענשטיין געוויעזען... ווי א פאנטאסטישע סטאטוע איז זי ווילד געשטאנען אויף איהר פישען-עק, די הענט צו איהם ליידענשאפטליך אויסגעצויגען. דער מאן האט געציטערט ווי פון קעלט. א ווייסען טלית פון אונטערען מאנטעל ארויסגעצויגען, געשווינד אויף איהר ארויפגעווארפען... איהרע הענט זיינען גלייך ארונטערגעפאלען, די קאפ זיך איינגעבויגען. אין גאנצען קלענער געווארען און ווען דער טלית האט זיך אין גאנצען ארויפגעלאזען, צו איהרע פיס געפאלען, האבען מיר א שעהנע, נאקעטע פרוי דערזעהען. שטעהט פארשעהמט מיט ארונטערגעלאזענע אויגען, די הענט צום הארצען צוגעדריקט. איין מאמענט איז דער געלעהרטער ווי פארשטיינערט געבליעבען, מיט ברייט-געעפענטע אויגען אנטציקענד אויף איהר געקוקט. צו איהרע פיס זיך געווארפען, מיט זיין ברייטען מאנטעל איהר איינגעוויקעלט, ווי א קליינע קינד, אויף די הענט געשווינד אין שיפעל אריינגעטראגען... לאנגזאם איז אויפ'ן ביהנע פינסטער געווארען. און גלייך נאך דעם האט אויפ'ן ביהנע, טיעף אין ים צווישען די פעלזענשטיינער גענומען לייכטען מיט פארשיידענע פארבען, שיינען, ווי א פרעהליכע אילומינאציע, האט זיך אלץ נייע פייערלאך געוויעזען. אלע פארבען פון רעגענבויגען האבען זיי געהאט א פראכטפאלער יום טוב אין גרונד פון ים איז דאס געווען. די פארשיידענע פישען באלויכטען מיט הערליכע פארבען, האבען היין און צוריק אומרוהיג געשוואומען, אזוי ווי זיי וואלטען זיך געאיילט אלעם צוצוגרייטען פאר די ליעבע געסט, פאר וועלכע מען האט דעם יום-טוב געמאכט... עס האט א שיין געטהאן פון אונטער-מעער'ס גראטע. צוויי פיגורען, א גרויסע מיט א קלענערע, אין טויך-קליידער, האבען זיך אין העלען שיין געוויעזען, פאר די הענט זיך געהאלטען. ווי חתן-כלה זיינען זיי

געגאַנגען. און דער תהום האָט ווי אַ הערליכער אָרקעסטער מיט זיינע טויזענד פאַרביגע פייערען געלויכטען...

אַלע האָבען שטאַרק אַפּלאָדירט. עליזה! הויך גערופען. צום אַרויסגאַנג זיך געאיילט. איך בין געשטאַנען ווי פאַר׳כשופ׳ט פון די וואונדערבאַרע בילדער מיט הימעלשע פאַרבען. מרים האָט מיר אונטערען אָרעם גענומען, אומרוהיג געזאָגט:

— איהר זייט שרעקליך בלאַס. קומט אויפ׳ן פרישען לופט.— האָט מיר צום אויסגאַנג געפיהרט.

דורך אַ לאַנגע גראַטע זיינען מיר געגאַנגען. צווישען די קאַ-ראַלען-שטיינער האָט זיך, ווי לעבעדיגע, ים־באַשעפענישען געזעהן. אונטען האָט פון זאַמד אַרויסגעשטאַרצט צובראָכענע האַרמאַטען און אַנדערע כלי זיין פון דערטרונקענע שיפען. ווידער אַ ציטער גע-טהאָן: דערמאָהנט די וועלט-קריעג. — צי דען האָב איך דאָן גע-לעבט? אָדער צופיעל פון דעם געלעזען. ווי מרים האָט גע-זאָגט?

מרים האָט זיך געאיילט מיר פון גראַט אַרויסצופיהרען.

צום דאָק זיינען מיר געפאָהרען. ווען מיר זיינען אָנגעקומען, איז דער גאַנצער פּלאַץ שוין פול מיט מענשען געווען. מיר זיינען אין אויטאָ געבליעבען, בעסער זעהען צו קענען.

די גיגאַנטישע שיף האָט, ווי געמאַכט פון ריינע פּאַיאַנס, אויסגעוויזען. אין גאַנצען גלאַנצענד ווייס מיט העל-בלויע ציי-כענונגען מיט פאַרגאָלדעטע סקולפּטורע-פאַרציערונגען. „אחוה" איז מיט גאָלדענע בוכשטאַבען, אויף פאַרשיידענע שפּראַכען, גע-ווען אויפגעשריעבען. ער איז אין גאַנצען אין דער לופטען, אויף הויכע געשטעלען געשטאַנען. געברישצעט יום-טוב׳דיג אויפ׳ן טונ-קעל-בלאָהען פאָן פון הימעל. פיעל מענשען, העל געקליידעט, זיי-נען אויפ׳ן שיף-דעק געווען, וואו מען האָט קיינע קוימענס ניט געזעהען. ווי גאָלד האָט געפּניקעלט די גרויסע טראָמפּייטען פון אָרקעסטער, אויפ׳ן שפּיץ שיף. אויפ׳ן אויבערשטען זעגעל-בוים, האָט אַ גרויסע ווייס-בלאָהע פאָהנע געפלאַטערט. איבעראַל האָט זיך פון ווינט באַוועהט די דגלים פון די שבטים.

יעמאַנד האָט אויבען, פון קאַפּיטאַנס בריקעל גערעדט. מיר, פון דערוויַיטען, ניט געקענט הערען. עס האָט זיך געהערט שטור-מישע אַפּלאָדיסמענטען. דער אָרקעסטער האָט געדונערט. די שיף האָט זיך לאַנגזאַם גענומען גליטשען. די פאָדערשטע טהייל פון

שיף מיט איהרע פארגאלדעטע פיגור, האט זיך גענומען אראב-לאזען. זעהר לאנגזאם אבער אלץ פאראוים האט זי זיך גערוקט און אראבגעלאזען. דעם וואסער אנגעריהרט, טיעפער און טיע-פער אין איהם אריין. ביז זי איז אין גאנצען אין ים געזעסען, וועלכער האט זיך פון דעם ארום איהם שטארק באוועגט. זיינע וועללען ביז'ן זאמד געשלאגען.

מיר זיינען געקומען צום האפען האלב פיער. די שיף געהט אפ פון יפו פונקט פיער. די האלבע שטונדע האב איך געוואלט אויסנוצען דעם גרויסען האפען צו זעהן. בן אוריה האט פריינדליך פארגעלייגט מיך צו בעגלייטען. די איבריגע זיינען געבליבען אין סטאנציע אויף אונז ווארטען. ער האט מיך צום גראניטענעם ברעג צוגעפיהרט, און איבער א שמאלען, לאנגען, אייזערנעם בריק זיינען מיר צו א ווייסען, אייזערנעם פאוויליאן געקומען, וועלכער איז אויף אייזערנע פיס, הויך איבער'ן וואסער, געשטאנען. אין בופעט האט בן אוריה צוויי קופעל קאלטע ביער גענומען. מיר האבען זיך אין א ווינקעלע געזעצט, ציגארען פאררויכערט. אלע פענסטער פונ'ם פאוויליאן זיינען אפען געווען. פון ים האט א קיהלער ווינטעלע געבלאזען. קיין בעסער פלאץ, אין אזא הייסער שטונדע, צו זיצען האט מען ניט בעדארפט. אפטרינקענדיג א ביסעל פון זיין גלאז, האט בן אוריה געזאגט:

— ווען מען זעהט דעם שעהנעם האפען מיט די אלע שיפען פון פארשידענע מדינות, די פיעל קאנטארען מיט הונדערטער גרויסע סקלאדען פון אלע זארטען וואארע, די גיגאנטישע סקלאדען פון „פרדס“, „כרמל“, „השקד“, פון אונזערע קאנסערווען פאבריקען און אנדערע; ווען מען זעהט דעם ברעג מיט די מענשען פון פארשידענע פעלקער, וועלכע געהען דא — וויל מען ניט גלויבען, דאס קוים מיט הונדערט יאהר צוריק איז דא אויפ'ן בארג א שמוציגע, אראבישע שטאדט געווען. א צובראכענער, הילצערנער בריקעל איז זייער האפען געווען, צו וועלכען עס האבען נאר געקענט מיט נסים צוקומען, צווישען די ווילדע שטיינער, די נאך ווילדערע אראבער מיט זייערע אומגעלומפערטע שיפלעך. דער איינציגער ריינער ווינקעלע איז געווען דארט, וואו אונזער האטעל „יפי נוף“ שטעהט איצט. דאס האבען אונזערע ערשטע פיאנערען א קליינעם

קוואַרטאַל אויפ'ן זאַמד אויסגעבויט. „תל אביב" דאָס אָנגערופען. דאָס איז געווען דאָס איינציגע שטיקעל ריינע „אייראָפּאַ" אין דער שמוציגער אַזיאַטישער שטאָדט יפו. דאָרט זיינען לייטישע ברייטע גאַסען מיט טראָטואַרען, דאָרט איז אַ שעהנע גימנאַזיום-געביידע גע־שטאַנען און דער ערשטער בנימין-פּאַרק אין ארץ ישראל — אַ קליי־נער פּאַרק, אָבער מיט גרויסע העברעאישע בוכשטאַבען „גן בנימין" אויפגעשריבען. דאָס אַלץ צו מאַכען האָבען זיי געמוזט אויף אַ פרעמדען פּריוואַט-מענשענס נאָמען, זאָנסט וואָלטען זיי דאָן ניט זיכער געווען מיט זייער אייגענטהום, ברוך משנה הזמנים! זעהט די איצטיגע שעהנע האַנדעל-שטאָדט יפו! זעהט דעם פרייען רו־היגען האַפען! און איבערהויפּט די גאַנצע איצטיגע ארץ ישראל. ניט נאָר מ י ר האָבען צוריק געוואונען אַ פאַטערלאַנד — די גאַנצע ציוויליזירטע ו ו ע ל ט האָט אַ נייע, שעהנע ערד-ווינקעלע געוואונען און דאַצו אַזאַ פעהיג פאָלק — אידען.

געקוקט אַרום זיך, ניט געקענט מיינע אויגען אַנזעטיגען פון דער שעהנער פּאַנאָראַמע, וואָס איך האָב אַרום זיך געזעהן... דער גאַנצער גרויסער האַפען איז פול געווען מיט שורות שיפען, אויף וועלכע עס האָבען פאַרשידענע פאָהנען געפלאַטערט, אָפּגע־טהיילט פון פרייען ים מיט אַ לאַנגע, שטיינערנע דעמבאַ. אַנט־קעגען מיר האָט זיך פון ווייטען געזעהן דער גאַנצער באַרג, פאַר־בויט מיט שעהנע געביידען, קופּעלען, טורעמס, צווישען הויכע ציפּרעסען און מינאַרעטען. די אונטערשטע גרויסע געביידען זיינען אין וואַסער געשטאַנען, בלאָקען האָבען פון זייערע ווענט אַרויסגע־שטאַרצט, מיט וועלכע מען האָט גרויסע פּעק אין די אונטערשטע באַרקעס אַראָפּגעלאָזען. לינקס איז, ווי ווייט די אויג קען זעהן אַ שעהנע שטאָדט אין גאַנצען אין גרינס געלעגען; איבער'ן גאַנצען שטראַנד האָט זיך אַ פאַרפלאַנצטע אַלעע געצויגען; אויבען אויף שעהנע אַרקעס, ווי אין ירושלים, האָט זיך געראָלט אַ טראַמוואַי; אונטען האָט געקאָכט פון לויפענדע אויטאָמאָבילען און וועלאָ־סיפּעדיסטען.

— וואונדערבאַר! די שיפען זיינען פון פאַרשידענע לענדער, האָבען פאַרשידענע פאָהנען, פאַרוואָס האָבען זיי אַלע איין פאַרב — ווייס? — האָב איך ביי בן אוריה געפרעגט.

— דאָס האַרמאָנירט בעסער מיט'ן ים. נאָר דערהויפּט, כדי

מען זאָל זיי בעסער זעהן פון ווייטען. אמאָל, ווען עס זיינען נאָך געווען מלחמות, האָט מען די שיפען, איבערהויפּט קריעגס־שיפען, געפאַרבט גרוי, זיי זאָלען ניט קענטיג זיין אין אַ כמורנער צייט, זאָלען זיך, ווי גנבים, קענען אונטער׳גנב׳ענען, זייערע גזל׳נישע העלדענטהאַטען אויספיהרען. איצטער, דאַנקען גאָט, זיינען מיר ווייט פון דעם. ווי פרייע, ווייסע לאַדקעס, זיינען אונגעשטערט אויף אַלע ימ׳ען פאַרשפּרייט שיפען פון פאַרשידענע פעלקער. אַלע ימ׳ען זיינען פריי פאַר שיפען, ווי די לופט פאַר פליהער.

פון ווייטען האָט זיך געזעהן אַ נידריגע ווייסע שיף. אויפ׳ן דעק פול מיט פּובליקום, די מעהרסטע ווייס געקליידעט, געטרובעט מיט אַן אייגענאַרטיגען קול. בן אוריה האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— קומט, אדון בן פלא. מיר מוזען זיך איילען. מיט דער שיף פאָהרען מיר. נאָר פופצעהן מינוטען שטעהט זי דאָ, מען מוז זיך איילען.

מיר זיינען גיך אַרויסגעגאַנגען.

ווען מיר זיינען געקומען, איז שוין אונזער קאַמפּאַניע אויפ׳ן דעק געשטאַנען. מרים האָט צו אונז מיט׳ן טאַשענטוך געמאַכט. מיר זיינען גיך אויפ׳ן דעק אַרויף.

— אדון בן אוריה, מיר האָבען דאָך פאַרגעסען צו נעמען בילעטען? — האָב איך ערשראָקען ביי איהם געפרעגט.

— אויף די אינערליכע שיפען, ווי אויף די באַהנען, דאַרף מען קיין בילעטען ניט נעהמען. איהר קענט זיך רוהיג זעצען.

אויפ׳ן וועג האָט מיר בן אוריה פון דעם גאַנצען מאַרשרוט, וואָס די שיף מאַכט, דערציילט:

די שיף מאַכט טעגליך דעם וועג פון סכות ביז צידון. דאָס איז די גאַנצע לענג פון ארץ ישראל. זי בעדינט דעם גאַנצען ברעג. אין גאַנצען האָבען מיר זיבעצעהן האַפען: סכות, עזה, אשקלון, יבנה, יפו, אפּולוניה, קדימה, קיסריה, עטלית, עכו, עכזיב, בנימינה, צור, הרצליה, צרפת און די לעצטע, צידון, — האָט ער אויף די פינגער אַלע אויסגערעכענט. — אין יעדען האַפען שטעהט זי צו אייניגע מינוטען, נאָר אין יפו, חיפה און בנימינה שטעהט זי צו פופצעהן מינוטען. די גאַנצע רייזע נעמט איהר אַן ערד אין גאַנצען

צעהן שעה. קיין קאבינעז האט זי ניט, ווייל זי געהט נאר ביי־טאג. אונטען איז דער שפייז־זאל. איהר זעהט דא ניט קיין קווי־מענס מיט קיין רויך; זי בענוצט עלעקטרישע קראפט, וועלכע זי בעקומט אויף אייניגע סטאנציאנען. זי פיהרט נאר פאסאזשירען און פאסט פאר די שטעדט פון ברעג ים. די אינערליכע פאסט ווערט ביי אונז מיט עראפלאנען צוגעשטעלט. אויפ'ן שיף, ווי אויף אלע אונזערע באהנען, איז פאראן נאר איין קלאס. די קיך, ווי איהר זעהט, איז אויפ'ן דעק. דאס איז פראקטיש אי פאר דעם פערסאנאל, אי פאר די רייזענדע. ס'הערט זיך ניט קיין ריח. יעדען טאג, אין דער זעלבער שטונדע, געהט איין שיף ארויס פון צידון, די צווייטע פון סכות; נאר ווען עס איז נויטיג, געהען מעהרערע שיפען.

די שיף איז געגאנגען רוהיג, אהן א שום גערויש, אבער גאנץ גיך. די גאנצע צייט האבען מיר דעם ברעג געזעהן; אימער זיך געביטען דער לאנדשאפט, איינער שעהנער פונ'ם צווייטען. אויף די סטאנציאנען האבען פיעל אפ־ און אנגעשטויגען. די גאנצע צייט האט א קיהלער ווינטעלע פון ים געבלאזען. קוים דריי שעה האט געדויערט זיינען מיר אין חיפה אפגעשטויגען. בעדווי־ערט, וואס די וואונדערבארע רייזע האט זיך אזוי גיך געענדיגט.

עס איז נאך ליכטיג געווען, נאר אויפ'ן בארג כרמל, וועלכער איז געדיכט מיט בוימער און ווילעס בעדעקט געווען, האבען זיך פינקלענדע פייערלעך אנגעהויבען צו ווייזען. לאנגזאם האבען זיי זיך פארמעהרט, ווי ליכטיגע שניר פון פערעל אויסגעוויזען; אויף מאנכע טעראסען און פלאכע דעכער פון די ווילען האט מען אויך פייער געזעהן. מיר זיינען מיט'ן זייל־באהן אויבען ארויפגעפאהרען. אין האטעל „אליהו־הנביא" זיך אפגעשטעלט. בן אוריה מיט זיינע ביידע זיהן האבען זיך געקליבען, גלייך נאך אוועגדברוויט, אירגענד אין א טעאטער צו געהן. מרים האט זיך ענטזאגט; זי פיהלט זיך מיעד. מיר אויך געראטען בעסער זיך אויסרוהען. בין אויך שרעקליך מיעד געווען פון אלעם וואס איך האב דעם גאנצען טאג געזעהן, געוואלט אין דער רוהע דאס עראינערען, נאך אמאל דאס דורכלעבען.

נאכ'ן עסען בין איך גלייך אין מיין צימער געגאנגען, אין בעט זיך ארייגעווארפען, אבער ניט געקענט איינשלאפען. כ'קען

קיינמאל רוהיג שלאפען, ווען איך בין צופיעל מיעד. גענומען זיך דערמאנען אז אלץ וואס איך האב דעם גאנצען טאג געזעהן: יונה פאנטאן, ווי גוט אזא מנשה צו זיין! ווי גליקליך איז דאס פאלק וואס האט אזעלכע געניאלע קינסטלער! זיך דערמאנט דעם אקוואריום. א קעלט איז מיר איבער'ן לייב אריבער. אויך א געניאלע ווערק, אבער א שרעקליכע. שרעקליך איז צו ליגען אין תהום פון ים. וויפיעל שיפען האט מען אין וועלט־קריעג דער־טרונקען און מיט וועלכער פרייד און שטאלץ האט מען וועכענטליך גענויע ציפערען טעלעגראפירט איבער דער גאנצער וועלט; גע־איילט אלעמען די שמחה אנצוזאגען... פון וואנען וויים איך פון די טעלעגראמען? כ'האב דאן געלעבט? אדער פיעל וועגען דעם געלעזען, ווי מרים האט געזאגט?... ווי גוט מרים איז. כ'האב געפיהלט די ווארימקייט פון איהר ארעם, אבער דאס געזיכט האב איך פון דער לעהרערין געזעהן, דערפיהלט איהר הייסען קוש אויף די ליפען... „קוש מיר אויף די ליפען, איך ליעב דאך דיך", — האט זי מיר דאן געזאגט. ווי הארציג זים איהר קול איז. בענשט דאך אמאל גאט א מענשען מיט אזא נשמה־שטימע! קוים א דרעמעל געטאן. זי איז צו מיר געקומען אין חלום. אייגבויגענדיג איבער מיין צוקאפענס, האט זי מיר געשעפטשעט: „ליעבענקער, מיין ליעבענקער גר, קוש מיר אין די ליפען, איך ליעב דאך דיר!" כ'בין אויפגעשפרונגען פון שלאף און לאנג נאך דעם האט זיך מיר גע־דאכט, אז איך הער איהר שמעקענדיגען ריח, וועלכען זי האט אין מיין צימער איבערגעלאזען... כ'ליג מיט אפענע אויגען, קען ניט איינשלאפען. דורכ'ן ברייטען, אפענעם פענסטער זעהט זיך דער בלויער הימעל מיט בליציגע שטערען; זיי ציהען צו זיך מיט אן אונבעקאנטער קראפט, וועקען אויף אין געדעכענים עפעס טור־מאנע, טרויעריגע עראינערונגען. כ'וויים אליין ניט וועגען וואס און ווען. כ'ווארף פון זיך די דעק אראפ, דרעה זיך פון זייט אויף זייט... די שלאפלאזע נאכט ציהט זיך אהן א סוף, עס דאכט זיך דאס קיינמאל וועט זיך די נאכט ניט ענדיגען... עס וועט שוין ניט אויפ־געהן אויף דער ערד די זון.... כ'האב דעם גאנצען קרוג קאלטע וואַ־סער אויפ'ן הייסען קאפ ארויפגעגאסען, זיך ערפרישט, ווי א נייער, פרעמדער קאפ וואלט פלוצלונג אויף מיר אויסגעוואקסען, געפיהלט

א קעלט אין גאנצען קערפער, זיך אין דער דעק איינגעוויקעלט און גלייך איינגעשלאפען.

אין דער פריה האט מיך עמרם קוים געקענט דערוועקען. אלע האבען אויף מיר אונטען געוואַרט צו געהן עסען. אן עראפלאן איז אנגעקומען, לייכט אויפ'ן פלאץ פון האטעל זיך ארונטערגע־לאזען. א יונגע דאמע איז פון איהם ארויסגעשפרונגען, נאך איהר א בעקאנטער הער אין א גרויסער זיידענער קעפּע איבער'ן ברייטען טראפּען־הוט. כ'האב זיך ניט געקענט עראינערען וואו איך האב איהם געזעהן. אלע האבען איהם מיט עהרע בעגריסט. כ'האב גע־פרעגט:

— איז ער אייערער א בעקאנטער? ווער איז ער?

— ניין, ער קען אונז ניט, אבער מיר קענען איהם — אלע. דאס איז דאך אונזער גרויסער מאלער הזרחי. איהם קען אין גאנץ ארץ ישראל יעדער קליינער קינד.

ביז מיטאג האט מיך עמרם געפיהרט ווייזען אלע זעהענס־ווערטהען פון חיפה: רעגירונגס־געביידען, ווארענהייזער, פאבריקען, מוזעאום און פאנטאנען, צווישען זיי אויך דעם בנימין־פאנטאן, וועלכען יעדע גרויסע שטאדט אין ארץ ישראל האט געהאט, אזוי ווי א הערצעל־בולוואר. מעהר פאר אלץ איז מיר געפעלען די פּרעכטיגע ארכיטעקטור פון די ווייסע, מיט זעראמיק פארציערטער, ווילען אויפ'ן כרמל, מיט זייערע קליינע אבער וואונדערשעהנע פּארקען ארום די ווילען. צווישען די פארשידענע בוימער און פלאנ־צונגען האט מען אלץ געזעהן דעם בלויען ים, דעם פּאלמען וואלד נעבען עתיד, אדער די קופּאלען מיט הויכע דינע מינארעטין פון עכו. מיר זיינען די גאנצע צייט אויף פארשידענע אופנים גע־פאהרען: מיט אויטאמאבילען, רולענדען טראטואר, זייל־באהן ביז'ן שפּיץ פון כרמל, פון דארט געפלויגען ביז עכו מיט אן עראפּלאן. עמרם איז א ריכטיגער ספּארטסמאן אויף פליהען געווען. די גאנצע צייט מיר געלערענט זיין קונסט צו פיהרען אן עראפּלאן. פון עכו זיינען מיר צוריקגעקומען מיט אן עלעקטרישער שיפעל. מיר זיינען אריין אין שפּייז־זאל מיט א פולען קאפּ און א וואל־פישען אפּעטיט. גלייך נאכ'ן עסען האט אונז בן אוריה געאיילט צום באהן צו פאהרען: — קיין קלאסען זיינען ניט פאראן; ווער

עס קומט פריהער, דער קריגט אַ בעסערען פּלאַץ. מיר האָבען גע־וואָלט אַלע צוזאַמען זיצען.

די וואַגאָנען בעקוועמע, געטריבען פון עלעקטרישער קראַפט, געהען זעהר גיך, טרייסלען ווייניג; מען קען רוהיג לעזען, אָבער ניט געקענט זיך אָפּרייסען פון פענסטער, ניט געקענט אָנזעטיגען מיינע אויגען פון די שעהנע לאַנדשאַפטען, וועלכע האָבען זיך יעדע ווײַלע געענדערט.

— דאָס איז דער עמק יזרעאל, — האָט מיר בן אוריה גע־זאָגט. — דאָ וואַקסען אונזערע בעסטע ווייצען. מיר וועלען קומען נאָהענט צום ירדן וועט איהר עפּעס זעהן. דאָס האָט איהר געווים אין אייער לעבען נאָך ניט געזעהן. איהר האָט געווים שוין גע־הערט אַז מיר האָבען דעם ירדן אויסגעריייניגט פון זיינע שטיינער, וואָס ער האָט אין אייניגע ערטער געהאַט. איצטער געהען שיפלעך פון ים כנרת ביז'ן ים המלח. אין מעהרערע ערטער האָבען מיר די וואַסער פון ירדן אָפּגעצווייגען. די וואַסערען אַרבייטען אויס פּיעל עלעקטרישע קראַפט, בעוואַסערען גרויסע פלאַכען ערד, וואו מיר פלאַנצען געמיזע, טאַבאַק, אויך פאַרשידענע בלומען פאַר אונזערע פאַרפיום־פאַבריקען און מעדיצינישע פלאַנצונגען. איהר וועט די גרויסע בלומען־גערטנער זעהן.

וואָס איך האָב אין ערבות־הירדן געזעהן איז שווער מיט ווערטער צו בעשרייבען. אין אונענדליכע גערטנער האָבען פערשידע־נע טולפּאַנעס געוואַקסען. אַלע נואַנסען פון פאַרבען זיינען דאָרטען געווען; זיי האָבען געשיינט אויף דער זון מיט אַ וואונדערבאַרער פאַרבען־האַרמאָניע; ווי אַ גיגאַנטישער רייכער טעפּיך, האָט דער גאַנצער באָדען אויסגעוויזען. כ'האָב געקוקט, ניט געקענט זיך זאַט אָנקוקען.

— אין האָלאַנד קענט איהר אַזעלכע גערטנער זעהן. מיר האָבען זיך פון זיי געלערענט די בלומען פלאַנצען; אָבער דאָרט זיינען זיי ניט בעלויכטען מיט אַזאַ ליכטיגער זון ווי אונזערע, — האָט בן אוריה מיט שטאָלץ געזאָגט.

ווייטער האָבען מיר פעלדער פון מאַיז געזעהן, ווייסע, רויטע, גרינע, בלויע און וויאָלעטע זיינען זיי געווען; דער ווינט האָט זיי לייכט בעוועגט אויף זייערע הויכע צווייגלעך. זיי האָבען זיך דאָן

אפגעגאסען מיט אן עלעקטרישען בלעסק, פון יעדער בעוועגונג אן אנדער פארבען־הארמאניע געהאט.

— מאכט מען ביי אייך אויך אפיום? דאס איז דאך א שרעקליכער גיפט; דאס פאר׳סמ׳ט דאך די, וועלכע געוואוינען זיך אפיום צו רויכערן.

— גאט בעהיט! מיר מאכען ניט קיין אפיום. עס איז ביי אונז אפילו שטרענג פארבאטען עס אריינצופיהרען. מיר בענוצען געווים די מאן צו אנדערע צוועקען, אפשר אויך צו פארפיום, כ׳ווייס ניט, מיר מוזען פרעגען ביי אלישוב׳ן, ער ווייסט אלץ.

רבי אלישוב איז געשמאק געשלאפען אין זיין ווייכען פלאץ. מיר האבען איהם ניט געוואלט וועקען.

— נאך אזא שעהנער פלאץ איז ביי אונז פאראן, — האט עמרם געזאגט. — דאס איז דער ראזען־טהאל אין יהודה. איך בין דארט איינמאל געוועזען. מען מוז אויפשטעהן גאנץ פריה, ווען די זון איז נאך ניט אויפגעגאנגען, די טוי האט זיך נאך ניט אויפגע־הויבען, דאן שניידט מען די ראזען; פרויען טראגען דאס אין קערב אויף די קעפ. עס איז א וואונדערבאר בילד צו זעהן אין א פעלד פון ראזען געהען מיט געזאנג שורות פרויען מיט קערב פרישע ראזען אויף די קעפ.

אין צמח האבען מיר אלע אפגעשטיגען. בן אוריה האט גע־זאגט:

— מען קען מיט׳ן באהן פאהרען גלייך ביז מגדל. דער צוג געהט גלייך ביז דער צענטראל סטאציאן פון גליל, „כפר נחום“, די צווייטע סטאציע פון מגדל, נאר איך וויל אייך ווייזען דעם ים כנרת ביינאכט. איהר וועט עטוואס דא זעהן. אין צמח געפינען זיך פיעל פאבריקען פון פארפיום, טאבאק, ציגארען, פיש קאנסער־ווען, פלאנצונג־פארבען, באנבוק־מעבעל און בעריהמטע ליים־אר־בייט. מיר וועלען דא עפעס קויפען פאר אלעמען. איך וויל גוטע ציגארען. וואס ווילט איהר, קינדער? — האט ער זיך, גוטמוטהיג, צו אונז געווענדעט.

— איך וויל זיסע עפעל, — האט מרים לאכענדיג געזאגט. — אונזער מוטער חיה האט דאך אויך ליעב געהאט עפעל. דא וואקסען זיסע עפעל.

— נאך אין די גאנץ אלטע צייטען האבען נעבען ים כנרת

זיסע פירות געוואקסען, גנוסטר, האבען זיי דעם ים אנגערופען, — האט רבי אלישוב געזאגט.

אין די פאר פרייע שטונדען, וואס מיר האבען דא פארבראכט, האבען מיר פיעל געזעהן און געקויפט. די ציגארען האבען זעהר געשמעקט און די עפעל זיינען אמת זיס געווען. מיר האבען גענוג פוןביידע פארזוכט. אבער גליקליכער איז עמרם געווען פון זיין איינקויפען אין טערקאטען פאבריק. ער האט זיין גאנצען פאר־מעגען: נאהענט פון דריי הונדערט שקלים, אויף פארשידענע קאפיעס פון בארעליעפען און פיגורקעס אויסגעגעבען, געבעטען מען זאל איהם דאס דירעקט אין רבי מנשה בן יהושפט'ס אטעליע אין ירושלים צושיקען. ער האט בעדויערט וואס איך בין ניט מיט איהם געגאנגען. געקענט איינקויפען, אבער וואו קען איך דאס שיקען, וואו איז מיין היים?

נאך אוונד־ברויט, זיינען מיר מיט אן עלעקטרישען שיף אויפ'ן ים כנרת געפאהרען. די רייזע ביז מגדל, האט עטוואס מעהר ווי א שעה געדויערט. עס איז ווערט געווען צו ווארטען ביז נאכט. דער ים־כנרת מיט'ן פולען לבנה, האט געלויכטען ווי צעשמאלצענע זילבער, שטיל געציטערט, געשעפצעט מיר וואונדערבארע מעשה'־לעך פון אמאל: פון די ליכטיגע קינדער־יאהרען, יוגענד־חלומות און פון ציטער פון דעם ערשטען קוש... פון ביידע זייטען ברעגען האבען געפינקעלט פייערלעך, מעהרער פון לינקס, וואו טבריה מיט איהרע ווארעם־בעדער ליגען.

— זעהט איהר, בן פלא, ווי בעזעצט ארום כנרת איז. אט לינקס האט איהר דגניה, גלייך נאך דעם, וואו כנרת פאלט אריין אין ירדן, איז די ווילען־שטאט „הרצליה". דא געפינט זיך אין פארק אויפ'ן בארג נעבען ברעג, די בערימטע הערצל־סטאטוע. ער שטעהט, פארלייגט די הענט אויפ'ן הארצען, קוקט אויפ'ן לייכטענדען כנרת און טרוימט וועגען איהר אויפלעבען, וואס ער האט נאכ־הער אזוי שעהן בעשריבען אין זיין „אלט־ניי־לאנד". גלייך עט־וואס ווייטער, וועלען מיר שוין זעהן אנפאנג פון טבריה. די ערשטע, רבי מאיר בעל הנס שול. אט דא זעהט איהר די אלטע געביידען, וואס זיצען ווי א נעסט, צוגעקלעפט צום בארג; אויבען איז א וויי־סער קופעל, איין פענסטערעל לייכט דארט. דאס איז די אלטע שול מיט זיין קבר, דאס לייכט זיין נר תמיד. א מושב זקנים איז דארט גלייך נאך דעם, אין פארק, זעהט איהר די פיעלע געביידען מיט קא־

לאַניעס און קופּעלין. דאָס איז אונזערע בעריהמטע חמי טבריה, נאָך אין גמרא ערצעהלט זיך פון די חמי טבריה. אונזערע בעדער זיינען אזוי מאָדערן איינגעריכטעט, דאָס מיר האָבן דאָ באַדע־געסט אויך פון פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער און אַמעריקא. די אלע ווילעס, וואָס איהר זעהט ארום, זיינען האָטעלען. מען מאַכט גוטע געשעפטען, ניט נאָר אין האָטעלען, נאָר אויך אין וואַרענהייזער, וואו מען פאַרקויפט בצלאל ארטיקלען, ירדן־סיגאַרען, פּאַר־פיום און אַנדערע אונזערע ספּעציאַלע ארטיקלען. די ווילעס ציהען זיך ביז דער שטאָדט טבריה, וועלכע איז דאָרט אויפ׳ן באַרג. אונ־טען די אַלטע שטאָדט טבריה, האָבן מיר גלייך נאָך דעם וועלט־קריעג, אראָפּגעוואָרפען, דאָס איז געווען אַ שמוציגער, פאַרפּעס־טעטער נעסט. מיר האָבן איבערגעלאָזען דעם אלטען פעסטונג אין איינציגע אינטערעסאַנטע אַלטע הייזער. איצטער איז דאָרט אין גאַנצען אַ גרויסער פּאַרק, אין וועלכען עס געפינט זיך דער בעריהמ־טער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער מוזייאום, פון די אנטיקען, וואָס מיר האָבן געפונען ביים אויסגראָבונג פון אלטע שטאָדט טבריה און אומגעגענד פון ים כנרת, נאַטורוויסענשאַפטליכער מוזייאום, בילדער־גאַלעריי, טעאַטער, אָפּערא „כנור ציון“, מנורה־ליכט טעאַ־טער, קאַפע פּאַוויליאָנען, איינציגע קלובען פון טורען פאַראיינען און אַ גרויסע וואַהרענהויז, וואו מען בעקומט ניט נאָר אַלעס וואָס מיר פּראָדוצירען, אויך יאַפּאַנישע און פּאַריזער ארטיקלען. אויבען, אין שטאָדט, איז ניט שטאַרק היים, מען קען אויך זומער וואָהנען, נאָר די רייכע געסט פאָהרען אויף זומער־סעזאָן דורך כפר נחום מיט׳ן אייזענבאַהן אין ראש פּנה, צפת, מרון, באַרג כנען, איבערהויפּט אויפ׳ן העכסטען, בעזעצטען באַרג אין פּאַלעסטינא עצבון, וואו עס גיט פיעל האָטעלען־ווילעס. עצבון איז דער בעליבסטער זומער־קוראָרט פאַר אַלע רייכסטע פון דער גאנצער וועלט. אויסער זיין וואונדערבאַר, מילדען, געזונטען באַרג־לופט, זעהט מען פון דאָרט די שעהנסטע פּאַנאָראַמע אין דער וועלט, וועלכע בייטען זיך אימער אין נייע פאַרבענהארמאָניע. כ׳בין דאָרטען געווען, געמיינט איך וועל משוגע ווערען פון ענטציקונג!... די לופט איז אַזוי ריין, מען זעהט פון דאָרט ביינאַהע גאַנץ ארץ ישראל, איהרע שעהנע, ווייסע שטעדט, פאַרפלאַנצטע בערג און טאָלען, אויף וועלכע, ווי ווייסע טויבען פליהען אעראָפּלאַנען, איבעראַל בליהענדע גערטנער און פעל־דער. צווישען זיי צושפּרייט ווייס־בלאָהע הייזלעך, אַלעס זעהט

מען אין איין צוזאַמענגעפליכענעם ראַם: דער העל־בלויער ים, כרמל־בערג, דער וואונדערבאַרער ים כנרת, וועלכער ליגט טיף אין די פינקלענדע בערג, ווי אין אַ בעכער פון סמאַראַגדען. דער ירדן, ווי אַ העלע, בלויע באַנד, ציהט זיך פון ביידע זייטען ים כנרת, פאַר־אייניגט זיך מיט'ן מי מרום... הינטער דעם, דער הויכער באַרג חרמון מיט זיינע פאַרגאָלדעטע שניי אויפ'ן שפּיץ און די גאַנצע ליניע פון אנטי לבנון, וועלכע זעהען פון דאָרטען אויס ווי העל־בלויע־ווײַסלעכע פאַרגליווערטע כוואַליעס פון אַן אונענדליכען פאַר־צווייגערטען ים... עס איז ניטאָ אין דער וועלט קיין שענערע לאַנד, ווי אונזער ליעבע ארץ ישראל! — האָט ער מיט ענטוזיאַזם גע־ענדיגט.

עס האָט זיך געהערט אַ שטילע שטימע, אָבער דורכגעדרונגען מיט טיפען הערצענגעפיהל:

— און די שעהנע, געטליכע לאַנד איז טויזענדער יאָהר וויסט פאַר די גאַנצע מענשהייט געוועזען. ביז מיר זיינען צוריקגעקומען... געלויבט איז דיין נאָמען, דו ליעבער גאָט, גאָט פון דיין פאָלק ישראל.

כ'האָב אויף מרים'ן אַ קוק געטאָהן. דאָס האָט זי געזאָגט... זי איז געזעסען בענאָסען מיט גרין־בלאָהע לבנה־שיין, אין גאַנצען אין ווייסען. איהר אינגעלע איז, ווי אַ פייגעלע, צוגעטולעט, רוהיג אויף איהרע הענד געשלאָפען. עטוואָס אויפגעהויבען איהר שעהנע קאָפּ, בעדעקט איינפאַד מיט אַ גרויסע קעפּיע, וועלכע האָט אַ שאָ־טען אויפ'ן געזיכט געוואָרפען, געמאַכט איהר געזיכט נאָך מעהר בלאַסער, דורכזיכטיגער, נאָר די גרויסע אויגען האָבען געלויכטען מיט אַ לעבעדיגען פייערל, אויפ'ן בלאָהען הימעל געקוקט...

— אַ היילינע, — האָב איך געטראַכט. — דאָ איז אַ לאַנד, וואו היילינע ווערען געבאָרען, אַ לאַנד פון געטליכע נביאים...

שטיל, קיינער פון אונז האָט מעהר קיין וואָרט ניט געזאָגט. יעדער פאַרטיפט אין זיינע חלומות.

עס האָט זיך פון וויטען געהערט זיסע מוזיק פון „כנור ציון“. זיי האָבען מיך אויפגעטראָגען אין הימעל... אויפגעהערט צו פיהלען ווער איך בין, וואו איך געפין זיך, וואָס עס טהוט זיך ארום מיר...

„מגדל!“ — האָט זיך געהערט אַ קול פון אויבערשטען ברוי־

קעל. די שיף האט זיך אפגעשטעלט... אויפגעכאפט פון זיסען חלום...



„בית יחיאלי" איז דער נאמען פון האטעל געוועזן, וואו מיר זיינען אריינגעפאהרען. דאס איז געוועזן אן אלטע, שעהנע ווילא מיט א גרויסע טעראסע און הויכען טורם. זי איז אין אן אלטען פארק הויך געשטאנען, מיט א שעהנעם אויסזעהן אויפ'ן ים כנרת. פיעל געסט זיינען אויפ'ן טעראסע געזעסען. מיר האבען טיי בעשטעלט. ארום טישעל זיך געזעצט. עמרם איז גיך צוגעלאפען, געהיימפול מיר פאר'ן ארבעל א ציה געטהאן, מיט די אויגען געוואונקען מיט איהם צו געהן. כ'בין איהם נאכגעגאנגען אין גרויסען שפייז־צימער. אהן א ווארט צו זאגען האט ער מיר מיט'ן פינגער אויף א פארטרעט געוויזען. צו מיין גרויסען פארוואונדערונג, האב איך אין אן אלט־פארגאלדעטען ראם, מיין פארטרעט געזעהן...

— דאס איז געוויס איינער פון אייערע זיידעס. א לעבעדיגער, פונקט ווי איהר, נאר עלטער — האט מרים, וועלכע איז, ניט בעמערקט, אונז נאכגעגאנגען, געזאגט.

אלע געסט האבען זיך מיט דעם וואונדערבארען צופאל פאראינטערעסירט. געקוקט אויפ'ן אלטען איילבילד, אויף מיר, בעוואונדערט די גרויסע עהנליכקייט, געפרעגט וועגען פארטרעט ביי א לעבעדיגען אלטיטשקען, מיט א ווייסע געשטריקטע יארמעלקע אויפ'ן שפיץ קאפ, וואס איז געקומען זעהן דעם טומעל. ער איז דער בעל־הבית פון האטעל.

— איהר ווייסט ניט? דאס איז דאך שי'ס פארטרעט. ער האט דאך דעם פראיעקט פון „בית יחיאלי" געמאכט, דאריבער געפינט זיך דא זיין פארטרעט... דאס איז שוין לאנג, לאנג, ביינאהע הונדערט יאהר צוריק געוועזן, אין וועלט־קריעג. פאר'ן נעמען פון די ענגלענדער ירושלם, האבען איהם די טערקען ארויסגעשיקט. ער איז געוועזן נע־ונד אין גאנץ גליל. מיין זיידע, עליו השלום, האט מיר אליין, ווען איך בין נאך א חדר־אינגעל געוועזן, דערצעהלט. ער

האָט איהם דאָן געזעהן. מיין זיידע איז דאַן נאָך א יונגער קינד געווען, געאַרבייט אין מגדל אין א קבוצה ביי גליקינען. אַט אי! ער — האָט דער אַלטער אויף א צווייטען פּאָרטרעט געוויזען, וועלכער איז אויף דער צווייטער זייט זאַל געהאנגען: אַן עלטערער מאַן מיט גרויסע צופּודערטע גרויע האָר, אַן באָרד און וואָנצעס.

— מגדל איז נאָך דאַן קיין שטאָדט ניט געווען. איין איינציגען הויף האָבען זיי געהאַט און פיעל קדחת... זיי האָבען מיט זייערע ביינער, די ערשטע פּלאַנצונגען געמאַכט. אַט די שעהנע גערטנער, וואָס איהר זעהט נעבען ים, האָבען זיי געפּלאַנצט. שץ מיט גליקינען זיינען אַלטע חברים געווען. נאַטירליך איז שץ אָפט אין מגדל געקומען. דאָן איז דער בעריהמטער דר. יחיאל צלענאָוו געשטאָרבען, וועלכער האָט א טהייל אין מגדל געהאַט. איינער פון די גרינדער געווען, האָט דאַן שץ דעם פּראָיעקט פון „בית יחיאלי" געמאַכט צו זיין אנדיינקונג.

— ער איז געווים אייער עלטער־זיידע געווען — האָבען אייניגע צו מיר געזאָגט — איהר האָט גאָר פון דעם ניט געוואוסט?

— איך האָב שוין דאָס פון לאַנג בעמערקט, — האָט עמרם געזאָגט. — ביי אונז אין בצלאל האָבען מיר אויך א ביוסט פון שץ'ן, פונקט ווי א לעבעדיגער בן פלא.

געשווייגען, געקלערט: וואָס וואָלטען זיי זאָגען ווען דער פאַריקמאַכער וואָלט מיין באָרד ניט אָפּגעפאַרבט?...

דושנע... אונמעגליך איינצושלאָפען. ווייטער א שלאָפלאָזע נאַכט... אַלץ דער פאַרפלוכטער געדאַנק גיט מיר ניט קיין רוה, קען ניט פאַרגעסען... דאַרף דאָך דער טייוועל דעם פּאָרטרעט ברייגען! קיין מאָל וועל איך מיין רוהע ניט געפינען... גיך אויפגעשפּרונגען, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך די אַבאַיע. א באַרוועסער געגומען אויפ'ן דאַך אַרומגעהען, וואו מיר זיינען אַלע געשלאָפען. ביז געגאַנגען זוכען קאַלטע וואַסער. אפשר וועט מיר דאָס העלפען.

נעבען אַראָפּגאַנג איז דער אַלטיטשקער מיט זיין שפּיציגע יאַרמולקע געלעגען. אויך ניט געקענט שלאָפען.

— עס שלאָפט זיך אייך אויך ניט גוט, אדוני, ביי דער פולער לבנה? איהר זייט אויך ניט געוואוינט אַזוי פריה שלאָפען צו געהן? ווילט איהר עטוואָס לעזען, קענט איהר דאָ גלייך אַריינגעהן אין דער אָפענער טיר פון טורם. דאָרט איז אונזער שול, אויף דער גאַלערייע איז אונזער ביבליאָטהעק.

געוואַלט שוין אין טיר אַריינגעהן, האָט ער גיך פון זיין צו־קאָפּענס אַ שוואַרצען קעסטעלע אַרויסגענומען און געזאָגט:

— נאַט, נעמט מיין עלעקטרישע לאַמטערנע. איהר וועט אַהן דעם אויבען די ביכער ניט זעהן. אונטען, אין שול, ברענט אַ יאָהר־צייט־ליכט. זיצט זיך דאָרט, לייענט געזונטערהייט, וויפיעל אייער האַרץ געלוסט, אדוני.

כ'בין אין טורם אַריין.

קיהל. פינסטער. פון דעם אויבערשטען פענסטער שיינט אַריין די לבנה. לאָזט איהר ליכט מיט אַ בלאַהליכען שטראַל שיף אַראָפּ ביז'ן צווייטען וואַנד. שלאָגט זיך אָפּ מיט אַ העל־גרין־בלאַהליכען צובראָכענעם פלעק אונטען אויפ'ן וואַנד אין באָדען, צוטהיילט מיט שאַרפע, שוואַרצע ליניען אויף קוואַדראַטען... נעבען עמוד ברענט מיט אַ רויטליכען ליכט אַן אייל־לעמפּעל, בעלייכט דעם עמוד און די געשטיקטע גאָלד אויפ'ן פּרוכת... שטיל... אַ טויטע שטילקייט ווי אין אַ סקלעפּ. הער ניט מיינע באַרוועסע טריט אויפ'ן טעפּיך...

מיט'ן געדרעהטען טרעפּ בין איך אויפ'ן הויכען גאַלעריי אַרויפגעגאַנגען. דער גאַנצער רונדער וואַנט אַרום איז מיט ביכער־שראַנקען. געזעהן די גרויסע בענדער וועגען קונסט אין רייכע איינ־בונדען. רעגירונגס אויסגאַבע, ניט גענומען. געזוכט פּראָסט אַ ראָ־מאַן, זיך קענען פאַרגעסען, וועגען זיך ניט דיינקען. „בצלאל" — האָט אַ בליץ געטאָן גרויסע, גאָלדענע בוכשטאַבען אויף דריי רייכע בענדער. דערמאָנט זיך וואָס עמרם האָט מיר דערצעהלט. געשווינד, מיט ציטריגע הענד, דעם ערשטען באַנד אַרויסגענומען און מיט אַ קלאַפּענדע האַרץ אַרונטערגעגאַנגען אונטען, צום עמוד לעזען.

אונטער'ן יאָהרצייט־ליכט אַ צעטעל אין אַ ראַמעל געזעהן. כ'האָב געלעזען: „צום אָנדיינקען דעם שומר זרבבל בן שמריה הקדוש. געפאַלען אַ ריינער קרבן פאַר זיין פאָלק און לאַנד. גע־הרג'עט פון די אַראַבער אין ג' אב 1919 אין מגדל. זיין נשמה זאָל רוהען אין גן־עדן מיט די נשמות פון אונזערע ריינע קדושים."

טרעהרען האָבען מיר זיך אין די אויגען געשטעלט. כ'האָב ניט געוויינט אויפ'ן שומר, וואָס איז מיט הונדערט יאָהר צוריק געשטאָרבען, נאָר פון וואַרימען געפיהל, דאָס איצטער זיינען אידען אַזוי דאַנקבאַר געוואָרען, פאַרגעסען ניט די, וועלכע האָבען געאַר־בייט פאַר זיי, אַפילו נאָך הונדערט יאָהר...

— אירגענד וואו צינדט מען אַן אַ ליכט פאַר מיין נשמה.

איך קען נאך מיין אייגענעם יאהרצייט־ליכט זעהן, — איז מיר א ווילדער געדאנק אין מיין קאפ אריין. — ווען בין איך געשטאר־בען?... צי בין איך אמאל געשטארבען?... דער קאפ טומעלט, מיינע רעיונות מישען זיך... משוגע צו ווערען!... כ'מוז דעם בוך לעזען; דארט וועל איך זיך אלץ דערוויסען, זיך דערמאנען, כ'מוז מיין זכרון אנשטרייינגען, כ'מוז זיך דערמאנען!... ביים רויטליכען, שוואכען ליכט פון יאהרצייט, אינגאנצען צושיטערט, האב איך מיט ציטערדיגע הענד דעם בוך געעפענט.

אין פיער טהיילען איז דער באנד גיוועזן: „לעבען", „קונסט", „בצלאל", „געזעלשאפטליכע ארבייט", יעדער טהייל פון אן אנ־דערען געשריבען. אנגעהויבען פון אנפאנג.

געגויע צוויי הונדערט זייטען איז דער טהייל געוועזען, זעהר דעטאל געשריבען, ניט פארגעסען יעדע קליינע איינצעלהייט: צי־טירט א גאנצען ארכיוו מיט בריעף, זיינע אייגענע און פרעמדע, וועגען איהם, פיעל פאקסימיליען, נאך מעהר פאטאגראפיעס, דאס רוב פון בצלאל פאטאגראף בן דוב; אינטימסטע פאקטען פון זיין לעבען דערצעהלט. ווי אן אמת'ער אנאטאם האט ער אלעם מיט זיין שארפען סקאלפעק ענטפלעקט; ווי א פסיכאלאג האט ער זיך געגריבעלט טיעף אין נשמה און ווי א קינסטלער אלעם בולט, דייט־ליך אויפ'ן פולען ליכט אויסגעמאלט. אזוי שרייבט מען וועגען איינעם, וואס ער און די ארומיגע זיינען שוין מיט הונדערט יאהר צוריק געשטארבען; וועגען איינעם, אויף וועלכען מען האט ניט מורא א בלעק צו ווייזען; מען זוכט נאר א ריכטיגען בולט'ן פאר־טרעט צו בעקומען.

כ'גיב איבער קורץ דעם אינהאלט. זיינע עלטערן: דער זיידע (מוטערס פאטער), דער רב פון זיין געבורטס־שטעדטעל, א גרויסער צדיק, איש אמת, דעם גאנצען לעבען געזעסען אויף דער גמרא, ניט געוואוסט קיין צורת מטבע, אויף דער עלטער געלערענט קבלה, גע־האט יחוס־בריעף פון פיעל דורות, גאונים און רבנים, געשטארבען ביי דער גמרא אין טיעפען עלטער. געגויע הונדערט יאהר גע־לעבט... דער צווייטער זיידע, א חזן און שוחט; געליעבט גע־זאנג, ניט קענענדיג קיין נאטען, נייע נגונים צו תפלות געמאכט; א גרויסער אומן־יד, מזרחים געמאכט; זיין דאווגען מיט טיעפער הארצליכקייט און ביטערע טרערען; א איד א „בעל־בכי"... זיין פאטער: א גרויסער למדן, ווילד־פרום; געקרעמערט, אויסגעקרע־

מערט, געוואָרען אַ גמרא־מלמד; געשטאָרבען איבער זעכציג יאָהר אַלט... מוטער: אַ גוטהערציגע, פרומע אידינע, אַ צדקה'ניצע, הייס'ע מוטער, דעם גאַנצען לעבען געטראָגען דעם יאָך פון פרנסה צוזאמען מיט'ן מאַן; די נשמה די קינדער געגעבען; געליעבט תחינות, מעשה־ביכלעך. ווען ער איז קליין געווען, האָט זי איהם געקושט, געלאַשטשעט און געקעבעלט, בעזונדערע טעפּעלעך פאַר איהם געקאָכט, פאַר'ן שלאָף ליעדער געזונגען און וואונדער־מעשיות דערצעהלט... געבורטס־אָרט: אין רוסלאַנד, אַ קליין שטעדטעלע, אַרום גערטנער און פעלדער, אַ טייכעל, פון ווייטען אַ וואַלד; גע־ליעבט די נאַטור, געהן שפּאַצירען הינטער'ן שטעדטעל, פון דאָרט דעם לאַנדשאַפט זעהן; געזוכט ערקלערונגען וועגען זון, לבנה, שטערען, געבורט, טויט, גאָט; אויף אַלעם איהם געענטפערט: „מען טאָר ניט פרעגען." אַליין אויסגעקלערט אַן ענטפער... די שטעדטעל בעזעצט נאָר מיט אידען. דער רב, דער זיידע — דער מלך. אַליין אַ מלך'ם אַן אייניקעל; ביי זיך שטאָלץ, האַלט זיך פאַר אַ מיוחס; פיזיש שטאַרק, אַ וואוילער אינגעל, אַ גוטער קאָפּ... נאָך אַן עופּה'לע שוין אין חדר געגאַנגען. די פּאָעזיע פון תנ"ך, דער צער פון חורבן בית המקדש, פאַרטריבען פון ארץ ישראל, פינסטערער גלות, דער הייסער וואונש צוריק צו קעהרען אין אונזער לאַנד, דער טיעפער גלויבען אין משיח'ן... פאַרליעבט זיך אין חברים, פיהרט מלחמה מיט שקצים און הינט... גמרה־חדר: דער גיהנם פון אַ פינסטערען חדר מיט אַ ווילדען, אכזר'ישען מלמד, די טרוקענע גמרא, מערדערליכער רבי, זיין באַרבאַרישע סיסטעמע לערנען, זיין איינוואָרצלונג אַ פיינדשאַפט צו געוואַלד; געוואוינט זיך זעלבשטענדיג צו זיין, זיך בעשיצען, מלחמה געגען אכזרים, גערולד, אויסדויער... זיין אידעאַל — דער רב־זיידע וויל ווערען אַ צדיק, אַ בעל־תשובה, לערנען די וואונדערבאַרע קבלה, וויל אַליין משיח'ן אַראָפּברייינגען... קלערט אַליין אויס די קונסט, געצייכענט זיין זיידען... אין בית־המדרש: זעלבשטענדיג לערנען, די פּאָעזיע פון לעבען פון בית־המדרש, זיינע טיפּען, וואונדער־מעשיות פון צדיקים, למד־וו'ן און שדים... השכלה־ביכלעך: לעזט אַ מיש־מאַש, פילאָזאָפיע, אייזען סי, מורה נבוכים, שירים וועגען לבנה, רעליגיאָן חקירה און שונד־ראָמאַנען; ראָמאַנען געפעלען איהם בעסער, פאַרשטעהט נאָר ניט, וואָס האָט דער בחור געוואָלט פון פון די מיידעל... שוואַכער זיין אמונה, הויבט אָן צו צווייפלען

אין עקזיסטענץ פון שדים און הייליגקייט פון כפרות־שלאָגען, ענ־
דיגט — אין גאָט און זיין הייליגער תורה... זיין פייערדיגען
גלויבען אין וויסענשאַפט, ציוויליזאַציע; אַנטלויפט; דאָס זוכען
אין ווילנא; עלענד, הונגער; טהוט אַלע עבודת פרך; גאַנצע
נעכט אויף ביכער, זוכט דעם אמת... הערט אויף צו גלויבען אין
איצטיגער ציוויליזאַציע, איז געגען די גאַנצע וועלט מיט זייער
שלעכטער אָרדנונג, פאַרצווייפעלט, גלויבט גיט מעהר אין מענש־
הייט, זעהט קיין צוועק אין מענשענס לעבען, וויל זיך בעפרייען
פון לעבען, שטעהט צו צו די „וועלט־איבערמאַכער“, גיט זיך אָפּ
מיט דער גאַנצער נשמה, שפייט אויף אַלעם, האָט פאַר קיינעם קיין
מורא ניט, קיין אויטאָריטעט, „לעב ווי לאַנג עס לעבט זיך.“ אמת־
לעבען — וועלען די צוקונפטיגע דורות; אַרבייט נור פאַר זיי...
זיין האַרץ דאַך פוסט, טיעף ליידט די נשמה... לערענט קונסט,
גלויבט דאָס קונסט קען ווייזען דעם ריינעם אמת; פאַרליעבט זיך
אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג אין מיידלעך; קיין גליק אין ליעבע,
זיין האַרץ שמאַכטעט... זעהט הערשאַפט אין די „פרייהייטס־
זוכער“, וויל זייער קנעכט ניט זיין, וויל פאַר זיין פאָלק אַרבייטען,
ווייסט ניט ווי... מאַכט אויף אַלץ מיט'ן האַנד אַוועק... מוז
אַנטלויפען פון רוסלאַנד; הייראַט (דריי און צוואַנציג יאָהר);
פאָהרט מיט איהר אין פאַריז; זעקס גליקליכע יאָהרען; די האַרץ
פול מיט ליעבע, די נשמה מיט שעהנער קונסט, אין גאַנצען אין
וועלט פון קונסט איינגעשלונגען; ביים ענדע זיין וועלט געפונען;
האָפט און גלויבט אין גרויסעס... וואָלקענס אויפ'ן פאַמיליען־
לעבען; בעשולדיגט זיין אַרמוט. אַ פרוי קען ניט געדולדיג וואַרטען
ביז די קונסט גיט „עולם הזה“; וויל צואיילען „עולם הזה“ צו
בעקומען; פאָהרט אין בולגאַריען... זיינע דאַרטיגע טהעטיג־
קייטען; מיטהעלפער קונסט־שולע גרינדען, פּראָפעסאָר פון סקול־
פטור, אַרבייט פאַר דער רעגירונג זייער צאַר און פאַר בולגאַרישער
אָפּטהיילונג און וועלט־אויסשטעלונגען אין פאַרים און סען לואי...
זיינע קינסטלערישע אַרבייט, דענקמאַלער, דעקאָראַציאָנען, מעדאַלען
פון פאַריז, אַמעריקא און ליעז... עולם הזה און כבוד אויפ'ן פוד;
ניט געוואונען קיין פאַמילען־גליק... זיין טראַגעדיע אין לעבען...
געבליבען גאַנץ אַליין; זעהנזוכט נאָכ'ן איינציגען קינד; פוסט
אין האַרצען; געפינט זיך פרעמד צו וויסען זיינע גוי'אישע פריינד,
ניט פון זיי פאַרשטאַנען... מיאוס געוואָרען די עולם הזה; בייג־

קעניש נאָך אַז אייגענעם פאָלק און לאַנד; ווילען נאָר פאַר זיי צו אַרבייטען... אַרבייט אַלס ציוניסט, געפינט קליינליך זייער אַרבייט; וויל זיינע אידעען אויספיהרען פאַר זיין פאָלק און זיין לאַנד. דר. הערצל גיט זיין איינשטימונג; פאָהרט אין ארץ ישראל „בצלאל" גרינדען...

וועגען זיין ווייטערען לעבען, האָט ער אָנגעצייגט צו זעהן ווייטער אין בוך אין די אָפּטהיילונגען: „קונסט", „בצלאל" און „געזעלשאַפטליכע אַרבייט".

ניט געוואָלט ווייטער זוכען. דאָס איז שוין גענוג פאַר מיר. אַלץ עראינערט! אַלץ געזעהען לעבעדיג פאַר מיינע אויגען, ווי דאָס וואָלט נעכטען מיט מיר געטראָפען...

אפשר האָט נאָר דער בוך אויף מיר אַזא איינדרוק געמאַכט?... די קינסטליכע ערצעהלונג האָט געווירקט אויף מיין אָנגעשטריינגטער פאַנטאַזיע?...

... בין געזעסען פאַרקוועטשט דעם קאָפּ מיט ביידע הענד. אַלע נערוועןן פון מיין קערפּער האָבען געציטערט, ווי מען ריהרט סטרונעס; געפיהלט ווי הייסע טרערען שטיקען מיך... האָב געפיהלט, ווי איך וואָלט שטעהן נעבען מיין קבר, לייענען מיין אייגענע מצבה... געה שריי אַז דו לעבסט, פיהלסט און ווילסט נאָך לעבען, ווען אויפ'ן שטיין זיינען אויסגעהאַקט טיפע, גרויסע בוכשטאַבען, אַז דאָ ליגסטו בעגראָבען, געשטאָרבען נאָך מיט הונדערט יאָהר צוריק...

א טומעל אין קאָפּ. כ'הער ווי די שלייפען קלאַפּען... מיעד... שרעקליך מיעד...

— איהר שלאָפט גאָר ניט, אדוני — האָט זיך א פאַרשלאָפענער, הייזעריגער קול געהערט פון דער אָפענער טיר. איך האָב מיט'ן גאַנצען קערפּער א ציטער געטאָהן, גיך זיך אויפגעהויבען צום טיר געגאַנגען, אויף מיין געלעגער זיך געוואָרפען.

— געהט, אדוני, נעמט א דוש — איז דער אַלטיטשקער ניט אָפּגעשטאַנען — דאָס איז אַלץ צוליעב די פולע לבנה. ווען איך בין יונג געווען, האָט אויף מיר אויך אַזוי די פולע לבנה געווירקט, מיט קאַלטע וואַסער זיך געוואַשען. געהט נעמט א דוש, אדוני.

ווי אין חלום ליג איך. פאַרשטעה ניט וועגען וואָס דער אַלטיטשקער רעדט; אינטערעסיר זיך ניט וועגען קיין זאַך אין דער וועלט. און עס דאַכט זיך מיר, דאָס דאָ ליגט ניט איך, נאָר עמיץ

אַן אַנדערער. אַלץ וואָס האָט זיך מיר געטראָפען, איז ניט מיט מיר, נאָר מיט אַ גאַנץ פרעמדען.

מיעד... שרעקליך מיעד...

---

## יא.

— שלאָפט ניט אַזוי שפּעט אויפ'ן זון, אדוני, עס וועט אייך נאָך די קאָפּ וועה טאָן — האָט מיך דער אַלטיטשקער געוועקט — פאַרוואָס האָט איהר, אדוני, ניט געוואָלט ביי נאַכט אַ דוש נעמען? ווען איך בין יונג געווען, האָב איך מיך אין אַזעלכע נעכט מיט קאַלטע וואַסער געוואַשען.

כ'האָב מיך אין דער נעכטיגער נאַכט דערמאַנט, אָהן מוטה ליי־גען געבליבען. ווייטער האָט מיין צוטומעלטע קאָפּ מיט וועהטאָג גענומען קלערען:

— איך און דער שיך איז געוויס איין מענש... ווי האָב איך געקענט אין צוויי צייטען לעבען?... בין איך זיין גלגול?... איז דען אמת דאָס די נשמה קען אַ צווייטען מאָל מגולגל ווערען?... פאַר וואָס וויים איך ניט פון מיין א י צ ט י ג ע ר יוגענד?... וויים אפילו ניט, וואָס מיט אַ וואָך צוריק איז מיט מיר געווען. פון וואַ־נענט בין איך אויפ'ן שער הזהב בולוואר געקומען?... אַך, ווי שרעקליך היים! בעסער אויפשטעהן, פאָלגען דעם אַלטיטשקען, אַ דוש נעהמען... מען מוז נאָך פרעגען רבי אלישב'ן, זיין טאַטע זאָגט: „ער ווייסט אַלץ". — גיך אויפגעשטאַנען, אַ קאַלטען דוש גענומען.

געפונען רבי אלישוב'ן אַליין, לעזענדיג אַ גרויסען צייטונג.

— שלום, וואו זיינען אַלע אונזערע? ווי האָט איהר גע־שלאָפען? — האָב איך איהם געפרעגט.

— שלום וברכה, ווי זייט איהר געשלאָפען? — האָט ער גע־פרעגט זיך צוקוקענדיג אויף מיר מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען. — איהר זייט ניט קראַנק? זעהט שלעכט אויס. זייט ניט רוהיג גע־שלאָפען, ניט געוואָלט אייך אויפוועקען. אונזערע זיינען אָהן אייך געגאַנגען זעהן, אָט דאָ אויפ'ן באַרג, זעהן די אַלטע היילען, נאָך

פון צייט דער בית שני זיינען זיי. א שאד דאס איהר זייט ניט מיטגעגאנגען. כ'בין שוין דארט געווען.

— כ'בין שפעט איינגעשלאפען, פארשלאפען, א שאד.

— ניין, בעסער איהר זאלט זיך א טאג אויסרוהען. איהר זייט א צופיעל פיהלענדער מענש. כ'האב געזעהן אין אקוואריום, דער טאטע זאגט: דאס אין גן־עדן האט איהר כמעט גע'חלש'ט נאכ'ן קינדער פארשטעלונג.

— גוט, דאנקע. איך בלייב היינט אין דער היים, אבער איך בין א שטארקער מענש, נאר די לעצטע צייט זעהר ערמידעט... גע־לעבט ניט נארמאל... כ'וואלט אייך פרעגען וועגען...

— וועגען „גן־האהבה" ? — האט ער מיר איבערגעשלאגען — כ'האב אייך צוגעזאגט וועגען דעם צו ערצעהלען. גוט, איצט האב איך צייט און לוסט וועגען דעם צו ריידען. קומט אבער אונטען אין שאטען ביים פאנטאן. ס'איז דא היים.

מיר איז איצטער דער קאפ ניט געלעגען צו זיין גן־אהבה, בין איך דאך איהם נאכגעגאנגען, ניט געהאט דעם מוטה איהם ניט צו פאלגען.

— וועגען גן־האהבה צו דערצעהלען — האט ער גוטמוטהיג, פארויכענדיג א סיגאר אנגעהויבען, — מוזט איהר פריהער וויסען פון אונזער אנדערען אינסטיטוט „אם ישראל". זייט איהר געווען אין אונזער מעדכען־אינסטיטוט „אם ישראל".

— לײדער נאך ניט געווען, אויך ניט געהערט וועגען דעם.

— שאדע, דאס מוז מען אליין זעהן מיט די אויגען. נאר עט־וואס קען איך אייך שפעטער דערצעהלען. געדיינקט איהר אונזער געשפרעך וועגען ווייסע־שקלאפען ? די שרעקליכע פראבלעם צו ער־לייזען, האבען מיר די ערשטע זאך זיך גענומען צו דער ערציהונג פון אונזערע מיידלעך, ווייל די טויזענד־יאהריגע פארשקלאפונג פון דער פרוי, האט שלעכט געווירקט אויף איהר פיזישען און פסי־כישען געשטאלט, און זי דארף דאך אונזער מוטער זיין ! די קינדער זיינען דאך פלייש פון איהר פלייש. די מוטער האט דאך די הויפט ווירקונג אויף די קינדער אין די איידעלע קינדער יאהרען, וועלכע לאזען א צייכען אויפ'ן גאנצען לעבען פון מענשען. א גוטע מוטער איז פאר יעדען ניט נאר א שוץ־ענגעל אין זיין יוגענד, נאר אויך דער טיעפער קוואל פון ליעבע און זעלבסטאפערונג ביז'ן גרויען על־טער... עס ענדיגען ביי אונז די מיידלעך זייער בילדונג אמשפעטס־

טענס ביז זעכצעהן יאהר. מיר בעפרייען זיי פון דריי יאהר פּאָלקס־ארבייט, וואָס אלע אינגלעך זיינען פארפליכטעט. אָבער פארפליכטען זיי גלייך אריינטרעטען אין „אם ישראל“, ווייל אין „אם“ לערענט מען זי אַ מ ו ט ע ר צו זיין. ווען זי וועט אַ גוטע מוטער זיין, וועט זי שוין דאמיט די גרעסטע דינסט פאר'ן פּאָלק טאָן. דאָרט לערענט זי גיגיעניע פון אַ פרוי, מוטער און קינד, הערט נוצליכע לעקציעס איבער איהר גרויסע אויפגאבע; פיהרט אינטימע געשפּרעכען מיט די פּעדאַגאָגען פון „אם“, וועלכע זיינען אונזערע אינטעליגענטע פרויען, וואָס קענען פארשטעהן די ריינע, אונרוהיגע מיידעלשע הארץ, און אין די זעלבע צייט פּראַק־טיצירט זי אין אונזערע „גן'ס“ און „קנ'ס“, וואו עס געפינען זיך קינדער אָהן אַ מוטער ביז פיער יאהר אלט, לערענט זיך דאָרט פּראַקטיש, ווי מיט אַ קינד ארומצוגעהן. דאָס מ ו ז ביי אונז יעדע פרוי דורכמאַכען, ווען אפילו נאָכ'ן הייראַטען. זי מעג היי־ראַטען שוין פון זעכצעהן יאהר. אָ ה ן ד ע ם ד אַ ר ף ז י נ י ט ק י י ן אַ י י ג ע נ ע ק י נ ד ע ר ה אָ ב ע ן. עס איז ניט שווער צו ו ו ע ר ע ן אַ מ אַ מ ע, שווער איז צו ז י י ן אַ מ אַ מ ע . . . דאמיט האָבען מיר דערגרייכט ניט נאָר דאָס יעדעס קינד האָט ביי אונז אַ גוטע, פארשטענדיגע, פּראַקטישע מו־טער, נאָר אויך, דאָס אונזערע מיידלעך זאָלען קיין דומהייט ניט טאָהן פון אונוויסענהייט, לייכטזיניגקייט. זי פאַרשטעהט איהר גרויסע אויפגאבע, וועט ניט אונבעדיינקט טאָן דאָס, וואָס קען שפּעטער האָבען אַ שרעקליכע ווירקונג אויף איהר מוטערשאַפט... פון נויט, דאנקען גאָט, דארפען זיך ביי אונז פרויען ניט פארקוי־פען... איצטער פאַרשטעהט איהר שוין, דאָס ביי אונזער נאָרמאַלען לעבען ד אַ ר ף גאָר ניט דער מאַן פאר'ן הייראַטען „איבערברע־נען“ און די פרוי ק ע ן גאָר ניט אַזאַ דומהייט טאָהן... בלייבט מיר נאָך אויך צו ענטפערען אויף אייער פראגע: „וואָס טוט אַ מאַן אָדער אַ פרוי, ווען ביי זיי טאָר דער מאַן אָדער די פרוי ניט לעבען געשלעכטליך, אָדער איינער איז געשטאָרבען און קענען ניט אַ צווייטען מאָל גלייך הייראַטען?“ — ער האָט אַ פּאָר מינוטען געשוויגען. אַ קלוגער שמייכעל האָט זיך אויף זיינע ליפּען געוויזען און געזאָגט:

— כ'ווייס ניט ווי איהר קוקט אויף דעם, איהר זייט דאָך אַ פרעמדער, שווער אונז צו פאַרשטעהן און אין מאַנכע זאכען, האָט

קיין פאראיבעל ניט, גאנץ א קינד, אבער ווייסט, דאס מיר בע־
טראכטען דעם פראצעס אליין, ניט אלס א „הייליגע" אדער „שמור־
ציגע" זאך. דאס איז א נאטור זאך, וואס אונזער קערפער האט נייט־
טיג, ווי עסען און שלאפען. די לעצטע קענען אויך שלעכטע רע־
זולטאטען געבען, ווען מיר ווייסען ניט, דאס גיגיעניש צו טאהן
אדער מיסברויכען. נאר דער רעזולטאט פון געשלעכטליכען לעבען
קען א גרעסערער זיין אויף'ן געזונדהייט און צוקינפטיגע דורות.
דאס הייסט, אויך אויף'ן גאנצען פאלק, דארום האבען מיר געפו־
נען פאר נייטיג צו זארגען דאס צו פארהיטען: יעדער וואס וויל
הייראטען, אדער קומט אין גן־אהבה, ווערט פון אן ארצט אונטער־
זוכט, אויב ער האט ניט אן אנשטעקענדע קראנקהייט: טובערקו־
לען אדער געשלעכטליכע. עפילעפטיקער אדער היסטעריע וואהנען
ביי אונז אין ערי מקלט.

— יא, דאס איז בעסער ווי ביי אונז. דאך זעה איך ניט אין
דעם א ריכטיגען, גענצליכען לייזונג. ווי פיהלט זיך דער קראנקער
מאן אדער פרוי, ווען זיי ווייסען, דאס זייערע בעשערטע האבען
הינטער זייערע פלייצעס פארגעניגען געזוכט אין גן־אהבה?... וויי־
טער, אהן ליעבע איז די זאך, אליין פאר זיך, ניט עסטעטיש. אן
אנשטענדיגער מענש מוז זיך דאך פיהלען באשמוצט נאך אזא עס־
קורסיע.

— כ'האב שוין פריהער מורא געהאט, דאס איך וועל אייך
דאס ניט קענען פסיכילאגיש ריכטיג ערקלערען. איך אליין האב
דאס ניט איבערגעלעבט. דאס קען אויך א בעוויז זיין, דאס דער
גן־אהבה איז נאר א נויטווענדיגקייט. ווען מען איז ניט ג ע־
צ ו ו א ו נ ג ע ן, געהט מען ניט דארט. דאך אלס מענש און
נאטורפארשער, פ י ה ל איך דאס, פארשטעה די פסיכאלאגיע
דאפון. דער „פעררעטער" קען „זינדיגען" אדער „פארשמוצען" זיין
פאמיליען לעבען, דאצו דארף ער, אדער זי, אלס אגאל, „גנב'נען די
הארץ", דעם צוטרויען פון זיין פרוי אדער מאן און זיך פארשמו־
צען מיט אנשטעקענדע קראנקהייטען. וועגען די לעצטע, ווי איך
האב אייך שוין דערצעהלט, איז אין גן־אהבה אויסגעשלאסען. און
„גנב'ענען די הארץ" קענען זיי אויך ניט געהענדיג דארטען, ווייל
קיין הארץ גיט קיינער ניט אוועק אין
ג ן ־ א ה ב ה; קיינער קען דאך ניט וויסען וועמען זיין הארץ
אוועקצוגעבען, זיי ווייסען אפילו ניט די נעמען איינע פון די צוויי־

טע, ניט די האַרץ גיבען זיי דאָרט, נאָר זיי בעפרייען איינע די צווייטע פון אַ נאַטירליכע נויטוועגדיגקייט, בערוהיגען זייער בלוט און נערווען, וועלכע האָבען ניט פונקציאָנירט ריכטיג, ווייל זיי האָבען ניט געקענט ערפילען די געזעצע פון נאַטור. אָהן דעם וואָלטען זיי געוועזן פיזיש און גייסטיג ניט נאָרמאַלע מענשען. פון קויפען און פאַרקויפען איין מענשען צום פאַרגעניגען דעם צווייטען, ווי עס איז געוועזן אין די אַלטע צייטען, קען דאָרט קיין רעדע ניט זיין. ביידע זיינען פרייע מענשען. ביידע זיינען דאָרט געקומען צו ערפילען זייערע נאַטירליכע נויטוועגדיגקייטען און האָבען זיך איינער דעם צווייטען פרייוויליג געהאָלפען דאָס צו דערגרייכען... ער אָדער זי קומען פון דאָרטען צוריק צו הויז, וויי טער רוהיגע, נאָרמאַלע מענשען, קענען זייער ריינע האַרץ און ריינע ליעבע זייערע קראַנקע אָפּגעבען. זיינען ניט מעהר אויפגערעגט... וועגען עסטעטיק? ווי ווייט מען האָט מיר דערצעהלט, איז דאָרט ניטאָ מעהר וואָס צו פאַרלאַנגען: דער גאַנצער „גן“ איז אַ וואונדערבאַרער פּאַרק פון פאַרשידענע פּלאַנצונגען, בלומען און וואַסערען. זיין טעאַטער, בילדער גאַלעריע, שעהנע צעלטען, גרינע, שאָטענדיגע ביידלעך און קינסטליכע פאָנטאַנען, ריידען דעם מענשענס האַרץ נאָר וועגען ליעבע צו גאָט'ס נאַטור, קונסט און אַלעס שעהנעס, נאַטירליכע ליעבע ווי ביי די בלומען און גאָטס בעשעפענישען. מיט דעם, דאָס קיינער קען דעם צווייטען, ער וועט איהם פיליכט ניט מעהר בעגעגענען אין זיין גאַנצען לעבען, ווערט די ליעבע ריין, אבסטראַקטע, ליעבע צו ליעבע, אָהנע זייטיגע געדאַנקען, רעכענונגען און איינפלוסען, אָהנע צו דאַרפען בעהאַלטען פון פרעמדען זיינע געפיהלען, אָהנע צו זיין געשטערט פון פרעמדען. אַלע ליעבען דאָרטען, קיין אַנדערער געדאַנק און לעבען איז אין דער וואונדערבאַרער קאָלאָניע ניטאָ. דאָס איז די וועלט פון ליעבע!

— כ'בין דאָרט ניט געוועזען — האָט ער נאָך אַ קליינע פּאַוזע געזאָגט. — מיין פערזענליכער לעבען האָט זיך אַזוי גליקליך צו־נויפגעשטעלט, דאָס איך האָב ניט געדאַרפט אויסנוצען די מעדיצין, וועלכע אונזער רעפּובליק האָט געפונען געגען אַל־וועלטליכען אַלטען, שרעקליכען קראַנקהייט. נאָר ביי מיר איז אַ חבר געוועזן, אויך אַ פּראָפעסאָר פון יבנה. מיר האָבען צוזאַמען איין גרויסען בוך געשריבען. איהר האָט פיליכט דאָס געזעהן, „דער נעסט פון דער נשמה“ — הייסט דער בוך. אַ גאון איז דאָס געוועזן, אַ טיע־

פער געלעהרטער מיט ברייטע האריזאָנטען. פיזיאָלאָגיע איז זיין הויפּט ספּעציאַליטעט געווען. ווייט פון אַלטעגליכען לעבען, געלעבט נאָר זיינע גרויסע וועלטען, נייע וועלטען געזוכט צו ענטדעקען. אַן אמת'ער גאון און אַ מענש אַ צדיק, ניט געוואוסט דעם טעם פון זינד. פון אָנפאַנג איז אונזער ארבייט געגאַנגען גוט. כ'האָב מיר גליקליך געפיהלט מיט איהם צו ארבייטען. דאַן איז ער אויף אור־לויב אין אייראָפּאַ געפאָהרען. דאַרט חתונה געהאט און לאַנגזאַם האָט אונזער ארבייט גענומען שלעכטער געהן: ניט פּינקטליך גע־וואָרען. גאַנצע מאָנאַטען קומט ער ניט צו דער ארבייט. אָפט צו־שטרייט, פאַרגעסט, געוואָרען אונגעדולדיג, נערוועז, פאַרלאָרען די רוהיגקייט פון זיין ליכטיגען קאָפּ. ניטאָ מעהר דער פייער, דער גלויבען, דער חשק! קורץ, ער האָט מיר נאָר געשטערט. דאַצו איז ער אימער אויפגערעגט געווען, ניט מעגליך מיט איהם רוהיג צו ריידען. אַזוי האָט זיך געצויגען אונזערע ארבייט גאַנצע דריי יאָהר. די ארבייט איז זעהר לאַנגזאַם און שלעכט געגאַנגען. ביים ענדע שרייבט ער מיר אַ צעטעלע פון צוויי שורות, דאָס ער איז געצוואונ־גען אין גאַנצען זיך צו ענטזאָגען פון זיין מיטארבייטען, קען אפילו צו מיר ניט קומען. פיהלט גאָר ניט, דאָס איך האָב צוליעב איהם שוין דריי יאָהר דאָס בוך ניט געענדיגט. ווען ער האָט ניט גע־וואָלט מיטארבייטען, האָט ער דאָך געקענט פון אָנפאַנג זיך ענט־זאַגען. איך וואָלט מיט אַן אנדערען געארבייט. נאָר מרים, אַלס אַ פרוי, האָט מיך בערוהיגט. פרויען מיט'ן הארצען דיינקען, מאַנכעס מאָל ריכטיגער אַלס מענער מיט'ן קאָפּ. זי איז צו איהם געפאָה־רען, אַזוי געקענט מיט איהם ריידען, דאָס ער האָט איהר, מיט טרערען אין די אויגען, זיין גאַנצע הארץ ענטפּלעקט, זיין פאַמי־ליען־טראַגעדיע דערצעהלט: ווען ער איז מיט דריי יאָהר צוריק אין אויסלאַנד געווען, האָט ער זיך בעקענט מיט אַ געלעהרטע פריילין, שוין ניט קיין גאַנץ יונגע, אבער מיט אין אינטערעסאַנטען און אינ־טעליגענטען אויסזעהן, פון אַ גוטע פאַמיליע, וועלכע האָט אויף איהם אַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט מיט איהר רוהיגען, בעשיידע־נעם כאַראַקטער און ערענסטע וועלטאַנשויאונגען. זי האָט איהם גע־וויזען פערעהרונג צו זיינע וויסענשאַפט און מענשליכקייט, דאָמיט האָט זי איהם מעהרער צו זיך צוגעצויגען. און ווען זי איז אַרום איהם געגאַנגען אין זיין קורצע קראַנקהייט, האָט ער זיך אין איהר אין גאַנצען פאַרליעבט, ווי עס קען אַן איינזאַמער מענש, שוין ניט

גאנץ יונג. ער האט איהר זיין האנד פארגעלעגט. זי האט זיך ניט ענטזאגט, אבער אויך ניט גלייך איינגעשטימט, ווי זי וואלט ניט גלויבען, דאס זיינע געפיהלען זיינען אזוי גיך גענוג טיעף געווארען, אדער זיך געשעמט איהרע געפיהלען אפען ארויסצואווייזען. דאס האט איהם אלץ מעהר צו איהר געצויגין. געליעבט די אווענדען צו פארברייננגען אין איהר ריינעם צימער מיט פיעל ביכער, פאטאגראפיעס פון בעסטע בילדער און בלומען. געליעבט הערען איהר שטילען רוהיגען קול, ווי זי רעדט איבער וויסענשאפט, ליטעראטור און קונסט. וועגען אנדערע זאכען, האט זי איבערהויפט ניט גערעדט. זיין הארץ האט אזוי געביינקט נאך א רוהיגען, ווארעמען ווינקעלע, נאך א הארציגען, אינטעליגענטען פריינד, וואו ער זאל געפינען זיין אפרוה פון זיין שווערען קאמף, וואס יעדער שאפענדער מענש האט. געפינען א הארץ מיט ווארעמע ליעבע און צוטרוי. ער זאל פון איהר הערען א טרייסטווארט, ערמונטערונג, ווען עס געלינגט איהם ניט זיין ארבייט, צווייפעלט אין זיך אליין, ער זאל האבען אן אינטעליגענטען מענשען צו דערצעהלען זיינע גרויסע איידעען, זיינע ליכטיגע וועלטען איהר ווייזען. איין מענש מיט איהר צוזאמען ווערען. זי זאל איהם פארשטעהן, גלויבען, העלפען אלע מאל אויף די הויכע שפיצען צו לעבען, זיינע שטארקע פליגלען אויסצושפרייטען... זי, נאר זי, די אינטעליגענטע, רוהיגע פרוי, קען דאס איהם אלעס געבען! ביים ענדע איז ער איבערגליקליך געווארען: זי האט איינגעשטימט!... זי האט אפילו איהם אפען קיין ווארט געזאגט, נאר איהרע גרויסע, שווארצע אויגען, האבען פאר איהר גערעדט, און אזא אנשטענדיגע ערענסטע פרוי וועט זיך ניט קושען, ווען זי ליעבט ניט טיעף, גענצליך...

ער איז מיט איהר געפאהרען צו איהרע עלטערען האכצייט צו מאכען. זי האט שוין זיי וועגען דעם פריהער געשריבען. די וועג איז געווען א ווייטע,ביידע זעהר מיעד, דארום האט ער ניט גענוג ערענסט געשעצט איהרע אונגעוועהנליכע נערוועזיטעט, וואס זי האט בעקומען ווארטענדיג, אין מיטען נאכט, אירגענד וואו אויפ׳ן וואקזאל: זי האט גאנץ אומזיסט איהם בעשולדיגט, זעהר שווער איהם בעליידיגט, דאך האט ער געפונען פאר נייטיג זיך צו פארטהיידיגען אין דעם, וואס ער איז גאר נישט שולדיג געווען, איהר צו בערוהיגען. געזעהן, דאס זי איז צובראכען פון וועג, איז ניט פאראנטווארטליך פאר איהרע רייד. זי האט זיך אבער ניט לייכט

בערוהיגט. שוין זיצענדיג אין קופּע, האָט זי אַלץ מיט האַרץ גע־רעדט און גערעדט, גיך אַהן אויפהער. איהר שטימע איז געווען האַרט, בייז, שאַרף און קוויטשעדיג, אַפּט אַ הייזעריגען, פאַרשטיק־טען הוסט געגעבען, וואָס האָט איהם געשראָקען מיט זיין נערוועז־זיטעט. זי האָט אַלץ ניט אויפגעהערט צו שיטען מיט פאַרווירפע פאַר זאַכען, וואָס איז גאַר ניט געווען, בעשולדיגונג פאַר זינד פון לאַנג, וואָס איהם האָט זיך אפילו גאַר ניט גע'חלומ'ט.

ביים ענדע האָט ער פון איהר די שרעקליכע פראַזע געהערט:
„ווען ניט די מאַמע, וועלכע זי וויל ניט מצער זיין, וואָלט זי גאָר ניט מיט איהם חתונה געהאַט, זי וועט נאָר צו דער חופּה געהן צוליעב דער מאַמען, נאָכהער...“ זי האָט די פראַזע ניט געענדיגט און איבערגע'חזר'ט די פריהערדיגע בעשולדיגונג אָהן אַ סוף, אָהן אַן אויפהער... איהם איז גלייך דער געדאַנק געקומען ביי די ערשטע סטאַנציאָן צוריק צו פאָהרען: זי האָט איהם געשראָקען מיט איהר גיפטיגען, אונענדליכען קול און די פּערעספּעקטיוו חתונה צו האָ־בען נאָר צוליעב, איהר מאַמע זאָל זיך ניט מצער זיין, האָט איהם ניט געקענט פרעהען, נאָר איהרע פיעל מאָל אָנהערעניש וועגען זעלבסטמאָרד און וואָס ער האָט איין מאָל פון איהר געהערט: דאָס זי האָט שוין אַמאָל ביי דעם געהאַלטען, האָט איהם געשראָקען אַזאַ שריט צו מאַכען; ער האָט דאָך איהר געליעבט. אויסער דעם וועט אַ גרויסער סקאַנדאַל זיין: ער האָט אַלעמען איהר, אַלס זיין כלה פאַרגעשטעלט, אַלע ווייסען, דאָס זיי זיינען געפאָהרען צו דער חופּה. פאַרפאַלען! מען מוז זעהן וואָס שפּעטער וועט זיין. זאָגען איהר עטוואָס איז איהם געווען אוממעגליך: זי האָט אָהן אַן אויפ־הער, ווי געגען איהר אייגענעם ווילען, גערעדט און גערעדט. ער האָט אויך געפיהלט, דאָס מיט'ן זאָגען וועט ער בעסער ניט מאַכען.

אויף מאָרגען זיינען זיי אָנגעקומען צו איהרע עלטערען. זי איז ווייטער ווי פריהער געוואָרען: גוטע, רוהיגע, ערענסטע פרוי. דאַביי איז ער נאָך ענטציקט געוואָרען, זעהענדיג איהרע הייסע ליע־בע צו די עלטערען, שוועסטערן און קינדער. ער האָט זיך בערוהיגט, געפרעהט, דאָס ער האָט דאַן דעם סקאַנדאַל ניט געמאַכט. נאָך אַ פאָר וואָכען איז די חופּה מיט מזל געווען. ביי זיי ערלויבט מען חתונה האָבען אָהן אַ צייגנים פון אַ דאָקטאָר. ער האָט ניט געקענט זיי בעליידיגען, דאָס פאַרלאַנגען, ווי ביי אונז טהוט מען. כמעט גלייך נאָך דער חופּה, האָט ער שלעכטע סימפּטאָמען געזעהן... גע־

איילט מיט איהר אוועקצופאהרען, געגלויבט: אויף דער רייזע אין אייראפא, זייענדיג נאר מיט איהר אליין, ווייט פון די עלטערען, וועט זי זיך לאנגזאם צו איהר נייעם לעבען צוגעוואוינען, וועט עס אנדערש זיין... נאר דאס איז ניט געוועזען א האכצייטס־רייזע, נאר אן אמת'ער גיהנום! עטוואס שרעקליכעס, אונמענשליכעס, פון וואס מען קען משוגע ווערען, זיך, אדער יענעם הרג'נען!... יעדען מאל נאכ'ן צופאל פלעגט זי זיך פיהלען ווי שולדיג. געווען ליעב, שוואך, ווי א קליין קינד, בעקלאגען זיך אויף נערוועזיטעט. איין מאל זא־גאר דערצעהלט, דאס זי האט זיך שוין געהיילט אין אן אנשטאלט פאר נערוועזע. ער האט אויף איהר אמת רחמנות געקראגען. דא־מיט נאך שטארקער געווארען זיינע געפיהלען צו איהר. זי אויך, פלעגט דאן אזוי ליעב צו איהם זיין, דאס ער האט נאר געדיינקט וועגען מיטלען, ווי איהר אויסצוהיילען. איין מאל האט ער איהר לייכט געגעבען אנצוהערעניש, זיך צו היילען, אבער ווי אלע נער־וועזע פרויען, ניט געוואלט הערען וועגען דעם... וואס ווייטער איז איהר נערוועזיטעט געווארען שטארקער. גענוג געווען די קלענסטע זאך, אדער עטוואס זאל זיך איהר דוכטען, דאס ער האט ניט גוט געמאכט, געמיינט, געקוקט, דאס איז גענוג געווען, אנצוהייבען צו ריידען און וואס ווייטער שארפער. בעליידיגען, קווטשען, פארהוסטען און שרייען מיט אונמענשליכע קולות, דאס איהם פלעגט א קעלט איבער'ן לייב אריבער, פיהלען דאס ער האלט ניט אויס. איינינע מאל האבען איהרע געשרייען זיך געענדיגט מיט קאנוואולסען, קריצען און קלאפען מיט די ציינער און א שוים אויף די ליפען, ווי עפילעפסיע. דאן האט ער געפיהלט אן אונערקלערטען פחד אליין מיט איהר ביינאכט צו זיין און אן עקעל... עס האט זיך איהם מאנכע מאל אנגעהויבען צו דאכטען, דאס זי אליין איז אין דעם שולדיג: וויל זיך ניט איינהאלטען. זי רופט דאס בכיון ארויס, זי איז קליינליך, האט ליעב זיך צו טשעפענען, דאס איהר אמת'ער כאראקטער ווייזט זיך ארויס נאר ווען זי איז קראנק, און צום רחמנות־געפיהל, קומט ביי איהם צו אויך כעס, פארלירט דעם גע־דולד, ענטפערט איהר שארף אויף איהרע אונרעכטע בעשולדיגונג... דאס רעגט איהר זעהר אויף און עס פלעגט זיך אנהייבען אזעלכעס שרעקליכעס און העסליכעס, דאס נאך דעם פלעגט ער ווי משוגע ארומגעהן, זיך דעם טויט ווינשען. זי פלעגט אבער זיין נאך דעם רוהיג, גלייך ווי זי וואלט גלייך פארגעסען, אדער ריכטיגער, קיין

מאָל גוט געדיינקט וואָס עס איז פאָרגעקומען. זי פלעגט שוין אפילו אויפהערען זיך ענטשולדיגען, נאָר ווייזען צו איהם א בעזונ־דערע ליעבשאפט, וועלכע עס איז איהם שוין געווען ניט באזונדערס ליעב, נאָר מורא געהאט ארויסצואווייזען.

ער האָט אין איהר אויף איין מאָל צוויי פרויען געזעהן: איי־נע א גוטע, שטילע, רוהיגע, ליעבליבע פרוי, וועלכע ער האָט גע־ליעבט פון גאנצען הארצען, און א צווייטע שלעכטע, וואולגארע, נארישע אידענע, וועלכע ער האָט געהאסט, ניט געקענט איבער־טראָגען איהר בייזען קול, קליינליכען כאראקטער, און פיינטשאפט צו איהם. ער האָט איהר אויך אמת פיינט געקראָגען... ווער פון זיי ביידען זיצט אין די קליינע פרוי? וועלכע איז די אמת'ע?... אָבער ווער האָט געלייענט א פרויענס הארץ?

ער האָט זיך געאיילט זי אהיים צו ברייגנען. נאָך מעהר, אז זיין בעקאַנטער דאָקטאר האָט איהם בערוהיגט: דאָס איז וויל זי איז שוין מעוברת, איז שוין ניט קיין יונגע מיידעל געווען. ווען זי וועט דאָס קינד האבען וועט זי געזונד ווערען. אויפ'ן שיף האָט ער אזעלכעס שרעקליכעס איבערגעלעבט, דאָס ער קען דאָס נאָך ביז איצטער אהן שוידער ניט דערמאָנען: זי האָט זיך שוין די לעצטע אויפגעהערט צו זשעניערען, און די שיף איז פול מיט פאסא־זשירען געווען... ער האָט פון בושה און פחד ניט געקענט אויס־האלטען. זי האָט איהם אונמענשליך טיראניזירט פאר יעדער קליי־ניגקייט. ער האָט מורא געהאט זי זאָל ניט אָנהויבען איהרע גע־וועהנליכע ווילדע געשרייען, און נאָך מעהר, זי זאָל זיך ניט ווארפען אים ים . . .

אין דער היים איז ניט בעסער געוואָרען. די אָנפאלען האבען זיך זעהר אָפט ווידערהאָלט. זי האָט זיך קיין מיה ניט געגעבען זיך איינצוהאַלטען. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אום זי ניט צו רייצען, האָט ער מורא געהאט עטוואָס צו ריידען; געמוזט זיך ענטזאגען פון זיינע פריינד. זי האָט זיי געפונען פאר שלעכטע; איבערהויפט זיינען ביי איהר אלע מענשען שלעכט געוואָרען. ניט געטאָרט איהר דערצעהלען פון זיין ארבייט, אלץ געפונען מיט וואָס ביין צו קריטיקירען און זי איז געווען אין כעס, פארוואָס ער דערצעהלט איהר ניט מעהר פון אלעס. וועגען א אנדער פרוי האָט ער ניט געטאָרט אויסריידען א וואָרט, ניט נאָר אויף איהר

ניט קוקען; איהם דערפאר מיט די שענדליכסטע ווערטער גערופען; וואס ווייטער געגומען בענוצען די גרעבסטע ווערטער, ווען זי איז אין כעס געווארען. אפילו זיינע טהעטיגקייטען אין יבנה האט זי בעלייידיגט, איהם פארווירפע געמאכט, אז יבנה איז ביי איהם טייערער ווי זיין פרוי. איבערהויפט איז איהם אונמעגליך געוועזן צו דערטראגען איהרע ווילדע אונמענשליכע געשרייען, וועלכע זי האט זיך שוין ניט געשעמט אז פרעמדע וועלען הערען... עס זיינען שוין ניט געוועזן קיין אונפארשעמטע שימפווערטער און בעליידיגונגען, וועלכע זי האט געגען איהם ניט ערלויבט. ווען איהר אויפרעגונג איז אריבער, איהר ווילדער כעס האט אפגעלאזען, איז זי ווייטער גוט געווארען, האט אלץ פארגעסען, געוואונדערט זיך וואס ער קען ניט פארגעסען... עס האט ניט געהאלפען זיין בעטען, זיין ווארנען, אז מיט יעדען סקאנדאל רייסט זי עפעס ארויס פון זיין הארצען; עס וועט ביים ענדע גאר נישט בלייבען... — דארף מען ניט!" — פלעגט זי צורייצט אויסשרייען, און עס פלעגט זיך ווייטער עפענען איר מיאוס'עס קוואל פון נארישע, בייזע פארווירפע אהן א סוף, אהן אן ענדע. פיעל מאל פלעגט ער, טרויעריג, קלערען: ווי ווייט זי איז איצטער פון יענער רוהיגער, שטילער, סעריאזנער מיידעל, וואס ער האט אזוי ליעב געהאט! צי דען האט דאס דער אינסטינקט, דער ווילען א מוטער צו ווערען, איהר אונטערגעזאגט, וועלכע זייטען פון איהר כאראקטער זי זאל ארויסווייזען און וועלכע פארשטיקען, כדי איהם צו געפעלען?... זי איז דאך ניט קיין פאלשע, טהוט דאך אלעס פון הארצען, פארוואס זאגט איהר איצטער דער אינסטינקט ניט אונטער: ווי פיינט ער האט א בייזע פרוי? ער קען פ י ז י ש ניט איבערטראגען קיין וואולגארע געשרייען! ער קען ניט אנקוקען ווי איהר געזיכט ווערט מיאוס פארקרימט פון כעס. זי רופט ביי איהם דאן ארויס נאר אן עקעל און האס. ער ווערט געגען זיין ווילען נערוועז, מוז אויך שרייען און ליידט דערפון אונערטרעגליך? ער פארשטעהט ניט, ווארום זי, וועלכע האט שטודירט פסיכאלאגיע, זעהט ניט, אז ער איז א מענש מיט פיהלענדע נערווען, אז ער איז פעהיג אנצושטעקען זיך פון איהר נערוועזיטעט; אז ער הויבט שוין אן צו פארלירען זיינע אמאליגע קאלאסאלע פעהיגקייטען, געדולד, זיין לוסט צום לעבען; אז ער פיהלט זיך דער אומגליקליכסטער מענש, ווען ער האט ניט

זיין רוהע, הערט וואולגארע געשרייען, שלעכטס ווענען אלעמען און אלעם? ווי פיהלט זי דאס ניט, אז אזא מאן מוז האסען די פרוי, וועלכע לעבט מיט איהם, און אלע מאנטאג און דאנערשטאג זאגט זי איהם צו אוועקצוואווארפען? ווי ווייסט זי ניט, די געבילטעדע פרוי, „אז א מענש מוז אלע מאל זיין פאראנטוואורטליך פאר זיינע ווערטער, וויסען אז א שלעכט ווארט קען מען ניט פארגעסען; עס איז ניט קיין תירוץ „נערוועז"? איבערהויפט, אז זי אליין האט שוין גענומען לייקענען אין איהר קראנקהייט, גלויבט אז דאס איז זי נאר געוועז אמאל און איצט איז זי שוין געזונד? . . .

ער האט פארשאלטען דאס לאנד, וואס ערלויבט היסטערישע חתונה האבען.

זיין לעצטע האפנונג איז שוין פארלארען געגאנגען! זי איז שוין א מוטער געווארען, דאך מוז זי פון צייט צו צייט איהר כעס און ווילדע געשרייען אויף איהם אויסלאזען. ער האט געפיהלט, אז ער פאלט, זיינע נערוועז ווערען אויך שוואך; ער קען זיך שוין ניט איינהאלטען, ער מוז איהר ענטפערען מיט די געשרייען. ער ליידט דערפון נאך מעהר. עס וועט זיך אמאל שרעקליך ענדיגען . . . זעלבסטפארשטענדליך, דאס האט זיך שלעכט אבגערופען אויף זיין געזונד, אויף איהר נאך מעהר, מיט איהר זויגענדיגען קינד. איינ־מאל, אין א רוהיגער פעריאדע, ווען ער האט געפיהלט אז מען קען מיט איהר רוהיג ריידען, האט ער מיט איהר אפגעמאכט: ווען זי פיהלט זיך נערוועז, מוז שרייען, זאל זי איהם ניט אפהאלטען, לאזען אוועקגעהן, כדי ער זאל זיך ניט אויפרעגען און אויך שרייען. זי האט פארשטאנען, איינגעשטימט, אבער ביים ערשטען צופאל, ווען ער האט געוואלט ארויסלויפען, האט זי פעסט צוגעהאלטען די טיהר, איהם ניט ארויסגעלאזען, געמוטשעט ביז'ן טויט, ביז'ן משוגע ווערען, מיט איהרע שרעקליכע געשרייען און זידלעריי, וואס שכנים האבען געהערט. ער האט געפיהלט, אז ער האלט ניט אויס. ווען ער וואלט געהאט מיט וואס, וואלט ער דאן איהר און זיך גע'הרג'עט . . . מיט די לעצטע כחות איז איהם געלונגען איהר פון טיהר אפשלעפען, וועלכע זי האט מיט א שרעקליכער קראפט פון היסטעריקע געהאלטען . . .

איצטער — האט ער מרים'ן געזאגט — ווען ער זעהט אז

עס הויבט זיך נאך אן ביי איהר ערשטען הויכען וואָרט, אַנטלויפט ער שוין. פאַר איהר איז דאָס אפילו ערגער: זי פאַרלירט דאַן מעהר דאָס געזונד; ווען זי לאָזט ניט אויס דעם כעס אויף איין מאָל, גדויערט עס שוין עטליכע טעג. אין שטוב איז דאַן אַ חורבן. אַלע ליידען דאַן, און זי, מיט׳ן קינד, נאָך מעהר. נאָר ער האָט שוין מעהר ניט קיין כח; ער איז פאַרלאָרען, ער וועט שוין צו קיין זאַך ניט טויגען. אַ רחמנות אויפ׳ן אונשולדיגען עופה׳לע! — האָט ער מיט טרערען געענדיגט.

מרים האָט ניט געקענט זעהן דעם שטאַרקען מאַן, אונזער אַמאָליגען לייב, ער זאָל אַזוי הילפסלאָז זיין, ווי אַ קליין קינד. זי האָט אויך מיטגעוויינט... דאָס האָט איהם גלייך בערוהיגט. ער האָט געבעטען קיינעם וועגען דעם ניט דערצעהלען קיין וואָרט, איבערהויפּט ניט צו זיין פרוי: זי וועט ליידען ווען זי וועט וויסען אַז ער האָט וועגען דעם גערעדט, איבערהויפט מיט אַן אַנדער פרוי. זי אַליין רעדט אפילו יאָ, אַבער זי ליידט דאַך נעבעך מעהר פון אַלעמען — האָט ער מיט מיטלייד געזאָגט. — וואָס קען זי טאָהן, ווען זי איז קראַנק און ווייסט אפילו ניט אַז זי איז קראַנק? דאָס איז דאַך דער אומגליק מיט די היסטערישע; דעריבער ערלויבט מען דאַך זיי ניט ביי אונז חתונה צו האָבען. זיי קען מען נאָר דאַן אויסהיילען, ווען זיי אַליין ווילען עס. דאָס פאַסירט נאָר מיידעלוויז. דער אינסטינקט, הייראַטען און אַ מוטער ווערען, העלפט זיי ווערען צו בעקומען צו צו היילען, גיט זיי כח דעם כעס איינצוהאַלטען; דאַן עסט זי ניט זיך אַליין מיט אַלעם וואָס אַרום איהר געפינט זיך, מאַכט זיי ניט קראַנק, ווי איך בין שוין געוואָרען...

ער האָט אייניגע מינוטען געשוויגען, דערנאָך מיט האַרץ געזאָגט:

— אַ שרעקליכע קראַנקהייט איז היסטעריע! בלינד, טויב, הינקעדיג, פאַראַליז, טובערקולאָז, אפילו די שווידערליכע עפּי־לעפּסיע, לעפּרא און סיפילים, קענען נאָר פאַרגיפטען דעם צוויטען זיין בלוט, שווער מאַכען זיין לעבען, אומגליקליך מאַכען זייערע קינדער, אַבער זיין האַרץ און נשמה בלייבען ריין. זיי קענען פול ווערען מיט רחמנות צום קראַנקען, אפילו ליעבע. היסטעריקע פאַרגיפטעט דעם צווייטען אויך די האַרץ און נשמה... עס קען ניט

ריין בלייבען דאָס האַרץ פון האַס צו דעם, וועלכער האָט דיך בייז און גראָב בעליידיגט! מען קען קיין רחמנות ניט האָבען אויף דעם, וועלכער פרעסט דיך און אַלעמען אַרום איהם אונמענשליך און דום, ווען אפילו דו זעהסט אַז זיך אַליין פרעסט ער מעהר! מען קען ניט געפינען אין האַרצען קיין עהרענגעפיהל צו דעם, וואָס זאָגט ליגען, איז קליינליך און שלעכט, ווען אפילו דו ווייסט אַז איצט איז דער מענש ניט נאָרמאַל און דענקט ניט וואָס ער טהוט. ניט ער — זיין קראַנקהייט טהוט דאָס אַלעס, ווייל: דער היסטעריקער אַליין טהוט נאָר און שרייט אַז ער איז געזונד, נאָר דו ביסט קראַנק... איבערהויפּט איז היסטעריע דערמיט שרעקליך, ווייל יעדער וואָס האָט דעם אומגליק זיין לעבען צו פאַרבינדען מיט אַ היסטערישע, פיהלט אַז ער ווערט לאַנגזאַם אין אמת'ן טאַקע אויך קראַנק, ער ווערט אַזוי ווי דער, פון וועלכען ער ליידט, און האַסט איהם דעריבער...

מרים האָט איהם געבעטען צו אונז, ווי פריהער קומען. ער האָט זיך ענטזאָגט. עס איז איהם שווער צו זעהן ווי איך אַרבייט און ער קען שוין ניט, האָט אויך מורא, דאָס איך וועל איהם אויפ־וואַרפען אין פויליקייט.

פינף יאָהר איז נאָך דעם אַריבער. אין דער צייט האָט מיין פריינד אין גאַנצען אויפגעהערט צו אַרבייטען. ענטזאָגט זיך אפילו פון יבנה. מרים איז פון צייט צו צייט ביי איהם געווען. ער האָט זיך אַלץ בעקלאָגט אויף זיין לאַגע, געזאָגט: דאָס די פּאָר וואָכען אָדער מאָנאַטען, וואָס ער האָט צווישען איהרע אַנפאַלען רוהע, קען איהם אויך ניט ערהוילען, ווייל ער לעבט אַלץ אין פּחד, טאָמער הייבט זיך ווייטער אָן, דאָס ער אַליין איז אויך קראַנק, ער קען שוין ניט פאַר־טראָגען אפילו אַ קליינעם געשריי, קען קיין מאָל ניט פאַרגעסען, וואָס ער האָט דורכגעליטען און האָט מורא, דאָס ער וועט איהר שוין ניט קענען קיין מאָל דאָס מוחל זיין... די איינציגע זאַך, וואָס בינדט זיי צו איז דאָס קינד, פאַר וועלכען ער האָט מורא, ער זאָל ניט זיין אַזאַ אומגליקליכעס ווי די מאַמע, ער איז אויך נערוועז; די ערציהונג פון די מוטער קען איהם געווים געזינטער ניט מאַכען.. פון יבנה האָט ער זיך ענטזאָגט, ווייל: ער פיהלט, דאָס ער געהט שוין ניט פאָראויס, געהט אפילו צוריק, האָט שוין ניט קיין רעכט אַנדערען צו לעהרנען...

מרים איז וואָס שפּעטער זעלטענער צו איהם געקומען, ער האָט פאַרלאָרען ביי איהר זיין אינטערעס: אימער דאָס זעלבע בע־קלאָגען זיך, אומעטיג איז געוואָרען מיט איהם צו ריידען און מיאוס, ווי אַ מאַנסביל קען אַ שמאַטע ווערען. איך אַליין פלעג איהם זעהן נאָר אין אונזער ביבליאָטעק, דער איינציגער אָרט, וואו ער פלעגט זיך אַמאָל ווייזען. איהם ניט ווען צו טאָהן, פלעג איך נאָר אַ פּאָר ווערטער מיט איהם זיך איבערוואַרפען און איילען אוועקגעהן. צו טרויעריג איז געווען איהם צו זעהן אַ פאַרעלטערטען, אפּגעשוואַכ־טען און ווייט פון זיין ליעבע וויסענשאַפט. „דער געפאַלענער שטע־רען" — פלעגען מיר איהם צווישען זיך רופען.

אין דער צייט דערהערען מיר, דאָס ביי זיי איז נאָך אַ קינד געבוירען. דאָס האָט אונז ביידען געוואונדערט: מיר האָבען דאָך געוואוסט, ווי ער האָט מורא פאַר'ן ערשטען קינד. אויף איין מאָל, גאָר אַ צווייטעס? מרים האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען, צו זיי אַריינגעגאַנגען. האָט איהם געפונען עטוואָס ערמוטהיגער: ער האָט שוין ווייטער האָפנונג דאָס זי וועט געזונט ווערען. אַלעס וועט ביי זיי גוט ווערען. ער וועט ווייטער קענען אַרבייטען. דאָך זיך פאַרענטפערט: זי האָט דאָס זעהר געוואָלט, מורא געהאַט נאָר איין קינד צו האָבען. מען קען דאָך איהם פאַרלירען. ער איז אַזאַ שוואַכעס קינד. ווידער, זי האָט זיך אַ לאַנגע צייט געפיהלט שוין בעסער און עס איז אויך געזונטער פאַר'ן קינד, ניט קיין איינאיינ־ציגער צו זיין ביי אַ ניטגעזונטע מאַמען... אַ פּאָר מאָל איז נאָך ביי זיי מרים געווען. ווייטער אַ טרויעריגען פּנים. ווען זי האָט ביי איהם געפרעגט, האָט ער נאָר פאַרצווייפעלט אַ מאַך געטהאָן מיט'ן האַנט... זי האָט אינגאַנצען אויפגעהערט ביי זיי צו זיין, ביז מיר האָבען כמעט אָן איהם פאַרגעסען.

פּלוצלונג קומט ער צו מיר אַריין. כ'האָב מיינע אויגען ניט גע־גלויבט! ווייטער דער זעלביגער ווי מיט אַכט־ניין יאָהר צוריק, נאָר די באָרד ווייסליך געוואָרען. אַ וואונדער. ברוך מחיה המתים. האָב מורא צו פרעגען. נור ער אַליין נעמט מיר מיט אַ מונטערן טאָן אַלעס אָפען צו דערצעהלען. ערשטענס בעדאַנקט ער מיר פאַר מיינע איידעלקייט: ניט עראינערט די גאַנצע צייט וועגען אונזערע אַרבייט, און בכלל איהם צו רוהע געלאָזען. און מרים'ן דאַנקט ער פאַר איהר ליעבליכקייט צו איהם. ער איז שוין איצטער ווייטער אַ מענש, אַרבייט שוין ווייטער. וויל ווייטער אין יבנה אַריינטרעטען.

בעט מיך טאקע, דאָס איך זאָל זעהן מען זאָל פון דאָרטען איהם איינלאָדען. איהם אליין איז שווער צו קומען זיך פאַרלייגען. עס ווילט זיך מיר פרעגען, ווי דער נס איז געקומען, האָב אָבער מורא.ביים ענדע זאָגט ער:

— איך מוז דאָך, איהר זאָלט, אויסער די שלעכטע אויך די גוטע ווּיסען. איהר ווייסט דאָך, ווי איך בין געווען אויף צרות, ניט אויסצושפּייען, ניט אראָפּצושלינגען. מיר מיאוס געווען פון זיך, פון לעבען, פון אלעס. געמיינט: אלעס פארשפּילט, עס איז נאָר גע־בליבען אָפּשטופּען די עטליכע יאהרען... כאָטש אין הארצען האָט געטאָטשעט א וואָרים: געביינקט נאָך מיינע ארבייט. אומזיסט אזוי פיעל געלערענט, געהאָרעוועט, ווען איך קען מיינע קענטניסע אנ־דערע ניט געבען, נאָר מיט זיך אין קבר מיטנעהמען. געביינקט נאָך א רוהיגען היים, פאמיליען־גליק, חברים, יום טובים, אלעס וואָס איך האָב שוין מעהר ניט געהאַט, אויך וועגען ליעבע. מיר, גע־לעהרטע, ווייסען ניט פון יוגענד, אָבער ווערען קיין מאָל ניט אלט! אָבער געשוויגען. קיינער קען דאָך ניט העלפען. פּלוצלונג איז די פרוי אין א אמת'ן אוועקגעפאָהרען צו איהרע עלטערען! די קינדער האָט זי מיטגענומען, ניט געוואָלט זיי איבערלאָזען אין גן, וואו איך האָב זיי געקענט אמאָל זעהן. געווים האָט זי ניט רעכט געטהאָן, אָבער איך בין שוין פון לאנג געוואוינט צום געדאנק דאָס מיינע קינדער זיינען פאר מיר פארלוירען, דאָס זי וועט די קינדער פון מיר אוועקנעמען. אפשט, שוין צו אָפט, פלעגט זי זאָגען: דאָס זי וועט נעמען די קינדער פון מיר און אוועקפאָהרען צו די מאמען. אזוי ווי א מאמע האָט א רעכט פון קליינע קינדער א טאטען אוועק־צונעמען, אזוי ווי זי וואָלט זיכער געווען, דאָס זי אליין וועט זיי קענען געבען אויך דאָס, וואָס א טאטע קען קינדער געבען. איך רעד שוין ניט, דאָס איך האָב אויך אויף זיי רעכט ווי זי. נאָר ביי אונזער „פאמיליען לעבען", דארף מען אויף אזעלכע „קלייניגקייטען" ניט קוקען. דאָס די קינדער זאָלען ווייטער ניט הערען, ווי די מאמע שרייט אויפ'ן טאטען, איז אלעס ווערט צו פארלירען. איבערהויפּט, דאָס זי האָט שוין אנגעהויבען דעם קיים זעקס יאהריגען קינד אנ־רעדען אויפ'ן טאטען. וואָס וועט ווייטער זיין, ווען די קינדער וועלען גרויס ווערען? פיעל געזינטער פאר די קינדער ניט צו האָבען אזא היים... דאָך נאָך זייער אָפּרייזען, האָב איך געפיהלט א אומע־טיגקייט, געביינקט אפילו נאָך אונזער טרויעריגען „פאמיליען לע־

בען". האָב שוין אַזאַ שוואַכען כאַראַקטער... זיך צוצעשטרייען בין איך אין גן־אהבה געפאָהרען. פון אָנפאַנג זעלטען, איצטער איז דאָרט מיין אַפּרוה, מיין קוואַל, וואו איך בעקום לעבענסקראַפט, לע־בענס־לוסט, וואו מיין האַרץ און נשמה האָט ווייטער אָפּגעלעבט, די פינסטערע וואָלקענס זיך צושטרייט... איך זעה שוין ווייטער די ליכטיגע וועלט און די וועלט פון ליכטיגע אידעען. — האָט ער מונטער געענדיגט.

אונזער בוך האָבען מיר גיך און אינטערעסאַנט געענדיגט. נו, וואָס ווערט איהר איצטער זאָגען אויף אונזער גן־אהבה? וואָס איז ער?

די גאַנצע צייט האָב איך מיט גרויס אינטערעס זיך צוגעהערט צו זיין לאַנגען ערצעהלונג, דער פינאַל האָט מיך איבערראַשט. דאַצו האָב איך איבערהויפּט פון איהם ניט ערוואַרט אַזוי פיעל האַרציג־קייט, צאַרטע ווייכקייט, און קינסטלערישען געפיהל, וואָס האָט זיך געפיהלט אין זיין ערצעהלונג וועגען זיין אומגליקליכען חבר און איבער'ן גן־אהבה. כ'האָב פריהער געגלויבט, דאָס ער האָט נאָר אַ שטאַרקען קערפּער און אַ שאַרפען מח, נאָר איצטער געזעהן, וואָס פאַר אַ וואַרימע האַרץ האָט דער אַטלעט... ער איז מיר מיט אַמאָל אין האַרצען אַריין, אַמת ליעב געוואָרען.

וואָס זאָל איך וועגען גן־אהבה זאָגען? דאָס איז אַ הייליגטום, מאַכט פון טויטע — לעבעדיג, האָב איך, לאַכענדיג, געזאָגט.

— לאַכט ניט, די אַלטע גריכען האָבען עהנליכעס געהאַט, האָ־בען זיי עס טאַקע „הייליגטום" אָנגערופען: דער טעמפּעל פון ווע־נוס מיט איהרע כהנ'טעס (פּריסטערין), נאָר ביי זיי איז אפילו אין די בעסטע צייטען ניט אַזוי ריין געווען, ווי אונזער גן־אהבה. ביים ענדע איז דאָס ביי זיי פּראָסטע אויסגעלאַסענהייט געוואָרען. ניט פאַרגעסט, דאָס מיר זיינען פון זיי מעהרער אַלס צוויי טויזענד יאהר און די לעצטע הונדערט יאהר אַליין, איז פאַר אונז מעהר אַלס טויזענדער יאהר.

כ'האָב זיך דערמאָנט מיין לעהרערס ווערטער „די לעצטע הונ־דערט יאהר, מעהר אַלס טויזענדער פון פריהער", דערמאָנט זיך אָן אַלעס. מיט אַ שוואַכע שטימע האָב איך געפרעגט:

— רבי אלישוב, ענטשולדיגט, דאָס איך שלאָג אייך איבער און פרעג ביי אייך וועגען אַ גאַנץ אַנדערע זאַך. אָבער איך נויטיג זיך... מיך אינטערעסירט צו וויסען, אויב עס איז מעגליך, דאָס אַ

מענש זאל שלאפען עטליכע יאהר, פיעל מעהר, למשל, הונדערט יאהר, נאכהער זיך אויפכאפען, ווייטער לעבען?

איהם האט אפילו געוואונדערט פון וואנענט קומט צו מיר פלוצלונג אזא פראגע, דאך האט ער רוהיג געענטפערט:

— עס גיט אזא קראנקהייט, לעטארגיע רופט מען דאס. דער מענש שלאפט יאהרענלאנג אהן אויפצוכאפען זיך. אין מעדיציני־שע ליטעראטור בעשרייבט זיך, דאס דער קראנקער איז געשלאפען כמעט ניט זיך אויפצוכאפען, מעהר ווי צוואנציג יאהר. אבער גאנצע הונדערט יאהר, דאס איז אונמעגליך. עס וועט ניט העלפען, וואס מען גיט די שלאפענדע, צייט צו צייט, עטוואס עסען. זיין קערפער וועט פראסט פון ליגען פארפוילט ווערען, ווען ער האט אפילו געהאט גענוג לעבענסקראפט צום לעבען הונדערט יאהר. אין מעדיצינישע ליטעראטור איז וועגען אזא פאקט ניטא. אט אין גמרא דערצעהלט זיך, דאס רבי חוני המעגל איז געשלאפען גאנצע זיבציג יאהר, דערנאך זיך אויפגעכאפט, ווי עס וואלט מיט איהם גאר נישט פאסירט, ניט געוואוסט אפילו, דאס ער האט אזוי לאנג געשלאפען.

— דערצעהלט מיר, רבי, גענוי ווי עס איז מיט איהם געוועז. דערצעהלט אלעס גענוי, איך בעט אייך זעהר.

ער האט אויף מיר א פארוואונדערטען קוק געגעבען און רוהיג, ווי זיין געוואוינהייט איז, דערצעהלט:

— אין גמרא מסכתא תענית דערצעהלט זיך אזוי: איינמאל איז דער גרויסער צדיק, רבי חוני המעגל געגאנגען אויפ'ן וועג. ער זעהט א מאן פלאנצט א באקסארבוים. דער רבי פרעגט: — ווען הייבט אן דער בוים צו געבען פירות? — צו זיבעציג יאהר — האט איהם דער מאן געענטפערט. — צו דען ווייסטו, דאס דו וועסט נאך לעבען זיבציג יאהר צו קענען עסען די פירות? — דער מאן ענטפערט: — איך האב שוין געפונען אויף דער וועלט באקסאר־בוימער, אזוי ווי מיינע עלטערען האבען פאר מיר געפלאנצט, אזוי פלאנץ איך פאר מיינע קינדער. — רבי חוני — דערצעהלט זיך ווייטער — האט זיך דארט עסען געזעצט, איז אנגעפאלען אויף איהם א שלאף און איינגעשלאפען. א שטיין איז ארום איהם ארומ־געוואקסען. איהם פארדעקט פון פרעמדע אויגען. ער האט אפגע־שלאפען זיבעציג יאהר. ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, זעהט ער דאס א מאן זאמעלט באקסאר פון א בוים. דער רבי האט געפרעגט:

— האָסטו דעם בוים געפּלאַנצט ? — ניין, מיין פּאַטער, דער רבי האָט זיך געזאָגט : געווים האָב איך זיבעציג יאהר געשלאָפן. ער איז צו זיך אהיים געגאַנגען, געפרעגט : — וואו איז דער זוהן פון רבי חוני המעגל. — מען האָט איהם געענטפערט : — זיין זוהן איז שוין לאַנג געשטאָרבען. עס לעבט נאָר זיין אייניקעל. דער רבי האָט זיי געזאָגט : — איך בין חוני המעגל. זיי האָבען איהם ניט געגלויבט. ער איז אין בית המדרש געגאַנגען, געהערט ווי חכמים לערנען זיין לעהרע, זאָגען אין זיין נאָמען. ער האָט זיי געזאָגט :

— „איך בין חוני" — זיי האָבען זיך ניט געגלויבט, ניט אָפּגע־געבען זיין כבוד. עס איז איהם שווער דער לעבען געוואָרען, געבעטען רחמנות ביי גאָט דעם טויט. גאָט האָט זיין געבעט צוגעהערט

— ער איז געשטאָרבען... דאָס איז די שעהנע לעגענדע, וואָס די גמרא דערציעהלט, אבער דאָס איז ניט מעהר ווי אַ לעגענדע, צו לערנען : דאָס דער מענש מוז ארבייטען ניט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר צוקינפטיגע דורות. די איינציגע, וואָס מען קען פון דעם פאַרשטעהן : דאָס שוין דאַן האָט עקזיסטירט לעטאַרגיע. זיי האָבען דאָס געזעהן און די לעגענדע האָט זיך געקענט אויסבילדען.

איך האָב געהערט מיט גרויס אינטערעס, אָבער ניט געצווייפעלט, דאָס ער האָט אין אמת'ן געשלאָפען.

— פאַר וואָס האָט ער געבעטען רחמים צו שטאָרבען ? גע־קענט דאָך גליקליך ווייטער לעבען. האָט אפילו דאָס גליק געהאט צו זעהן דאָס זיינע לעהרע ווערט נאָך איצטער געשעצט.

— ווייטער אין גמרא שטעהט דער תירוץ. „רבא האָט גע־זאָגט : „או חברותא או מיתותא". אָדער חברים, אָדער דער טויט, עס איז שווער איינזאַם צו לעבען אַ מענשען, ווען ער ווייסט, דאָס זיינע ליעבע חברים זיינען שוין געשטאָרבען, נאָר ער אליין לעבט נאָך. אפילו ווען ער זעהט, דאָס זיין ארבייט ווערט נאָך געשעצט.

אַ קאַלטער שווייס איז מיר אריבער איבער'ן לייב, דאָס הער־רענדיג, געציטערט ווי אין קדחת... מיט אַ לויזע שטימע, קוים אליין מיינע ווערטער געהערט, האָב איך געשטאַמעלט :

— רבי, איהר זאָגט : דאָס איז אַ שעהנע לעגענדע. ניין, דאָס איז אַן אמת... מיט מיר אליין... מיט מיינעם אַ נאָהענטען פריינד... גלאַט אַ בעקאַנטען, האָט דאָס פּאַסירט... ער לעבט... פיהלט זיך געזונט, קען גליקליך לעבען... וויל גליקליך לעבען, נאָר ער גע־דיינקט... פריהער האָט ער קיין זאַך ניט געוואוסט, נאָר איצטער

האָט ער פיעל ראיות און, דאכט זיך, דאָס ער געדיינקט, ווי ער האָט אויך געלעבט... מיט הונדערט יאָהר צוריק...

רבי אלישוב האָט מיר גיך איבערגעשלאָגען מיינע רייד. גענומען מיינע ציטערדיגע, קאַלטע הענט אין זיינע ווייכע, וואַרימע, זיי פעסט געדריקט, מיר טיעף אריינגעקוקט דורך זיינע ברילען גלייך אין מיינע אויגען אריין.

— איהר זייט קראַנק, ליעבער בן פלא. לאָמיר בעסער וועגען דעם ניט רעדען... זאָגט אייער בעקאַנטען, ער זאָל פון קאָפּ זיינע מעשיות ארויסוואַרפען... ווייסט איהר וואָס איך וואָלט אייך ראַטען? — האָט ער, ניט ארויסלאָזענדיג מיינע הענט, טיעף קוקענדיג אין די אויגען, געזאָגט: — רוהט זיך אביסעל אויס, איהר מוזט זיך אויסרוהען... אָט דאָ ניט ווייט, צווישען צפת און ראש פנה איז דאָ אויפ׳ן בארג כנען, א רוהיג ווינקעלע... אַן עיר־מקלט... עס וועט פאַר אייך גוט זיין דאָרטען: בארג־לופט, ניט הייס, רוהיג. איהר וועט ארבייטען אין גאָרטען, קענט אויך אביסעל אייערע סקולפּטורע ארבייטען, נאָר וואָס מעהר אויפ׳ן פרישען לופט, עטוואָס לייענען, ניט אנשטרענגען. אין א קורצע צייט וועט איהר זיך ערהאָלען... אָדער ווייסט איהר גאָר, וואָס עס איז בעסער? — פאָהרט אריבער אויף א וואָך אין גן־אהבה, דאָס קען אייך אָפּפרישען, א גוטען טרייסעל געבען. אייער... אלעס וועט פון אייך אראָפּפאַלען. נעמט א לופטשיף, פליהט דאָרט. קענט איהר פליהען? עמרם וועט אייך אויסלערנען. דאָרט דאַרף מען מיט א שאָפער ניט קומען. פאַרגעסט ניט עסען מיטצונעמען, דאָרט קען מען קיין זאַך ניט קויפען. דאָרט עקזיסטירט ניט קיין געלט... איהר דאַרפט ניט איילען פאָהרען, עס האָט נאָך צייט, נאָר געדיינקט: דאָס מיר זיינען אייערע אמת׳ע פריינד, מיר וועלען זיך נאָך זעהן.

אין דעם מאָמענט איז מרים אנגעקומען. זי האָט אויף אונז ביידען א גיכען קוק געגעבען, ווידערהאָלט איהר מאַנס לעצטע פראַזע:

— געוויס דאַרפט איהר זיך ניט איילען צו פאָהרען, געוויס זיינען מיר אייערע אמת׳ע פריינד.

כ׳האָב אויף די ליעבע פּאַרפאָלק געקוקט, געפיהלט, דאָס איך בין שוין ניט אליין. א זיסע וואַרימקייט האָט מיר מיין האַרץ אָנגעפילט.

## יב.

„נעכטען דעם גאַנצען טאָג גערוהט. כ׳פּיהל זיך בעסער. רבי אלישוב האָט רעכט: איך מוז רוהען. דער קאָפּ איז מיר די לעצטע צייט שווער, ווי ער וואָלט ניט מיינער געווען. כ׳וועל אלץ טאָהן, וואָס ער הייסט מיר: ניט דיינקען, ניט אַנשטריינגען זיך, לעבען, ווי עס לעבט זיך. הנאה האָבען פון גאָט׳ס וועלט... וואָס פאַר א זעלטענער מענש רבי אלישוב איז. א שטאַרקער גייסט אין א שטאַר־קען קערפּער. וואָס פאַר אן איידעלע, פיהלענדע הארץ! מרים האָט זיין הארץ געלערענט טיעף פּיהלען. מרים — איז זיין הארץ... וואָס פאַר א פּאַסענדע פּאָר. איין מענש. א איבערמענש זיינען זיי ביידע צוזאַמען... ווי ליעב זיי האָבען מיך נעכטען אָוונט בערו־היגט, מיין נשמה איינגעוויגט. ווי א קליין קינד האָב איך נעכטען איינגעשלאָפען. ווי מאַרנע ער האָט מיר נעכטען מיין האנט גענו־מען, טיעף אין די אויגען אריינגעקוקט און ערענסט געזאָגט: „געהט שלאָפען, שלאָפט רוהיג די גאַנצע נאַכט". גאָר ווי אַ טאַטע, כ׳וועל איהם פאָלגען ווי א ליעבען טאַטען."

אזוי האָב איך געקלערט פריהמאָרגען, ליגענדיג אויפ׳ן פלאכען דאַך, וואו מיר אלע זיינען געשלאָפען. האָב געפּיהלט אַ ווייכע רו־היגקייט אין מיין קערפּער און א זיסע פוילקייט. געגען מיינע אוי־גען איז געלעגען אין העלען פריהמאָרגען־ליכט, די הויכע פּאַלמען, ציפּרעסען, העל־גרינע באַנאַנען און רונדע אראַנזשען־בוימער. צווי־שען זיי האָט זיך געזעהן ווייסע ווילעם מיט דינע קאָלאָניעס, הינ־טער אלעם איז רוהיג, ווי א שפּיגעל, געלעגען דער ליכטיגער ים כנרת, בלוי־וויאָלעטע בערג האָבען איהם אַרומגערינגעלט. הינטער׳ן בארג, אונטען, נידריג, גלייך איבער׳ן בארג, איז דער הימעל העל־רויטליך געוואָרען. זיך פון אויבען צוגאָסען אין א לייכטע, העלע גאַמאַ פון רעגענבויגען־פארבען... גאָר ניט געוואָלט אויפשטעהן, אזוי רוהיג, אנגענעהם וואַרים איז געווען אויפ׳ן געלעגער.

רבי אלישוב איז פון טורעם אַראָפּגעגאַנגען איינגעוויקעלט אין

א ווייסע אבאיע, אפגעדעקטען קאפ און א ווייכען ליילעך אונטער'ן ארעם.

— שוין אויפגעכאפט, אדון בן פלא. אויסגעצייכענט. זייט איהר גוט געשלאפען?... פרעהט מיך זעהר. די ערשטע זאך: גוט, רוהיג שלאפען. נו, היידא! ניט געלעגען, קומט זיך באדען. אט דא גלייך אונטען ביים אלטען רוימישען קוואל. די וואסער איז דארט אין דערפריה קאלט ווי אייז... מען דארף ניט אנטאהן זיך, כאפט נאר ארויף די אבאיע... האט ניט מורא פאר פרישע לופט, גאט'ס לופט, זי טוט קיין שלעכטס... נאר א האנדטוך. זייף דארף מען ניט. פיש לעבען אויך אהן זייף. איהר וועט ווי א פיש לעבעדיג ווערען.

דעם גאנצען טאג האב איך מיך פריש געפיהלט.

צום אוונטברויט האבען מיר אלע אין טבריה מיט'ן עלעקטרישען באהן געפאהרען. נאכ'ן עסען הייבט זיך אן דער „חג האורים". צוליעב רבי אלישוב'ן און עמרם'ן, וואס האבען דעם פרייז בעקומען אין „שמשון" און „החלוץ", האט מען אונז אן עהרענפלאץ געגעבען אין ספארטס־קלוב. זייער פאוויליאן איז גלייך ביים אלטען מויער געשטאנען. דארט האט זיך געדראפט די פראצעסיע אפשטעלען. פונקט אכט אוהר זיינען מיר שוין געווען אויפ'ן ברייטען טעראסע, וועלכע איז ווייט אויפ'ן וואסער געשטאנען. פון דארט האט מען דעם גאנצען ים כנרת געזעהן מיט די ארומיגע שטעדט און בערג. עס איז א פולע לבנה געווען, אבער מען האט איהר כמעט גאר ניט בעמערקט צוליעב די אונענדליכע, אלערליי פארביגע פייערען, וואס איז איבעראל געווען. ווי אונענדליכע שטערען זיינען געווען פארשפרייט אויפ'ן ים שווימענדע פייערלעך, צווישען זיי לייכטענדע בלומען און ארקעס, בעהאנגענע שיפלעך מיט לאנטערנעס פון אלע פארבען. די שיפעלעך זיינען ווי שווימענדע פייערלעך, גיך געלאפען, האבען א ליכטיגען, בעוועגליכען אפשיין אין וואסער געגעבען. אויפ'ן טונקעל־בלאהען פאהן פון הימעל, האבען, ווי פיעלפארביגע, בעלויכטענע זומער־פויגעלעך, לופטשיפען געפלויגען. אלעס האט צו איין ציעל, רעכטס, אויף דער צווייטער זייט פון ים געצויגען.

— וואוהין געהען זיי אלע? — האב איך ביי רבי אלישוב'ן געפרעגט.

— אין קרית דגון, אין פישער־שטאדט, פון דארט וועט די פראצעסיאן ארויספאהרען פונקט האלב ניין. זיי וועלען פארביי־

פאָהרען די צענטראַלע באַהנסטאַציאָן כפר־נחום, מגדל, טבריה, כנרת ביז הרצליה. דאָרטען וועלען זיי זיך אָפּשטעלען. דאָרט איז, אייגענטליך דער הויפּט חג. ער הייבט זיך אָן נאָך האַלבער נאַכט. מען טאַנצט, מען זינגט און מען הולעט ביז'ן העלען טאָג אַריין. עס איז פרעהליך, לעבעדיג, אַזוי ווי געוועהנליך ביי אונז אידען יום־טוב אין ארץ ישראל.

— וועלכע שטעדט זיינען קעגען אונז אין די צווייטע זייט ים כנרת?

— שטעדט גיט דאָרטען נאָר צוויי: גמלא און בני יהודה. אַט דאָ וואו איהר זעהט פיעל פייערען, נאָר פיעל איינצעלנע הייזער זיינען פאַרשפּרייט אויפ'ן גאַנצען ברעג צווישען די פיעלע גערטנער, וועלכע זיינען בעריהמט מיט זייערע זיסע פירות. אויך אויף די בערג, וועלכע זיינען אינגאַנצען פאַרפלאַנצט מיט וויינשטאָקען און פרוכטבוימער.

נעבען קרית דגון, האָב איך פיעל פייערען געזעהן. זיי האָבען זיך בעוועגט, ווי לעבעדיגע. פון כפר נחום האָט א גרויסער רעפלאַקטאָר זיינע שטראַהלען געוואָרפען אויף שיפלעך, לופט־שיפען, וועלכע האָבען פון די שטראַהלען געלויכטען ווי ערעלשטיינער. א פליהער האָט א גאָלדענעם רעגען פון זיין לופט־שיף געלאָזען.

— די פּראָצעסיע האָט זיך שוין אָנגעהויבען — האָט רבי אלישוב געזאָגט. — דער פליהער האָט מיט דעם א צייכען געגעבען.

אַלע האָבען זיך אויפגעשטעלט. געקוקט אויף קרית דגון. ווי א לאַנגער שנור פון ליכטיגע ערעלשטיינער האָט פון ווייטען דער צוג פון פּראָצעסיע אויסגעוויזען. מען האָט אָבער פון דאַנעט קיין זאַך געגוי ניט געקענט זעהן.

— עס איז נאָך צייט — האָט בן אוריה געזאָגט. — נאָר אין א שעה ארום וועלען זיי דאָ אָנקומען. זיי שטעלען זיך ניט אין קיין אָרט ניט אָפּ, נאָר אין טבריה. לאָמיר דערוויל עטוואָס קאַלטעס נעמען. — און האָט בעשטעלט געטראַנקע און פירות.

א יונג קינד מיט אן עלעגאַנטען, פרעהליכען געזיכט האָט אונז אייניגע פלאַשען מיט גלעזער געבראַכט; אן אינטעליגענטע יונגע מיידעל האָט נאָך איהם א קאָרב מיט פירות, גראַציעז, אויפ'ן קאָפּ געטראָגען; זי האָט דאָס אויף אונזער טישעל אַוועקגעשטעלט, מיט א שמייכעל געזאָגט:

— זעקס שקלים מיט אכטצעהן גרה׳ס, רבותי. מען מוז גלייך בעצאהלען, איך קען פארגעסען.

ווען זיי זיינען אוועקגעגאנגען, האב איך געפרעגט:

— ווי קומט עס, דאס דא, אין טבריה, זיינען די דינערשאפט זעהר ליעבע. וואו האט מען אזוי פיעל קעלנער און קעלנערינס גע־נומען? אין ירושלים האב איך כמעט קיין דינערשאפט ניט געזעהן.

— דאס זיינען ניט קיין דינער; דאס זיינען שילער און שי־לערינס פון די היגע שוהלען. זיי זיינען פרייוויליגע, נאר צוליעב דעם חג. ביי אונז בעדינען די קליינע די גרויסע, געוואהנען זיך די עלטערע כבוד אפצוגעבען. ווען זיי וועלען גרויס ווערען, וועט מען זיי בעדינען. אפילו דער ארקעסטער איז אויך א פרייוויליגער, פון היגען מוזיק־פאראיין; אונענטגעלטליך שפיעלען זיי — דאס איז זייער הכנסת אורחים.

אונזער ארקעסטער האט גענומען שפיעלען. עס האט זיך אויך געהערט שפיעלען און געזאנג אין אנדערע פאוויליאנס, געדאכט אז די גאנצע לופט איז פול מיט געזאנג און ליכט. דאס אלעס האט זיך אין א וואונדערבארער הארמאניע צונויפגעגאסען, וואס האט פול געמאכט דעם גאנצען בעצויבערטען טאל, וואו דער ים כנרת פייערט זיין ליכטיגען יום־טוב „חג האורים"...

כ'האב קאלטן וויין געטרונקען, זיסע פירות געגעסען, א שמע־קעדיגען ירדן־ציגאר גערויכערט, און אלעס ארום מיר ווי אין א ליכטיגען חלום געזעהן...

— עס קומט! קומט! די פראצעסיע קומט! — האב איך פלוצלונג שטימען פון אלע זייטען געהערט. דער ארקעסטער האט זיין שפיעלען אין מיטען אפגעריסען; אלע זיינען שטיל געווארען, אויפ'ן ים געקוקט.

א קליין שיפעל איז גיך צוגעשוואומען; א גרויסער פיערעקי־דיגער טראנספאראנט האט אויף איהם געהאנגען, אויף אלע זייטען איז מיט ליכטיגע בוכשטאבען געשטאנען „קבוצת הדיגים, שלום!" (פישער ארטעל). דאס שיפעל האט זיך ניט וויית פון אונזער פא־וויליאן אפגעשטעלט. גלייך נאך דעם האב איך אזוינס געזעהן צו־שווימענדיג, אז איך האב די ערשטע צייט מיינע אויגען ניט גע־גלויבט, גענומען מיינע ברילען אויסווישען... א גיגאנטישער פיש איז דאס געווען, א גאנצער לויתן. ער איז צוגעשוואומען רוהיג מיט וויים־שטראהלענדע, שרעקליכע אויגען, א גרויסען אפענעם מויל, פון

וואנען עס האָט זיך געהערט שפּילען אַ גאַנצער אָרקעסטער... ער האָט זיך אויסגעדרעהט, זיין פּינסטערע, רויטע, אָפענע מויל מיט שרעקליכע שפּיציגע ציינער אויף אונז אויסגעשטעלט... אין שטח פון אָפענעם מויל האָבען זיך פייערדיגע אותיות געוויזען: „פון די פישער פון ארץ ישראל צו עם ישראל! מיר האָבען אין דעם יאָהר געפאַנגען.....פיש, אין גרויסען ים....אין ים כנרת..... אין מי מרום... אין ירדן... אין קליינע טייכען... אין קינסט־ליך־געזאַמעלטע וואַסערען...". שרעקליכע גרויסע ציפערען זיינען דאָרט געשטאַנען, ניט געקענט זיי געדיינקען. נאכהער איז געווען אַ סטאַטיסטיק וויפיעל מען האָט אַרויסגעשיקט פיש־קאָנסערווען אין אויסלאַנד, די איבריגע האָט מען „אַהן עין הרע" אויפגעגעסען אין ארץ ישראל. „עסט געזונטערהייט!"

— הידד! הידד! זאָלען לעבען אונזערע פישער! — האָט זיך פון טויזענדער מיילער אַרויסגעריסען אַ קול, אַ דונערדיגער קול, וועלכער האָט זיך פאַרשפּרייט איבער'ן ים כנרת. די בערג חרון האָבען מיט אַ בת־קול געענטפערט: — „אונזערע פישער!"

די אותיות זיינען פאַרשוואונדען. עס האָבען זיך ליכט־ביל־דער געוויזען: בילדער פון זעהר שווערע, אָבער מוטהיגע, פול פאַ־עזיע, פישער־אַרבייט און צוויי פאַרטרעטען פון פישער, וואָס זיינען אין דעם יאָהר דערטרונקען געוואָרען. אַ שטאַרקע שטימע האָט זיך פון פיש־מויל אין דער צייט געהערט. ער האָט געזונגען די טרויע־ריגע תפלה פאַר די קדושים: „אל מלא רחמים" האָט ער געזונגען...

דער פיש האָט זיך אָפּגעקעהרט, גיך אַוועקגעשוואומען.

אַ צווייטע שיפעל איז מיט אַ טראַנספּאַראַנט אָנגעקומען... „קבוצת עובדי אדמה" (ערד־אַרבייטער) זיינען מיט פייערדיגע אותיות אויף איהם געשטאַנען. גלייך נאָך דעם איז צוגעשוואומען אַ גרויס האַלב־רונדליך שטיק ערד, אויף דעם איז אַ קאָלאָסאַלע גרופּע געשטאַנען: „ערד־אַרבייט". עס האָט פאָרגעשטעלט אַ שטאַרקען מאַן, איינגעבויגען איבער'ן אַקער, דריקט איהם טיעף אין דער שטיינערדיגער ערד, אַ שטאַלצער קעמעל שלעפּט דעם אַקער מיט די גאַנצע כחות. אונטען, האַלב רונד, געהט אַ פייער־דיגער אויפשריפט: „ניט מיט פרעמד בלוט־פאַרגיסען האָבען מיר געוואונען אונזער לאַנד, נאָר מיט'ן בלוטיגען שוויים פון אונזער פנים". דער רעפלעקטאָר האָט די גרופּע בעלויכטען. זי האָט

אויסגעוויזען ווי אויסגעהאַקט פון די ירושלים'ער פעלזענשטיינער. עמרם האָט געזאָגט:

— דאָס איז אַ קאָפּיע פון בעקאַנטען רבנ'ס גרופּע, וועלכע געפינט זיך ביי אונז אין בצלאל־מוזעאום. די גרופּע, ווי אויך אַנ־דערע, וועלכע איהר וועט שפּעטער זעהן, זיינען אין בצלאל־אַרטעל פון פּאַפּיע־מאַסע געאַרבייט.

אַרום דער קאָלאָסאַלער גרופּע, וועלכע האָט ווי אַ פּלאַנעט געלויכטען, האָבען אַרומגערינגעלט איהר בעגלייטעריין: די פאַר־שידענע ערד־אַרבייט אין בילדער פאַרגעשטעלט, אַן אַראַנזש־בוים מיט גאָלדענע שיינעדיגע אַראַנזשען — האָט דעם „פּרדס" פאַר־געשטעלט. צוויי מענער טראָגען אַ גרויסען הייננעל טרויבען — „כרמל". אַ בליהענדער מאַנדעל־בוים — „שקד". אַן איילבערט־בוים — „זית". רויכערענדיגער מזבח מיט אַ שמעקענדיגען ריח — „בשמים". אַ קאָלאָסאַלער ציגאַר, אויף איהם רייט אַ מענש מיט אַ רויכערענדיגען ציגאַר אין מויל — „ירדן־ציגאַרען". אַ גרופּע סקולפּטורנע בהמות — „פּיהצוכט". אַ גרויס איי, פון וועלכען עס האָט אַרויסגעקוקט אַ מאַן מיט אַ האַן אין האַנד — „הינערצוכט". אַ גרויסע, ליכטיגע ביהן — „ביהנען־צוכט". אַ גרויסע שיינענדיגע פלאַש פון רעצינוס־אייל — „מעדיצינישע פלאַנצונגען". אַ גרויסער גלעזערנער באַל, וועלכער האָט אַלע ווייעלע זיינע רייכע פאַרבען געענדערט — „פאַרבען־פלאַנצונגען". אַ גרויסער קאַרב מיט פאַר־שידענע געמיזע — „געמיזע גערטנעריי". אַ באַנאַנען־בוים, פון וועלכען די פרוכט זיינען עלעקטרישע לעמפּעלעך געווען — „באַנאַנען" און ביים ענדע אַ גרופּע: אַ פאָטער לערענט זיין זוהן פלאַנצען — „פלאַנצונג־אַרטעל".

דאָס פּובליקום האָט זיי אויך בעגלייט מיט אַ דונערדיגען „הידד!" און מיט אַ וואַרעמער ברכה: „אונזערע ערנעהרער, ערד־אַרבייטער זאָלען לעבען!"

אַ שיפעל איז ווייטער אַנגעקומען מיט'ן אויפשריפט: „בצלאל־קונסט און קונסט־אינדוסטרי". גלייך נאָך דעם איז אַ גאָלדענער ארון הקודש מיט די כרובים צוגעשוואומען. בצלאל איז געשטאַנען נעבען איהם אַנגעשפּאַרט, אַזוי ווי איפ'ן פּאַנטאַן פון בצלאל־פּלאַץ אין ירושלם. אונטען איז מיט גאָלדענע בוכשטאַבען אויפגע־שריבען: „אני לעמי, ועמי לי" (איך בין פאַר מיין פאָלק, מיין פאָלק פאַר מיר). דער רעפלעקטאָר האָט זיינע שטאַרקע שטראַהלען אויף

איהם געוואָרפֿען, ווי די ליכטיגע זון האָט דער ארון הקודש גע־לויכטען. אַרום האָבען איהם אַרומגערינגעלט זיינע בעגלייטער: פֿאַרשידענע אַלעגאָרען, וואָס האָבען פֿאַרגעשטעלט די אַלע מעהר ווי פֿערציג קונסט־אַרבייט, וואָס בצלאל האָט אין ארץ ישראל געבראַכט. די ערשטע, די „שעהנע קונסט", איז געווען איינפֿאַך פֿאַרגעשטעלט: אַ גרופּע פֿון מעהר בעריהמטע גרויסע קינסטלער. דער אַרכיטעקט רבי אפרים בן תרמנה, סקולפּטאָר רבי מנשה בן יהושפט און מאַלער רבי יהודה הזרחי.

— הידד! הידד! — האָט געדונערט אַהן אַן ענדע — „לע־בען זאָל דער ליכטיגער „בצלאל"! זיין ליכט זאָל אונז אייביג לייכטען" — ביז זיי האָבען זיך דערוויטערט.

ווייטער אַ שיפֿעל געקומען. „יבנה" איז אויף זיין טראַנספּאָ־ראַנט געווען אויפֿגעשריבען. אַ גרויסער אָפֿענער בוך איז צוגע־שוואומען, מיט גאָלדענע בוכשטאַבען איז אין איהם געווען גע־שריבען, וואָס מען האָט אויפֿגעטאָהן אין יבנה אין דעם יאָהר: ערפֿינדונגען, נייע ביכער און די נעמען פֿון די יעניגע, וואָס האָבען דעם יאָהר דעם טיטול „רבי" געקראָגען. אַרום דעם בוך זיינען אויך געשוואומען זיינע בעגלייטער: אַלעגאָריעס פֿון אַלע פֿאַקולטעטען, וועלכע עס געפֿינען זיך אין יבנה.

דער קאָנסערוואַטאָריום „כנור דוד" איז געווען פֿאַרגעשטעלט: אַ גרויסע גאָלדענע האַרפֿע, וועלכע האָט פֿון זיך אַליין געשפּיעלט. די האַרפֿע האָט בעגלייט אַ גרויסע צאָהל שיפֿלעך מיט די נעמען פֿון די מוזיקאַל־שוהלען, „שולמית"־שוהלען, קאָנצערט־זאַלען און פֿאַראייען.

„תחנת הבריאות" האָט פֿאַרגעשטעלט אַ גרויסע פֿאַרגאָלדעטע גרופּע: אַן אויסגעדאַרטען ריטער אויף אַ מאָגערן פֿערד אין איין האַנד, אנשטאט אַ פּאַנצער — אַ גרויסען בולט'ן גלאָז; אין דער צווייטער האַנד, ווי אַ שפּיז, אַ לאַנגער שפּריצער, מיט וועלכען ער וואַרפֿט זיך געגען אַ שרעקליכער בעשעפֿעניש ענדליך ווי אַ פֿאַר־גרעסערטער מיקראָב. ווען דער רעפֿלעקטאָר האָט דאָס געזיכט פֿון ריטער בעלויכטען, האָט זיך פֿונ'ם פּובליקום אַרויסגעבראַכען אַ שרעקליכער געלעכטער מיט געשרייען: „לעבען זאָל רבי אלנתן, הידד!" מען האָט מיר ערקלערט, אַז אין דעם יאָהר האָט אַ גע־לעהרטער פֿון „תחנת הבריאות" ענטדעקט אַ נייעם מיקראָב און געפֿונען אַ מיטעל איהם צו טויטען, דאָס דער ריטער איז וואונדער־

באר קאמיש־עהנליך אויפ'ן געלעהרטען... אויף די פיעלע שיפלעך, וועלכע האבען די פרעהליכע גרופע בעגלייט, זיינען געווען פיעל נע־מען פון זייערע אינסטיטוטען, ערי־מקלט'ן און הייל־אנשטאלטען.

דער „גן־עדן לילדים" איז א ריכטיגער, קליינער גן־עדן געווען פארגעשטעלט, וואו אויף די בוימער האבען גאלדענע פירות גע־וואקסען, פרעכטיגע בלומען געבליהט, וואונדערשעהנע, קינדער מיט בלומען־קראנצען אויף די קעפ האבען זיך פרעהליך געשפיעלט אויפ'ן גרינעם גראז, געטאנצט און געזונגען, ווי גן־עדן־פויגעלעך; איינינע לעהרערינס זיינען מיט זיי געווען. מיין הארץ האט גענומען שטארק קלאפען: מיר האט זיך געדאכט, אז די, וואס שטעהט פאראויס, זינגט מיט די קינדערלעך, איז מיינע בעקאנטע לעהרערין פון גן־עדן; איז נאר פיעל קלענער, איינגער... ווי א פריהלינגס־געטין האט זי אויסגעזעהן מיט איהרע צושפרייטע האר מיט בלומען; זי האט אויף מיר געקוקט, די גאנצע צייט, ווי פאר מיר געזונגען. די הארץ צוגעהט פון איהר שטימע... בן אוריה האט מיר אויפ'ן אויער געזאגט: — עהנליך צו אייער שולמית, נאר אהן א הוט זעהט זי אויס קלענער.

די קינדער האבען א לויבגעזאנג געזונגען צום ליעבען גאט, וואס האט אזא שעהנע וועלט בעשאפען, זיין פאלק ישראל ווידער־געקעהרט אין ארץ ישראל; געדאנקט דעם נשיא, די סנהדרין, זייערע לעהרערס, עלטערן, וואס האבען פאר די קינדער איין גן־עדן געשאפען. זייערע קינדערשע קול'כעלעך האבען, ווי זילבערנע גלעק־לעך, געקלונגען, הויך, צום דונקעל־בלויען הימעל זיך געצויגען. א בעזונדערע זיסקייט, הארציגקייט און ליכטיגע האפענונג האבען זיי אין ליעד אריינגעגעבען. ווי א הייליגע תפלה, האבען זיי געזונגען, מיט ענטציקטע פנים'לעך און לויכטענדע אויגעלעך.

עס איז קיין ענדע ניט געווען פון די אפלאדיסמענטען, פון הידד־געשרייען. עס האבען זיך געהערט טויזענדער שטימען „לעבען זאלען אונזערע קינדערלעך!" א רעגען פון בלומען האט זיך געשאַ־טען, זאגאר אלע האבען געזעהן, אז עס איז אונמעגליך אזוי וייט אויף זיי בלומען צו ווארפען. קענטיג, אז דא ליעבט מען שטארק קינדער. אלע רעכענען זיי פאר אייגענע.

דעם גן־עדן האבען פיעל שיפלעך בעגלייט, אויף וועלכע עס איז געווען אלעגאריש פארגעשטעלט: „אם עבריה", „קן" און פיעלע

נעמען פון פארשידענע גז'ם זיינען אויף די טראנספאראנטען געווען אויפגעשריבען.

נאך דעם זיינען געקומען די טורען־פאראיינען: „שמשון", „החלוץ", „המכבי", און „השומר". די זעלבע בילדער וואס איך האב געזעהן אין „בנימין־טאל": אויף זייערע דגלים, מיט גאלדענע בוכשטאבען, איז געווען אויפגעשריבען: „אין א געזונטען קערפער — א געזונטער גייסט". מעהר ווי א מילאן מיטגלידער האבען זיי געהאט.

פליהער זיינען פארבייגעפלויגען. דער רעפלעקטאר האט אויף זיי זיינע שטראהלען געווארפען; ווי פליהענדע ווייסע טויבען האבען זיי אויסגעזעהן. ווען זיי זיינען נאהענט פון אונז געווען, האבען זיי פייערווערק ארונטערגעלאזען. ווי א רעגען פון ליכטיגע עדעלשטיינער זיינען זיי פון אויבען געפאלען; צווישען זיי א גרויסער באל, פון אונטען א שטריק מיט א שטיין געהאט. דער באל איז געבליבען שטעהן אין דערלופט, איבער'ן וואסער צוגעבונדען אויף זיין שטריק. אויף איהם איז געווען אויפגעשריבען: „השמים ליהוה, הארץ—לבני אדם והאויר—לצפרים ולקבוצת המעופפים" דער הימעל—פאר גאט, די ערד—פאר מענשען־קינדער און די לופט—פאר די פויגלען און פליהער. א פליהער האט זיך מיט א פאראשוט לאנגזאם ארונטערגעלאזען גלייך אין וואסער; נעבען אונז, אונטער זיינע פיס, איז א ברייטער קאסטען געווען, אויף דעם איז ער שטעהן געבליבען. מען האט איהם גלייך אין א שיפעל אריינגענומען. פון קאסטען האט מען פיעל בראשורען ארויסגענומען, וועלכע מען האט צוטיילט דעם פובליקום. דארט איז געווען א גענויע בעשרייבונג פון זייער ארבייט, אילוסטראציעס און סטאטיסטיק, וויפיעל לופט־שיפען עס ווערען אויסגעארבייט אין ארץ ישראל.

נאך דעם איז א שעהנע יאכטע צוגעשוואומען. זי איז שטעהן געבליבען. א ליילעך האט מען אויבען אויסגעצויגען, אויף וועלכען מען האט מיט ליכט־בילדער געוויזען: בילדער פון פלאט, פארטען, יפו'ער האפען און סטאטיסטישע ציפערען. אין זעלבען ארט האבען מיר געזעהן פון אייזענבאהנען און אויטאמאבילען ארטעלען. וואונדערשעהן איז געווען פארגעשטעלט די „פילם־ארטעל" „מנורה": עס איז צוגעשוואומען א גרויסע פארגאלדעטע זיבענרעהריגע מנורה; א שיפעל האט פון וויטען א גרויסען וואלקען פון רויך ארויסגעלאזען, גלייך האט זיך אויף איהם א פייערדיגער אויפשריפט גע־

וויזען: די צאָהל פון ליכט־טעאַטערען, וואָס זיי האָבען אין גאַנץ ארץ ישראל: די נעמען פון די נייע פילמס, וועלכע זיי האָבען אין דעם יאָהר געמאַכט, און אייניגע בעוועגענדע ליכט־בילדער, וואָס האָבען אין דער לופטען זעהר פאַנטאַסטיש אויסגעזעהן.

נאָך דעם זיינען געקומען אַ לאַנגע רייהע שיפּלעך מיט אַלע־גאַרישע בילדער פון די פאַרשידענע אַרטעלען: אייזען ־ אַרבייט, האַלץ, ליים, גלאַז, וועבעריי, שניידעריי, שוסטעריי, לעדער־אַרבייט, בוימייסטער, דרוקער, איינבינדער, סופרים, פּאַפּיר־אַרבייט, כעמיקער, עלעקטריקער, מינע אַרבייט, אייז־פאַבריקאַציאָן, געטריינקע, אַפּטייקער, זשורנאַליסטען, אַקטיאָרען, דעקאָראַטאָרס, פאָטאָגראַפען, פאַבריק־מאַכער, קאָבער, סאַפּער און דינער. געענדיגט האָט זיך די גאַנצע לאַנגע פּראָצעסיע מיט אַ גרויסער פיגור, וועלכע טראָגט אַ וואַגשאָל „גערעכטיגקייט", מיט'ן אויפשריפט: „חקה אחת יהיה לכם ולגר ולאזרח הארץ" (איין געזעץ זאָל זיין ביי אייך, צום פרעמדען און בירגער פון לאַנד).

כ'בין געשטאַנען ווי אַ בעטויבטער... האָב דעם ליכטיגען פּנים פון בעפרייטען אידישען פאָלק געזעהן...



# יג.

ווען רבי אלישוב איז מארגן פריה צו מיר געקומען רופען א באד נעמען, בין איך שוין נאכ'ן באד געווען. ער איז זעהר צופרידען פון מיר געבליבען, אויך פון דעם וואס איך האב די גאנצע נאכט גוט געשלאפען.

— פרישע לופט, רוהיגער שלאף, קאלטע בעדער, געזונטע שפייז, איבערהויפט ניט לעבען מיט דער פארגאנגענהייט, — האט ער מיט א טאן פון א דאקטאר געזאגט. — איהר זייט נאך א יונגער מענש, די גאנצע וועלט איז נאך פאר אייך; אויך לעזט ניט וועגען דער וועלט־מלחמה — מרים האט מיר וועגען דעם דערצעהלט... די מלחמה איז דער שרעקליכסטער פלעק אויף דער מענשהייט. צו וואס אלטע דערמאנען? לאמיר לעבען פאר דער צוקונפט. אונזערע עלטערן האבען אונז איבערגעלאזען אזא גרויסע ירושה, לאמיר אויך זעהן אונזערע קינדער עפעס צו געבען. נאר דער וואס גיט אליין האט רעכט אויף צו נעמען.

צוזאמען געפריהשטיקט. בן אוריה האט געאיילט, דעם שנעלצוג וואס געהט דירעקט נאך ירושלים ניט צו פארזאמען. — ער גלויבט אז איך פאהר מיט. ווי וועל איך איהם זאגען אז איך פאהר ניט? זאגען מוז איך גלייך, פיהל אבער אז אלע ווערטער זיינען צולאפען... קוים אויסגערעדט:

— כ'בלייב דא... וויל מיר אויסרוהען... נאר אכט...

— גוט, גוט! קומט נאכדעם צו מיר אין יבנה. איהר האט נאך ניט דעם יבנה געזעהן, — האט רבי אלישוב זיך געאיילט איינצושטימען.

מרים האט אויף מיר א טיעפען בליק געגעבען און פארטראכט געזאגט:

— ניט פארגעסט אונז, אדון בן פלא. אלי,, ברייננ איהם צו אונז, ווען ער וועט אין יבנה זיין.

„ער האט איהר דערצעהלט — זי ווייסט וואו איך פאהר" —

האָב איך געטראַכט, פיהלענדיג אַז איך ווער אין גאַנצען רויט. ניט געוואַגט אויף איהר אַ קוק צו טהאָן...

... בין אַליין אין מגדל געבליבען.

געגאַנגען אין געדיכטען וואַלד צווישען די בערג. בין אויף אַ נאַקעטען שפּיץ־באַרג אַרויף, אין שאָטען פון אַ שטיין זיך געזעצט אויסרוהען... מיין נשמה ווערט פול פון רוהיגקייט אין דעם איינזאַמען ווינקעל ערד און הימעל. דער הימעל לאָזט זיך אַראָפּ ביז דער ערד, דער באַרג געגענאיבער קריכט אין הימעל אריין; פיהלסט זיך גלייך נאָהענט צו ערד און הימעל... אַזוי ריין אין קאָפּ און האַרצען. צו וואָס ליידען? צו וואָס זיך אַליין קייטען אָנטאָהן? זעה די שעהנע וועלט, וואָס גאָט האָט געשאַפען, ווי אַלעם בליהט און לעבט. דאָס האָט ער פאַר אַלע לעבעדיגע געשאַפען, אויך פאַר דיר... לעב, געניס, ליעב! דאָס איז קיין זינד. אַ זינד איז מאַכען אַנדערע ליידען און אַליין אויך ליידען...

ביי דער פליה־סטאַנציע אַ לופטשיף גענומען, צום גן־אהבה געפלויגען.

מעהרערע לופטשיפען האָבען הויך און גיך געשוועבט אונטער'ן ריינעם הימעל. מיין לופטשיף האָב איך נידריג און לאַנגזאַם געפיהרט, אַזוי ווי צוויי הונדערט מעטער הויך איז ניט גענוג צושמעטערט צו ווערען. אונטער מיר האָט זיך דער ירדן אין זיג־זאַגען געצויגען, בעוואַסערט פוןביידע זייטען די פּראַכטפולע גערטנער. כ'האָב אויף קיין זאַך ניט געקוקט, אין גאַנצען איבערגעגעבען דעם רול. מורא געהאַט אַ פעהלער צו מאַכען, ניט געטרויט מיינע קענטנישע, וואָס עמרם האָט מיר אויף איין פוס איבערגעגעבען... ניט ווייט פון ים המלח האָב איך צוויי ארומגעצאַמטע שטעדט געזעהן: איינער פון אויבען האָט בלויליך אויסגעזעהן פון זיינע פיעלע הויכע ציפּריסען און צעדערען. דאָס איז דער „עמק רפאים, האָב איך מיך דערמאָנט. דער צווייטער, גלייך איבער'ן ירדן, איז ראָזן געוועזען פון זיינע פיעלע בלומען. דאָרט אויף אַ גלייכען פּלאַץ, נעבען אריינגאַנג זיך אַרונטערגעלאָזען. אַ שטילער ווינקעל איז דאָרטען געוועזן. קיין באַהן, אפילו קיין וועג, האָט אהער ניט געפיהרט. נאָר איין אריינגאַנג: אַ גרויסע, שעהנע אַרקע, בעדעקט מיט ציהענדע פלאַנצונגען מיט רעליעפע בלומענדע בוכשטאַבען „גן־אהבה". דער האַלברונדער שטח איז מיט אַ זעראַמיקער בילד געוועזן אויסגעפילט. אדם און חוה אין גן־עדן האָט ער פאַרגעשטעלט. גלייך איבער'ן ברייטען

טויער מיט גאלדענע בוכשטאבען: „זה השער להטבע, בני־אדם יבאו בו“ (דער טויער איז פאר דער נאטור, מענשען־קינדער קומען דא). אהן מיר א ווארט צו זאגען, האט א מאן אין יוניפארם מיין לופטשיף גענומען לינקס, אין א גרויסען מאנעזש אריינגעפיהרט, וואו איך האב פיעל לופטשיפען און ביסיקלעטען געזעהן, און מיר געוויזען אויף א טיר. א סעקרעטאר האט מיך דארטען געפרעגט מיינע יאהרען, פאמילען־לאגע, וואהנארט און בעשעפטיגונג: בעמערקט אז דאס איז נויטיג פאר סטאטיסטיק; א נאמען פרעגט ער ניט, און געוויזען אויף א טיר מיט'ן אויפשריפט „דאקטאר“, וואו איך בין אריינגעגאנגען. דער דאקטאר, אן אלטער מאן, האט זיך ענטשולדיגט, אבער אהן צערעמאניע געהייסען אויסטאהן. כ'האב שוין חרטה געהאט אויפ'ן גאנצען עסק; נאר ער האט מיט אזא ערנסטען טאן געזאגט: „ברודער, טוה דיין פליכט געגען אונזערע שוועסטער“, דאס איך האב גלייך אלעס געטאן, וואס ער האט פון מיר פארלאנגט. געפונען מיך פאר געזונד, פאטאגראפירט אויף א קליינער פאטאגראפישער, מעטאלענער קארט, אויף וועלכער עס איז געוועזן דער נומער און דאטום, מיר דאס איבערגעגעבען צוזאמען מיט א קליינעם, בלויען ביכעלע. אויפ'ן קליינעם טויערל, וואס האט אין גארטען געפיהרט, איז מיט גאלדענע בוכשטאבען אויפגעשריעבען „לטהורים הכל טהור.“ מיין פאטאגראפיע געוויזען. ווייטער אהן ווערטער האט מען מיר דעם טויערל געעפענט. אויפ'ן ערשטען באנק גלייך אוועקגעזעצט. בין געוועזן גערירט פון דאקטארס ערנסטען טאן, געוואלט זיך בערוהיגען און איבערלעזען דעם ביכעל, ריכטיגער פארשטעהן די וועלטעל, וואו איך בין אריינגעפאלען. קורץ און ווייניג איז דארטען געוועזן, אבער מיט אן ערנסטען און ברידערליכען טאן, ווי א דאקטאר גיט זיין גוטען ראטה א קראנקען. עס האט זיך אזוי אנגעהויבען:

„ברודער, טרינק פון פארגעניגען־בעכער, וואס גאט האט דיר געגעבען, אבער וויים אז דיין פארגעניגען מוז זיך ענדיגען ווען א צווייטען מאכט דאס צער.“

„דער אמת'ער פרייער מענש איז דער, ווער עס רעכענט דעם צווייטען אויך פאר א פרייען.“

„רעכען דא אלעמען פאר ברידער און שוועסטער; רוף זיי אזוי, אויך זיך, קיין אנדער נאמען זאלסטו זיי ניט רופען.“

„דאַ בעדאַרפסטו קיינעם ניט דערקענען, ניט דערקענען שפּעטער מיט וועמען דו האָסט זיך דאַ בעגעגנט."

„פאַרבלייב דאַ וויפיל דיין האַרץ גלוסט, אָבער ווייס אַז אויסער דיין פאַרפליכטונג צו דיין קערפּער האָסטו גרע־סערע פאַר'ן גייסט. אייל זיך זיי צו ערפילען."

„זוך ניט זאַט צו ווערען, דו זאָלסט ניט אימער הונגער ליידען."

„זוך ניט דאַ אַ פּאַטער צו ווערען, ווען מען פאַרלאַנגט דאָס ניט פון דיר. ווען יאָ, דאַן זאָלסטו שפּעטער ניט פאַר־דערען קיין „פּאַטערעכט."

און נאָך אין דעם כאַראַקטער. ווייטער איז געווען חוקת הגן:

„אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין גן איז דיינע, דיינע ברי־דערס, שוועסטערס און אייערע קינדערס. געניס דאַ אַלץ, מיט פאַרגעניגען, נאָר טאָרסט ניט מיטנעמען."

„אַלץ וואָס דאַ געפינט זיך האָבען געמאַכט דיינע על־טערן. אַרבייט דאַ אויך — פאַר דיינע קינדער."

„נעם ניט דאָס, וואָס דיין ברודער האָט שוין פריהער פאַר דיר גענומען."

„געה ניט אַריין אין אַ פאַרמאַכטער טיר", און אַזוי ווייטער.

ביים ענדע איז געווען דער פּלאַן פון גאַרטען, זיין טעאַטער, קאַזינאָ, שפּיעל־פּלעצער, טייך צום באָדען און פיש־כאַפּען, גימ־נאַסטיק, צעלטען, גרינע סוכות און פאָנטאַנען.

דער ערענסטער טאָן, וואָס האָט געפּאַסט פאַר אַ הייל־אַנ־שטאַלט, האָט אויף מיר אַן אומעט אָנגעיאָגט. געוואָלט צוריקפאָה־רען. נאָך מעהר, ווייל איך האָב מיך קאָמיש געפיהלט מיט מיין גוט שווערען פּעקעל, אין וועלכען איך האָב מיטגענומען עסען פאַר צוויי מענשען, אויף אַ גאַנצע וואָך. נאָר די נייגעריגקייט האָט מיך אָפּגעהאַלטען. האָב מיין פּעקעל גענומען און לאַנגזאַם, טרויעריג זיך ווייטער געשלעפּט.

כ'בין צו אַ טייכעל געקומען, וועלכער האָט זיך געדרעהט צווישען אַלעאַנדרעס־קוסטען, אַרום געדיכט בעוואַקסענעם בערגעל. איבער'ן וואַסער האָב איך מענשען געזעהן, דורכ'ן האַלברונדען הילצערנעם בריקעל, בין איך צו זיי צוגעגאַנגען. יונגע מענער און פרויען זיינען דאָס געווען. צוזאַמען פרעהליך געאַרבייט אַרום בלו־

מען־שטאַקען, זיי ארומגעגראַבען און בעגאָסען. איינער איז אַן א זייט,ביים וואסער געזעסען מיט אַ לאַנגע אודאצקע. כ׳בין מיט׳ן פּאַק אין האנד שטעהן געבליבען. א יונגע פרוי האָט זיך צו מיר געווענדעט:

— ברודער, וואָס דאַרפסטו דיין פּאַק טראָגען. גיי לייג איהם אירגענד וואו אוועק. ווילסטו? קום דערנאָך צו אונז, העלף אונז די מירטען ארומגראָבען.

— וואו קען איך מיין פּאַק איבערלאָזען, גברת... שוועסטער? מיינע עסען, עס קען דאָך פארפאַלען ווערען?

אַלע האָבען מיך פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. אַן עלטערער האָט זיך אָנגערופען מיר צו ווייזען.

מיר זיינען נעבען טעאַטער, אין אַ ברייטער אַלעע אריין. פון ביידע זייטען, אונטער הויכע בוימער, צווישען בלומען, זיינען געצעלטען געשטאַנען מיט גרויסע ציפערען בעצייכענט. ער האָט מיך צוגעפיהרט צו איינעם, ביי וועלכען עס איז דער פאָרהאַנג אויפגעהויבען געווען.

— דער געצעלט איז פריי. ער וועט דיינער זיין אויף דער צייט וואָס דו בלייבסט דאָ. דו מוזסט נאָר, ברודער, דעם פאָרהאַנג אראָפּלאָזען, ווען ער וועט אָפען בלייבען, מעג אַן אנדערער איהם פארנעמען.

אין געצעלט איז אַ געפלאָכטען טישעל געשטאַנען, אַ גאמאַק געהאַנגען, אַן אַ זייט אַ דיקער טעפּיך מיט קישעלעך, אַ קאָרב מיט איינינע פרוכט, אַ קרוג געלעגען און באַלען מיט באַלען פאַר טענים.

— וואָס דאָ געפינט זיך געהערט צו דיר; מען דאַרף נאָר קיין זאַך ניט מיטנעמען. דו קענסט אויך, ברודער, דיינע איבערלאָזען, ווען דו וועסט אהיים געהן. שלום, ברודער! קומסט נאָכהער צו אונז? איצטער איז מיטאָגצייט. געה צום טייך זיך באָדען און קום צו אונז צוזאמען עסען, — האָט ער פריינדליך געזאָגט און מיין האנד געדריקט.

כ׳בין אַליין געבליבען. גענומען אין אָרדנונג ברייגען מיין אונגעוועהנליכע וואָהנונג. איהר געפונען גאַנץ בעקוועם און אָריגינעל: די אינערליכע זייט פון געצעלט איז געווען אָפּליקירט מיט פארשיידענע שטאָפען אין בלומען און סילועטען פון מענשען און היות; דאָס האָט איהר אַ פרעהליכע שטימונג צוגעגעבען. קליינע [illegible]נסטערלעך האָבען הויך פון אַלע זייטען גלייך אין בלויען הימעל

געקוקט, פול געמאכט דעם צעלט מיט א קינסטלערישען איבערליכט. געגומען אפטרייסלען מיין בעט, דעם ווייכען טעפּיך מיט די קי־שעלער אין ארדנונג צו ברייגנען. אונטער א קישעלע האב איך א ראזען ביכעלע געפונען, ווי מיינע, וואס דער דאקטאר האט מיר געגעבען. דאס האט א פרוי געהאט. דארט האט זיך אנגעהויבען מיט'ן ווארט „שוועסטער"... וועלכע פרוי איז דא פריהער גע־לעגען? ... דאכט זיך, כ'הער א ריח פון פארפום.

דעם ביכעל דורכגעבלעטערט. דאס זעלבע ווי אין מיינעם. גלייכע פערפליכטע, גלייכע רעכטע. נאר דאס: „שוועסטער, זוך ניט דא א מוטער צו ווערען. ווען דו וועסט אזוי טאהן (דא איז א רעצעפּט געווען), וועסטו דיינע פארגעניגען געניסען, אהנע א אומווינשענדען רעזולטאט. האט דיר דער שיקזאל ניט געקענט שיקען קיין אנדער מעגליכקייט א מוטער צו ווערען, דאן ליעב וועמען עס ליעבט זיך, נאר געדיינק: עס איז ניט פאראן קיין שעהנהייט אהן א געזונטען קערפּער, און שעהנהייט פון קערפער און שעהנקייט פון גייסט מוז צוזאמען זיין, ווי א גוף מיט א נשמה."

„שוועסטער, פארגעס ניט אז דו וועסט מוזען פאר דיין קינד אויך א טאטע זיין. דער מאן איז שוין ניט מעהר דער "נאטיר־ליכער פיינד פון פרוי", אבער איהר מיטהעלפער צו זיין, מוז ער איהר יאך פון מוטערשאפט מיטטראגען... שיינק ניט דיין קינד דעם פאטער, וואס האט ניט געזוכט א פאטער פאר דיין קינד צו זיין."

א פאטאגראפיע איז פון ביכעל ארויסגעפאלען. א שעהנע, יונגע פרוי, מיט אן אינטערעסאנטען, אינטעליגענטען פנים. ווער האט איהר דא געבראכט? איהר מוטער־אינסטינקט? אדער דער נאטירליכער, מענשליכער בעדערפניש? מיין קאפ האט די ביידע ניט געקענט אפטיילען, אבער דאס הארץ האט געפיהלט אנדערש.

צום טייך געגאנגען. פיעלע האבען זיך פון דערווייטען גע־באדען, געשוואומען און מיט וואסער געשפריצט, ווי קליינע קינ־דער. דאס וואסער איז טיעף, אבער קלאר, מען האט דאס העלע זאמד דורכגעזעהן און די טונקעל־גרינע רוקענס מיט גאלדענע פינ־טעלעך פון די שווימענדע פישעלעך. פון צייט צו צייט האט א בליץ געטאן א זילבערן בייכעל פון א דערשראקען פישעל. דאס וואסער האט צו זיך געצויגען מיט זיין קאלטער פרישקייט. האב מיך

צווישען די אלעאנדרעס אויסגעטאן און פארשטעלענדיג אין וואַ־סער אריינגעשפרונגען. איינער האט מיר בעמערקט:

— ברודער, דו שעמסט זיך מיט דיין קערפער, ווי ער וואלט א גע׳גנב׳עטער געווען. אונטער אונזערע קליידער האבען מיר דאך אלע א נאקעטען גוף! שעם זיך נים מיט גאטס נאטור.

גלייך איז צו אונז א פרוי צוגעשוואומען מיט א ווייס הייבעל אויפ׳ן קאפ.

— קינדער, קומט, ווער וועט גיכער שווימען? — מיר זיינען איהר נאכגעשוואומען, נים געקענט דעריאגען.

— קום שוועסטערל, צוריק! — האט דער מאן איהר גערופען.

— מיר זיינען מיט הוילע קעפ, די זון ברענט. — איז צום ברעג געשוואומען, אין דעם שאטען פון אלעאנדרעס זיך געזעצט. כ׳בין צו איהם צוגעשוואומען. די פרוי איז אויך פרעהליך צו געשוואו־מען.

— נו, גענוג, כ׳האב שרעקליך הונגער. איך קען דיך אויפ־עסען, — האט זי לאכענדיג צום מאן געזאגט. — קומט, ברידער, צו מיר, כ׳האב גוטע זאכען. מיר וועלען צוזאמען א סעודה מאכען.

— און איז לייכט, גראציעז אויפ׳ן ברעג ארויפגעלאפען. איהר ווייס־ראזליכער נאסער קערפער האט אויף דער זון געבליסטשעט, ווי א וואונדערשעהנע סטאטוע האט זי אויפ׳ן גרינעם פאהן אויס־געזעהן. זי האט אויף זיך די ברייטע אבאיע אנגעטאן, א ציטער, ווי פון קעלט, געגעבען, אונז גערופען:

— נו, קינדער, וואו זייט איהר? קומט!

קוים מיינע קליידער געפונען, א פארשעמטער צו זיי צוגע־גאנגען.

— וואו ביסטו, ברודער אזוי לאנג געווען? מיר האבען שוין אהן דיר אלץ אויפגעגעסען. נא, דאס האב איך פאר דיר איבער־געלאזען. — זי האט מיט איהר נאקעטער האנד א גרוים פוטער־ברויט מיט פרוכט געגעבען.

ביידע זיינען זיי האלב־נאקעט געזעסען, נאר אין די אבאיעס אויף די נאקעטע קערפער. פרישע, פרעהליכע, ווי קליינע קינדער, מיט אפעטיט גרויסע עפעל געגעסען. מיר איז אויך אמאל פרעהליך געווארען. נעבען זיי אויפ׳ן גרינעם גראז זיך געזעצט, גענומען מיט אפעטיט מיין פוטער־ברויט עסען.

— וואס האסטו דא, שוועסטער? — האב איך איהר אויך

פרעהליך געזאגט, ווייזענדיג אויף א פלאַש. — גיב מיר אויך א גלאָז וויין.

— וויין? אין גן־אהבה וויין? דאָ טרינקט מען ניט קיין וויין. ווייסטו ווי אונזער שעהנע שולמית האָט געזאָגט? „ישקני מנשיקות פיהו, כי טובים דודיך מיין" (קוש מיר מיט דיינע קושען פון דיין מויל, דיין ליבע איז בעסער פון וויין), און האָט איהר חבר גלייך אין די ליפּען געקושט.

אז מיין שולמית דערמאָנט... ווי א פאַרזינדיגטער זיך גע־פיהלט. אז אומעט האָט מיין הארץ געדריקט.

— זיי ניט אומעטיג, מיין ברודער. פיעלע שעהנע טעכטער זיינען ביי אונז דאָ. געה זוך זיי צווישען די בלומען. געה זעה וואו זיי טאַנצען ביים לבנה־ליכט, וואו דאָס קלאָרע ירדן־וואַסער צווישען בלומען פליסט. דאָרט וועסטו געפינען וועמען דיינע אויגען זוכען, וועסט פון זיסען וויין טרינקען, אָט אזוי! — האָט זי לאַכענדיג געענדיגט, ווידער מיט איהר חבר זיך צוקושט.

זיי האָבען מיך גערופען פיש־כאַפּען. זיי בעדאַנקט, ניט מיט־געגאַנגען... דעם קוש פון מיין שולמית האָב איך אויף מיינע ליפּען געפיהלט... א זיסע ביינקעניש האָט מיך דורכגענומען. ניט געקענט אויף איין אָרט בלייבען... געגאַנגען זוכען, אליין ניט געוואוסט וואָס און וועמען...

אונטער יעדען גרינעם בוים, אין יעדען שאָטען, אין יעדער גרינער בלומען־סכה האָב איך פאַרלאָך און מעהרערע געזעהן; קיין גאַנץ יונגע האָב איך ניט בעמערקט; ניט יונגער ווי עטליכע און צוואַנציג, אָבער ווייניג עלטער פון פופציג יאָהר. מעהר פרויען ווי מענער. נעבען איין פּאָר האָב איך פיעל טויבען און אנדערע פויגעלער געזעהן. זיי האָבען געוואָרפען שטיקלעך ברויט. די פוי־געלעך זיינען אָהן פּחד נאָהענט ארום זיי געשפּרונגען. איין טייבעלע האָט פון דער פרוים האַנד געפּיקט. פאַרשטאַנען פאַרוואָס איך זעה אין גן־אהבה אזוי פיעל פויגלען... אין איין רוהיגען ווינקעלע, צווישען ווענט פון פלעכטענדע רויזען, איז א מאַן, האַלב־ליגענדיג געזעסען און א העפט געלעזען. מענער און פרויען זיינען ארום איהם אין פאַרשידענע פּאָזען געלעגען, מיט נייגעריגקייט זיך צוגע־הערט. איינע איז נעבען איהם געלעגען, איהר קאָפּ אויף זיינע קניה, פון אונטען גלייך אין מויל איהם אריינגעקוקט. ניט ווייט פון זיי איז איינער אין א ברייטען הוט געזעסען, גיך אין א סקיצען־

בוך געצייכענט... אויף א בערגעל, איבער'ן וואסער, גלייך נעבען שטעגעלע, אויף וועלכען איך בין פארטראכט, לאנגזאם געגאנגען, האב איך פלוצלונג דערזעהן אן עלטערער מאן, שלאפט אנגעשפארט אן א בוים און צו איהם צוגעטוליעט, ווי א קעצעלע, שלאפט זיס נאך א גאנץ יונגע פרוי. אויף'ן געזיכט פון מאן ליגט ערנסטקייט און אינטעליגענץ. זיינע עטוואס צונויפגעצויגענע ברעמען, הויכער אפענער שטערען מיט טיפע קנייטשען, די לאנגע עטוואס געקרייז־טע, שוין גראהליכע, האר מיט דער לאנגער, כמעט גרויער, באָרד גיבען איהם צו דעם אויסזעהן פון א גייסטליכען, א מארטירער, פון די טיפען, וואס אין לעבען זעהט מען זיי זעלטען, נאר אויף די בילדער פון די גרויסע מייסטער... זי האט געגען איהם אויסגע־זעהן ווי א קינד, דאך האט מען געפיהלט אז זי האלט איהם אונ־טער, איז זיין שוץ־מלאך. ווער ווייסט? צי איז זי ניט די, וואס מיט איהר ווייכער קינדערשער האנד גיט איהם כח זיין שווערען וועג צו מאכען?... דאס בוך, וואס איז נעבען זיי אפען געלעגען, איז שירים געוועזען.

בין געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, מורא געהאט זיי ניט אויפצואוועקען. מיינע ליפען האבען זיי א שטילע ברכה געשיקט:

„זייט געבענשט, דו אלטער, וועלכער קען אימער יונג בלייבען, און דו יונגעס קינד, וואס האט אונטער'ן אויסערליכען קאלטען געשטאלט א יונג ווארים הארץ דערפיהלט."

אויף די שפיץ פינגער אוועקגעגאנגען.

איבער'ן וואסער, אויף א בערגעל, צווישען גרינע באנאנען־בוימער, הויכע ציפריסען, שלאנקע פאלמען און פיעל קוסטען בלו־מען איז, ווי א יובעליר־ארבייט, א רונדער טעמפעל געשטאנען. א רייהע פון דונקעל־רויט מארמארנע זיילען מיט פארגאלדעטע קאפיטעלען האבען זיין ברייטע טעראסע ארומגערינגעלט, דורך וועלכע עס האט זיך וואנד־מאהלעריי געזעהן. דער הויכער רונדער קופעל איז פון פארשידענע גלאז, ווי א האלבער, ליכטיגער באל געווען. אויבען, אויף'ן שפיץ האבען זיך צוויי גאלדענע טויבען גע־קושט. פיעל סקולפטורנע טויבען זיינען, ווי לעבעדיגע, אויף'ן ברעג פון אויבערשטער טעראסע געווען. די ברייטע מארמארנע טרעפ האבען ווי יעדען גערופען צו דער אפענער טיר... בין איבער'ן האלב־רונדען בריק צום טעמפעל געגאנגען. הינטער די זיילען ארום פאליי געגאנגען די וואנד־מאלעריי צו זעהן... די

שטעדט פון ארץ ישראל איז דארטן, צווישן פארציערטע פריזן, אויסגעמאלט. אין די פריזן, צווישן בלומען, די פארטרעטן פון אונזערע גדולים. דאס הארץ איז מיט שטאלץ פול געווארן קור־קענדיג, וואס פאר שעהנע שטעדט מיר האבען אויסגעבויט און וועלכען געניטס אונזער פאלק האט. געפיהלט, אז א קינד פון אזא גרויס פאלק טאר ניט זיין מענשליכע עהרע פארגעסען, קען ניט זיינע מיטברידער ערנידריגען...

אין טעמפעל אריין.

ארום די ווענט האבען זיך געצויגען ברייטע, ווייכע זיצונגען, אירגענד־וואו געשטיקטע קישעלער אויף זיי. איבער דעם זיינען די הויכע ווענט מיט פרעסקען בעדעקט. דער פארקעטענער פאל האט געבליסטשעט ווי א שפיגעל. אויבען ארום א פארגאלדעטע גאלעריע איז לאדזשען צוטהיילט. דער זאל איז בעלויכטען, נאר פון אויבען דורך די פיעל־פארביגע וויטרינעס, וואס האבען ווי א זיידענע חופה אויסגעוויזען, האט דעם זאל מיט פאנטאסטישען ליכט אנגעפילט. ארום די ווענט זיינען מיט העלע פארבען שיר־השירים און בילדער געמאלט, און פריזען פון וויינשטאקען, גראַ־נאטען, פייגען און אראנזש־צווייגען זיינען די בילדער געווען. אונ־טער יעדען בילד א טייל טעקסט פון שיר השירים — דער אינהאלט פון בילד.

„יישקני מנשיקות פיד“, האט זיך דער טעקסט פון ערשטען בילד אנגעהויבען, וואו אונטער'ן בלויען ירושלם'הימעל, צווישען וויינשטאקען און פייגענבוימער, איז דער מלך שלמה געשטאנען אנגעטאן אין בליסטשענדיגע, געשטיקטע, זיידענע קליידער. א גע־שטיקטע גאלדענע היטעלע אויף זיין שעהנע קאפ, פון וועלכע שווארצע, געקרויזטע, מיט זילבערנע פעדים האר, האבען זיך פוןביידע זייטען ארונטערגעלאזען. זיין בלאסע־ליכטיגע געזיכט איז מאיעסטעטיש שעהן, זיינע גרויסע, שווארצע אויגען קוקען מיט א ליכטיגען פייער אויף די קליינע, פון זון־אבגעברענטע, היר־טען, וואס ציהען זיך צו איהם מיט אויסגעשטרעקטע, געטאקטע הענט און ליכטיגען געזיכט, פול טיעפע ליעבע און פארשטיקטע, ברענענדיגע ליידענשאפט... איהר ברוינע געזיכט רויטעלט זיך, איהרע אויגען האלב-צוגעמאכט, איהרע געטאקטע, אונשולדיגע ליפעלאך, זיינען רויט ווי פורפור-וואל, עטוואס אפען. עס בליש־טשען איהרע ציינהדלאך, ווי א רייהע ווייסע שעפעלאך, אקארשט

אבגעבאדען. ציהט זיך צו זיינע ליפּען, וועלכע זיינען זיסער ווי דער זיסער וויין פון עין גדי...

דער „קוש" איז דער הויפּט מאָטיוו פון די גאַנצע רייהע ליכ־טיגע בילדער, וואָס שטעלט פאַר אונזער עלטעסטע ליעבע־ליעד, דער ליעד פון אַלע ליעדער, דער קדש הקדשים, דער טריאומפ־ליעד פון זיעגרייכע ליעבע אויף דעם קליגסטען פון אַלע מענשען... נאַטירליך און ריין זיינען אַלע בילדער פאַרגעשטעלט. פול מיט בליהענדען לעבען, פייערדיגע ליידענשאַפט, ווי די נאַטור אַליין איז קיין זאַך פאַרשטעלט, ריין, ווי שמעקעדיגע בלומען, ווי אַלעס, וואָס גאָט האָט אין זיין שעהנע וועלט מיט קלוגשאַפט באַשאַפען...

ווי אין אַ רויזען, דופטיגען נעבעל, בין איך פון בילד צו בילד געגאַנגען, ניט געקענט מיינע פאַר'כשופ'טע אויגען אַבריי־סען, ווען אַ זון־שטראַהל איז דורך די פאַרביגע וויטרינאַ, אויף אַ בילד געפאַלען... שולמית! שולמית! — האָבען געשעפּ־טשעט מיינע פאַרטריקענטע ליפּען, ווי אַ שכור'ער ארויסגעהענ־דיג פון שיר השירים־טעמפּעל...

פון די ברייטע טרעפּ, דורך די דונקעלע סילועטען פון די בוי־מער, האָב איך דעם רוהיגען ים המלח געזעהען. די לבנה האָט רוהיג ארויסגעשוואומען איבער די וויטע, בלאָהליכע בערג הינטער איהם. די גאַנצע נאַטור האָט זיך שטיל פאַרקלעהרט און פאַר־ביינקט. אַליין, געגען ווילען, קלעהרט זיך. די האַרץ ביינקט... וועגען וואָס? — גאָט ווייסט... וועגען עטוואָס ווייטעס, נישט דייטליכעס, אונמעגליכעס און ליכטיגעס, וואָס אַ מאָהל איז גע־ווען און וואָס עס וועט ניט זיין מעהר...

כ'געה לאַנגזאַם, מורמעל אונטער אַן אומעטיגע ליעדעלע. די פולע לבנה הערט זיך צו און טרויערט צוזאַמען מיט מיר... און די שטערען טרויערען.

אויפ'ן טייך שווימט מיט'ן שטראָם, לאַנגזאַם, אַ שיפעלע. די רויטע פאַפּירענע לאַמטערנע, באַלויכט צוויי צוגעטוליעטע ווייסע פיגורען, ווי אַ פּאָר טייבעלאך... עס הערט זיך פון אונטער די פינסטערע בוימער, דער איידעלער, זיפצענדער קלאַנג פון אַ מאַנדאָלינאַ. אַ ווייכער, ווי סאַמעט, באַריטאָן זינגט מיט מאַנ־דאָלינאַ־קלאַנג אַ ליעד וועגען אַ ליעבע קינד, וואָס האָט איהם דעם הימעל געעפענט... אירגענד, איבער מיין קאָפּ, זינגט דער

נאכטיגאל זיין אייביגען ליעבע ליעד. די הארץ נאגט, געלוסט זיך דער ווארעמען די נשמה מיט די ווארעמקייט און צערטליכקייט פון א נאהענטען מענשען... אויף מיינע ליפען דערפיהלט איהר היי־סען קוש און שטיל, אבער דייטליך, געהערט: „קוש מיר אין די ליפען, איך ליעב דאך דיר"...

אליין ניט באמערקט, ווי איך בין צום טהעאטער געקומען.

פארן ארייננאנג איז אזא פלאקאט געווען: „שיר השירים אשר לשלמה". בעארבייט פאר די ביהנע פון בן תמר, דעקארא־ציעס פון עתניאל, געשפיעלט פון א גרופע געסט". כ'בין שוין אין מיטען פארשטעלונג געקומען. אין טהעאטער אין דונקעל. די איינציגע באלייכטונג — פון ביהנע, וואס איז אויך נאר מיט מאנדשיין באלויכטען... שטיל, קיינעם צו שטערען, דעם ער־שטען פרייען פלאץ געמומען. אויפ'ן ביהנע אן אינערליכע קליי־נעם, ארעמען צימער מיט א געוועלב. פון קליינעם פענסטער האט זיך שטראהלען פון דער לבנה געצויגען, אויפ'ן פאל א פיערעקיגען, לאנגליכען, ליכטיגען פלעק געמאכט אין טונקעלע קוואדראטען צו־טהיילט. אין א ווינקעלע האט א קליינע לוימענע אייל־לעמפעלע געברענט, באלויכטען מיט זיין רויטליכען פייער, א נידעריגען געלעגער, וואו אויף א פארביגען טעפיך איז שולמית, נאקעט, גע־שלאפען... שטיל איז אויפ'ן ביהנע געווען. איך האב מיין בליק רעכטס געווארפען. א דאמע מיט לאנגע, שווארצע, צוקרויזטע האר איז נעבען מיר געזעסען, איהרע נאקעטע ארעמס אנגע־שפארט אויפ'ן אבשפאר פון אנטקעגעדיגען שטול, אין גאנצען איבערגעגעבען מיט די ביהנע. די לאנגע האר האבען שעהן־ווילד איהר געזיכט פארדעקט.

א סילועט האט זיך ביי'ן פענסטער פון ביהנע געוויעזען, מיט א זיסען, ציטערדיגען קול, געזאגט:

— עפען מיר, שוועסטערעל, מיין פריינד, מיין ריינע טייבעלע! מיין קאפ איז נאס פון טהוי, מיינע לאקען, באדעקט מיט טראפען פון דער נאכט.

אויפ'ן געלעגער, האט זיך שולמית עטוואס באוועגט און ווי פון שלאף געענטפערט:

— איך האב שוין מיין העמד אויסגעטהאן, ווי קען איך איהם אנטהאן? מיינע פיס געוואשען, ווי קען איך זיי איינ־ריכטען?

דער שאָטען איז נאָך עטוואָס בײַ׳ם פענסטער געשטאַנען און שטיל פאַרשוואונדען...

די דאַמע געבען מיר, האָט מיט איהר ווייסע האַנד, נער־ווען די האָר פון געזיכט אַבגערוקט, די, ניט געהאָרכזאַמע האָר, זיינען ווייטער אויפ׳ן געזיכט געפאַלען.

פאַר וואָס האָט מיין האַרץ אַ ציטער געטהאָן ?

אַ שטאַרקע מענער־האַנד אין אַ ברייטען בראַסלעט מיט אַ בליטשענעם רינג, האָט זיך דורכ׳ן לאָך פון טהיר דורכגעשטעקט, געזוכט דעם ריגעל צו עפענען... שולמית האָט זיך אויף די הענט עטוואָס פון געלעגער אויפגעהויבען, געקוקט אויפ׳ן טהיר, אויף די האַנד, וואָס האָט אומזיסט דעם ריגעל געזוכט, ביז די האַנד איז פאַרשוואונדען... אַ טיעפער זיפץ האָט זיך פון איהר האַר־צען אַרויסגעריסען. אויפגעשפּרונגען, גענומען זיך אַנטהאָן.

מיין דאַמע, האָט, ווי פון קעלט אַ ציטער געטהאָן, זיך אויסגעגלייכט, גוט איינגעוויקעלט אין איהר ווייסען, מיט זיל־בערנע בלעסקען, שאַל. כ׳האָב איהר פּראָפיל געזעהען...

אַ אונאויפהערליכע אויפגעהאַלטענע פרייד, האָט אַ גאַס געטאָן אין מיין נשמה, איהר פאַרטרונקען ביז׳ן אויבען. אויפגעשפּרונגען פון אָרט, גלייך צוריק געזעצט. מיין נשמה האָט אויפגעלעבט. די האַרץ געשפּרונגען... קוים זיך איינגעהאַלטען, אויפ׳ן האַלז איהר ניט צו פאַלען.

מיין שולמית איז געבען מיר געזעסען !...

מיט איילענדע, באַרוועסע טריט, איינגעוויקעלט אין איהר דעקע, איז שולמית צום טהיר געלאָפען, מיט ציטערדיגע הענט, די טהיר געעפענט, אומרוהיג געקוקט אויף אַלע זייטען. — ליע־בער ! ליעבינקער, וואו ביזט דו ? — האָט זיך איהר פאַרצוויי־פעלטער, זיסער קול געהערט, אַרויסלויפענדיג איהם זוכען.

ניט געקענט מעהר זיך איינהאַלטען. די האַנד פון מיין שולמית געכאַפּט... זי האָט זיך דערשראָקען אַבגעקעהרט, אַ סעקונדע, פאַרשטיינערט געבליעבען, מיר זיך אויפ׳ן האַלז געוואָרפען...

... מיר זיצען ביידע אויף איין שטוהל צוגעטוליעט איינער צום צווייטען. שווייגען. מען קען ניט ריידען, ווען די נשמה טרינקט זיך אין גליק. איך וויים ניט וויפיעל צייט מיר זיינען שטיל געזעסען : עס איז ניט געווען קיין צייט. זי האָט זיך אַבגע־שטעלט...

די סצענע האָט זיך געענדערט: דרויסן. לבנה-נאַכט. שולמית לויפט איינגעוויקעלט, פון איהר קליינע הייזעל. פון ווייטען לייכט די שטאָדט ירושלם. עס זעהט זיך דער טונקעלער, אַלטער מויער. באוואַפענטע וועכטער מיט לאַנגע שפּיזען און ברענענדיגע פאַקעלען, געהען איהר אַנטקעגען...

מיין שולמית איז גיך אויפגעשפּרונגען, גלייך צום טהיר געגאַנגען. איך בין איהר נאָכגעגאַנגען, ווי איך וואָלט מיט אַ שנור צו איהר צוגעבונדען געווען... דרויסען האָט אויך די לבנה געשיינט... מיר האָט זיך געדאַכט, דאָס יענע, פון ביהנע, שולמית געהט דאָס גיך פאַראויס...

קוים איהר דעריאָגט. זי האָט מיין האַנד געכאַפּט.

— פיהר מיר, איך וועל נאָך דיר לויפען — האָט זי ווי יענע שולמית געזאָגט.

אין מיינע אויגען האָט זיך דער נאָמער פון מיין צעלט געוואָרפען. איך האָב איהר צום צעלט צוגעפיהרט.

— ליעבער. דער פאַרהאַנג איז דאָך אַרונטערגעלאָזען. מען דאַרף ניט אַריינגעהען.

— דאָס איז מיין צעלט. פאַר דיר, מיין טייבעלע, דאָס אָנגעגרייט. געקומען פריה. דעם גאַנצען טאָג דיר געזוכט. שרעקליך געבענקט. דיר געזוכט און ניט געפונען. אויף איין מאָהל ביזט דו פון הימעל אַרונטערגעפאַלען — האָב איך, קושענדיג איהרע קליינע הענט, געזאָגט, אין צעלט אַריינגעפיהרט.

אַ קליינער, עלעקטרישער לעמפּעלע, האָט מיט אַ ראָזען שיין אין צעלט געלויכטען. ער איז נאָך געמיטהליכער געוואָרען.

זי האָט אַ גיכען קוק געטהאָן. מיר זיך אויפ'ן האַלז געוואָרפען. גלייך אין די ליפּען אַ קוש געגעבען, גענומען מיט מיר זיך דרעהען. דאָס מיין קאָפּ האָט געשווינדעלט, זיך אויפ'ן טעפּיך געוואָרפען. מיר מיט-געשלעפּט...

... ליגענדיג, ווי אַ קליין קינד, אויף מיינע הענט, האָט זי שטיל געשעפּטשעט:

— נאָך נעכטען דיר געזעהען... ניט געקענט אויסהאַלטען. זיך געבעטען מיט די קינדער אויפ'ן חג האורים מיר צו שיקען. קוים זיך איינגעבעטען. אויפ'ן חג האורים אין טבריה דיר דערזעהען... האָב געזונגען, דערפיהלט דאָס מיין גר... ניין, ניט מעהר גר, מיין ברודער מוז דאָ זיין. אויף איין מאָהל דיר דער-

זעהען. פאַר דיר געזונגען. האָסט דו דען ניט געפיהלט ?... געוואָלט צו דיר לויפען. געמוזט מיט די קינדער בלייבען. די גאַנ־צע נאַכט ניט געקענט שלאָפען... עס האָט שוין געטאָגט, ווען איך בין איינגעשלאָפען. שפּעט אויפגעשטאַנען, געפאָהרען אין „מגדל" דיר זוכען. געהערט — איהר זייט שוין אין ירושלם. בין נאָך דיר אין ירושלם געפאָהרען. קוים די פאַמיליע בן-אוריה גע־פונען. אַ גוטע דאַמע האָט מיר אַהער געשיקט. ווי אַ משוגע'נע בין איך אַהער אויף מיין וועלאָסאפּעד געפלויגען. אַ מיעדע, אָהן כחות בין איך שוין געוועזען... גאָט האָט אויף מיר רחמנות גע־קראָגען : מיר גלייך אין טהעאַטער געשיקט.

עפּעס וואונדערבאַר האָט מיר געקלונגען דאָ „גאָט" און „רחמנות"...

... געקושט גלייך אין די ליפּען. אַ לאַנגען, לאַנגען פעסטען קוש.ביידע פאַרמאַכען די אויגען...

— ליעבינקע, ווי האָסט זיך אָנגעמאַטערט ! אַלץ צוליעב מיר. גיב, איך וועל דיר אַלע גליעדלאַך אויסקושען... דאָס איז מיין האַנד... מיינע פינגערלאַך... אָט דעם קליינינקען האָב איך נאָך ניט געקושט...

לאַכט, רופט מיט די אויגען. אַך, די אויגען ! זיי צערט־לען און וועהטאָגען צוזאַמען... ניטאָ קיין כח, ניטאָ קיין ווער־טער צו דערצעהלען ווי שעהן זיי זיינען. קוקסט, ווערסט דער־טרונקען אין זייער צוציהענדע טיעפקייט, ווערסט פאַרברענט אין זייער פלאַמענדען פייער...

פעסט צוגעטוליעט זיינען מיר עטוואָס איינגעשלאָפען... ניט געשלאָפען, נאָר געשוועבט אין גאָלד-געוועבטע פאַנטאַזיעס פון אַ פאַרליעבטען און געליעבטען...

— ליעבינקער, גיב מיר עטוואָס צו עסען, מיט אַן עפּעל זיך צו דערקוויקען. שוואַך בין איך פון ליעבע צו דיר.

אויפגעשפּרונגען, מיין פּעקעל נעבען איהר געעפענט.

— עס, מיין טייבעלע, זעהסט דו ווי פיעל גוטע זאַכען איך האָב פאַר דיר געבראַכט ?

— אַ, אַזוי פיעל ! ווי לאַנג וועלען מיר דאָ זיין ?

— אַכט טאָג וועלען מיר צוזאַמען זיין, מיין טהייערע. ניין אייביג ! איך געה פון דיר שוין ניט אוועק. וואו דו ביזט — בין איך, מיין טייבעלע.

זי האָט אויף מיר אַן ערענסטען קוק געגעבען, גאָר ניט גע-ענטפערט. דערנאָך, אַ שטאַרקען קוש געגעבען. לאַכענד גע-זאָגט:

— אָך דו, נאַרעשער אינגעלע! און האָט שוין אַ גרויסען באָרד. — מיר שטיפעריש, דעם באָרד אַ ציה געטהאָן — נו, גענוג! שוין זאַט. נעהם צו דיין גרויסען פּאַק, פאַרמאַך די ליכט, שלאָפען, שלאָפען. אָך ווי איך וויל שלאָפען! קום צו מיר, ליעבינקער. עס איז קאַלט און צעלט ביינאַכט...

... ביז איינגעשלאָפען. געשמאַק און שטאַרק געשלאָפען. ווי אַ געזונטער קינד ביי די מאַמעס ברוסט...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

— שוין צייט... ס׳טאָגט שוין — מיט אַ קוש אין די אוי-גען מיר אויפגעוועקט...

— ליעבינקע, ליעבינקע! ווי שעהן ביזט דו! איך קען זיך ניט אָברייסען פון דיינע שעהנע אויגען.

— שוין צייט, שוין צייט.. דער חלום ענדיגט זיך. ס׳ווערט שוין טאָג. קוק אין פענסטערעל, ס׳ציטערט דער הימעל, ווערען פאַרלאָשען די שטערען... קוש... אין די אויגען: אין די לי-פען... וואו דו ווילסט... קוש!... שטילער, שטילער, דו וועסט מיר דערשטיקען... נו, לאָז מיר שוין אָנטהאָן... די זון איז שוין אויפגעגאַנגען.

אַ ליכטיגער שטראַהל פון גאָלד-ראַהמען ליכט, האָט אויף איין מאָהל זיך פרעהליך אַריינגעגאָסען אין אונזער קליינעם פענס-טערעל, באַלויכטען איהר גליקליכע, לאַכענדע געזיכט. — ווי גוט... מען קען ווייטער גלויבען אין גליק... און איהר אין די אויגען אַריינגעקוקט.

דעם גאַנצען פאַרמיטאָג, ווי אין חלום געלעבט. אַ זיסער חלום, וואו אַלעס איז מעגליך, וואו עס גיט ניט קיין צייט. וואו אין אַ מאָמענט לעבט מען דורך אַ גליקליכע אייביגקייט אין אַן אייביגען גליק — קען איין מאָמענט געבען...

אין געדיכטען שאָטען, אויפ׳ן גרינעם גראָז, האָבען מיר נאָכ׳ן באָדען זיך מיט גרויסע אַפּעטיט, מיטאָג געגעסען. אויפ׳ן זעלבען אָרט זיך אויסגעצויגען, מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגען גע-

קוקט אויף מיין שולמית, אויף איהרע שעהנע הענט, ווי זי ליינט אלעם אין קארב אריין.

— שלאף, שלאף מיין אינגעלע — האט זי לאכענד, קור־קענדיג אויף מיר געזאגט.

אן אנגענעהמע שוואכקייט, האט זיך ארייגעגאסען אין מיין קערפער. ניט געוואלט ריידען, זיך ריהרען, ניט דיינקען. מיר איז געווען אזוי גוט, רוהיג, ווי איך וואלט ווייטער אן עופה'לע געווען אין מיין וויגעלע געלעגען. מיין מאמע וואלט זיך אריבער־געבויגען, מיר רוהיג שלאפען, געהייסען...

ווען איך האב זיך אויפגעכאפט, איז שוין די זון ניעדעריג, איבער'ן בארג געשטאנען. מיין שולמית איז נעבען מיר ניט גע־ווען. אויפגעשפרונגען, צו אונזער צעלט געלאפען. קיינער איז דארט ניטא. די הארץ איז אומרוהיג און אומעטיג געווארען... געגאנגען איהר זוכען. ניט געגאנגען, נאר געלאפען... געזוכט און ניט געפונען... וואו איז זי ? פאר וואס האט זי מיר אליין איבערגעלאזען ? צי דען פיהלט זי ניט, דאך איך זוך איהר ? ווי קען זי, אזוי לאנג אהן מיר זיין ?... שולמית, שולמית, וואו ביזט דו ? ...

עס איז שוין פינסטערלאך געווארען, געגאנגען צום טהעאטער. אפשר איז זי דארט, זוכט מיר אויך, איז אין טהעאטער געגאנ־גען מיר צו טרעפען, ווי נעכטען ?

אויפ'ן וועג, לעבען וואסער, א פייער געזעהען און סילועטען פון טאנצענדיגע מענשען... עס האט זיך פון דארטען געזאנג און פרעהליכע געלעכטער געהערט. „ — אפשר איז זי דארטען, טאנצט, ווייסט גאר ניט, דאס איך לייד אהן איהר, זוך איהר ? ... דאס איז אונמעגליך ! זי ליעבט דאך מיר, וועט ניט מיר איבער־לאזען, מיט אנדערע, פארגעניגען צו האבען — דאך בין איך צו די טאנצענדיגע צוגעגאנגען.

ארום א לוסטיגען פייער האבען מענער און פרויען פאר די הענט זיך געהאלטען, געזונגען און לעבעדיג, פרעהליך געטאנצט. פינסטערע, לאנגע סילועטען זיינען זיי געווען אויפ'ן פאן פון פלאקערענדען פייער... נאר פון דער אנדער זייט פייער זיי־נען די טאנצענדע, העל־רויטליך באלויכטען... צווישען זיי האב איך מיין שולמית, האלטענדיג צוויי מענער פאר די הענט, א גליקליכע געזעהען... זי האט פרעהליך געזונגען און געפיהרט

דעם קאַראַהאַד... אירגענד-וואו, דאָרטען, אין די טיעפסטע, באַהאַלטענע ווינקעלאַך פון מיין נשמה, האָט זיך אַ צאַפּעל-געטהאַן דער בייזער שלאַנג פון ברענענדיגע אויפערזוכט... אַ טראָפּען ביטער-גאַל, איז מיין האַרצען אַריינגעגאָסען... מיר איז קאַלט און וואַרעם אויף איין מאָהל געוואָרען. ניט געקענט רוהיג צוזעהן איהרע קינדערשע פרעהליכקייט, ווי זי, שטיעפּעריש, שלעפּט פאַראויס די מענער, וועלכע צוגעהען פּאָר גליק... מיאוס איז זי מיר געוואָרען מיט די אַלע נאַרישע פּנים'ער און זייער גן-אהבה...

פון יענער זייט פייער, האָט זי מיר ניט געקענט זעהען, ווען דער ראָד האָט זיך נעהענטער צוגעדרעהט, מיר גלייך באַמערקט, פרעהליך אויסגעשריהען:

— אַ, ברודערעל, ליעבענקער! שוין אויסגעשלאָפען? קום מיט אונז טאַנצען. — ניט אָבלאָזענדיג די הענט פון די מע-נער, ווייטער אַוועקגעשוואָומען מיט'ן גאַנצען ראָד פון טאַנ-צענדע.

איך בין געשטאַנען אומבאַוועגט, ווי אַ שטיינערנע פיגורע.

ווען דער ראָד האָט זיך אַרומגעדרעהט, זי איז ווייטער נאָ-הענט צו מיר געקומען, האָט זי שוין שטרענגער אויסגעשריהען:

— וואָס שטעהסט דו ווי אַ פאַרשלאָפענער? קום דאָך טאַנ-צען. כ'רוף דאָך דיר?

ניט פון אָרט זיך באַוועגט. געפיהלט אין האַרצען אַ בייז-קייט אויף די גליקליכע, פרעהליכע, וואָס האָט גאָר אָן מיר פאַר-געסען. ביי'ן ענדע, האָט זי איהרע הענט פון די טאַנצענדע אַרויס-געריסען, צו מיר צוגעלאָפען.

— וואָס שטעהסט דו, ברודערעל, אַזוי בייז און טרויע-ריג?

—כ'בין ניט בייז, ניט טרויעריג, — האָב איך מיט פאַר-דרוס געענטפערט. גלאַט פאַרקלעהרט.

זי האָט אויף מיר ברייט געעפענט די אויגען. ערענסט, לאַנג געקוקט און געזאָגט:

— דאָ איז ניט קיין אָרט פון צו קלעהרען: דאָ לעבט מען. קום, מיין בייזער אינגעל, אַהיים.

— מיר געהען ניט אין טהעאַטער?

— ניין, כ'בין מיעד, קום אַהיים שלאָפען.

— ווען איך וואָלט ניט געקומען, וואָלסט דו מיט דיינע פריינד נאָך געטאַנצט. אין טהעאַטער ווען איך וויל געהן — ביזט דו מיעד.

די שוואַכע, שעהעמדיגע, לוסטיגע קינד איז אין איין מאָ-מענט, פאַר מיינע אויגען אויסגעוואַקסען אין אַ שטאָלצע, שטאַר-קע, ענערגישע פרוי. זי האָט זיך אויסגעגלייכט, אַ פייערדיגען קוק אויף מיר געגעבען, מיר באַנגאָסען מיט פאַרהאַסונג און, ערענסט מיט זעלבסטרעספּעקט, געזאָגט:

— גר, ביי אונז רעדט מען ניט אַזוי מיט פרויען ! — איז לאַנגזאַם, אָבער מיט פעסטע טריט, אַוועקגעגאַנגען.

געפיהלט, ווי די האַרץ האָט זיך מיר אָבגעשטעלט. ווי די ערד וואָלט זיך אונטער מיינע פיס אַ טרייסעל געטהאָן. מיר אַ וואַרף צו איהר געגעבען... שאָקלענדיג, בין איך איהר נאָכגע-גאַנגען, אָן אַלעס פאַרטשעפּעט. אַזוי ווי אַ שכור'ער. די קאָפּ האָט וועה געטהאָן פון די געדאַנקען, וואָס האָבען געשטורעמט, מוטשענען זיך געפינען אָן עצה אַרויסצוקריכען פון אומגליק. וואָס איך אַליין האָב אויף זיך געבראַכט... די האַרץ האָט, מורא'-דיג, געקלאַפּט. דאָ האָט זי זיך, אויף איין מאָהל, גאָר אָב-געשטעלט... אַ קאַלטער שוויים איז אויפ'ן שטערען מיר אַרויס, גע-פיהלט, דאָס באַלד וועל איך פאַלען.

נעבען לאַמטערען האָט זי זיך אָבגעשטעלט. לאַנג אויף מיר געקוקט. ניט צו פאַלען, האָב איך מיינע הענט צו איהר אויס-געשטרעקט.

זי האָט מיט'ן גאַנצען קערפּער, אַ ציטער געטהאָן. צו מיר זיך געוואָרפען, ווי אַ קראַנקען, מיר אונטערען אָרעם, גענומען. ווייך געזאָגט:

— אַך, דו אָרימער קינד ! ביזט ניט שולדיג: ביי אייך זיינען מסתמא אַלע אַזוי. קום, ביזט בלאַס, ציטערסט, וועסט זיך פאַרקיהלען. קום איך וועל דיר אָנוואַרעמען — און האָט מיר אַ קוש אין שטערען געגעבען.

מיר האָט גענומען שטיקען אין האַלז. הייסע טרעהרען האָט זיך מיר פון די אויגען אַ גאָס געטהאָן. בין איהר אויפ'ן האַלז געפאַלען. געקושט און געהאַלזט. אין טרעהרען אויסגעוויינט... זי האָט מיר געקושט, געלאַכט און געוויינט מיט מיר צוזאַמען. קוים מיר באַרוהיגט, אונטערען אָרעם מיר פעסט געהאַלטען, כמעט מיר געטראָגען, גיך אין אונזער צעלט געבראַכט...

ווי מיט א קליין קינד, איז זי ארום מיר געגאנגען. מיר עסען געגעבען, בארוהיגט, גענלעט און געקושט. געהאלפען מיר אויסטהאן. צו זיך צוגעטוליעט, אבער דאס איז שוין ניט ווי נעכטען. ווען מיר האבען די גאנצע וועלט פארגעסען אין איין גוף צונויפגעגאסען... ווי מיט א קראנקען קינד, איז זי מיט מיר געוועז...

זי שלאפט, אטהעמט רוהיג. מיר נעהמט קיין שלאף... די לבנה באלויכט איהר דורכ'ן פענסטערעל. איהר שווארצע, געקרויז-טע האר, פאלען אויפ'ן שעהנעם פנים. לאנגזאם, איהר ניט אויפ־צוועקען, נעהם איך איהרע האר פון געזיכט אראב, מיט אן או-מעט קוק איך אויף איהר... א שעהנע, געליעבטע און דאך א פרעמדע... ווי איך וואלט די ריכטיגע פארלארען און די — איז ניט די, אן אנדערע...

עס קלאפט אין אומעט און שרעק, די הארץ... ווער ביזט דו ? אזא נאהענטע און ווייטע ? ... דו ביזט געקומען אין פינסטערע נאכט, מיר באגאסען מיט א פרעהליכען ליכט, פאר־ברענט מיין הארץ מיט א גהינום-פייער און אוועק... יא, כ'האב געפיהלט, דאס זי איז שוין ניט מעהר מיינע... זעה נאר ביי איהר רחמנות אויף מיר... איהרע אויגען גיסען אב מיין הארץ, מיט א הייסען, פרעהליכען האפענונג, אבער שרעקען... ביי מיר האט זי אויפגעוועקט דעם בייזען שלאנג פון אייפערזוכט... דאס איז ניט קיין ליעבע... דאס קען אונז קיין גליק ברייגגען.

לאנג בין איך אזוי געלעגען, ניט געקענט איינשלאפען. מיר האט געווארפען אין היץ און קעלט. די קאפ האט געטומעלט, גע-מאטערט רוהיג צו ליגען, איהר ניט אויפצואוועקען... אין פענס-טעריל האט זיך שוין א בלאסער שיין געוויזען, איך האב נאך אלץ ניט געקענט איינשלאפען... זי האט, ווי דערפיהלט, מיט פאר־מאכטע אויגען, האט זי איהר ווייסע האנד אויסגעשטרעקט, מיין האלז ארומגענומען, מיין קאפ אויף איהרווארעמע ברוסט געלייגט. מיט איהרע ליפען, מיין קאפ געקושט : „שלאף" — שטיל גע-זאגט...

איך בין איינגעשלאפען, ווי א פאר'שכור'טער...

איך עפען אויף די אויגען. א העלער ליכט פון פרעהליכען מארגען... קען מיר ניט דערמאהנען, דאס איז נאך דער זעל-בער טאג, אדער אן אנדערער... מיר ארום געקוקט. ליג גאנץ

אליין... שולמית איז נישטאָ מיט מיר... אויף איהר צוקנייטש־טע קישעלע — אַ צעטעלע... מיט ציטערדיגע הענט איהם גע־כאַפּט. דאָס איבערגעלעזען:

„מיין ליעבער, גוטער גר!

זוך מיר ניט. איך בין פון דיר אַוועק. געמוזט אַוועקגעהן. צופיעל ביזט דו אַ „פרעמדער". צו מיין באַדויערען, וועסט דו אַזוי גיך קיין „אונזערער" ווערען. עס איז געוועזן אַ טעות... פרעמד איז דיר אונזערע זיטען, פרעמד אונזער נשמה... קענסט אונז ניט ריכטיג פאַרשטעהען. געוואָלט דיר שענקען עטליכע טעג פון מיין לעבען. דו — דיינע... דו האָסט דאָס ניט געקענט נעהמען... האָסט געדאַרפט פאַרגעסען די פאַרגאַנגענהייט, ניט קלעהרען וועגען צוקונפט. ליעבע האָט דאָך נאָר איין צייט — געגענוואָרט... אַ שקלאַפין האָסט דו אין מיר געזוכט, ניט האָבען קיין ווילען, קיין וואונש, נאָר וועגען דיר דיינקען... אפשר גיט נאָך אין אייער לאַנד אַזעלכע, ביי אונז — ניט. איך ליעב דיר, אָבער קען ניט מיין נשמה פאַרשקלאַפען. נאָר אַ פרייע נשמה קען אמת ליעבען. זוך מיר ניט, דאָס וועט ניט העלפען. זוך אליין אַן „אונזערער" צו ווערען: אַן אמת'ער פרייער, וואָס וויל ניט נעהמען די פרייהייט פון צווייטען. דאַן וועסט דו ביי אונז קענען גליקליך לעבען.

דיין געוועזענע שולמית".

---

— נ. ב.

„מיין ליעבער, אָרעמער קינד! וויין ניט. אַזוי איז בעסער. וואָס וואָלט דיר אונזער לעבען געקענט געבען? אַ גיהנום פאַר אונז ביידען. קוש דיר, ווער אַן אונזערער.

דיין שוואַרצע שולמית."

איך האָב דעם בריעף געלייענט. אַלס ניט געקענט גוט פאַר־שטעהען. ווען איך האָב ביי'ן ענדע שוין פאַרשטאַנען, גלייך גע־וואָלט נאָך איהר לויפען, איהר אומקעהרען, צו איהרע פיס פאַ־לען. צו־זאָגען איהר אַז אייביגער קנעכט זיין... אויפ'ן געלע־גער, אָהן כחות צוריק געפאַלען. זי דאַרף קיין קנעכט... אַז

אמת׳ער פרייער וויל ניט נעהמען די פרייהייט פון צווייטען״. אזוי פארשטעהט זי ליעבע... ניט א י צ ט ע ר איז זי פון מיר אנטלאפען — איך האב צו איהר ק י י ן מ א ה ל ער־גרייכט ! ... מיט׳ן קאפ פארשטעה איך איהר, אבער מיין הארץ, מיין נשמה וויסען ניט פון אזעלכע פרייהייט : זיי זוכען מען זאל זיי אין גאנצען זיך אבגעבען און גיבען זיך אויך אין גאנצען אוועק... ..ווי דער טויט, איז די ליעבע שטארק : ווי דער גיהינום — אייפערזיכט״. איך קען זיך ניט פון גיהינום באפרייען, מיר שטיקט דער גיהינום...

גענומען דעם צעלט אין ארדענונג ברייננגען, איהם צו פאר־לאזען. יעדער איינציגער זאך, האט מיר מיין שולמית דער־מאהנט... דא האט זי מיר עסען געגעבען... דעם עפעל האט זי אבגעביסען, מיר געגעבען צו ענדיגען. פאר וואס האב איך ניט געענדיגט ? זי האט דאך מיר געבעטען ? ... גענומען אין מויל, דעם זיסען טעם פון איהרע ליפען דערפיהלט...

ווען איז דאס אלעס געווען ? נעכטען ? יא נעכטען. דאכט זיך שוין לאנג, לאנג. ווען עס איז נאך ניט געווען קיין אומעט, נאר פריידען און גליק... „זוך צו ווערען אן „אונזערער״, דאן וועסט דו ביי אונז קענען גליקליך לעבען״. ווי ווערט מען דאס ?... קום ערקלעהר מיר ! ... טרעהרען האבען מיר געשטיקט. איך בין אויף איהר קישען געפאלען, ביטער געוויינט...

מיין לעהרער איז צו מיר געקומען. זייןווארעמע האנד אויף מיין קאפ געלייגט און טרויעריג געזאגט...

— מענשענ-קינד ! דו האסט געזוכט צי פארגעסען דעם גע־גענוואַרט, לעבען אין צוקונפטיגע, ליכטיגע וועלטען, האסט דו געוואלט, אבער דיין קערפער איז אומריין, צווישען אומריינע מענשען זיצט דו און דיין נשמה איז נאך אויך ניט מסוגל דער־צו.. דו ווינסט ? באשולדיגסט אן אנדערען ? גלויבסט: מען האט אן אומרעכט געגען דיר געטהאן ? ... וויסט דו אבער וואס רעכט איז ? ווייסט דו, אונטערשיידען בין טוב ורע ? אין טויזענד-יאהריגען שמוץ האסט דו געלעבט. צווישען מענשען, וואס דער גראבער עגאאיזם האט זייערע געזעצען דיקטירט, עטיקא גע־לעהרענט און זיי עסטעטיק געגעבען... זיי זיינען אוננאַרמאַלע מענשען, ווייט פון גאָט׳ס נאטור און ווילען צו זיך די נאטור צופאסען, איבערמאַכען... מענשען, וואס ווילען איבערמענשען

זיין און לעבען ערגער ווי א בהמה טמאה. ביזט אויף זיי עהנליך. הונדערט פריעדליכע יאהרען מוז אוועקגעהן, הונדערט יאהר מוז נאך די מענשהייט ארבייטען, ביז זיי וועלען דעם טויזענדיאהריגען שמוץ פון זיך אבוואשען. אויסוואַרצלען פון זיך דעם וועלען „הער-שען" א מענשען אויף א מענשען. פון „זאמלען", ווי די מייז אונגוצליכע רייכטהום, פון צבוע'יאקער „ריינקייט", פון פוקשיסע „פרומקייט", פון ווילדע „אבערגלויבען", פון ווארווארישע „מאָ-דע", פון ברוטאלע „גבורה", פון ווייבערשע „רחמנות" און צו-שיטערטע „נערוועז". דאן, נאר דאן, וועלען זיי קענען אויס-בויען אזא וועלט, וואס דו האסט געזעהען, און קענען גליק-ליך אין איהם לעבען...

איצטער שטעה אויף און געה! געה צוריק פון וואַנענט דו האסט געוואלט אנטלויפען... שווער איז דאָרט דיין לעבען, אבער דו מוזט דאָרט לעבען! דארויף ביזט דו באשאפען געוואָרען... זאָלען דיר די ליכטיגע בילדער אימער פאָראויס ציהען, זאָלען זיי דיר כח געבען צו ארבייטען, דאס אלע זאלען פאָראויס געהען. זאלסט דיין אמונה אויף ליכטיגע צייטען, ניט פארליערען. ווייס, דאס די צייט וועט קומען, אפילו ווען זי פארזאמט זיך! ... גליקליך די, וואס וואַרטען דארויף...

מיט זיין ווארעמער האנד האט ער מיינע אויגען באריהרט. אלעס איז ווי א שאטען פארשוואונדען.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

— וואו ביזט דו געווען? אויף א גאנצע שעה פארפאלען געוואָרען. לאָזט איבער מענשען און געהט ארוים?!

— א שעה? — האב איך פארוואונדערט, געפרעגט.

— נו, ווען נאר א האלבע שעה — איז גוט?

געשוויגען... ניט געקענט אבוואונדערען. א האלבע שעה...

אה, ווי ווייניג צייט דאַרף אמאל האבען א מענש, פיעל איבערצולעבען! ...



## יד.

... שוין זיעבען טעג ווי איך בין איינגעשפּאַרט...

די זיעבען טעג, דאַכט זיך, דאָס עס איז זיעבען יאָהר — און זיעבען שעה: ווען איך דערמאַהן זיך אַז דעם לעבען פון פריי-הייט. דאַכט זיך, דאָס עס איז שוין שרעקליך לאַנג, לאַנג צו-ריק געוועזן און ווען איך דיינק וועגען לעבען אין טורמע — מערק איך גאָר ניט, ווי די צייט איז אַוועקגעלאָפען. אַזוי איז איין טאָג עהנליך אויפ'ן צווייטען. מען פאַרליערט דעם פאַרשטעלונג וועגען צייט. מען פאַרגעסט אפילו, וואָס פאַר אַ טאָג מיר האָבען, וואָס פאַר אַ שטונדע עס איז.

לאַנג, לאַנג ציהט זיך די נאַכט! עס דאַכט זיך אַלץ, דאָס ערגעץ-וואו קרעכצעט מען. דאָס יעמאַנד וויינט שטיל... ס'שלאָפט זיך ניט. די געדאַנקען געהען אַרום אין דער פריי. זיי פליהען אַרום נעבען מיינע ליעבע, נעבען מיינע אַרבייט... קוים אַ דרע-מעל געטהאַן אויפ'ן האַרטען געלעגער, ווייטער זיך אויפגעכאַפּט... העד זיך צו צום אומרוהיגען שלאָף פון מיינע חברים וואָס ליגען האַרט נעבען מיר אַזוי. דאָס אונזער איינגער צימערעל איז איין בעט געוואָרען. ס'הערט זיך אַז אמת'ער, אידישער זיפץ...

די לבנה שיינט אַריין דורכ'ן אָפענעם פענסטעלערעל מיט די אייזערנע גראַטעס, וואָס זיינען איצטער שוואַרצער און בייזער. איהר בלאַהליכער שטראַהל פאַלט גלייך אויפ'ן לעהנ-שטול, וואו, אין ניט נאַטירליכען פּאָזע, שלאָפט אַנגעטהאַן אין אַ סאַמעטען מאַנטעל, אַן אַלטער רב. ער ליעגט ווי אַ געשטאָרבענער די קאָפּ אַבגעבויגען אויף הינטען. אַ האַנד, הייגט, ווי ביי אַ גע'הרג'ע-טען. אַראָבגעוואָרפען ביז דער ערד. זיין שעהנע, בלאַסע גע-זיכט, זעהט נאָך בלאַסער אויס. די אויגען, טיעף איינגעגראָבען אונטערען בולט'עם, הויכען שטערען. די באַקען, איינגעפאַלען. די מויל, עטוואָס אָפען. זיין שפּיציגער באָרד, שטאַרץ אַרויס. פון אונטען, זעהט זיך זיין אָפענע, איידעלע האַלז. עראינערט מיר, שרעקליך, אַנטאַקאַלסקעס „דער לעצטער זיפץ“... אַ

שוידער האט מיר געגעבן: לעבט ער? ... אויפגעשפרונ-
גען פון מיין געלעגער, נעהענטער זיך צוגעקוקט. זיינע בלאסע
ליפען האבן זיך לייכט באוועגט. שטיל, כמעט אהן א קול,
האט ער עטוואס טרויעריג געזאגט און א זיפץ, ווי פון א קראנקען
קינד, האט זיך פון זיינע טרוקענע, ליפען ארויסגעריסען...

איך קען ניט איינשלאפען, איך קען ניט אבהייסען מיינע אוי-
גען פון באלויכטענעם, אויסגעמאטערטען געזיכט. גאט, פאר
וואס האסט דו דעם ארעמען צו אונז אריינגעווארפען? פאר דעם,
וואס ער האט דריי מאהל טעגליך צו דיר געוויינט, געבעטען רחמים,
דו זאלסט די חרוב'ע ירושלם אויפבויען, און דו האסט זיך ניט דער-
בארעמט? פאר וואס? פאר וואס? ...

דער שטראהל, האט זיך, ניט באמערקענד, איבערגערוקט,
באלויכטען א צווייטען, „ארעסטאנט". דער איז געלעגען אויף
מיינע פיס, א האלבער קערפער, האט זיך, מיט נסים, אויף
א צווייטען שטוהל געהאלטען און גאנץ רוהיג געשלאפען. דער
שטראהל האט זיינע האר, מיט'ן הויכען שטערען באלויכטען. ער
איז אויף ניטשע'ן עהנליך געווארען. ער זיפצעט ניט, האט
פריהער אויך ניט געוויינט, רוהיג געהאלפען ירושלם'ער חורבות
אויפצובויען און ווי אן אמת'ער פילאזאף, זיצט ער רוהיג מיט
אונז צוזאמען. איהם קען מען ניט איינשפארען. זיין ליכטיגע
קאפ דיינקט פריי אומעטום. אויך ביי אונז זיצט ער מיט'ן „קרי-
טיק דער ריינער פערנונפט", אין האנד. זעהט גאר ניט אונזער
גיהינום ארום זיך...

די לבנה שיינט גלייך מיר אין די אויגען. קוק אויף איהר
און פיהל, דאס איצטער אירגענד-וואו, קוקט אויך אויף איהר
יעמאנד פון אונזערע פרייע חברים. עס הערט זיך שווערע גע-
רוישען פון גאס. עס ציטערט די ערד... אונזער טורמע און מיין
געלעגער ציטערען: דאס לויפע לאסט-אויטאס. איך צעהל:
איינס, צוויי, דריי, ביז זעקס און צוואנציג, אבגעצעהלט. וואו
לויפען דאס די דייטשען? ... א פארשטיקטער דונער הערט זיך
פון ווייטען, נאך איהם שטארקערע קאנאנען שיעסעריי איינער
נאכ'ן צווייטען... די הארץ קלאפט שטארק. עס פארכאפט דעם
אטהעם. ווער ווייסט? אפשר... אפשר... איך קען רוהיג
ניט איינליגען. אויף איין מאהל שטיל געווארען. שרעקליך שטיל,
שטילער ווי פריהער. שטיל, ווי דער טויט אליין...

אַך, ווי לאַנג עס ציהט זיך די נאַכט ביי אונז אין טורמע !

ווייטער אַ דרעמעל געטהאָן, ווייטער זיך אויפגעכאַפּט, ווי יעמאַנד וואָלט ביי'ן נאָמען גערופען... הער זיך צו, שטיל, שרעקליך שטיל... מען מוז שלאָפען. ביי טאָג איז אונמעגליך איינצושלאָפען. דאַרף ניט קראַנק ווערען. איך מוז לעבען. מען מוז איבערלעבען... גענומען צעהלען ביז טויזענד. געצעהלט לאַנגזאַם. ביי יעדער הונדערט אַ פינגער פאַרבויגט. עס זאָל חס ושלום קיין טעות ניט זיין, איבערגעצעהלט ביז טויזענד, קיין שלאָף איז ניט געקומען. דאַכט זיך נאָך מעהר אויסגעטשוכעט ווי פריהער. — ניין, נאָך אַ מאָהל און ביז צעהן טויזענד... ווייס ניט ווי פיעל איך האָב באַוויזען אָבצוצעהלען...

אויפכאַפּענדיג, האָב איך אויך קיין פאַל ניט געקענט דער-מאָהנען, וואו איך בין און וואָס מיט מיר איז נעכטען געווען... דער ווייגענדיגער דאַווגען־קול פון אונזערע רבנים. די נודנע, אונ-ענדליכע וכוחים פון אונזערע פילאָזאָפען און גוטמוטהיגע, נערוונע לאַכען פון „אונזערע", האָבען מיר צו זיך געבראַכט : דער-קענט, וואו איך געפין זיך. אַ בליץ געטהאָן אין געדעכענים, דער-מאָהנט אַלץ, וואָס איך האָב די לעצטע צייט איבערגעלעבט...

אַ צייט ! דאַכט זיך, דאָס אין גאַנצען לעבען ניט געזעהען אַזוי פיעל אומגליק, פאַרצווייפלונג און האָפענונג, ווי אין די לעצטע, פינסטערע צייט, פאַר'ן איבערגעהן ירושלם צו די ענג-לענדער... אַלע יסורים פון חבלי־משיח : זיך ענדיגען די לעצטע פרוטה, מעהרען זיך מוסרים, ווייניג ווערען תלמידים, מעהרען זיך חוצפה, אַלע הייליגע — ערנידעריגט געוואָרען, מיאש זיין פון די גאולה און פני הדור כפני הכלב, איז אויך די אומגליקליכע ירושלם'ער אידען געקומען. איבערהויפּט האָט זיך פאַרמעהר די מסירות, נאַכדעם, ווי מען האָט געכאַפּט צוויי אויסוואָרפען, וואָס זיינען אין אמת'ען בוגדים געווען... קיינער איז ניט זיכער געוואָרען ביז זיין מאָרגען. די מוסרים האָבען אין ירושלם גע-וועלטיגט צוזאַמען בשותפות מיט אונזערע ליעבע פּאָליציי, פאַר-פאָלגט ווע מען זיי האָבען געוואָלט : ווער עס האָט ניט געהאָט געגונג באַקשיש צו געבען. דער נייער געזעץ פון „בעדעל" (אויס-קויפען פון מיליטער), האָט די לאַגע נאָך שלעכטער געמאַכט. באַ-צאָהלען — האָט מען דאַרויף באַדאַרפט אַ פאַרמעגען. געהן אין „עמליה" — געהן שטאַרבען פון הונגער אָדער אַנשטעקענדע קראַנק-

היימען. געבליבען נאר צו געהען ארבייטען ביי האלץ פאר'ן באהן, אדער ביי וועגען. וואס מען האט איבעראל געמאכט, נאר צו די ביידע ארבייט האט מען גענומען נאר „פעראַרען" (דעזענטערען). דאריבער איז יעדער ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן געוועזען די ערשטע זאך א „פעראר" צו ווערען, כדי ער זאל קענען געהן ארבייטען, אדער קריגען א „וויסיקא". דאס אז אנדערער ארבייט פאר איהם. אזוי ווי די ארבייט איז ניט רעגעלמעסיג געוועזען, דאריבער האט יעדער געלעבט אין געפאהר, מען זאל איהם ניט כאפען אין די צייט, ווען איין ארבייט האט זיך געענדיגט און די צווייטע נאך ניט אנגעהויבען. נאר דער הייליגער „באקשיש" האט איהם געקענט רעטען. ניט אריינצופאלען אין די הענט פון די סאלדאטען „בלעכערס" (איבער זייער בלעכענע האלבע לבנה, וואס זיי האבען אויפ'ן האלז געטראגען), וועלכע זיינען ארומגעגאנגען כאפען פעראַרען. די רעגיערונג האט פון דעם געוואוסט, געקוקט אויף דעם, ווי אויף א צרה, וואס מוז אזוי זיין. זיך געוויצעלט, דאס די טערקישע ארמיי באשטעהט פון צוויי טהייל: איינע „פעראַרען" ("פרייוויליגע", ווי די דייטשען האבען זיי גערופען), די צווייטע — „אסקערע" („הונגער קינסטלער"), וועלכע זוכט צו כאפען די פעראַרען. (ריכטיגער, ערנעהרט זיך פון כאפען ביי זיי באקשיש). דאריבער האט מען, כמעט, גאר ניט באשטראפט די געכאפטע, נאר א מאהל פלעגט פלוצלונג אנפאלען אויף זיי א חשק, אז ארדנונג צו מאכען, פלעגט מען מאכען דאס עכט טערקיש: כאפען אויף רעכטס, אויף לינקס. מיט וויסיקעס, אדער אהן דעם, אלץ אגאל, פארשפארען אין די שמוציגע, פארפעסטעטע לעכער אהן עסען. נאך זייער דין, דארף אז ארעסטאנט ביז'ן משפט, אויסער קלעפ, קיין זאך באקומען. ווען ער האט ניט קיין געלט, אדער גאט האט איהם ניט געהאלפען צו קענען אין טורמע גנב'ענען, שטארבט ער פון הונגער. ווען עס האט דער „פעראר" ניט געלונגען (מיט באקשיש) צו אנטלויפען, דאן געהט ער שוין זעלטען א לעבעדיגער פון דארט ארויס. אייניגע, וואס זיינען אין ניט א מזל'דיגע שעה אריינגעפאלען, האט מען אויך אויפגעהאנגען נעבען יפו'ער טהויער. נאר אויף עטליכע שעה, די גוטע פאליציי זאלען זיך קענען צו אנדיינקען מיט די געהאנגענע צוזאמען זיך פאטאגראפירען...

דעם אמת מוז מען זאגען: די ביסעל, וואס איז געלונגען

צו רעטען אין ארץ־ישראל, דארף מען באדאנקען די צווייטע העלפט, די בעסערע פון דער ארמיי, דאס הייסט : די „פעראַרען". ווען ניט זיי, וואלט ניט געווען אפילו די שרעקליכע שווארצע ברויט און פארלאטעטע שטיוועל, ניט נאר ביי די איינוואוהנער (באשי-בוזוקען) אויך ניט פאר די ערשטע העלפט ארמיי און די העלדישע דייטשען... אויסצופיהרען דעם געזעץ נעהמען אין מיליטער-דיענסט פון אכטצעהן ביז פופציג יאהר, ווי ביי די דייטשען, האט מען געקענט, נאך די באדינגונגען פון פאלעסטינער לעבען, נאר ווען מען וואלט זיך די מיה גענומען אין די זעלבע צייט, די אי-בערגעבליעבענע קינדער, פרויען און אלטע איפהייגען און בריינגען ברויט פאר די מיליטער פון דייטשלאנד. אזוי ווי די רעגיערונג האט, איך וויים ניט פאר וואס, ניט געפונען פאר באקוועהם אויף איין מאהל אלע איינוואהנער צו טוידטען, און דייטשלאנד האט אויך קיין חשק געהאט איהרע ברויט אין פאלעסטינא צו שיקען — האט געמוזט זיין פעראַרען!

מיינע א באקאנטע פרוי פון מוצא האט מיר נאך אין ערשטען יאהר פון קריעג דערצעהלט : זי האט באמערקט, דאס ביי איהר שכנה, אן אראבקע, שוין פון עטליכע טעג בילט דער הונט. זי האט געוואוסט, דאס איהר מאן מיט'ן איין-איינציגען זוהן, האט מען צוגענומען צו מיליטער-דיענסט, געגאנגען זעהען. ווען זי האט די טהיר געעפענט, האט זי געזעהען, דאס דריי קינדער ליגען טויט צושפרייט אויף דער ערד און די מוטער, ארומגענומען מיט דער עלטערער טאכטער, זיצען אויף זייערע שמאטעס אין א ווינקעלע. צו איהר גרויסען שרעק, זיינען זיי אויך טויט גע-ווען. מיט א געשריי האט זי זיך געווארפען רופען מענשען אי-בערלאזענדיג די טהיר אפען. ווען זיי זיינען געקומען, האט שוין דער הונגעריגער הונט א קינד אויפגעפרעסען... און דאס האט זיך געטראפען אין א דארף, נאר איין שעה ווייט פון ירושלם, וואו די פרויען קענען נאך עטוואס ברייגען צו פארקויפען. ווען זי האט קיין זאך מעהר אין שטוב, קען זי האלץ גנב'ענען, אין שטאדט, וועט זי דערפאר ברויט קויפען. וואס האט זיך דאן געטהאן אין די ווייטע, פארווארפענע דערפער ? קיין מאהל וועט מען פון די שרעקען זיך ניט דערוויסען ! גאנצע דערפער זיינען וויסט, פון הונגער און עפידעמיעס, געווארען. זעהר אפט האט מען אפילו אויף די „קייזער-וועגען" געפונען טויטע... צום

גליק, האט דאס לאנג ניט געדויערט: די אראבער זיינען גיך צום שכל געקומען, גענומען לויפען אהיים, גאנצע דערפער, און ווען עס זיינען געקומען פון די ערשטע טהייל ארמיי זיי זוכען, האט דער „מוכטאר" פון דארף צונויפגענומען צו בישליקעס פון קאפ. שפעטער האט דער פרייז געשטיגען, אבער אלע מאהל גוט געווירקט... די ערשטע פעראָרען זיינען באשטימט געווען, נאר אראבער, און דער נויט האט זיי געצוואונגען דערצו. שוין פיעל שפעטער, ביי'ם ענדע, דעם צווייטען קריעגס יאהר, האבען אנגעהויבען איינצעלטע אידישע פעראָרען צו זיין. דאס זיינען געווען פון די נייע אונטערטענע, וועלכע מען האט אין די רעגולארע מיליטער ניט גענומען נאר אין „עמליה", דאס הייסט, אין די ארבייט-באטאליאנען. זיי האט מען אפילו קיין קליידער ניט געגעבען, און ווען די רוגעלערע סאלדאטען האט מען „הונגער־קינסטלער" גערופען, האבען די „עמליה" פארגעשטעלט דעם „הונגער" אליין. איבערהויפט האט מען זיי געשיקט אין דער מדבר וועגען צו בויען, פאר מיליטער-צוועק, און גערטנער צו פלאנצען, צו ווייזען „איירָאפא", דאס זיי האבען פון מדבר א גארטען געמאכט. קיין גרעסערען גיהינום פאר'ן זינדיגען מענשען, האט מען ניט געקענט אויסקלעהרען: ביי טאג זיינען זיי פארברענט געווארען פון היץ און דערשטיקט פון שרעקליכע שטויב; ביי נאכט, געפרארען פון קעלט אין שלעכטע צעלטע אהן קליידער. אלע מיני חולה'סען איז אויף זיי געקומען: מאלאריע, חלי־רע, פלעק-טיפוס און דיזינטעריע און דער כראנישער הונגער און דארשט מיט מערדערליכען באהאנדלונג פון זייערע נאטשאלסטווא, וועלכע האבען אומפארשעהמט גע'גנב'עט זייערע ברויט און ניט געזשאלעוועט קיין קלעפ. צו די אלע מעלות, האבען אונזערע טערקישע אפיציערען זעהר א הייסע בלוט, דאצו נאך דער הייסער מדבר, די גוטע כרמל וויין האט זיי אין אן עכט אריענטאלישען שטימונג געבראכט, דאס אונזערע ארעמע שילער, האבען ניט געוואוסט, וואו זיך צו באהאלטען פון זייער נאצאלסטווא... שרעקליך פיעל זיינען דארט געשטארבען, ווי די הינט האט מען זיי אין מדבר־זאמד פארשטעקט, מען ווייסט ניט, וואו זייערע ביינער ליגען. די איבעריגע זיינען געלאפען, וואו די אויגען טראגען, זיך צו רעטען פון טויט, און האבען די גרויסע ארמיי „פעראָרען" פארגרעסערט.

דער טהייל, וואס האבען געארבייט אין די האספיטאלען, אדער ביי די דייטשען, אלס דאלמעטשער, אויפזעהער, צייכענער, איינ־קויפער, דינער און אנדערע ארבייט, זיינען אלע געבליעבען. פיעל האבען אויסצייכענונגען באקומען פאר זייערע נוצליכע אדער גע-פעהרליכע ארבייט.

די אידען זיינען ניט געוועזען אזוי נאאיוו צו זיך א היים צו לויפען, ווי זייערע חברים, אראבער, זיינען אין פרעמדע שטעדט אדער קאלאניעס געגאנגען, געזוכט א „וויסיקא" צו קויפען, ווען עס איז ניט מעגליך געוועזען, גלאט אן „אשר-יצר"-פאפיערעל, ווייל ניט דער דאקומענט איז דער עיקר געוועזען, נאר דער „באקשיש", וואס מען מוז באריים זיין יעדער איינציגען צו געבען, ווער נאר ער שטעלט אב. די אלע אונזערע פעראַרען האבען אין גאנץ ארץ־ישראל געמאכט די נוצליכסטע ארבייט, פאר די איינוואהנער און מיליטער: בעארבייט די פעלדער און געמיזע גערטנער אין די קאלאניעס, לעהרערס, פארשיידענע בעלי מלאכות, סוחרים, קרעמער, פאדראטשיקעס פאר מיליטער, פרייע פראפעסיאנען. קורץ, זיי זיינען געוועזען די קולטור טרעגער אין אונזער וויסטע לאנד, וואס אהן זיי וואלט נאך שווערער געוועזען דא אזוי לאנג א קריעג צו פיהרען. אין דער זעלבער צייט זיינען זיי געוועזען דער אייביגער קוואל פון פרנסה פאר די טערקישע בעאמטע, וואס הא-בען ניט געקענט עקזיסטירען מיט זייער קליינע געהאלטען אין פאפיער-געלט...

די פאפיער-געלט, אדער „פאפיערלאך" איז אונזער צווייטער אומגליק געוועזען. דאס איז געוועזען דער פאפיערענער בריק, וואס יעדער האט געמוזט אריבערגעהען. די רעגיערונג האט געגעבען א שטרייגנען, קלוגען באפעהל, דאס יעדער מוז די פאפיערלאך בייטען אויף גאלד. ווען חס ושלום פאר עטוואס ביליגער, ווע־לען זיי ביידע גלייך באשטראפט ווערען. די אראבער, וואס זיי-נען די איינציגע פארקויפער פון ווייץ, בהמות, אייל, קאהלען, געמיזע און אנדערע נויטווענדיגע זאכען, האבען ניט געוואלט די פאפיערלאך אין האנד נעהמען. זיי געדיינקען נאך דעם גוטען רעזולטאט פון אמאהליגע טערקישע פאפיערלאך אין רוסישע קריעג... די רעגיערונג אליין האט די ערשטע זיי נאכגעגעבען, געצאהלט אלץ אין גאלד, אבער אין די זעלבע צייט, אונז שטרייגנג בא-שטראפט, ווען מיר האבען פאר ביליגער די „פאפיערלאך" געבי-

טען. זיי אליין האבען זיך ניט געשעהמט, פאר דעם שטראף ניט נעהמען זייערע „פאפיערלאך“, פארלאנגט „הארט געלט“. מען האט געקענט האבען מיליאנען און פון הונגער שטארבען, ווען מען זאל דעם „באפעהל“ פינקטליך ערפילען, ווייל אין גאנץ טערקישע לאנד איז אונמעגליך געווען צו געפינען דעם נארען, וועלכער האט געוואלט פאר א פאפיערענעם פונט, א גאלד פונט געבען. פאר ווייניגער האט מען דאך ניט *געטהארט* אויסבייטען. *יעדער האט געמוזט טהאן געגען געזעץ!* דאס איז אן אומגליק, ווען מען ברייגגט אלע בירגער דערצו. דאריבער האט מען לאנגזאם אויפגעהערט זיך רעכענען מיט אלע רעגיערונג-באפעהלען. איבערהויפט, דאס אלע האבען טעגליך געזעהען, דאס ניט נאר די פאליציי, וואס האט קיין מאהל קיין שום געזעץ ניט געהיט, נאר אויך אלע בעאמטע, ציווילע און מיליטערישע, האבען געשעפטען מיט פאפיער-געלט געמאכט אין דער צייט, ווען מען האט אן אלטען אומגליקליכען אידישען פעדלער ארומגעפיהרט מיט פאליציי איבערען גאנצען שטאדט, אויפ׳ן האלז א גרויסען פאפיער, וואו עס איז געווען אויפגעשריעבען זיין אורטהייל צו פארשיקען (לעז : „הונגער־טויט“). און דער ארעמער האט געמוזט אויף צוויי שפראכען אויסשרייען : ככה יעשה לאיש, וואס וויל ניט בייטען „פאפיערלאך“ אויף גאלד...

ניט די ענגלענדער האבען געגומען ירושלם און יהודה, זי איז שוין פון טערקען געווען פארלארען דורך די קלוגע „באפעהלען“, וואס מען האט געגעבען אלע מאנטאג און דאנערשטאג, פון מענשען, וואס האבען די לאנד גאר ניט געקענט. און פון איהרע פארפוילטע אדמיניסטראציע. אונזער אמאליגער הייסער פאטריאטיזם, האבען זיי שוין פון לאנג אבגעלאשען מיט זייערע קאלטע און דאצו שמוציגע וואסער, וואס מען האט אויף אונז אזוי נאריש, די גאנצע צייט געגאסען. נאך פריהער, ווי מיר האבען אין ירושלם דעם ערשטען שאס געהערט, האבען מיר שוין פארלארען דעם גלויבען אין די „העלדישע“ ארמיי מיט זייערע גרויסע פיהרער. אלע אונזערע קרבנות, וואס מיר האבען געגעבען, האבען מיר פאר אוננוצליכע גערעכענט. מיר האבען געפיהלט, דאס אזא רעגיערונג *מוז* פארליערען, האט אליין קיין רעכט צו עקזיסטירען און טהאר ניט האלטען פרעמדע נאציאנען פאר איהרע אונטערטהאנער... די הארץ האט וועה געטהאן, זע-

הענדיג, ווי זיי פארפעסטיגען זיך אין מיטען שטאדט, דיינקען גאר
ניט. דאס דאמיט ווען זיי די אלטע, הייליגע ירושלם צושטע-
רען אהן שום נוצען! ווייל קיין האפענונג
צו באשיצען ירושלם איז ביי זיי שוין אויך ניט געווען. אבער
דער פיינד איז ניט אזוי בייז געווען: ניט איין קאנאנען־שאס האט
ער אויף ירושלם געגעבען. ניט געענטפערט אויף די קאנאנדע, וואס
מען האט איהם וואכען-לאנג פון דארט געשיקט... מיט אן עכט
טערקישע קלוגהייט, האט מען נאך א מאנאט פאר דעם אנקו-
מען פון די ענגלענדער—מינעם אין אלע מיהלען געלייגט זיי אויפ־
צורייסען, ווען ניט דער אמת'ער גרויסמוטהיגער גענעראל פאל־
קענהיים, וואס האט גלייך באפעהלען צו-צונעהמען, וואלטען, ניט
נאר די אלע לעבעדיגע אין ירושלם, נאר אויך די גאנצע ארמיי פון
הונגער אויסגעשטארבען...

אמת. מיר האבען אלע געפיהלט, דאס ירושלם מוז שוין
פאלען צו די ענגלענדער אין די הענט, איהר שטונדע איז שוין
געקומען, דאריבער האבען מיר געוואלט עס זאל שוין זיין וואס
גיכער אז ענדע פון אונזערע צרות. געווארט מיט אומגעדולד.
אבער קיין איד איז ניט געווען א
פארראטהער! דאס איז ביי אונז דער ערגסטער פאר-
ברעכען. די גאנצע אידישע באפעלקערונג איז געווען געגען איי-
ניגע אראבער, וואס האבען אין דער צייט פון קריעג פארראטהען
אונזער רעגיערונג. איז געווען אומגליקליך, ווען ביי'ם ענדע האט
זיך ביי אונז אויך געפונען צוויי רשעים, וואס האבען פאר געלט
אונזער רעגיערונג פארקויפט. ווי ביטער איז אונז געווען צו הע-
רען צוליעב זיי באשולדיגונג אויף די גאנצע אי-
דישע באפעלקערונג. ווי האט זיך יעדער איינער
געפיהלט באליידיגט, ווען א טערקישער בעאמטער, וואס די שרעק-
ליכע מלחמה האט איהם נאר רייכטהום געגעבען, וועלכער פאר-
קויפט יעדען טאג אונזער רעגיערונג מיט איהרע אינטערעסען פאר
זייער פארפלוכטען „באקשיש", קוקט אויף אונז, ווי פאררעטהער?
די קליינע ישוב, וואס מיר האבען ביי די גרויסע בעאמטע געפונען
געגען די גנבים-פאליציי און איהרע מוסרים, האבען מיר אויך
פארלארען... אויף אונז איז געקומען די שרעקליכע קללות:
„גאט וועט דיר געבען א ציטערדיגע הארץ, ארויסקריכען די אוי-
געןווארטענדיג, הארץ וועהטאג. דו וועסט ניט זיכער זיין מיט'ן

לעבען, מורא האבען טאג און נאכט. ניט גלויבען אין דיין לע-
בען. אין דער פריה וועסט דו זאגען: ווער גיט עס זאל שוין
זיין נאכט און ביי נאכט — פריה. פון דיין הארץ-שרעקעניש וואס
דו וועסט זיך שרעקען און פון דעם וואס דו וועסט מיט דיינע אוי-
גען זעהען.

איך האב מיר דערמאהנט, וואס איך האב אין די לעצטע
עטליכע וואכען איבערגעלעבט: ירושלם איז טויט. מיר ווי-
לען שוין ניט וויסען פון דער מלחמה.
אויסער וואס מיר קענען ניט וויסען. אונזער צייטונג
האט מען שוין לאנג צוגעמאכט, פרעמדע — גיט די פאסט ניט
איבער. אפילו די ליגנער זיינען שוין מיעד געווארען זייערע נייעס
אויסצוקלעהרען. נייע צרות זיינען געקומען. צוליעב די נייע, האט
מען אן די אלטע, פארגעסען. אונזער הארץ שרעקט אנדערע
טרויעריגע נייעס: „אידען זיינען בוגדים", דערצעהלען אונז די
בעאמטע, וועלכע פאר באקשיש האבען ארץ-ישראל צו-גרונד גע-
בראכט. „מען האט בוגדים געכאפט, זיי לייקענען, אבער, מיר
וועלען שוין געפינען, מיר קענען עפענען מיילער". — דערביי
אזוי בייז געלאכט, דאס א קעלט געהט אריבער איבערען לייב.
אונז איז באקאנט זייער אינקוויזיציע, זיי קענען ניט ערגער, ווי
די אלטע אינקוויזיטארען מאכען, דאס מען זאל זיי מודה זיין
אין אלץ וואס זיי אליין ווילען... און שרעקליכע קלאנגען איז
נעגאנגען: מען רופט אן פיעל נעמען, איבערהויפט נעמען פון
אונזערע בעסטע מענשען. מען ארעסטירט און פייניגט די גע-
רופענע, זייערע באקאנטע, די באקאנטע פון די באקאנטע, אהן
אן ענדע. קיינער קען ניט זיכער זיין אויב זיין נאמען וועט ניט
צוגעטשעפעט ווערען צו די קינסטליכע לאנגע קייט... אלע טאג
האט מען אנדערע אין ירושלם'ער טורמעס געבראכט. מען האט
מורא געהאט אויפ'ן גאס זיך צו ווייזען...

אין דעם גיהינום, דערוויים איך מיר, דורך א נס, דאס איך
דארף געהען דינען אין „עמליה", ווען איך וועל ניט 2500 קילא
ווייץ געבען... בין געלאפען צו מיין „פריינד", „דער מלאך־המות
פון ירושלם", וואס איז דער שר אויף די אסקערע, „עמליה"
און פאראען. מיט שרעק געפרעגט:

— אמת?

— אמת.

— איך בין דאָך עלטער פון פופציג יאָהר ?

— פון אנפאנג דער מלחמה זייט איהר אינגער פון פופציג יאָהר געווען און נאָך אונזער דין ווערט מען ניט עלטער אין דער מלחמה און דער וואס איז אינגער פון פופציג יאָהר האָט דאָך כח צו דיענען.

— אין גאַנץ ירושלים קען מען דאָך ניט קריגען צו קויפען 2500 קילאָ ווייץ ?

קויפט טעלעגראַפיש אין צמח, מען קען אין דאָרטיגען אמבאר אויך איבערגעבען.

— ווי פיעל צייט האָב איך דאַרויף ?

— פינף טעג.

— צו ווייניג, פאר וואס אזוי ווייניג צייט, דאָס איז דאָך אונמעגליך ?

— געגעבען פינף טעג. אט איז מיין מודעה — און ווייזט מיר א שטיקעל פאפיער מיט א פאָר קרומע שורות אויף טער-קיש אויפגעשריעבען. — געהייסען אזא מודעה אויפקלעפען אויף יפוער טהויער. איהר האָט ניט געזעהען ?

טעלעגראַפירט אין צמח. געצעהלט די טעג. די פינף טעג איז אריבער און אין קול ואין עונה. איך ליג שוין ברוך השם פארשטעקט ביי א באקאַנטען. אין שטוב ישוין געהאַט באזוך פון די מוסרים מיט זייערע שותפים־פאָליציי. נאָך צוויי טעג אַן ענטפער : „טעלעגראַמע נאָך פיער טעג, ערהאַלטען. צמח גיבט ניט קיין מיליטער־אמבאר, געפאַהרען, טבריה, דאָרטען ניט אנגענומען, שוין די פינף טעג אריבערגעגאַנגען". ווייטער גע-לאָפען צום „פריינד". ווייז איהם די טעלעגראַמע, בעט איהם פארלענגערען אויף נאָך פינף טעג.

— עס גיט ניט אזא געזעץ.

— וואָס וועט איצטער זיין ?

— איהר זייט שוין פון צוויי טעג א סאָלדאַט.

— וואָס פאר אן ארבייט וועט איהר מיר געבען ?

— שלעפען שטיינער, ערד, וועגען צו בויען.

— ?

— נו, זייא א פערד.

נאָך גרויסע צרות, נאָר צו פארדאַנקען דעם דייטשען קאָנ-סול און א באקאַנטען עסטרייכער הויפטמאַן, באטאריי־קאָמאַנדיר,

וואָס זיינען מעהרערע מאָהל געלאָפען פאַר מיר בעטען, האָט מען מיר, נאָך צוויי טעג לויפעניש, ערלויבט אויף נאָך פינף טעג די ווייץ צושטעלען, וואָס האָט מיר געקאָסט מעהר אַלס אַכט טויזענד פראַנק. געמוזט אַלץ פון שטוב פאַרקויפען, אין דער צייט, וואָס א גאַנצע אַראַבישע פּאַרטיע פעראַרען, האָט דער זעלבער „פריינד", אין איינינע טעג שפּעטער, פאַר מיר אין די אויגען, פראָסט מיט'ן בייטש אַרויסגעיאָגט : ... מיר האָט מען צרות געמאַכט נאָר צוליעב די צוויי בוגדים.

פלוצלונג זיינען אָנגעקומען די ערשטע אַנטלאָפענע פון אונזער נידערלאַגע ביי באַר-שבע, געוועהנליך, די ערשטע זיינען געווען די דייטשע אויטאָס, זיי קענען בעסער לויפען. נאָך זיי, די רייטערס — טערקישע אָפיציערען : נאָך דעם האָט זיך געצויגען אַן אונענדליכער קייט פון די אָרעמע, אָבגעריסענע, אויסגעהונגערטע אונזערע סאָלדאַטען. אין ירושלם איז געוואָרען א תהו-ובהו : אומעטום האָט מען זיך געפּאַקט, געלאָפען. פריהער פאַר אַלעמען די דייטשען און עסטרייכער מיט זייערע געשווינדע אויטאָס. די איינציגע פאַר וועלכע די טרקישע בעאַמטע האָבען זיך א ביסעל געשעהמט, זיינען אויך אוועק. מיר זיינען געבליבען אויף דעם יושר פון אונזערע באַריהמטע פּאָליציי... אמת, די אַנטלאָפענע האָבען דערצעהלט, דאָס קיין ענגלענדער זעהט מען ניט, מען האָט זיי איבערהויפּט ניט נאָכגעיאָגט. עס איז אין גאַנצען א טעות געווען : אייגענע — האָט מען פאַר ענגלענדער אַנגענומען... נאָר אַלע האָבען זיי מודה געווען, דאָס אונזער אַרמיי איז שוין צושטערט. קיין סאָלדאַט ווייסט שוין ניט, וואו זיין אָפיציער געפינט. פיהלט נאָר א שרעקליכען פּחד פאַר די ענגלענדער, לויפט, וואו די אויגען טראָגען. אַלעס וואַרפט ער אַוועק, נאָר דעם לעבען צו רעטען.

פון אַלע זייטען האָבען זיך אונזערע אָרעמע סאָלדאַטען דורך ירושלם געצויגען, ניט אָבשטעלענדיג זיך, שכם'ער וועג געצויגען. יעדען אויגענבליק, האָט מען די ענגלענדער ערוואַרט. דערווייל איז אַלעס הפקר געוואָרען... איינינע שווערע טעג איז אוועק אין וואַרטענעס און די ענגלענדער לאָזען זיך גאָר ניט הערען. דאָס האָט אונזערע, עטוואָס באַרוהיגט, מען האָט אין איינינע ערטער פון שטאָדט קאַנאָנען געשטעלט. נאָך עטליכע טעג, די קאַנאָנדע האָט זיך אָנגעהויבען. געוואָהנליך האָבען מיר

קיין אהנונג געהאט וואס ארום אונז טהוט זיך, נאר געזעהען, דאס אונזערע, האבען אויפ'ן בארג „נעבי שמואל" געציעלט. (איין און א האלב שטונדע פון ירושלים). און פון דארט איז גע-פלויגען באמבעס אויף די אומגעגענד פון ירושלים. אויף ירושלים האבען זיי ניט געשאסען. דעם פיינד האבען מיר די גאנצע צייט ניט געזעהען, נאר זיינע שווארצע עראפלאנען, וועלכע זיינען איבער ירושלים געפלויגען. אבער די אמת'ע פיינד פון ירושלים זיינען אין שטאדט געבליעבען, דאס איז אונזערע העלדישע פא-ליציי... ווי רויב-פויגעל האבען זיי זיך פארשפרייט איבער דער אומגליקליכער, הונגעריגער ירושלים, געראובט, וואס נאר מען האט געקענט. קיין „פאפירעלאך" האט מען שוין פאר „באקשיש" ניט גענומען. די לעצטע פרוטה האט מען פון די הונגעריגע ארויס-געצויגען, געבראכט דערצו, דאס יעדער האט געווארט אויף די ענגלענדער, ווי אויף דער גאולה. אין מוצא, וואס איז געלעגען צווישען ביידע שטרייטענדע ארמייען, האבען „אונזערע" גע'-גנב'עט און גע'גזל'ט אונזערע איינוואהנער, קוים זיינען די פרויען פון זייערע הענט, אין ירושלים אנטלאפען און די ענגלענדער הא-בען א האלבען פונט געצאהלט פאר אן ארבייטס-טאג. אלע אראַ-בער פון מוצא זיינען אוועק ביי זיי ארבייטען, העלפען זיך בא-פעסטיגען געגען ירושלים.

אונזער קלוגע אדמיניסטראציע, האט זיך אויף איין מאהל דערמאהנט אז די אמעריקאנישע אונטערטענער, וואס וואהנען אין ירושלים, אנגערייצט אונזער ליעבע פאליציי זיי צו כאפען. האט מען שוין געכאפט, פארבייגעהענדיג, אלעמען, פון וועלכען מען קען נאר „באקשיש" ארויסכאפען. „קיינער איז ניט זיכער גע-ווארען מיט זיין לעבען. אין דער פריה האט מען געזאגט: „ווער גיט עס זאל שוין זיין נאכט, און ביי נאכט — פריה"... די אוי-גען איז ארויסגעקראכען ווארטענדיג, עס זאל שוין קומען א סוף צו דעם גיהינום... שרעקליכע קלאנגען זיינען ארומגעגאנגען: מען וועט ירושלים צורייסען. די מיהלען, אויפרייסען. די ברונימער, פאר'סמ'ען און די מוסרים שטעלען צוזאמען א ליסטע: ... די לעצטע איז מקוים געווארען: ווער עס האט ניט געוואוסט צו דער צייט „באקשיש" צו געבען איז אין די ליסטע אריינגעפאלען... און מען האט זיי אין טורמע אריינגעווארפען.

ווען מען איז צו מיר געקומען רופען צום מוטערשארף (גובער-

נאַטאַר). האָב איך שוין געוואוסט, וואָס דער „רופען" הייסט. געקענט זיך באַנוצען מיט דעם כח פון הייליגען „באַקשיש" און זיך פאַרשטעקען אויף די קורצע צייט. נאָר מיר האָבען זיך באַשלאָסען בלייבען געטריי אונזער רעגיערונג ביז'ן לעצטען מינוט און טרינקען ביז'ן גרונד דעם ביטערען בעכער פון אונזערע פאַרקויפטע אדמיניסטראַציע. איך האָב נאָר צוטהיילט די לעצטע ברויט די שילער, אַנגעזאָגט די לעהרער ווי דעם בצלאל אויסצוהיטען און געשיקט זאָגען אהיים מען זאָל מיר עסען מיט אַ דעקע אין טורמע ברייגגען. זעלבסט-פאַרשטענדליך, דאָס צום מוטאַשארף האָט מען מיר גאָר ניט געבראַכט. נאָר צו מיינע חברים, וואו מען האָט הינטער מיר די טהיר פאַרשלאָסען... דאָרט זיינען שוין געזעסען פיעל פון די „בעסטע פון ירושלים" און מען האָט נאָך ערוואַרט נייע געסט... יעדער פון אונז האָט, אויסער זיין אייגענע פאַמיליע, איבערגעלאָזען זיין אַרבייט. דאָס מעהרסטע האָבען אויך געהאַט צו באַזאָרגען פאַר די פיעל הונגעריגע פון ירושלים. יעדער האָט געוואוסט, דאָס מען וועט איהם שוין אַוועקשיקען, ווען איהם וועט זיך גליקען ניט אַנצושטעקען אין די פאַרפעסטעטע טורמעס, וועט ער דאָרט אין זיין מקום מנוחה, וואו מען וועט איהם אַוועקשיקען, זיין גיהינום געפינען. דאָך האָט קיינער קיין אומעט ניט אַרויסגעוויזען. געמאַכט זיך פרעהליך, זיך געזעגנט, וואָס האָט זיי נאָך אַ פיעל מורא'דיגען אויסזעהען צוגעגעבען... ביי מיר איז אויך ניט אַלעס אין בעסטען אָרדנונג געווען: מיין פרוי איז שוין אייניגע וואָכען געפעהרליך קראַנק אויף דיזינטעריע געווען. געמוזט איהר אַוועקלייגען אין אַ פּריוואַט הויז, ווייל דער האָספּיטאַל איז צווישען צוויי פייערען געלעגען. די קינדער פון אונזער הויז, אַוועקגעפהירט, צו פריינד, איבערגעגעבען — אַרום מיין הויז האָבען די דייטשען זיך פאַרפעסטיגט. דאָרט, האָט מען ערוואַרט, וועט זיין דער רעבעטער פייער. מיין הויז, מיט דעם אַטעליע, מיט אַלע מיינע אַרבייט אַליין אויף נסים איבערגעלאָזען. בצלאל-הייזער האָב איך יעדער טאָג „געראַטעוועט" מען זאָל ניט אַוועקנעהמען פאַר אַ שפּיטאַל צו מאַכען. דאַן וואָלט אונזער מוזייאום, ביבליאָטהעק און די איבעריגע ביסעל אַרעמקייט צום טייוועל אַוועק. די שילער זיינען ניט פון הונגער געשטאָרבען, נאָר צוליעב די ביסעל ברויט, וואָס איך האָב טעגליך אויסגעבעטעלט פאַר זיי פון אַמעריקאַנער

קאמיטעט. די מעהרערע לעהרער זיינען אויך ניט זיכער געווען פון „עין הרע", ביי אונז אלעמען איז משיח'ס צייטען געווען: אויסגעלאזען די לעצטע פרוטה, אליין מיר אויך ניט באזאנדערס געפיהלט נאך דריי יאהריגען דיעטא. קורץ ביי מיר איז געווען „ווי ביי אלעמען" אין אונזער הייליגען ירושלם. דאך האב איך די פרעהליכע שטימונג ניט געשטערט, ווייל: מיר האבען אלע שוין געהערט די „פעמי־דמשיח" (משיח'ס טריט). ער קומט! ער קומט! האט זיך אין לופט געהערט, נאר אונז איז ניט בע־שערט איהם צו באגעגענען...

קיין מאנסבילען האט מען צו אונז ניט צוגעלאזען, נאר אונ־זערע ווייבער האבען געמעגט עסען ברייגנען. זיי האבען דאס פלייסיג געטהאן, כדי זיך צו זעהען מיט זייערע, און נייעס אונז צו ברייגנען, אויף וואס מיר האבען די ערשטע צייט אלע געווארט. איך האב אלץ מורא געהאט צו הערען שלעכטע נייעס פון „בצלאל", אפילו ביי אלע פאליציי האב איך שוין געזעהען אונזערע רינגען, קייטלאך, סיגארען־שפיצען און אנדערע בצלאל־ארבייט, מיט אונזערע זילבערנע בייטשען האט מען שוין אלע־מען געשלאגען... נאר עס איז ניט געבליעבען ווער עס זאל „אב פרישען אונזערע פריינדשאפט". נייעס האט מען אלע ווייל־פעק געבראכט, נאר אימער די זעלבע, ניט פרעהליכע: דעם האט מען געכאפט, ביי דעם האט מען „באקשיש" געכאפט, מען שטארבט פון הונגער, די קאנאנען הערען ניט אויף צו שיסען, פליהער קומען, אויטאס לויפען און ווייטער איז שטיל...

דרייען פון „אונזערע" האט געלונגען ערלויבענים צו קריגען אויף אייניגע טעג ארויסצוגעהען, זייערע ארבייט איינצוארדענען. די איבעריגע ווייבער האבען גענומען לויפען פאר זייערע מענער ערלויבענים צו קריגען, און אלע ווילע די נייעס ברייגנען: צו דעם האט מען ניט צוגעלאזען. דער האט צוגעזאגט — קיין ווארט געהאלטען. דעם מוז מען שמירען, דעם, בעטען אהן א סוף, ביז אלע האבען באשלאסען, די ווייבער זאלען שוין ניט מעהר וועגען דעם לויפען, זאל זיין וואס עס דארף זיין, געגוג צו בע־טען... ביי אונז האט זיך ביסלאכווייז איינגעארדענט: מען האט אונז ערלויבט אויף אונזער רעכענונג די צימער אויסוואש־שען, וואסער ברייגנען, די טהירען האט מען שוין ניט ביי טאג פארשלאסען, מיר זיינען גאנצע טעג, מיט ביכער, אין אי־

נערליכען הויף געזעסען. נאָר די טהיר פון הויף איז באוואכט גע-וועזען. ארום הויף איז אַלע צימערען טורמעס געוועזען אויך אַ צימער פאַר די פּאָליציי. אין צוויי זיינען „אונזערע" געזעסען, אין די איבעריגע, די אמעריקאנער מיט פרויען און קינדער אויך זוי-גענדיגע. וועלכע מען האָט אַלס משכון געהאַלטען, ביז זיי וועלען אויסזאָגען, וואו זייערע מענער און זיהן ליגען באהאַלטען. יעדער פון אונז האָט שוין זיין פּעקעל געהאַט און ביכער. וועלכע מיר האָבען פלייסיג שטודירט, און געוואַרט. מיר האָבען געלעבט נאָר פון וואַרטען. די טעג האָבען זיך געצויגען אָהן אַן ענדע. עס האָט זיך געוואָלט איינפאַך זיי אויסמעקען פון לעבען. לייגענדיג שלאָ-פען מיט'ן געדאַנקען, דאָס, דאנקען גאָט, אָבגע'פּטר'ט אַ טאָג. אויפגעכאַפּט זיך אין דער פריה מיט אַן אומעדיגען הארצען, „וואָס וועט היינט זיין ?" זיך באמיהט מעהרער שלאָפען, נאָר קיין שלאָף האָט ניט געקומען...

— וואָס ליגסט דו אזוי שפּעט, ווי אַ פּאשא ? — האָט געזאָגט מיין חבר, אריינקומענדיג אין אונזער, „פאַמיליען בעט".

— וואָס האָב איך צו פאַרזאַמען ? מען באַשיצט אונזער ירושלם אויסגעצייכענט אָהן מיר.

— דו ווייסט גאָר ניט. היינט מאַכען מיר שוין אונזער לוסט-רייזע. עס איז אַ סברה, דאָס מען וועט אונז ערלויבען אויף אַ רייזע. עס איז אַ סברא, דאָס מען וועט אונז ערלויבען אויף אַ האַלבע שעה אַהיים צו געהן, ווען די פּאָליציי, וואָס דאַרף אונז באַגלייטען, וועט ענדיגען איהרע כאַפּעניש.

די פּאָליציי האָט אפילו ניט געענדיגט אַלעמען פון די אמע-ריקאַנער אויסצוכאַפּען. עס האָט אפילו ווייניג געהאָלפען דער גוטער ראַטה-מודעה, וואָס מען האָט שוין פון עטליכע טעג פאַר-עפענט : „ווער עס קומט אַליין אין דער פּאָליציי, איז וואויל און גוט צו איהם, און וועמען מען וועט כאַפּען וועט מען אַ ביסעל אויפהייגגען נעבען יפו'ער טהויער". קיינער איז אַליין ניט גע-קומען און די אָרעמע פּאָליציי נעבאַך האָט געמוזט לויפען כאַפּען... איהרע „באַקשישען". דאָך האָט מען געפונען פאַר מיר מיט מיין חבר אַ בראַוועז פּאָליציי־מאַן אונז צו באַגלייטען און נעהמען זיין „באַקשיש", מיר זאָלען מעגען מעהר ווי אַ האַלבע שעה זיך זאַ-מען. (די וועג אַליין צו אונז האָט געדאַרפט מעהר ווי אַ האַלבע שעה דויערען). ווי עס איז. געגעבען אַן אָרדנונג וועגען שוהלע,

ווענען „לייען" און אנדערע פרעהליכע זאכען. געזעגענט זיך מיט די קינדער. דעם עלטערען צוגעזאגט א וועלאסאפעד מיט אן אייזעל צו ברייננען, דאס האט איהם בארוהיגט. די קליינינטשקע האט פון קיין זאך ניט געוואלט הערען. אויסגעשטרעקט איהרע הענטע־לאך און אבא ! אבא ! געשריהען. קוים זיך פון איהר ארויס־געריסען. בין איך מיט מיין פרוי, וועלכע האט זיך קוים אויף די פיס געהאלטען געלאפען אין חדר. גוט, וואס מיר זיינען געלאַ־פען: מען האט נאך געקענט חס ושלום אהן מיר אוועקפאהרען. קוים זיך אריינגעכאפט אין אויטא, וואס איז שוין געפאקט געווען. א גאנצען צוג פון לאסט-אויטאס, האבען די גוטע דייטשען אונז געגעבען אין וועלכע מען האט אונז אלעמען אנגעפאקט מיט א בארג.

די אויטאס האבען אונז גיך אויסער דער שטאדט ארויסגע־פיהרט. כ׳האב אויף ירושלם געקוקט. דער ליכטיגער פאנאראמע פון ירושלם האט זיך קוים דורכגעזעהען דורך די באדעקטע אויגען פון טרעהרען... אויף איין מאהל דערזעהען פיעל מענשען, וואס זיינען פון ביידע זייטען וועג געשטאנען צו אונז „שלום !" גע־שריהען...

איינער איז מיט זיין גאנצען כח נאכגעלאפען, מיר די האנד געגעבען: דאס איז דער שמש פון בצלאל געווען. כ׳האב איהם באוויזען צו זאגען „היט דעם בצלאל", גאר ניט קלעהרענדיג: ווען איך האב איהם ניט געקענט אויסהיטען, וואס וועט דער ארע־מער קענען טהאן ? ...

אונזערע אויטאס לויפען, טראגען אונז אלץ ווייטער פון ירושלם... אך, לויף ניט אזוי געשווינד, טראג מיר ניט אוועק אזוי גיך פון ירושלם, פון מיינע ליעבע, טהייערע ! דער אויטא לויפט... מען קען ניט אבשטעלען... וואס טהוט מען, וואס טהוט מען ? ...

א לאנגע צייט זיינען אונזערע אויטאס געלאפען אונטער קא־נאנען־שאס. א פאר מאהל האט מען אויף אונזער זייט געשאסען, ביז די וועג איז גאנץ רוהיג געווארען. מיר האבען נאר צייט אן צייט באגעגענט אבגעריסענע סאלדאטען, אויף אייניגע ווענען מיט אויסגעמוטשעטע פערד, כמעט ווי די סאלדאטען אליין, וואס האבען זיי לאנגזאם געפיהרט.

שוין שפעט אין דער נאכט איז געווען ווען מיר זיינען צו א באהן-סטאנציאן אנגעקומען. קיין באהנהויף איז דארטען ניטא.

מיר האָבן זיך מיט אונזערע פּעקלאַך אויף אַ בערגעל געלייגט אויסרוהען. אַלע זיינען געווען צובראָכען פון וועג. דורכגעווייקט פון שרעקליכען שטויב. יעדער האָט נאָר געוואָלט ווי עס איז איינשלאָפען. עס איז ביי נאַכט גוט קאַלט געווען. אַלע האָבען זיך איינגעוויקעלט אין וואָס גאָט האָט איהם געגעבען. געשלאָפען. האָב מיר אויך אין מיין פּעלץ איינגעוויקעלט, דעם פּעקעל אונטערען קאָפּ געלייגט, אויף דער ערד צווישען אַלעמען. בין געווען שרעקליך מיעד, אָבער אַ וועהטאָג אין גאַנצען קערפּער, האָט מיר ניט געלאָזען איינשלאָפען. שוין אין די גאַנצע וואָך, וואָס איך האָב מיר געוואַלגערט אין סולטאַנ׳ס-האָטעל, האָב איך געפּיהלט דעם אַלטען וועהטאָג. פון וועלכען כ׳האָב אַ מאָהל געליטען. דאָ, אונטער גאָט׳ס הימעל, אויף די קאַלטע, האַרטע ערד, האָט זיך דער וועהטאָג אונערטרעגליך פאַרשטאַרקט, דאַביי געפּיהלט דעם באַקאַנטען טעם פון קדחת. דאָס וועגען איינשלאָפען איז גאָר ניט געווען צו האָפען, נאָר געוואָלט עטוואָס דערוואָרעמען זיך. אפשר וועט בעסער ווערען. גאַנץ שטיל איז אונזער לאַגער, וואָס איז געוואָרען עהנליך צו אַ בית עולם באַדעקט מיט פרישע קברים, קיין וואַכענדער מענש איז ביי אונז ניט געווען. אונזערע „שוץ-ענגעל" האָבען אַז אונז פאַרגעסען. פינסטער, נאָר די גאָלדענע שטערען פינקלען פון אויבען אין בלאָהען הימעל און אַ קאַלטער ווינטעל בלאָזט מיר אין רוקען, ניטאָ וואו זיך צו פאַרשטעקען. געלעגען איינגעקאָרטשעט פון וועהטאָג און קעלט, ניט ווילענדיג, האָט זיך וועגען טויט געדיינקט, וואָס איז אַזאַ געוועהנליכע זאַך געווען צווישען אַרעסטירטע... עס האָט זיך מיר שרעקליך לעבען פאַרוואָלט, איבערלעבען די חבלי-משיח, דערלעבען די ליכטיגע צייט... גרויזאַם האָט איצטער דער טויט אויסגעזעהען ! . . .

אַ דונקעלער שאָטען, האָט זיך געוויזען צווישען די בערגלאַך שלאָפענדע... אַ שוידער איז מיר איבערען לייב אַריבער, מיט ברייטגעעפענטע אויגען געקוקט אויף לאַנגזאַם שוועבענדען שאָטען... ער געהט צו יעדער בליפּענדען קינד צו, באַדעקט איהם, ביי יעדען זיפצענדען, שטעלט ער זיך אָב, זיין געלעגער פאַרריכט. וואו ער האָט זיך אָבגעשטעלט איז שטיל געוואָרען... אַ קאַלטער שוויים איז מיר אויפ׳ן שטערען אַרויס, פון שרעק, די האַרץ זיך אָבגעשטעלט, ניט געקענט זיך אויפ-

הויבען, מיינע פארטריקענטע ליפען באריהרען. די ערד האט זיך לאנגזאם גענומען אונטער מיר וואקלען... ער איז צו מיר צוגע-גאנגען, איבער מיין קאפ זיך איינגעבויגען, מיט זיין האנד, מיר געגעלט און שטיל, ווי א לייכטער ווינטעלע געשעפטשעט:

— שרעק זיך ניט, מיין קינד. דאס בין איך, דיין לעהרער.

— לעהרער, מיין טהייערער לעהרער! — האבען מיינע ליפען, קוים, אויסגעזיפצעט — דאס ביזט דו? — האב גע-מיינט דער טויט איז שוין צו מיר געקומען.

— שרעק זיך ניט, מיין קינד פאר'ן טויט, האב מורא פאר'ן לעבען.

— כ'וויל איצטער ניט שטארבען! איך טהאר ניט שטאר-בען. כ'האב אלץ אין דער מיטען איבערגעלאזען. כ'האב נאך ניט געלעבט.

— זיי רוהיג, מיין קינד, דו וועסט לעבען. דו וועסט אי-בערלעבען און דערלעבען.

א ווארעמקייט, האט זיך מיר מיט א מאהל אין מיין קער-פער אריינגעגאסען. מיין פעלץ האט מיר געשטיקט, געוואלט פון זיך אראבווארפען, אויפשטעהען, זיך אבפרישען.

— ליג, מיין קינד, רוהיג — האט ער, וזייך, געזאגט. זיין ווארעמע האנד אויף מיין שטערען געלייגט — דו שוויצט? דאס איז גוט, וועסט גיך געזונד ווערען. ליג נאר רוהיג.

— שטארבען, שטארבען... מען מוז דאך א מאהל שטאר-בען. דאס איז שרעקליך!

— שרעקליך איז נאר פאר די מענשען, וועלכע שרעקען זיך פאר'ן טויט, די לעבען קיין מאהל ניט... דער, ווער עס קען „גוט" לעבען, וועט „שעהן" שטארבען... לעהרען זיך „גוט" צו לעבען.

— לעהרער, דו האסט מיר געוויעזען ווי מענשען וועלען א מאהל „גוט" לעבען, ווייז מיר אויך ווי „שעהן" זיי וועלען שטאר-בען.

— גוט, מיין קינד, איך וועל דיר ווייזען, ווי מען שטארבט בנשיקה, מיט'ן קוש. דאס איז דאס העכסטע מתנה וואס גאט גיט א מאהל דעם לעבעדיגען מענשען. זוך דאס ניט מיט גע-וואלד צו באקומען. קיינער טהאר דאס ניט זוכען... די מתנה האט גאט, אונזערע הייליגע נביאים געגעבען און וועט געבען

דעם ליכטיגען דור, ווענען וועלכען זיי האבען נביאות געזאגט...
איהר אלע זייט איבער געוואלד געבארען און איבער געוואלד מוזט
איהר לעבען... קום!

די קאלטע ערד האט זיך פון אונטער מיר ארויסגעגליטשט.
מיין שווערען פעלץ פון די פלייצעס ארונטערגעווארפען, בין צו-
זאמען מיט מיין לעהרער איבער די שלאפענדי:ע קברים אוועק-
געשוועבט...

---

## טו.

מיר געהען איבער בערג און טהאלען. פיהל ניט די ערד אונ-
טער זיך, אזוי ווי מיר וואלטען ניט געהן, נאר שוועבען. האלט
מיר פעסט אן לעהרער'ס האנד, ציה זיך גיך פאראוים פון זיך
אליין. פיהל נאר דעם ווינט אין געזיכט, ווי א מאהל בארג-אראב
אויף מיין וואלעסאפעד. עס פארכאפט דער אטהעם.

— וואו זיינען מיר?

— אויף די הרי יהודה, דארט זעהסט דו? איז דער ים-
המלח.

— דאס איז דאך שוין ניט ווייט פון ירושלם. פאר וואס
הערט מען ניט די שיסערייִ? מען האט שוין ירושלם גענומען?

— ירושלם האט מען שוין באפרייט מיט טויזענד יאהר צו-
ריק. מיר זיינען שוין טויזענד יאהר נאך די וועלט-קריעג.

— טויזענד יאהר! ? דאס איז א שרעקליכע צייט פאר'ן
מענשען. מיינע אויגען קענען דאס ניט באמערקען, דער מח —
פארשטעהן, מיין הארץ קען דאס ניט פיהלען.

— דו וועסט דאס זעהען, פארשטעהען און פיהלען, ווען
דו וועסט אראבווארפען פון זיך די אלטעגליכע, אומריינע קליי-
דער. קוקען מיט אפענע אויגען אויף גאטס וועלט, אויסרייניגען
דיין מח פון טויזענד-יאהריגען שמוץ, מיט וועלכע מען האט איהם
פארשאטען און אויסלייטערען דיין הארץ. ווען דער קינסטלער קוקט
אויף א הערליכען לאנדשאפט, באמערקט ער גאר ניט ווי ו ו י י ט
ער איז פון איהם. ער זעהט נאר גאט'ס וועלט... פאר דעם שע-
פער איז דאס איין טאג.

— לעהרער, זאָג מיר צוערשט, ווער וואָהנט איצטער אין ארץ־ישראל. אידען ?

— אידישע קינדער. זיי רופען זיך מענשען. אַלע גאָט׳ס קינדער.

— און די לאַנד רופט מען נאָך איצטער ארץ-ישראל ?

— דאָס איז איהר היסטאָרישער נאָמען. איצטער רופט מען איהר „ארץ-הפרחים" (בלומען-לאַנד) איבער איהר פיעל בלומען און בלומען גערטנער, איבער איהר בליהענדע קונסט און וויסענ־שאַפט. זי איז די לאַנד, וואו אַלעס האָט וואונדערבאַר אויפ-געבליהט.

— וואו פיהרסט דו מיר ?

— אין קדש הקדשים, וואו איהרע הייליגסטע קינדער וואָה-נען, וואָס קענען זייער פּלאַץ פרייוויליג אָבטרעטען פאַר זייערע נוצליכע אינגערע חברים. — אין עמק רפאים.

— דאָ ניט ווייט איז דאָך דער גן-אהבה ?

— פון גן־אהבה ביז׳ן עמק-רפאים איז נאָר אַ טריט.

— לעהרער, מיין האַרץ שרעקט מיר צו זעהען זייער עמק-רפאים. ווייז מיר בעסער זייער איצטיגען לעבען.

— צו ליכטיג איז זייער „גוטער" לעבען, פאַר דיינע אויגען, וואָס האָבען נאָר פינסטערניש געזעהען, זיי וועלען דעם העלען ליכט ניט איבערטראָגען... זייער „שעהנער" טויט וועסט דו בע-סער פאַרשטעהען... ווען דיין אייגגעשראָקענע האַרץ וועט ניט אין גאַנצען פיהלען די זיסקייט צו שטאַרבען בנשיקה, וועט דאָך דיין מח ריכטיג פאַרשטעהן זייער ניט פּחד פאַר׳ן טויט... מיר, אידען, האָבען שוין דאָס לאַנג פאַרשטאַנען, גערעכענט אַזאַ טויט פאַר אַ באַזונדער זכיה, וואָס נאָר די בני-משה האָבען דאָס זוכה געווען. האָסט דו געהערט די שעהנע פאָלקס-לעגענדע ? ווייט, ווייט הינטער די הרי חושך, דאָרט וואו דער סמבטיון וואַרפט זיינע שטיינער, ליגט די שעהנע שטאָדט, וואו די בני-משה וואָהנען. אין דער שטאָדט שטאַרבט מען ניט. ווען איינעם איז מיאוס געוואָרען צו לעבען, עס גלוסט זיך איהם צו שטאַרבען, געהט ער אַרויס פון שטאָדט-מויער, לייגט זיך אויף אַ געוויסען שטיין, וואו דער מלאך־המות האָט די שליטה צו קומען און שטאַרבט... זיין שטאַרבען, ווען זיי אַליין ווילען... עס גיט אָבער ניט איי-נער, וואָס זאָל דאָס אַ מאָהל ניט וועלען.

— ווען ווילען שטאַרבען די איצטיגע מענשען ? שטאַרבט מען ניט אַהן אַליין צו װעלען, ווי ביי אונז ?

— ביי אײך האָט מען מיליאָנען געטױיטעט מיט געוואַלד אין אײערע ווילדע מלחמות, אין פאַבריקען, מינעס, אין יאָ־גען זיך נאָך רייכטהום, אין שרעקליכע מגפות, וואָס זײנען געקו-מען צוליעב אײער אונוויסענשאַפט, פון פאַרשיידענע קראַנקהיי-טען, וועלכע איהר זייט שוואַך געװען זיי צו באַקעמפּפען... נאָר איין פערטעל פון די מענשהייט איז ביי אייך געשטאָרבען פון נאַטירליכען טויט — אַלטקייט. אָבער איהר האָט אויך ניט גע-וואוסט צו קעמפּפען געגען אַלטקייט. ער איז ביי אייך צו פריה געקומען. ביי אייך האָט, ביי דאָס רוב מענשען, אָנגעהויבען דער טויט אין מאָמענט פון זײער געבורטה, צוליעב די קראַנקהיי־טען, וואָס זיי האָבען באַקומען פאַר אַ גוטע ירושה פון זײערע על-טערען, פון דור-דורות... איצטער קען דער מענש לעבען מתושלח'ס יאָהרען, ביז ער ווערט פאַרלאָשען ווי אַ מנורה, וואָס האָט זיך געענדיגט איהרע אויל... נאָר קיינער געפינט ניט אינטערעס לאַנג צו צאַנקען. ווען די מנורה גיט שוין ניט קיין העלען ליכט, ווערט זי שוין אונגוציג און שמעקט אויך ניט... דאַריבער לעשט איהר יעדער אוים אין עמק-רפאים פריהער איידער זי קען דעם לופט פאַרדאַרבען... די צייט קומט ניט ביי אַלעמען גלייך : ביי גע־וועהנליכע מענשען — נאָך אַ פּאָר יאָהר-הונדערט. ביי אונזערע גדולים, איבערמענשען, וועלכעס זוכענדער גייסט איז שטאַר-קער — פיעל, פיעל שפּעטער, נאָך די שטאַרקייט פון זיין גייסט. ביין ענדע, טרעטען אַלע אָב זייער פּלאַץ פאַר די נייע, יונגע קרעפטען.

— די צאָהל פון די מענשען האָט דאָך געמוזט ווערען שרעק-ליך גרוים די ערד מוז דאָך ניט גענוג זיין זיי צו ערנעהרען ? דאַרין האָבען מיר געפונען דעם זינען פון די עפּידעמיעס, וואָס גאָט האָט אונז געשיקט אין מלחמות, וואָס מיר האָבען, צייט־צו-צייט געמאַכט.

— דאָס איז ניט ריכטיג ! ווי ניט ריכטיג, דאָס גאָט האָט אייך מגפות געשיקט און איהר האָט צוליעב דער טובה די מענשהייט אײערע שחיטות געמאַכט. דאָס איז אַלס געווען דער רעזולטאַט פון אײער אומוויסענהייט. די ערד האָט אַלע מאָהל גענוג געגעבען, נאָר איהר האָט ניט געוואוסט ווי איהר צו באַ-

ארבייטען און איהר האָט ניט באַארבייט איהר גרעסטען טהייל. אויך האָט איהר ניט געוואוסט, ווי מען קען בעמישען אופן פון די פּראָדוקטען פון דער ערד נאַהרונג-מיטעל פּאַר מענשען און אַלעס לעבעדיגעס, מאַכען. איצטער געפינט זיך אויף דער ערד לע-בעדיגעס מעהר אַלס הונדערט מאָהל ווי אין אייער צייט, דאָך איז איבערגענוג פּאַר אַלעמען. מען מיהט זיך אויך אויף הונדערט מאָהל ווייניגער צו באַקומען די נויטהיגע נאַהרונג־מיטעל צום נאָר-מאַלען לעבען.

— אָבער עס מוז דאָך אַ מאָהל קומען אַ צייט, דאָס עס זאָל ניט גענוג זיין ?

— ניין, ווייל שוין פון אייניגע צייט מעהרען זיך ניט די מענשהייט, און וואָס ווייטער וועט עס אַלס ווייניגער ווערען, ביז נאָך טויזענדער יאָהרען און אין יענע לאַנגע צייט וועלען שוין יענע מענשען געווים געפינען זיך אַן עצה צו געבען.

— ווי איז דאָס מעגליך ? ווען מען שטאַרבט ווייניג, מען לעבט לאַנג, מוזען דאָך די מענשען זיך שרעקליך פאַרמעהרען.

— ווייל יעדער מענש מ ו ז ניט און ו ו י ל ניט איבערלאָזען צו „זיך עהנליכע”. נאָר ווען ער איז פון די אויס-געוועהלטע, פון די, פון וועלכע מיר ווילען דאָס די גאַנצע מענש-הייט זאָלען זיין אַזעלכע ווי ער. פון אָנפאַנג האָבען נאָר די קראַנ-קע, קערפּערליכע און גייסטליכע ניט געמיהט זיך צו באַשענקען די וועלט מיט „זייער גלייכען”. דאָס האָט פיעל מיטגעהאָלפען די קראַנקהייטען צו באַקעמפּפען, דאָס עס גיט געוועהנליך שוין ניט מעהר קיין קראַנקהייטען. שפּעטער, האָבען אויך די שוואַ־כע, ניט באַגאַבטע, ניט שעהנע, קיין קינדער איבערגעלאָזען. איצטער ווערען קינדער געבאָרען, נאָר פון אויסנאַהמע עקזאַמפּלאַ-רען, וועלכעס בלוט איז אבסאָלוט ריין, פאַרפאָלקאָממט קערפּערליך און גייסטליך.

— ווי אַ מאָהל האָט מען ביי אונז מיט פערד און בהמות געטהאָן ?

די מענשען האָבען שוין פון לאַנג מעהר קלוג, מענשליך, מיט בהמות באַגאַנגען ווי מיט זייערע אייגענע ברידער. אין דער צייט, ווען זיי האָבען מענשען מיליאָנען און מיליאָנען געטויטעט איז שוין איבעראַל חברות פון צער בעלי חיים געווען און טויזענ-דער אינסטיטוטען אויסצובעסערען די ראַסע פון בהמות. עס

האט זיי שוין דאן געלונגען אויסבילדען פארשיידענע טיפען פון פערד נאך זייער קויפמאנישען אידעאל, אויך אלע אנדערע לע־בעדיגעס.

— ווי קען מען קוקען אויף מענשען, ווי אויף בהמות ? ביי מענשען אויסער די נויטהווענדיגקייט אויסבעסערען די ראסע גיט דאך אויך ביי יעדער מענשען א נאטירליכער פאטערליכער גע־פיהל.

— אלע האבען איצטער די פרייד צו זיין די עלטערען פון זייערע מיליאנען געזונטע, באגאבטע, שעהנע קינדער און אלע קינדער באקומען די ליעבע פון מיליאנען קלוגע, ניט עגאאיסטישע עלטערען... דער באוואוסטער פאקט, דאס קיין ג'עניע איז ניט געווען א בן־יחיד, ווייזט, ווי ווייט עס האט געשאדעט אייערע איבערטריבענע עלטערען־ליעבע אויסצובילדען דעם אידעאלען טיפ פון מענשען.

— אבער יעדער פרוי מוז דאך א מוטער ווערען, די נאטור אליין האט איהר קערפער דאצו צוגעפאסט ?

— די נאטור האט אימער רייך געשענקט דעם מענשען זיין מין צו פארמעהרען. קיין מאהל האט ניט געקענט ניט דער מאן, ניט די פרוי זייער גאנצער רייכטהום אויסצונוצען נאר אויף צו פארמעהרען זייער מין. דאך האט דאס ניט געשאדעט אין זייער געזונט און ניט פאר די מענשהייט. דאגעגענטהייל : עס איז גע־ווען א נויטהווענדיגקייט אויף דעם הויפט ציעל — פארמעהרען דעם מין, ווייניג פון זייער רייכטהום אוועקצוגעבען... איצ־טער ליידעט אויך ניט דער איינצעלדער פון דעם דאס ער פער־זענליך דארף ניט זיין מתנה אויסנוצען צו פארמעהרען דעם מין. אזוי ווי עס האט דעם מענשען ניט געשאדעט, דאס ער האט ניט אויסגענוצט זיינע שארפע נעגעל און שפיציגע צייהנער צום קאמפף צו וואס די נאטור האט דאס איהם איינמאהל געשיינקט... די מענשהייט, דער מין געווינט פון דעם, דאס די ארבייט, האט איבערגענומען די אויסנאהמע עקזאמפלארען פון וועלכע עס איז ווינשענד זייער גלייכען פיעל צו האבען. די איצטיגע קינדער שיל־טען שוין ניט טאטען — מאמען.

— ווי איך זעה, לעבט ביי זיי יעדער איינציגער נאר פאר'ן כלל, איז דאס מעגליך ?

— אזוי ווי די נאטור אליין. יעדען גרעזעלע לעבט זיך בע־

סער, ווען ארום איהם לעבט נאָך פיעל, איין איינציגער גרעזעלע אויפ׳ן נאַקעטען זאַמד מוז גיך שטאַרבען.

— דאַן האָט דאָך דער מענש זיין אינדיווידואליטעט פארלאָרען, געוואָרען עהנליך איינע אויפ׳ן צווייטען, ווי די גראָז פונ׳ם פעלד. דאָס איז דאָך רעגרעס. די מענשהייט קען דאָך ניט פאַראויסגעהן. אויך מוז עס טרויעריג, לאַנגווייליג און קאַלט זיין צווישען אַזעלכע מענשען צו לעבען.

— ניין, עס גיט ביי זיי גרויסע אינדיווידואליסטען, מעהר ווי אין דיין צייט, דאַן איז דערהויפּט נאָר „מענשען מיט קאפריזען" געווען... אין די גראָז זיינען אויך ניט אַלע גלייך שטאַרק און שעהן. ניט אַלע בליהען און ניט אַלע גיבען די זעלבע גרויס פון בלומען און רח. יעדער מענש איז איצטער אַ באַשעפעניש פאַר זיך, אַן אייגענע קליינע, שעהנע וועלט. וואָס האָט זיין געשמאַק און באַדערפעניש, דאַן דאַרף ער ניט אַז זיין אייגענע וועלט דיינקען, ווען דאַמיט שטערט ער די אַנדערע וועלטען. נאָר אויף דעם אופן האָט זיך דער מענש געקענט פאַרזיכערען דאָס קיינער וועט זיין וועלט אויך ניט שטערען...

— וואָס צווינגט זיי דאַצו, זיי זאָלען וועלען „גוט" לעבען ? דאָס דער מענש זאָל זיך אַנטזאַגען פון זיינע פאַרגעניגענען, ווען דאָס שטערט דעם צווייטען, גיט ביי אייך פאַרגעשריעבענע אַזעלכע געזעצען און פּאָליציי, וואָס מיהען זיך דאָס מען זאָל די געזעצען אָבהיטען ?

— זייערע געזעצען איז ניט „פאַרגעשריעבענע, דאַריבער דאַרפען זיי ניט קיין פּאָליציי פאַר זיי זיך צו „מיהען". מיט דער מוטערס מילך האָבען זיי שוין איינגעזויגען זייערע הויך-הומאַנישע געזעצען, אַזוי ווי אין דיין צייט האָט מען שוין נישט געדאַרפט מיט געזעץ פאַרבאָטען מענשען-פליייש צו עסען און פאַר פיעלען : נישט טויטען און נישט גנב׳ע-נען.. זייער ערציהונג און איבערהויפּט אַלע ארומיגע, וואָרצלען איין זייער געזעצע טיעף אין יעדענס הארצען, דאָס איז שוין ביי זיי אַן אינסטינקט געוואָרען, די צווייטע נאַטור, זיי קענען שוין ניט אַנדערש לעבען. און דער גלויבען אין עולם הבא, אין שכר ועונש זיצט אַזוי טיעף אין זייער נשמה, דאָס קיינער איז ניט אַזוי שוואַך צוליעב אַ פאַרגעניגען, וועלען אַנווערען, דאָס טהייערסטע וואָס זיין נשמה פאַרמאָגט.

— עולם הבא און שכר ועונש ? אין די זאַכען גלויבען גאָר ניט אונזערע געלעהרטע, זיי זאָגען, דאָס האָט מען אויסגע-קלעהרט, נאָר פאַר'ן פינסטערען פאָלק.

— ווען מען פאַרשטעהט עולם הבא און שכר ועונש אין דעם גראָבען זינען, ווי ביי אייך האָבען דאָס רוב מענשען פאַרשטאַ־נען, דאַן איז ריכטיג, ווי אייערע געלעהרטע דיינקען. ווען מען פאַרשטעהט דאָס עולם הבא הייסט : „נאָכ'ן טויט וועט ווייטער דער קערפּער אויפשטעהען, אפילו אין זיינע קליידער. ער וועט זיך קייקלען דורך היילען, ווי אַ לאָגעל ביז ארץ-ישראל", איז דאָס נאָר אַ שעהנע, אויסגעקלעהרטע טרייסט פאַר'ן פינסטערען פאָלק, ער זאָל ניט מורא האָבען פאַר'ן טויט, ניט מיאוש זיין צו-ריק אין ארץ-ישראל ווידער צו קומען... ווען מען גלויבט דאָס שכר הייסט פון באקומען דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען, זי־בען חופות, אַכט אַנציגע, צוויי קרוינען, פיער טייכען פון מילך, גוייז, באַלזאַם, אייל און האָניג, פון עסען גוטע פיש — לויתן, פליייש — שור הבר, אזא פעטע עולם הבא האָט מען נאָר אויס-געקלעהרט פאַר דעם הונגעריגען, ערנידעריגטען פאָלק, וואָס האָט שוין לאַנג פאַרלאָרען זיין לאַנד, זיין הערשאַפט. לעבט אַ ביטערען לעבען אין פינסטערען גלות, מאַטערט זיך ביז'ן טויט... ווען עונש — האָט מען פאַרשטאַנען „פינף פאַרשיידענע פייערען, קאָ-כען אין שוועבעל און פעך, אויפהיינגען אויף די אברים, וואָס האָבען געזינדיגט" און אַנדערע ווילדע רצח'שע שטראָפען — אִיז דאָס אויסגעקלעהרט געוועזען פאַר'ן פינסטערען פאָלק, וואָס האָט נאָך ניט געקענט פאַרשטעהן ווי דער ז י נ ד א ל י י ן א י ז ב י ט ע ר... אָבער אויך אין דיין צייט, זיינען שוין געוועזען יחידי סגולה, וואָס האָבען די גרויסע אידעען ניט אַזוי נאַאיוו פאַרשטאַנען.

— ווי פאַרשטעהט מען איצטער עולם הבא און שכר ועונש ?

— יעדער ווייסט : זיינע גוטע, אָדער שלעכטע מעשים בליי-בען אויף נ אָ ך א י ה ם. די גוטע, וועלען גוטעס שאַ־פען ; די שלעכטע — שלעכטס. נאָך ב י י ם ל ע ב ע ן פיהלט ער די העכסטע ג ל י ק טהאָן גוטע מעשים, וואָס ווע-לען שפּעטער אַלעמען גוטעס געבען. און ל י י ד ע ט שרעק-ליך פון די שלעכטעס וואָס ער טהוט, וואָס מ ו ז ע ן שפּע-טער די מענשהייט שלעכטס טהאָן.

— הייסט עס, דאָס ביי זיי גיט יעדער זיך אַליין זיין שכר ועונש ?

— יאָ, קיינער קען קיין מענשען געבען גליק אָדער אומ־גליק, ווי ער אַליין, ווען ער איז אַ „מענש".

— ווי שטאַרבען זיי אין עמק־רפאים ? איז דאָס ווי ביי אונז אַ מושב זקנים, וואו עס קומען אַלטע לייט רוהיג זייערע לעצטע יאָהרען דורכצולעבען ?

— דאָרט לעבט מען ניט לאַנג. מען קומט דאָרטען ניט צו לעבען, נאָר צו שטאַרבען. ווען דאָס לעבען גיט שוין דעם מענ-שען קיין נייע אינטערעסען, ער לעבט שוין נאָר מיט עראינערונ-גען פון זיין יוגענד... די צוויי ברעגעס פון קייט האָבען זיך שוין פאַראייניגט. עס ענדיגט זיך דער קייט פון לעבען. ווייטער איז שוין ניטאָ וואו צו געהן, דער קערפער ווערט שוואַך, פונקציאָנירט שוואַך, פאַרלירט דעם אינטערעס פון לעבען, דער קערפער זוכט רוהע. דער טויט איז די רוהע.

— דאָך וואָס טהוען זיי אין עמק־רפאים די קורצע צייט איי-דער זיי שטאַרבען ? ווי רופען זיי נאָך זייער וואונש דעם טויט צו זיך ? וואָס הייסט שטאַרבען בנשיקה ?

— ביי'ן אַלטען מאַן ווערט אָבגעשוואַכט דער זכרון, אָבער שטאַרק פאַר עראינערונג פון זיינע בעסטע יאָהרען, דאַריבער ליעבט דער אַלטער בעסער דאָס, וואָס האָט איהם אין זיינע גוטע יאָה-רען אויפגעהויבען צום העכסטער שטופע, שטאַרק אויפגערעגט זיין נשמה. דאָס קען זיין אַ אידעע, אַ בוך, בילד, מוזיקאַלישע ווערק, אָדער די ליעבע פון אַ פרוי. די עראינערונגען ברייגגען זיי מיט אין עמק־רפאים, דאָס באַגלייט זיי אויף זייער לעצטער וועג. דאָס לעבען זיי נאָך אַ מאָהל איבער אין זייערע לעצטע מינוטען. די ריקוועעמס לאָזט ער איבער אין די מוזייאומס און ביבליאָטע-קען פון עמק־רפאים. דער נאָך געהט ער אויפ'ן טויט-אינ-זעל", וועלכער געפינט זיך אין צענטער פון עמק־רפאים, קלייבט צונויף אַ בוקעט פון דאָרטיגע ספּעציאַלע געפלאַנצטע, שמעקעדיגע בלומען, לייגט זיך ביי'ן וואַסער אויפ'ן שוואַרצען, שטיינער-נעם געלעגער, „דער לעצטער אויסרוה", לייגט זיך אַרום מיט די בלומען. דער באַזאַנדערער, שטאַרקער רח, ווי פון אַ בשמים-מזבח, טראָגט אַוועק זיינע געדאַנקען מיט זיין נשמה אין הויכע, ליכטיגע וועלטען פון וואַנען זיי קומען שוין ניט צוריק... עס

בלייבט נאָר אויפ'ן שטיין אַ קאַלטער קערפּער מיט אַ גליקליכען שמייכעל אויף די ליפּען.

— נו, וואָס טהוט מען מיט'ן קערפּער? זיינען דאָרט דאָ אַ חברה קדישא, אָדער די אַנדערע אַלטע באַגראָבען איהם?

— קיינע לעבעדיגע, באַגראָבען ניט די טויטע. אין עמק-רפאים געפינען זיך איבערהויפּט ניט קיין לעבעדיגע מענשען. נאָך אַ קורצע שעה ווערט פון קערפּער אש, דורך דעם שטאַרקען, עלעקט-רישען שטראָם און דער ווינט צושפּרייט איהם צוריק אויף דער ערד, פון וואַנען דער גוף איז געקומען.

— ווייסען גאָר ניט זיינע נאָהענטע, ווען ער שטאַרבט? זיי קענען דאָך אפילו ניט מיט איהם געזעגענען.

— יעדער וואָס געהט אין עמק-רפאים איז שוין ווי טויט פאַר אַלעמען. ער געזעגענט זיך פאַר'ן אװעקגעהן.

עס האָט שוין גענומען טאָגען, ווען מיר זיינען צו אַ גרויסען וואַנט געקומען. אַ הויכע, גראָהע וואַנט פון גרויסע, געהאַקטע שטיינער. גרינע בוימעלאַך, באַשפּריצט מיט פרישע זילבערנע טהוי, איז אין די שפּאַלטען פון וואַנט געוואַקסען, אַזוי, ווי מאָך אויף אַן אַלטע מצבה: ווי טרעהרען, האָבען זיך פון מאָרגען־ווינט, ווייסע בלעטעלאַך אַראָבגעשאָטען... אַ שרעקליכער סוד האָט געוויהט פון דער רעטזעלהאַפטער וואַנט, פון די הויכע, דונ-קעלע קיפּאַריסען הינטערען וואַנט, וואָס האָבען זיך גלייך געצוי-גען צום רויט-געלבליכען מאָרגען־הימעל. געשטאַנען שטיל מיט יראת הכבוד, נאָר מיט זייערע שפּיצען, ווי זיי וואָלטען דאַוונען, לאַנגזאַם געשאָקעלט. האָבען זיך גע'סוד'עט די גראַנדיעזע צעדע-רען, מיט זייערע ברייטע צווייגען הויך ווי וואָלקענס צושפּרייט. אַ סוד האָבען געזאָגט די גיגאַנטישע עווקאַליפּטען מיט זייער טרויע-ריגע אַרונטערגעלאָזענע צווייגען מיט ציטערענדיגע לאַנגע בלע־טער, ווי פאַרוועלקטע לאָוורעס... אויף די טרוקענע שטאַרקע קערפּער פון די ריזענבוימער האָבען זיך געצויגען דינע, ווייכע „ליידען"-פלאַנצונג, וועלכעס בלאַהליכע גרויסע בלומען, האָבען ווי פאַר'חלומ'טע אויגען אויף מיר געקוקט... אַזוי ווי אין „גן-אהבה" איז דאָ אויך אין גאַנצען לאַנגען וואַנט נאָר איין אַריינ-גאַנג געווען: אַ גרויסער פאָרטאַל, אונטען—ברייטער, אויבען—שמעלער, מיט אַ ברייטען, בולט'ען קאַרניז, מיט שווערע שטיי-נערנע בוכשטאַבען „עמק-רפאים". אויבען, אויפ'ן פאָרטאַל איז

אַ גרופּע סקולפּטורנע נאַכטאײַלן געשטאַנען. ווי לעבעדיגע, האָ-
בען זיי זיך מיט מורא צוגעקוועטשט איינע צו די אַנדערע, געקוקט
פון אויבען מיט זייערע שרעקליכע מענשען־אויגען.

אין פּאָרטאַל, אַ גרויסע נישע. אויבען, איז אַן אויפשריפט,
האַלב-רונד אויסגעהאַקט: „הכל הולך אל מקום אחד". „הכל היה
מן העפר והכל שב אל העפר" (אַלץ געהט צו איין אָרט: אַלעס
קומט פון ערד און געהט צו ערד). די נישע האָט געהאַט אין מיטען,
אונטען, טיעף, אַ קליינע, שווערע טהיר מיט אויפשריפט:
„האיש הירא ורך הלבב, ילך וישוב לביתו" (דער מענש וואָס האָט
מורא, האָט אַ ווייכע האַרץ זאָל געהן צוריק אַהיים). איינציגע
טרעפּעלאַך, האָבען צו דער טהיר נידעריג אַרונטער געפיהרט. פון
ביידע זייטען טהיר, האָט די גאַנצע האַלב-רונדע וואַנט, אַ ניעדע-
ריגען באַנק פון שוואַרצע באַזאַלט־שטיין, געהאַט, אויף וועל-
כען איך האָב מיר אַראָבגעלאָזען. מיט פאַרוואונדערונג גענומען
אַלעס אַרום זיך באַטראַכטען. די גאַנצע נישע איז געווען אויס-
געלייגט מיט דונקעלע מאָזאַאיקאַ: אויבען, מיט אַ דונקעל-בלאָהען
הימעל מיט גאָלדענע, פינקעלענדע שטערען. דער פריז איז פון
גאָלדענע בוכשטאָבען: „דור הולך ודור בא והאָרץ לעולם עומדת"
(איין דור געהט אוועק, אַ צווייטער — קומט און די ערד שטעהט
אייביג). אונטען, זיינען די ווענט צוטהיילט מיט פאַרציערטע פרי-
זען, וואָס האָבען לאַנגע, שמאָלע בילדער אַרומגערינגעלט. אין
די פאַרציערונג פון אונטערשטען פריז האָט גאָלדענע בוכשטאָבען
געפינקעלט: „לכל זמן, ועת לכל חפץ תחת השמים", (צו אַלץ
איז זיין צייט, זיין צייט צו יעדער פאַרלאַנג אונטערען הימעל).
די פיגורען האָבען אַלעגאָריש פאָרגעשטעלט אַלע צייטען און אונ-
טען, אין פריז, איז געווען דער אינהאַלט פון בילד: „עת ללדת",
„עת למות", „עת לבכות", „עת לשחוק", „עת לחבוק", „עת
לרחק מחבק", „עת לחשות", „עת לדבר", „עת לאהב", „עת
לשנא", (אַ צייט צום געבאָרען ווערען, אַ צייט צו שטאַרבען, אַ
צייט צו וויינען, אַ צייט צו לאַכען, אַ צייט צו האַלזען, אַ צייט
צו דערווייטערען פון האַלזען, אַ צייט צום שווייגען, אַ צייט צו
ריידען, אַ צייט פון ליעבען, אַ צייט פון פיינט האָבען). איך בין
געזעסען אויפ'ן קאַלטען באַנק, געקוקט אויף די שטיינערנע מאָה-
לעריי, וואָס האָט געניאַל-איינפאַך, שטריינג-איינפאַך, מיט פּעס-

טע ליניען פאַרגעשטעלט די גרויסע טראַגעדיע פון מענשענ'ס לע־
בען אויף דער ערד...

פון אויבען, ווי פון הימעל האָט זיך דערהערט גיסענדיגע, הערליכע טענער פון אַן אָרגאַן... די טענער האָבען אַנגעזאַפּט דעם גאַנצען לופט, געצוויגען זיך הויך צוריק גלייך אין ליכטיגען מאַרגען־הימעל אַריין... אַ פאַרביינקטער ניגון אין טיפע געדאַנקען אין גאָלדענע חלומות פאַרוועבט. עס האָט זיך געהערט דער יאָמערליכער געוויין פון אַ ריינע נשמה, וואָס שמאַכטעט אין איינזאַמקייט... עס האָט זיך געהערט וויינענדע, וואונדערבאַרע, איידעלע קלאַנגען פון אַ זיסען גליק. אַ גליק פון וועלכען מען וויינט אין עקסטאַז... די אַקאָרדען זיינען מעכטיגער געוואָרען, פול מיט זיכערע האָפנונג און אויף איין מאָהל זיך אָבגעריסען...

איך בין געזעסען, געציטערט ווי פון קעלט די האַרץ פאַר־דריקט פון דורכדרינגענדען נשמה־מאָטיוו.

— דאָס האָט געשפּיעלט בן זהרה זיין לעצטען ליעד... ברוך דיין אמת — האָט דער לעהרער שטיל געזאָגט.

געקוקט אויף דער נידריגער טהירעל מיט'ן שטרייננגען שוואַר־צען אויפשריפט, וואָס האָט שרעקליך מיר צו זיך געצויגען און אַ טויט שרעק געגעבען... אַ טרייסעל געטהאַן מיט'ן גאַנצען קער־פּער.

— שרעק זיך ניט, מיין קינד, דיין שטונדע איז נאָך ניט גע־שלאָגען, דו וועסט צוריק קומען. דיין קערפּער מיט איהרע שוואַכע חושים וועלען דורכ'ן טהירעל גאָר ניט דורכגעהן, נאָר דיין פרייער גייסט וועט מיט מיר דאָרט מיטגעהן. וועל איהם ווייזען ווי „שעהן" עס שטאַרבען די וועלכע קענען „גוט" לעבען.

מיר האָבען זיך מיט די נידריגע טרעפּלאַך אַרונטערגעלאָזען, דורך די שוואַרצע טהירעל דורכגעגאַנגען. הינטער אונז האָט זיך לאַנגזאַם מיט אַ טרויעריגען זיפץ די טהירעל פאַרקלאַפּט...

איך האָב געזעהען ווי מענשען קויפען זייער וועלט אין אַ קורצע שעה...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

... דאָס איז אַ סוד... דער גרעסטער סוד פאַר אַלע לע־בעדיגע...

**פרעגט ניט ! ...**

## טז.

נאך א לאנגע, שווערע נסיעה האבען מיר געפונען א מקום מנוחה אין דמשק'ער טורמע, וואס שטעהט אין אייראפעאישע טהייל שטאדט נעבען גרויסען דענקמאל, דארט, וואו גאנץ אפט זעהט זיך אין דער פריה תליות מיט אויפגעהאנגענע בירגער. אונזער נייע טורמע, האט אונז ניט באזאנדערס פריינדליך אויפגענומען: מיר האבען ניט באוויעזען אין שמוציגען הויף אריינצוגעהן, האט א גוטער פאליציי מאן אונז גוט מכבד געווען מיט א שטעקען, געטריעבען מיר זאלען וואס גיכער אין א נאסע, פינסטערע לאך אריינקריכען, וואו מיר זיינען שטעהענדיג, ב ו כ ש ט ע ב ל י ך, ווי הערינג איינגעפאקט געווארען. גאט האט אבער אונז ניט פארלאזען, האט אומגעקעהרט דעם גרימצארן פון אונזער „שר בית הסהר" אויף לייטזעליגקייט, גלייך נאך דעם, ווי מיר האבען ביי איהם געפרעגט אויב מען קען עטוואס קויפען צו עסען. ווי א געשיקטער לאקיי, איז ער געלאפען איינקויפען, דערביי ניט פארגעסען צו נעהמען פון אונז טהייערער ווי אין בעסטען דמשק'ער האטעל.

ווען מיר האבען אונזער טיי אויסגעטרונקען, פארביסען מיט פרישע ברויט, האבען מיר זיך שוין געפיהלט ווי אמת'ע בעלי-בתים אין אונזער נייעם וואהנונג. געמאכט אן אסיפה וועגען אונזערע עסקים, געזוכט צו געפינען אן עצה ווי פטור צו ווערען פון אונזער גוטען „שר" מיט זיין האטעל צוזאמען. מיר האבען אויפגעשריבען א צעטעלע צו א באקאנטען, איהם איינגעלאדען צו אונז. געווענדעט זיך צו אונזער נייעם לאקיי, צום „שר בית־הסהר", ער זאל דאס איבערגעבען צום אדרעסאט. פון אנפאנג, האט ער א וואזשנע געזיכט געמאכט. שטריינג געזאגט, דאס מיר טהארען ניט קיין צעטעלאך שרייבען, נאר ווען מען האט איהם א טערקישע „פאפיערעל" צוגעלייגט, האט ער גלייך געפונען א היתר, גיך ביידע פאפיערלאך צוגענומען. אין א האלבע שטונדע ארום איז שוין אונזער באקאנטער ביי אונז געוועזען. גלייך נאך

איהם, האָבען מיר פיעל באזוך געהאַט, זעלבסט-פאַרשטענדליך דאָס יעדער באזוכער האָט פאַר זיין וויזיט דעם „שר בית-הסהר" גוט באצאָהלט... מען האָט אונז געבראַכט עסען כיד המלך, וואָס מיר האָבען כהרף עין איינגעשלונגען, נאָכ'ן לאַנגען תענית האָט ביי אונז אָהן עין הרע, קיין אַפעטיט געפעהלט. פאַר אַ פּאָר פּאַ-פּיערלאַך האָט מען אונז אַרויסגעלאָזען פון נאָסען אונטערשטעטען לאָך, געגעבען אַ וואָהנונג אויפ'ן בעל-עטאַז' און ערלויבט קוי-פען ראַגאַזשעס, מיר זאָלען ניט דאַרפען זיצען אויפ'ן שמוציגען פּאָל. דער קאָנסול האָט די אַמעריקאַנער אויף גאַראַנטיע אַרויס-גענומען, אין צימער איז נאָר „אונזערע" געבליעבען, זאָנדער איי-ניגע פאַרדעכטיגע העררען, (אונז האָט ניט געפּאַסט בעטען מען זאָל זיי פון צימער אַרויסוואַרפען, זיי זיינען דאָך שוין לאַנגע איינוואָהנער פון צימער געווען.) יעדער פון אונז האָט געהאַט שוין גענוג פּלאַץ אויף דער ערד צו זיצען, כמעט צו ליעגען, דאָך האָבען מיר ניט געזעהען קיין תכלית לאַנג דאָ צו פאַרבלייבען. גע-בעטען אונזערע פריינד זיי זאָלען אונז אויך אויף אַ גאַראַנטיע אַרויסנעהמען. שוין שפּעט ביי נאַכט, האָט מען אונז געבראַכט די שמחה, דאָס מאָרגען לאָזט מען אונז אַרויס, אויף גאַראַנטיע, פריי.

פריי, פריי ! נאָר ווען מען איז איינגעשפּאַרט אין אונזערע געלויבטע טורמעס, הויבט מען אָן צו פאַרשטעהן, וואָס פאַר אַ גרויסע גליק צו זיין פריי ! ...

די נאַכט מוז מען שוין, ווי עס איז איבערקומען, מאָרגען פריי ! מאָרגען, מאָרגען ! ניט גיך איז דער „מאָרגען", ניט געקענט אויף איין אָרט איינשטעהען.

קיינעם האָט מען שוין צו אונז ניט אַריינגעלאָזען. אונזער טהיר פאַרשלאָסען, מען האָט נאָר גרויסמוטהיג צוגעזאָגט, ווען יעמאַנדען וועט ז ע ה ר נויטהיג זיין, וועט מען איהם די טהיר עפענען, נאָר קיינער דאַרף ניט נ ו י ט ה י ג ע ן מעהר ווי איין מאָהל ביז מאָרגען פריה. אַ דאַנק אויף פאַר דעם, עס קען דאָך ערגער זיין. ווער קען זיי פאַרבאָטען ניט צו טהאָן, וואָס זיי ווילען מיט „זייערע" אַרעסטאַנטען.

אונזער נייער וואָהנונג איז געווען נאָר פון הוילע ווענט, איין איינציגער סימן, דאָס ער איז באַשטימט פאַר זינדיגע מענשען — דער עלעקטרישער לאָמפּ, וואָס האָט גאַנץ וויניג דאָ האַרמאָנירט.

ער איז אפילו געווען שרעקליך פאַרשמוצט, זיין גאַנצער בלומענדיגער אבאזור באַדעקט מיט טויטע פליגען, וואָס האָבען די ליכט פאַרשטעלט. דאָך איז דאָס אַ טרויעריגע שטיקעל ציוויליזאַציע צווישען די עכטע, אַזיאַטישע ווילדקייט. די שמוציגע ווענט איז באַדעקט מיט צייכענונגען און אויפשריפטען, וואָס אַלע אַרעסטאַנטען פון דער גאַנצער וועלט ליעבען זייערע ווענט צו באַדעקען. אַזוי ווי עס ווייזט אויס, האָט מען ביי אונז זעהר זעלטען געקאַלכט, דאַריבער זיינען אונזערע ווענט רייך געווען מיט טעקסט און אילוסטראַציעס. דעם טעקסט האָב איך ניט געקענט לייענען, טערקישע, קרומע שורות, אָבער די צייכענונגען האָב איך גענוי אַלע איבערגעקוקט. דער בעסטער איז אַ מענשליכער סקעלעט, מיט קענטנישע דער זאַך, געצייכענט, אונטען אַ לאַנגען שיר אויף טערקיש. באַדויערט, דאָס איך קען קיין טערקיש, געווים האָט דאָס געהערט צו אַן אינטערעסאַנטען מענשען, ווער האָט דאָס דאָ אַזוי גוט געקענט צייכענען ? וואו איז דער אומגליקליכער איצטער ? איז ער שוין אויך אַזאַ סקעלעט ? די איבעריגע צייכענונגען זיינען פון פאַרשיעדענע מאָרד-געוועהר געווען : פליגטען, רעוואָלווערען, מעסער, שווערדען און נאָך אַזעלכע ליעבע, נוצליכע זאַכען, אויך אַ פּאָר שיפען. נאָר איין מענשענגעשטאַלט איז ווינקעל אויפגעצייכענט : אַ פרויען־פּראָפיל, ניט קיין באַזאָנדערע יפת־תואַר. אַ גרויסע קאָפּ מיט ווילדע צופּודעלטע האָר. דער אויג, איז ווי ביי די עגיפּטער עמפּאַס געצייכענט. אונטען, האָט זיך אויף אַלע ווענט געצויגען אַ מאָדנער געמאַהלטער פריז. ווען איך האָב מיר נעהענטער צוגעקוקט איז מיר אַ שוידער איבערען לייב אַריבער. עס האָט מיר גענומען איבלען... דאָס איז געווען בלוטיגע צייכענס פון די שרעקליכע מלחמות, וואָס מען פיהרט דאָ מיט וואַנצען... ווי פיעל בלוט האָבען די מיליאַרדען פאַראַזיטען ביי די אומגליקליכע, אויסגעזויגען ?

אַלע זיינען שוין געשלאָפען, האַרט איינער נעבען צווייטען. אין שלאָף זיך נערוועז געקראַצט און אַנדערע געזיפצעט. „אונזערע" האָבען בענאַהע דעם גאַנצען צימער פאַרנומען, די אַלטע בעלי־בתים אין אַ ווינקעל פאַררוקט. מיין אָרט איז געוועזען פריי : אַ גאַנצער שפּאַלט צווישען צוויי גוטע חברים, נאָר דער אייגענטהימליכער פריז האָט מיר געשראָקען, זיך באַשלאָסען ווי ווייט מעגליך בלייבען שטעהען ביים פענסטער, ניט זיך צו איילען איבער-

צוגעבען אין די הענט פון די וואַנצען. לייענען איז געווען אונ־
מעגליך. די עלעקטרישע לאָמפּ איז דאָ אויפגעהאַנגען אַזוי ווי
זיי היינגען, געוועהנליך אויף אין דמשק : זעהר הויך. זיי ליי-
דען ניט פון אונזער שלעכטער געוואָהנהייט ביי נאַכט צו לעזען,
דאַרויף האָבען זיי צייט אַ גאַנצען טאָג אין וועלכען זיי לעזען אויך
ניט. מיר איז קיין אַנדער זאַך געבליעבען, נאָר צו קוקען דורך
מיינע גראַטעס... ווייניג געקענט זעהען פון הימעל, נאָר צווי-
שען די הויכע, פלאַכע דעכער, האָט זיך אַ שטיקעל הימעל מיט
פינקעלענדע, גאָלדענע שטערען געזעהען. דערפאַר האָב איך גע-
זעהען דעם גאַנצען שמאָלען הויף, אַלע זיינע דריי וועגט, וועל־
כע זיינען אויך אַרעסטאַנסקע טורמעס. רעכטס, מיט פאַרהאַנ-
גענע פענסטער, דער „הארעם”, פאַר פרויען, אויף וועלכען איך
האָב מיט נייגעריגקייט געקוקט, געוואָלט נאָך די באַוועגענדע שאָ-
טענס אויף די פאָרהאַנגען, פאַרשטעהן, וואָס דאָרטען טהוט זיך
אינעווייניג... די שאָטענס האָבען גענומען טאַנצען, באַוויעזען
זעסטוקעלירענדע הענט און גלייך נאָכדעם האָט זיך אַ האַרצרייסענ-
דער, שוידערליכער געשריי אין דער שטילקייט געהערט און ווי־
דער שטיל געוואָרען... איך האָב אַ ציטער געטהאָן, מעהר זיך
איינגעוויקעלט אין מיין פלאַץ, מיינע אויגען ניט אָראָבגענומען
פון פאַרהאַנגענעם פענסטער, וואו עס האָט זיך באַוועגט און גע-
דרעהט מאָדנע ווילדע שאָטענס. ווידער געהערט שוידערהאַפטע
קולות, פאַרשטיקטע קולות, ווי מען וואָלט קוילען אַן אָקס און
שרעקליכע קרעכצען... די שאָטענס זיינען פלוצלונג פאַרשוואונ-
דען, אָבער לאַנג נאָך געהערט אַ שטילען געוויין פון אַ זינדיגע
נשמה, וואָס מען האָט געפּייניגט אין אונזער גיהינום... מיר
איז קאַלט אין מיין פעלץ געוואָרען, אַזוי ווי ביי קדחת איז דער
קעלט פון אינעווייניג, פון מיר אַליין געגאַנגען. געפיהלט, דאָס
באַלד באַקום איך דעם ליעבען קדחת, פון וועלכען איך האָב די
לעצטע צייט געליטען. אָבער מורא געהאַט זיך צו לייגען צווי-
שען די וואַנצען. גענומען קוקען אויפ'ן שטיקעל הימעל זיך פאַר־
געסען, „מאַכען זיך ניט ווינענדיג”... אויפ'ן הימעל האָט זיך
שוין געפיהלט די לבנה, נאָר אַ ווינקעל דאַך האָט איהר פאַרשטעלט,
גענומען וואַרטען ביז זי וועט פון הינטערען דאַך אַרויסגעהען.
נעבען ווינקעל איז אַלעס ליכטיגער און ליכטיגער געוואָרען, עס
האָט זיך געוויזען אַ שטיקעל בלישצענדע לבנה, ווי אונזער אויס-

געפּוצטע מעשענע לבנה׳ס אויף די העלזער פון אונזערע באריהמ-טע „בלעכערס“. די לבנה איז געוואקסען, וואָס ווייטער מעהר, ביז אַ גאַנצע, אָהנע פּגימה. לבנה האָט געשוואומען אין ריינעם הימעל. זי האָט געלויכטען רוהיג, שטיל, אַזוי ווי מען וואָלט דאָ גאָר ניט געפּייניגט פרויען... זי קוקט אריין דורך די גראַ-טעס אין מיין פענסטער, צומישט איהר בלאַהליכען ליכט מיט אונזער טויטליכען פון פאַרשמוצטען עלעקטרישען בלומע. מיר האָט מאָדנע אויסגעוויזען דער געדאַנק, דאָס די זעלבע לבנה לייכט איצטער אויך אין ירושלם. זי באלויכט אונזער קליינעם, שעה-נעם גאָרטען, לייכט אריין אין די רוהיגע צימער דורך די גרויסע פענסטער...

— „לייכט אריין, דו רוהיגע לבנה, אין צימער פון מיינע ליעבע. באגיס מיט דיין זילבערנעם שיין זייערע בעטלאַך, זאָג זיי לייכט אויפ׳ן אויערל: דאָס זייער פאָטער ביינקט נאָך זיי. ער קוקט איצטער אויף דיר דורך זיינע אייזערנע גראַטעס. מאָר-גען באפרייט מען איהם. מאָרגען וועט ער שוין פריי ארומגעהען, ווייט פון אייך, אָבער דאָך פריי...

א לבנה נאָכט אויפ׳ן טורם פון בצלאל איז מיר ארויסגע-שוואומען פאר מיינע אויגען. געסט זיינען ביי מיר געווען. לאַנג געוואונשענע געסט: א גרופּע אידישע סטודענטען פון רוסישע אוניווערזיטעטען. פּערזענליך האָב איך פון זיי קיינעם געקענט. די צוויי באקאנטע זיינען קיין סטודענטען געווען: איינער, א פייערדיגע קאָפּ מיט א הייסע אידישע הארץ, וועלכענס נאָמען האָט געקענט די גאַנצע אידישע וועלט. דאָס איז געווען דער איינ-ציגער, וואָס האָט מיט א מעסער זיך נוקם געווען אָן דעם אידען-פרעסער, העצער פון קישינאָווער פּאָגראָם. ער איז אקאָרשט פון רוסישע טורמע ארויס, וואו זיין פייערדיגע קאָפּ איז גראָה גע-וואָרען, אָבער געבליעבען אַזוי יונג ווי פריהער. די צווייטע — א יונגע פרוי, וועלכע איך האָב שוין פריהער באגעגענט אין אויס-לאַנד, געהערט דאָס זי האָט דעם מאַן מיט׳ן קינד איבערגעלאָזען, אוועקגעלאָזען זיך איבער דער וועלט וועקען אונזער פאָלק... זי איז אליין זעהר א צארטע, שוואכע פרוי. טראָגט אין זיך א טויט-קראַנקהייט, האַלט אונטער איהר נשמה, נאָר מיט א געפעהרלי־כען מעדיצין. לעבט נאָר אָב אויף דער ביהנע, ווען זי גיסט אויס איהר הייסען הארץ מיט פייערדיגע ווערטער. זונדער די ביידע,

האָב איך קיינעם געקענט, נאָר לאַנג אויף זיי געוואַרט. געוואַרט,
ווען אונזערע סטודענטען, וואָס האָבען אַזעלכע קרבנות פאַר רום-
לאַנד געגעבען, זאָלען צו אונז קומען העלפען אין אונזערע שווערע
אַרבייט. מיר זיינען געלעגען אויף אַ ווייכען בצלאל טעפיך אויפ'ן
הויכען טורם פון בצלאל. אַ גרויסע, מעשענע טאַבלאַ איז אין
מיטען געשטאַנען פול מיט אונזערע זיסע מאַנדלען, אַרומגע-
שטעלט מיט אונזערע גוטע ווייַן. אַלע זיינען געווען אין אַ גע-
הויבענער שטימונג, ניט אַזוי פון די ווייַן, ווי פון באַזונדערען
אומגעגענד אונטערען לבנה־שיין, גוטע, יונגע געזעלשאַפט, אי-
בערהויפּט פון דעם, וואָס מיר געפינען זיך אין ארץ-ישראל, אין
די הייליגע שטאָדט ירושלם, אין „אונזער" בצלאל. פייערדיגע
רעדעס האָבען זיך געגאָסען צוזאַמען מיט די רויטע ווייַן. יעדער
האָט זיין האַרץ אויסגערעדט, אויסגעזאָגט די הייליגסטע געדאַנ-
קען, וואָס ער האָט טיעף אין זיין יונגען האַרצען געטראָגען...
די איינציגע פרוי, וואָס איז מיט אונז געווען, האָט קיין ווייַן
מיט אונז ניט געטרונקען, צוזאַמען מיט אונז, אויפ'ן ווייכען
טעפיך ניט געלעגען. זי איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אָנגע-
שפּאַרט אויפ'ן פּיעדעסטאַל פון גרויסען זיבען־רעהריגען מנורה און
געקוקט אירגענד-וואו ווייט, ווייט אויף די בערג פון מואָב, וואָס
ליגען הינטערען ים המלח, וועלכע מען האָט דייטליך געזעהען פון
בצלאל-טהורעם. זי איז געשטאַנען רוהיג, ווי אַרום איהר וואָלט
ניט געקאָכט דאָס יונגע לעבען, ווי זי וואָלט אונז גאָר ניט גע-
זעהען. מיר האָבען אויך אָן איהר גאַנץ פאַרגעסען. ווי אַן עלעק-
טרישער שטראָם וואָלט אונז באַריהרט... אַלע אויף איין מאָהל
אויף איהר אַ קוק געגעבען, אונזער הייסע דעבאַטע איבערגעריסען.
די גלעזער ווייַן זיינען אין האַנד געבליעבען... זי איז געשטאַ-
נען אונטערען מנורה אויפ'ן פאָן פון ירושלם'ער בלאָהען הימעל,
באַשאָטען מיט גאָלדענע שטערען, אומבאַוועגט, ווי אַ מאַרמאָרנע
סטאַטוע, אַ שלאַנקע, אין אַ ווייסע לאַנגע קלייד, נאָר איהרע
גרויסע, שעהנע אויגען האָבען געבלישצעט אויף איהר בלאַסען,
צאַרטען געזיכט, ווי די שטערען אויפ'ן הימעל. זי האָט איהר
האַנד אין פרייען, ברייטען אַרבעל גיך אויסגעשטרעקט צו די
בערג, קוקענדיג איבער אונז ווייט, מיט אַ שטאַרקען, האַרציגען
מוזיקאַלישען קול אויסגערופען:

— „די בערג וועלען ווייטער אַבלעבען! ... אונזער אַלטע

„לאנד וועט יונג ווערען פון די הענט, אונזערע יוגענד ! ... אונ-
„זער שעהנע, הייליגע לאנד ליגט וויסט, שמאכטעט, ווארט דאס
„איהרע געטרייע קינדער זאלען צו איהר ווידער קומען. מיר הא-
„בען איין גאנצען, לאנגען, פינסטערען גלות אויף אן איהר ניט
„געקענט פארגעסען... ארץ־ישראל איז אונזער נשמה — א מענש
„קען אהן א נשמה ניט לעבען... „ווען איך וועל דיר פארגעסען,
„ירושלם, זאל איך מיין רעכטע האנד פארגעסען". האבען מיט
„צוויי טויזענד יאהר צוריק אונזערע פארטריעבענע עלטערען גע-
„שווארען, דאס שווערען אויך איצט זייערע בעסטע אייניקלאך
„אין דער גאנצער וועלט, וואו דער ביטערער גלות האט זיי צו-
„שפרייט... מיר האבען געשווארען ארץ-ישראל ניט צו פארגע־
„סען, איהר אויפצולעבען צוזאמען מיט'ן פיעל ליידענדען אידישען
„פאלק ! ... אונזער הייליגע שבועה וועלען מיר הייליג מקים
„זיין ! ... אונזער רעכט אויף צו לעבען אלס נאציאן האבען
„מיר פארדינט מיט אונזער טויזענד-יאהריגען ליידען. וואס קיין
„פאלק האט דאס ניט דורכגעמאכט. טייכען בלוט, האט אונז
„באגלייט אין אונזער לאנגען וועג אין גלות. צי וואס האבען מיר
„דאס איבערגעטראגען, ווען ניט די האפענונג א מאהל ווייטער
„א זעלבסטשטענדיגעם פאלק צו זיין ? ... מיר האבען געליטען,
„געווארט, דאס משיח וועט קומען אונז אויסלייזען, אבער ניט
„איין מענש קען באפרייען א פאלק, נאר ווען א גאנצע פאלק אר־
„בייט ווי איין מענש ! ... מיר מוזען אלע זיך פאראייניגען !
„אלע אידען פון דער גאנצער וועלט, וואו דער גלות האט זיי צו-
„שפרייט, זיך פאראייניגען. ברידער ווערען. דאן וועט דער
„ערלייזער קוימען ! ... פון די נדבות פון אונזערע רייכע, קען
„א גאנצע פאלק ניט געהאלפען ווערען. די גאנצע פאלק אליין מוז
„קעמפפען איבעראל, וואו זי געפינט זיך. אויסקעמפפען זיך דארט
„זיין פאליטישע רעכט. איין מאהל איז ער א פאלק, האט מענש-
„ליכע רעכט, וועט ער שוין ז י ך א ל י י ן העלפען זיין
„אלטע פאטערלאנד צו קריגען... ער וועט איהר איין מאהל קרי
„גען, ער מוז איהר קריגען ! ... די מענשהייט וועט א מאהל
„ניט דערלאזען, דאס אזא שעהנע לאנד, א לאנד, וואס איז
„א מאהל געווען „ארץ זבת חלב ודבש", וואס האט געבארען די
„הייליגע נביאים, זאל ליגען חרוב און וויסט פון א בארבארישע
„הערשאפט"... מיט דעם, וואס אלע פעלקער ווילען ארץ ישראל

„איז זי נאָך מעהר חרוב געוואָרען. זי איז פאַרברענט געוואָרען
„פון זייער פייערדיגען יצר־הרע... נאָר מיר! איהרע אַלטע
„קינדער: קענען איהר ווייטער אויפלעבען! נאָר מיר זיינען
„אימשטאַנד מיט אונזערע ביינער איהרע זומפּען אויסצוטריקע־
„נען: מיט אונזערע בלוטיגען שוויים, איהרע שטיינערדיגע ערד
„ווייטער אויסצואַרבייטען, זי זאָל ווייטער בליהען, ווי אין איהרע
„אַלטע יאָהרען. זי זאָל צוריק ווערען אונזער ליעבע מאַמע. צו־
„נויפזאַמלען אונזערע צווייהטע און צושפּרייטע ביינער פון דער
„גאַנצער וועלט, זיי זאָלען ניט באַדאַרפען מעהר נע־ונד זיין,
„שטעכען אַלעמען אין די אויגען. קענען ווי אַ נאַציאָן ווייטער אין
„אונזער ארץ־ישראל לעבען, ווערען ווייטער פאַר די גאַנצע וועלט,
„דער ליכטיגער שטערען פון מזרח!"...

זי איז שטיל געבליעבען. ווייטער, ווי פריהער, אין ווייטען
„אירגענד־וואו" געקוקט, ווי עס וואָלט זיך קיין זאַך געטראָפען.
מיר זיינען געבליעבען ווי פאַר'כשופ'טע פון איהר דורכדרינגענדען,
האַרציגען קול און ליכטיגע ווערטער, וואָס זיינען אונז גלייך אין
האַרצען אריין...

ווער איז זי געוועזען אַ נביאה, אָדער אַ משוגע'נע?...
ווער זיינען מיר אַלע? משוגעים, וואָס קענען נאָך גלויבען, דאָס
מיר, שוואַכע, פאָלק ישראל, וואָס טראָגט נאָך דעם הייליגען
אידעאַל פון ליעבע מיט זיך, וועט קענען אויפלעבען, צווישען די
שטאַרקע, בלוטדורשטיגע פעלקער?... אָדער, ווייל מיר זיי־
נען אַלע בני נביאים, מיר טראָגען פאַר אַלעמען די הייליגע לעהרע
פון אונזערע געטליכע נביאים?...

ווי האָט מען די שוואַכע־שטאַרקע גערופען?... איך קען
ניט דערמאָהנען איהר נאָמען, אַ גאַנץ עכט רוסישען נאָמען, אָבער
וואָס פאַר אַן אמת'ע, אידישע טאָכטער, דאָס איז געוועזען, מיט
אַ וואַרעמע אידישע האַרץ... לעבט זי נאָך?... דאַכט זיך,
געהערט, שוין געשטאָרבען. יאַ, געוויס, זי איז שוין געשטאָר־
בען, אַרומוואַנדערענדיג אין ברייטען גלות, זוכענדיג „אויפ־
לעבען" דעם אידישען פאָלק... ניט דערלעבט אפילו די חבלי־
משיח... מיר האָבען מעהר פאַר איהר מזל: די חבלי־משיח
דערלעבט, גוט זיי אויף זיך געפיהלט... ווער וועט פון אונז
איבערלעבען?... דערמאָהנט, וואָס מען האָט אונז היינט דער־
צעהלט: פון די ערשטע פאַרטיע זיינען זעקס, אויפ'ן וועג קיין

דמשק, געשטאָרבען. מעהרער ווי אַ דריטעל פון זיי געשטאָרבען זיצענדיג אין די פאַרפעסטעטע דמשק'ער טורמע. פיעל פון זיי קראַנק. אַלע טאָג שטאַרבען נייע... ווייטער מיר קאַלט געוואָרען. עס האָט געשראָקען דער טויט... ניט מיט נשיקה שטאַרבט מען אין טערקישע טורמעס. ווי „גוט" מען לעבט, אַזוי „שעהן" שטאַרבט מען...

די ליכט האָט זיך פּלוצלונג פאַרלאָשען, נאָר אַ רויטער, פּיי־ערדיגער פאַדעם געבליעבען, וואָס איז אויך באַלד טונקעל געוואָרען. זיך געאיילט אַריינרוקען מיט'ן פעלץ צווישען מיינע שלאָפענדע חברים. ווי עס איז איינגעמאַסטעט, נאָר די פּיס אויסצוציהען איז קיין אָרט געווען. בין געלעגען שטיל, מיינע חברים ניט אויפצואוועקען, אָבער ניט געקענט איינשלאָפען. מאָרגען, מאָרגען וועל איך שוין פריי זיין ! ווען קומט שוין דער מאָרגען ? ווי לאַנג עס ציהט זיך די נאַכט ! ...

שטיל, אַלע שלאָפען. געלעגען, זיך איינגעהערט אין די טויטע שטילקייט... דאַכט זיך, מען בליפעט ? מען וויינט שטיל, ווי אַ קראַנקע קינד... דאָס וויינט מען אין „הארם" פון אונזער טורמע... צייט־צו־צייט, הערט זיך, אַ טיעפער קרעכץ פון מיינע חברים און אַ געשמאַקער קראַצענעס... די וואַנצען. גלייך וועלען זיי אויך צו מיר קומען... ווייטער הויבט אָן דער אַלטער וועהטאָג אין רוקען, ווייטער דערפיהלט דעם באַקאַנטען טעם פון קדחת... מיר איז הייס, דושנע הייס. אַ קאַלטער שווייס באַדעקט מיין שטערן... ווען ענדיגט זיך שוין די לאַנגע נאַכט ... מאַך פאַרנאַנדער דעם פעלץ, אַ קאַלטער ווינט באַגיסט מיר פון פענסטער מיט די צובראָכענע שויבען, דער רוקען ברענט, קען מיר ניט אויסדרעהען, די קאָפּ טומעלט אַזוי ווי זי וואָלט פוסט געווען. פיהל איהר, ווי זי וואָלט ניט מיינע געווען, ווי אַ פרעמדע, שלעכטע קאָפּ וואָלט מען אויף מיינע פּלייצעס צוגעלייגט... ווען ענדיגט זיך שוין די שרעקליכע נאַכט ? ...

עטוואָס אַ דרעמעל געטהאָן, אויפגעכאַפּט זיך פון אַ שווערקייט אויף די פּיס, וואָס האָט זיך צווישען אַנדערע פאַרפּלאָנטערט. קוים זי באַפרייט, פעסט צו זיך צוגעצויגען...

אַ בלאַסער ליכט מיט אַ פרישען קעלט גיסט זיך פון פענסטער אַריין. מיר איז שרעקליך קאַלט, דער רוקען ברעכט, אַ טעמפּער וועהטאָג הערט ניט אויף, לאָזט ניט אויף אַ סעקונדע אָב. וויקעל

זיך איין פעסטער אין מיין פעלץ. ליג אהן כחות. פיהל, דאס איך בין נאהענט פון חלש'ען. די פאדלאגע אונטער מיר און אלץ ארום מיר באוועגט זיך לייכט...

א העלע געשטאלט, ווי א ליכטיגער וואלקען, האט זיך דורכ'ן גראטע צו אונז ארייגעטראגען. לייכט געשוועבט איבער די שלא-פענדע, צו מיר געקומען, איבער מיין קאפ זיך אריבערגעבויגען, מיר אין גאנצען מיט א ווארעמקייט פארדעקט... געהערט דעם זיסען קול פון מיין לעהרער:

— שטעה אויף מיין קינד! וואש דיינע הענט. מאך שהחינו. ירושלם איז איצטער באפרייט געווארען!...

וויל אויפשטעהען, קען ניט מיט קיין גליעד רהירען... שריי, קיין קול געהט פון מיינע פארטריקענטע ליפען ניט ארויס...

— שטעה אויף! געה צו דיין פאלק! דערצעהל זיי דיינע ליכטיגע חלומות. זיי וועלען דיר איצטער פארשטעהען!... „ווען גאט וועט ווידערקעהרען די שיבת ציון וועלען זיי זיין ווי טרוימער"... שטעה אויף מיין קינד! געה...

מיט זיין ווארעמע האנד, האט ער מיין נאסען שטערען באריהרט, אונטער מיר האט אלעס גענומען לייכט וואקלען. קוים געקענט „ירושלם" ארויסשעפטשען. בין ווייך אוועקגעשוואומען...

* *
*

ווען אויף מארגען אוועגד האט מען אונז פריי געלאזען, האט מען אונז א סוד דערצעהלען: נעכטען ביי נאכט זיינען די ענג-לענדער אין ירושלם אריין...

צפת, אב, תרע"ח.
אויגוסט, 1918.

